# מעשה־בוך

84 דערציילונגען

פֿון דער 1טער אויסגאַבע אין באַזעל, אין 1602, פֿון אַלט־יידיש,
מיט הערות, מקורים, מאַטיוון
פֿון
יעקב מייטליס

אונטער דער רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי



38סטער באַנד פֿון ציקל

# מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פֿון

**י ו ס ף  ל י פּ ש י ץ ־ פֿ אָ נ ד**

פֿון דער

**ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים ייִוואָ**
**אין אַרגענטינע**

אונטער דער רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי

קאָרעקטור
יעקבֿ יהושע לערמאַן

טיראַזש: 1.500 עקז׳

יאָר: ה׳תשכ״ט — 1969
ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים ייוואָ אין אַרגענטינע

# תוכן

זײַט

זײַט

זייַט

זייט

## צו דער כאַראַקטעריסטיק:



## רעפּראָדוקציעס:



די ביבליאָגראַפֿיע, הערות, קוואַלן,
השפּעות, פּאַרגלייכן, מאָטיוון ווערן
אָנגעגעבן גלייך נאָך יעדער דערציי־
לונג פון מ״ב.

# דאָס מעשׂה־בוך

דאָס אַלט־ייִדישע מעשׂה־בוך אין זײַן איצטיקער פֿאָרעם איז געדרוקט געוואָרן אין באַזעל אין יאָר שס״ב (1602) און אויפֿן סמך פֿון אַ ריי פֿאַרלאָזלעכע ראַיות באַטראַכט די פֿאָרשונג די דאָזיקע אויסגאַבע ווי די עדיציאָ פּרינצעפּס (די ערשטע אויפֿלאַגע) פֿונעם בוך. זײַן אַרויסגעבער איז געווען יעקבֿ בן אַבֿרהם פּאָלאַק, פֿון מעזריטש אין ליטע, ער הייסט אויך יעקבֿ מוכר־ספֿרים, אַ רירעוודיקער שרײַבער און פּאַקן־טרעגער, וואָס האָט געדרוקט אין באַזעל אין די יאָרן 1598—1603 אַ צאָל ייִדישע ביכער. דער פֿאַקט, וואָס דאָס מעשׂה־בוך האָט זיך געדרוקט צום ערשטן מאָל אין יאָר 1602, באַטײַט אָבער נישט, אַז אָט די אויסגאַבע איז געשטאַנען בײַם סאַמע אָנהייב פֿון דער ייִדישער מעשׂה. די 257 מעשׂיות, וואָס אַ געניטער און פֿעיִקער רעדאַקטאָר האָט קונציק און מײַסטעריש צונויפֿגענומען און סיסטעמאַטיזירט אין זײַן אַגדה־אוצר מיט פֿאַרשיידנאַרטיקע שטאָפֿן און זשאַנערס, זײַנען אין דער אמתן אפֿשר נאָר דער ליטעראַרישער סך־הכּל פֿון אַ לאַנגן פּראָצעס פֿון דער פֿאָלקס־יצירה, וואָס האָט זיך געצויגן אין משך פֿון דורות, ביז זי האָט דערגרייכט אַ מדרגה פֿון דערציילערישער שטייגערישקייט און ליטעראַרישער באַהאַוונטקייט. אָט די צעוואַקסענע און צײַטיקע פֿאָלקס־ירושה, אָנגעקליבן אין משך פֿון לאַנגע דורות און איבערגעגעבן הן בכתבֿ און הן בעל־פּה, האָט דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פֿון מעשׂה־בוך אַרײַנגענומען אין זײַן זאַמלווערק, וואָס איז געוואָרן „דאָס גרויסע געשעעניש אין דער ייִדישער דערציילנדיקער דיכטונג אין דעם 17טן און 18טן יאָרהונדערט“ [1], וואָס האָט אַזוי רחבֿותדיק משפּיע געווען די ליטעראַטור אין די קומענדיקע דורות.

טאַקע דער פֿאַקט אַליין, וואָס דאָס מעשׂה־בוך אין זײַן איצטי־

[1] מאַקס עריק — די געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואַרשע 1928, ז׳ 353.

קער אַרומגעמיקער געשטאַלט האָט זיך נישט באַוויזן אין דרוק פאַרן אָנהייב פון 17טן י״ה, איז נישט קיין ראַיה, אַז עס האָבן שוין נישט אַ סך פריִער צירקולירט צווישן פאָלק איינצלנע מעשׂה־זאַמלונגען, וואָס האָבן שטאַרק אויסגענומען און וואָס זײַנען געפלאָסן דורך פאַרשיידענע בײַ־קאַנאַלן אין דער פאָלקס־יצירה, סײַ פון פרומע מוסר־ און אַנדערע ספרים און סײַ פון בעל־פה־טראַדיציעס. מיר ווייסן הײַנט אַקוראַט, אַז שוין פון קדמונים האָבן ייִדן ליב געהאַט זיך צו דערציילן כּל המינים מעשׂיות, פרומע און פאַרשײַטע, משלים מיט אַ פרומען מוסר־השׂכּל און חוזק־מעשׂהלעך, מסורות פון אַ ווײַטן עבֿר און פאַנטאַסטישע לעגענדעס פון די גדולים פון אַמאָל. אַ סך פון די מעשׂיות האָט מען איבערגעגעבן בעל־פה פון דור צו דור, דערציילט און איבערדערציילט מיט שינויִים און הוספֿות, אָפּט פאַרשריבן אין כּתבֿ־ידן, וואָס האָבן דערנאָך גענומען וואַנדערן פון האַנט צו האַנט און וואָס דאָס פאָלק האָט געלייענט מיט אַ סך אינטערעס און גרויס חשק. אָט מיט אַזוינע מעשׂיות־זאַמלונגען אין געשריבּטס טרעפן מיר זיך אָן שוין זייער פרי. מיר געפינען זיי אין פאַרשיידנמיניקע כּתבֿ־ידן, וואָס האָבן זיך דערהאַלטן, ווי למשל מחזורים, דינים־ און מנהגים־ביכלעך און מוסר־ספרימלעך. אָט דער פילפּנימדיקער פאָלקסטימלעך־נאַראַטיווער שטאָף, וואָס איז געפלאָסן רחבֿותדיק פון כּל המינים קוואַלן, סײַ פון בעל־פה־טראַדיציעס און סײַ פון תּלמוד־און־מדרש, און אַנדערע מקורים, זײַנען מיט דער צײַט געוואָרן צונויפגעזאַמלט און שפּעטער געדרוקט. ווי אַן אילוסטראַציע לאָמיר, למשל, דאָ דערמאָנען דאָס מוסר־ספרל רויזן־גאָרטן („ספר הגן"), אַ חיבור פון יצחק בן אליעזר פון וואָרמס, פון 15טן י״ה, וואָס איז ערשט אַרויס פון דרוק אין קראָקע אין 1571, און אפשר נאָך איינע פון די זעלטענע און ערשט געדרוקטע מעשׂה־ביכלעך, מעשׂים בחסידים („מעשׂים די זיינן גישעהן"), וואָס איז אַרויס אין ווענעציע אין יאָר ש״יב — 1552 [2].

[2] פ״גל חנא שמערוק — „ראשיתה של הפרוזה הסיפורית ביידיש ומרכזה באיטליה", אין ספר זכרון לאריה ליאונה קארפ, ירושלים תשכ״ח.

צי די אויסגאַבע באַזעל איז באמת געווען די ערשטע צי נישט, וועגן דעם איז אָנגעגאַנגען אַן ערנסטער און לאַנגער וויכּוח צווישן די פֿאָרשערס. אַזוי, למשל, האָט שטיינשנײַדער גופֿא געהאַלטן, אַז יעקבֿ בר אַבֿרהם פּאָלאַק האָט נישט געקענט זײַן דער ערשטער אַרויסגעבער פֿון מעשׂה־בוך, מחמת אינעם שער־בלאַט פֿון באַזעל רעדט זיך פֿון „דרייא הונדרט אונ׳ עטליכה מעשׂים״, בעת אין דער אמתן פֿאַרמאָגט דאָס בוך נאָר 257 מעשׂיות, שוין אַרײַנגערעכנט די דובלעטן. דערפֿון האָט שטיינשנײַדער מיט אַ געוויסן ישובֿ־הדעת געוואָלט דרינגען, אַז עס איז געווען אַ פֿריִערדיקע אויסגאַבע מיט איבער דרײַ הונדערט מעשׂיות, וואָס יעקבֿ בר אַבֿרהם האָט שפּעטער געקירצט, אָבער בשעת מעשׂה איבערגעדרוקט דאָס שער־בלאַט פֿון זײַן פֿאָרגייער אַזוי ווי עס שטייט און גייט. אַגבֿ, אַזעלכע טעותדיקע איבערחזרונגען זײַנען בכלל נישט געווען אַזוי זעלטן. די דרוקערס האָבן אָפֿט איבערגעדרוקט ביכער מיט די זעלביקע אומפּינקטלעכקייטן און טעותים אַ שטיק צײַט, ביז עס האָט זיך איינער געכאַפּט און פֿאַרריכט דעם גרײַזיקן טעקסט. אַזוי האָט זיך אויך געפֿירט מיט אונדזער מעשׂה־בוך. פֿאַר די ערשטע הונדערט יאָר האָבן די שפּעטערדיקע אַרויסגעבערס פֿונעם בוך איבערגעחזרט אינעם שער־בלאַט דעם זעלביקן טעות מכּוח דער צאָל מעשׂיות. אַפֿילו דער געוויסנדיקער אַרויסגעבער פֿון מעשׂה־בוך, אָשר־אַנשל בן לייזער חזן (אַמסטערדאַם 1701) האָט אויך אין זײַן שער־בלאַט איבערגעדרוקט די זעלביקע מודעה וועגן די דרײַ הונדערט און עטלעכע מעשׂיות, וואָס ער גיט אין זײַן בוך. אָבער אַזוי ווי אָשר־אַנשל איז געווען אַ זייער פּינקטלעכער און פֿאַרלאָזלעכער אַרויסגעבער, האָט ער טאַקע צום סוף פֿון זײַן בוך מוסר־מודעה געווען, אַז היות מען האָט געשטעלט אין שער־בלאַט „דרייא הונדרט אונ׳ עטליכי פֿופֿציג (!) מעשׂים״, וואָס זײַנען נישט פֿאַראַן, דערפֿאַר איז ער מוסיף: „...אָבער עס איז אַ טעות, ווי מיר האָבן דאָס אויסגעפּינען״. אין דער אמתן זײַנען אינעם מעשׂה־בוך פֿאַראַן בלויז 254 מעשׂיות און אין אַלטן מעשׂה־בוך זײַנען אַרײַן צוויי מעשׂיות טאָפּלט

געדרוקט. ווי ווײַט טעותים פֿון דרוקערס גייען, קענען מיר אויך אָפּלערנען דווקא פֿון אָט דעם זעלביקן און טאַקע פּינקטלעכן אַרויסגעבער אָשר־אַנשל, וועלכער רעדט גאָר צום סוף פֿון אַ וועלכע „דרײַ הונדערט און עטלעכע פֿופֿציק מעשׂיות", בעת באַזעל דערמאָנט נאָר „דרײַ הונדערט מיט עטלעכע מעשׂים".

אויפֿן סמך פֿון אַ סך וואָגיקע ראַיות און אַ קריטישער אַנאַליזע פֿון טעקסט, איז די מאָדערנע פֿאָרשונג געקומען צו דער מסקנה, אַז דאָס מעשׂה־בוך אין זײַן איצטיקער קאָמפּאָזיציע און אָפּקלײַב פֿון שטאָפֿן קען גאָר נישט געמאָלט זײַן פֿאַרן סוף פֿון 16טן י״ה. דעריבער איז באַזעל טאַקע די ערשטע אויסגאַבע. אַ תּנא דמסיע אין אַ געוויסן זין איז אויך דער פֿאַקט, וואָס דער באַזעלער אַרויסגעבער דעקלאַרירט אין זײַן שער־בלאַט איינדײַטיק, אַז אַזאַ בוך איז נאָך עד היום, טאַקע זינט די וועלט שטייט, נישט דערשינען אין דרוק, „דאַש נאָך ניך ווײַל דער עולם שטייט אין דרויק איז וואָרדן גיבראַכט". עס לאָזט זיך ממש נישט גלייבן, אַז אַן אַרויסגעבער פֿון דעם שניט ווי יעקבֿ בר אַבֿרהם מיט נישקשהדיקע פֿאַרלעגערישע אַמביציעס, זײַענדיק אַחוץ דרוקער און קאָרעקטאָר אויך אַן אַרויסגעבער פֿון אַ ריי ביכער, זאָל בכיוון זאָגן אַזאַ גראָבן ליגן, אויף וואָס יעדער פֿון זײַנע קאָנקורענטן (און אַזעלכע האָבן דאָך קיין מאָל נישט געפֿעלט) וואָלט אים געקענט גאָר לײַכט כאַפּן. ווי דאָס זאָל נישט זײַן, קענען מיר מיט אַ געוויסער מאָס פֿון זיכערקייט זאָגן, אַז באַזעל 1602 איז די עדיציאָ פּרינצעפּס, און אַז אין אָט דער געשטאַלט האָט זי נישט געהאַט קיין שום פֿאָרגייער.

אין זײַן איצטיקער שטאָף־קאָמפּאָזיציע באַשטייט דאָס מעשׂה־בוך, וואָס האָט געשעפּט פֿון אַ סך קוואַלן פֿון דער פֿאָלקס־יצירה, פֿון דרײַ הויפּט־חלקים:

א/ הונדערט און זיבן און פֿופֿציק (1—157) מעשׂיות זײַנען אַרײַנגעפֿלאָסן אַהינצו פֿונעם תּלמוד און מדרש און פֿון שפּעטערדיקן אוצר פֿון דער מיטל־עלטערלעכער העברעיִשער ליטעראַטור.

ב/ דער רייך־דונײַ־ציקל מיט זײַנע 26 מעשׂיות (158 — 182),

וואָס וועבן אַ קראַנץ פֿון ניסימדיקע לעגענדעס אַרום די גדולי אַשכּנז פֿון מיטל־עלטער, ר׳ שמואל און זײַן זון ר׳ יודאַ חסיד, און זייערע תּלמידים.

ג/ אינעם לעצטן טייל געפֿינען זיך ווײַטערדיקע 71 (אָדער נאָכן נוסח באַזעל 74, אַרײַנגערעכנט צוויי דובלעטן) מעשׂיות, וואָס שטאַמען פֿון פֿאַרשיידענע מקורים, תּוכיק־יידישע און פֿרעמדע שטאָפֿן, וואָס דער פֿאָלקס־דערציילער האָט געקליידט אין אַ ייִדישן לבֿוש, אַזוי אַז מען קען זייער פֿרעמדקייט מיטן בלויזן אויג נישט דערקענען. אויב גרויסע טיילן פֿון דעם נאַראַטיוון מאַטעריאַל אין די חלקים א׳ און ג׳ זײַנען אַרײַנגעפֿלאָסן אין מעשׂה־בוך פֿונעם אַלטן אַגדה־אוצר און פֿון דער פֿרום־דידאַקטישער ליטעראַטור אין העברעיִש, האָבן מיר אינעם ריין־דוגײַ־ציקל על־פּי רובֿ צו טאָן מיט אַ בעל־פּה־טראַדיציע, מיט אַלטע מסורות און שבֿחים, וואָס דאָס פֿאָלק האָט זיך דערציילט פֿון זײַנע גרויסע גײַסטמענטשן, די מקובלים און בעלי־מופֿת פֿון דײַטשלאַנד אין 12טן און 13טן י״ה. אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ באַזונדער אויסגעטיילטער מעשׂה־זאַמלונג, וואָס האָט דעם כאַראַקטער פֿון אַ שבֿחים־ליטעראַטור, פֿון צדיקים־לעגענדעס מיט אַ ריי ביאָגראַפֿישע עלעמענטן, וואָס האָט דורות לאַנג געלעבט צווישן פֿאָלק און איז ערשט שפּעטער געוואָרן צונויפֿגעזאַמלט און פֿאַרשריבן, באַווײַזט אונדז בולט די נאָטיץ אינעם מעשׂה־בוך, וואָס געפֿינט זיך בראש פֿון דעם ציקל (נומער קנ״ח). דאָרט הייסט עס בפֿירוש „אל היא וויל איך נון אן היבן צו שרייבן דיא מעשׂים פֿון רבי יודא חסיד אונ׳ פֿון זיינם פֿאטיר רבי שמואל חסיד ווייש (וואס) זיך אין אירן צייטן פֿר לאפֿין האט״. הקיצור, דער אַרויסגעבער פֿון מעשׂה־בוך, זעט זיך אויס, האָט איבערגענומען אַ פֿאַרטיקע זאַמלונג פֿון מעשׂיות, וואָס ער האָט אײַנגעגלידערט אין זײַן בוך און מלכתּחילה אונטערגעשטראָכן אָט דעם פֿאַקט, כּדי אַרויסצוהייבן זײַן חשיבֿות און אָנווײַזן אויף זײַן אַנדערשקייט. ער חזרט איבער נאָך אַ מאָל די זעלביקע נאָטיץ צום אָנהייב פֿון דער מעשׂיות־רשימה און בײַם סאַמע סוף פֿון דער זאַמ־

לונג באַוואָרנט ער זיך נאָך אַ מאָל, אַז מיט דעם ענדיקן זיך די מעשׂיות אַרום ר׳ יודאַ חסיד.

לאָמיר אָבער שוין גלײַך מוסיף זײַן, אַז הגם די און ענלעכע מעשׂיות פֿון אָט דעם שבֿחים־ציקל זײַנען אַרומגעגאַנגען דורות לאַנג צווישן פֿאָלק, דערציילט און איבערדערציילט מיט שינויים און הוספֿות נאָכן שטייגער און אופֿן פֿונעם פֿאָלקס־דערציילער, ווייסן מיר אָבער שוין היינט נישט מער אַקוראַט, צי אָט די מסורות און לעגענדעס זײַנען מלכתחילה פֿאַרשריבן געווען אויף לשון־קודש, צי טאַקע אין דער פֿאָלקשפּראַך. אַזוי, למשל, פֿאַרמאָגן מיר אַ גרעסערע זאַמלונג פֿון מעשׂיות פֿון ר׳ שמואל חסיד, זײַן זון ר׳ יודאַ חסיד און אַ ריי בני־דור אויף העברעיִש, וואָס אַ טייל פֿון זיי איז אידענטיש מיט דער טראַדיציע פֿון אונדזער מעשׂה־בוך. דער דאָזיקער כּתבֿ־יד, וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען, שטאַמט פֿון דער ערשטער העלפֿט 16טן י״ה און איז געוואָרן אַרויסגעגעבן און באַשריבן פֿון נ. ברילל [3]. אַחוץ דעם געפֿינט זיך נאָך אין דער ביבליאָטעק פֿון פֿראַנקפֿורט בײַם מײַן אַ קלענערע העברעיִשע זאַמלונג פֿון ענלעכע מעשׂיות, וואָס זײַנען עד־היום נאָך נישט געוואָרן באַאַרבעט און פֿון וואָס דער רובֿ איז אידענטיש מיט דער מעשׂה־בוך־רעצענזיע. וואָלט מען דעריבער פּשוט געקענט פֿרעגן, וואָס איז אין אָט די רעצענזיעס קודמער, די העברעיִשע אָדער די ייִדישע? עס איז מעגלעך, אַז אַ סך פֿון די נאַראַטיווע שטאָפֿן האָבן תּחילתדיק צירקולירט אין ייִדיש און דערנאָך געוואָרן פֿאַרשריבן אין העברעיִש. אַגבֿ איז די השפּעה פֿון גערעדטן לשון מיט זײַן אופֿן דערציילן און נוסח נאָך שטאַרק ניכּר אין אָט די זאַמלונגען. עס קען אָבער אויך גרײַלעך געמאָלט זײַן, אַז געוויסע מעשׂיות זײַנען דווקא אַריבער אויף ייִדיש פֿון אַ פֿרום העברעיִשן מקור און האָבן ערשט דאָ באַקומען זייער פֿאָלקסטימלעכן תּיקון.

הגם עס האָבן זיך אויפֿגעהיט איבער די פֿאַרשיידענע ביב־

---

[3] יאָהרביכער פיר יודישע געשיכטע אונד ליטעראַטור, 1889, זז׳ 20—45.

ליאָטעקן, ווי למשל פֿון לאָנדאָן, אָקספֿאָרד, קעמברידזש, פּאַריז, ניו־יאָרק, האַמבורג און מינכען אַ שפּאָר ביסל כּתבֿ־ידן אין ייִדיש מיט נאַראַטיווע שטאָפֿן, פֿון דעסט וועגן האָט זיך עד היום נישט אָפּגעפֿונען דער אָריגינעלער כּתבֿ־יד פֿון מעשׂה־בוך, אַזוי ווי עס איז אַרויס פֿון דרוק אין באַזעל. על־פּי רובֿ זײַנען דאָס כּתבֿ־ידן פֿון 16טן י״ה, וואָס מחברים האָבן אָנגעשריבן אָדער שפּעטערדיקע קאָפּיסטן האָבן איבערגעשריבן בנמצאדיקע ווערק אָדער זאַמלונגען פֿאַר זייערע חשובֿע פּאַטראָנעסעס־מעצענאַטן. אָפֿט האָט אַזאַ קאָפּיסט צוגעגעבן אַ פּאָר מעשׂהלעך, וואָס ער האָט געהאַט ערגעץ ווו בײַ זיך פֿאַרשריבן, פּשוט לשם שיינקייט און אינטערעס. אַ סך פֿון די פֿאַרשריבענע מעשׂה־רעצענזיעס האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות צו דער מעשׂה־בוך־טראַדיציע און זײַנען נישט אַרײַן אין דעם קאָדעקס פֿון מעשׂה־בוך. עס וואָלט, אַגבֿ, געווען אַ סבֿרא, אַז אַט די אַלע נאַראַטיווע שטאָפֿן זאָלן אַ מאָל ווערן צונויפֿגעזאַמלט, באַאַרבעט און אַרויסגעגעבן פֿון אַ געניטער פֿאָרשערישער האַנט.

בדרך כּלל איז די מעשׂה, סײַ אין איר העברעיִשן אָדער שפּעטערדיקן ייִדישן לבֿוש, סײַ ווי דאָס קריסטלעכע עקסעמפּלום, געקומען אונדז עפּעס לאָזן הערן. זי איז אין תּוך געווען דידאַקטיש דערציִעריש. דער דערציילער האָט נישט דערציילט זײַן סיפּור־המעשׂה אָדער משל סתּם אַזוי, לשם הנאה, נאָר האָט געוואָלט מיט דעם עפּעס אויסנעמען, עפּעס פּועלן. ווייסן מיר, אַז שוין פֿון קדמונים און בפֿרט בײַ די אָריענטאַלישע פֿעלקער, האָט מען באַנוצט די מעשׂה פֿאַר אַ מאָראַליש־רעליגיעזן ציל און אַ תּכלית. די מעשׂה האָט געדינט ווי אַן אילוסטראַציע פֿאַר געוויסע רעליגיעזע אָדער עטיש־געזעלשאַפֿטלעכע אמתן. דערפֿון האָט דער עולם געזאָלט אָפּלערנען גוטע מידות, ווי זיך נוהג צו זײַן אין לעבן און גיין בדרך הישר און געפֿינען ליבטזעליקייט אין די אויגן פֿון גאָט און מענטש.

אָבער נישט געקוקט אויף איר דערציִעריש־פֿרומער פּניות און תּכליתדיקייט האָט די מעשׂה אויך אַ מאָל געוואָלט אַ ביסל אונ־

טערהאַלטן און אַמוזירן דעם עולם, פּשוט פֿאַרטרײַבן די לאַנג־
ווײַל פֿון די שטיבער. דער מעשׂה־דערציילער האָט דעריבער נישט
תּמיד געקענט זײַן פֿאַרעקשנט פֿרום און צאָרנדיק אָנגעברוגזט ווי
די שטרענגע מוסר־זאָגערס. אַדרבא, ער האָט אַ מאָל געוואָלט אַ
שטיף טאָן מיטן עולם, אַ ביסל אָפּלאַכן און אָפּשפּאָטן פֿון דעם
דערעסענעם אָרום. אַזוי אָרום איז צוגעקומען אַ נײַער זשאַנער פֿון
מעשׂיות אין אַ מער מיושבֿדיק וועלטלעכן לבֿוש. די מעשׂה אין
איר איצטיקן לבֿוש איז נישט מער פֿרום־פֿאַרגלאָצט, נאָר זי איז
ערדיש פֿריילעך, אָפֿט אַפֿילו פֿאַרשײַט מיט אַ קלות־ראשדיקן צו־
לייג, וואָס נעמט־אויס בײַם עולם. זי איז עלעגאַנט, אַמוזאַנט און
וויל אונטערהאַלטן, קוויקן דעם עולם מיט איר חוזק און שאַרפֿזין.
עס איז אָפֿט דער אויפֿגעלייגטער טאָן פֿון אַנעקדאָט, דער קאַטאָ־
ווּעס און חוזק־מעשׂהלע אין אַלע זײַנע וואַריאַציעס, וואָס טרעפֿט
אין סאַמע פֿינטל אַרײַן. מיט זײַן אָפּלאַכעריש לײַכטן מאַניר דער־
מאָנט אונדז אַזאַ מעשׂה גיכער באָקאַטשיאָס דעקאַמעראָן איידער
אַ פֿרום מוסרדיק ספֿר, פֿון וואַנען דאָס רובֿ מעשׂיות זײַנען גע־
פֿלאָסן. כּדי אָבער די רבנים און גײַסטיקע מנהיגים פֿון פֿאָלק זאָלן
נישט קוקן קרום אויף איר און נישט דערלאָזן קיין דריסת־הרגל
פֿון אָט דעם מין מעשׂה אויף דער ייִדישער גאַס, האָט מען זי צו
ביסלעך געכּשרט, אַז זי זאָל חלילה ניט זײַן קיין פּסול. מען האָט
דעם סאָרט פֿאַרשײַטע מעשׂה פֿאַרפּוצט מיט אַ פֿרומען מוסר־
השׂכּל צום סוף, טאַקע מיט אַ גאָטפֿאָרכטיקן היוצא־לנו מזה און
אַזוי אָרום איר געגעבן אַ היתּר, זי לעגיטימירט.

אויף אַזאַ אופֿן האָבן מיר טאַקע אין מעשׂה־בוך מיט זײַנע פֿיל־
מינימדיקע מאַטעריאַלן, אי באַלערעוודיק דערציִעריש, אי תּענוג־
דיק פֿאַרשײַט, יענע געראָטענע קאָמבינאַציע פֿונעם מיטצײַטלערישן
פֿאָלקסבוך, אַ שטייגער ווי שימפּף אונד ערנסט פֿון יאָהאַננעס
פּאַולי [4] א״אַ. הגם מיט דעם סאָרט ביכער איז מען אויסן געווען

---

[4] Johannes Pauli — Schimpf und Ernst, 1522.

צו לערנען דעם עולם מידות און התנהגות, האָבן זיי בשעת מעשה אויך געוואָלט פֿאַרווײַלן און אַמוזירן, און דערפֿאַר טאַקע האָט מען זיך אַ מאָל באַדינט מיט אַ צווייטײַטיקער, פֿאַרשײַטער געשיכטע, וואָס מען האָט געפּרוווט צו כּשרן מיט אַ פֿרומען מוסר־השׂכּל צום סוף. האָט טאַקע דער מחבר אָדער אַרויסגעבער פֿון מעשׂה־בוך בדעה געהאַט, ווי ער דריקט זיך אויס אין זײַן שערבלאַט, צו געבן זײַן עולם אַ פֿרום ספֿר, אַ „טײַטשע גמרא“ מיט אַגדות און משלים, וואָס דערקוויקן דאָס האַרץ. פּונקט אַזוי ווי צאינה וראינה פֿון ר׳ יעקבֿ אַשכּנזי, פֿון יאַנאָווע, וואָס איז דערשינען אַרום דער זעלביקער צײַט ווי דאָס מעשׂה־בוך, האָט גענומען פֿאַרטײַטשן דאָס חומש מיט די הפֿטורות און די חמש מגילות, און אַרום דעם וועבן אַ קראַנץ פֿון האַרציקע און שיינע אַגדות, אַזוי האָט אויך געטאָן בעצם דער מחבר פֿון מעשׂה־בוך. ער האָט זיך גענומען נישט נאָר פֿאַרטײַטשן און לערנען פּשט אין די אַגדות פֿון תּלמוד און מדרש, נאָר ממש איבערדערציילן אָט די מעשׂיות אויף אַ פֿאָלקסטימלעך האַרציקן אופֿן און זיי מאַכן פֿאַרשטענדלעך און צוטריטלעך פֿאַרן פּראָסטן עולם, וואָס קען זיך נישט אויס אין די קליינע אותיותלעך. איז טאַקע דער פּרימאַט פֿון זײַן ווערק תּחילתדיק געווען אַ מוסרדיקער און אַ דידאַקטיש פֿרומער; פֿון דעסט וועגן האָט ער געמוזט מאַכן געוויסע קאָנצעסיעס דעם צײַטגעשמאַק און דעם עולם, וואָס איז געווען זשעדנע נאָך אַ ביסל עולם־הזהדיקייט. אָבער דער טראָפּ ליגט אויף פֿרומקייט און יראַת־שמים. אַזוי, לכל הפּחות, איז זײַן אָנשטעל, בשעת ער פֿאַלט־אָן אין זײַן הקדמה מיט אַ הייליקן צאָרן אויף די „גאָטלאָזע און נאַרישע ביכער“, אַ שטייגער הערצאָג ערנסט, דיטריך פֿון בערן, דאָס קו־בוך א״אַ, וואָס זײַנען גראָד געווען זייער באַליבט און דער יידישער עולם האָט זיי געלייענט מיט גרויס חשק. דערפֿאַר איז דער אַרויסגעבער פֿון מעשׂה־בוך נישט נאָר אויסן צו פּסלען אָט די פֿרעמדע „ראָמאַנצן“ און אַנדערע טריף־פּסולס, נאָר טאַקע מיט זײַן בוך אויספֿולן אַ ליטעראַרישן

בלויז. ער וויל נישט נאָר אַרויסשטויסן יענע „פּוסטע און נאַרישע" ביכער מיט זייער פֿרעמדן וועלטבאַנעם, וואָס מען טאָר אַפֿילו נישט לייענען אין אַ שבת אָדער אַ יום־טובֿ, נאָר בעצם אונטערטראָגן דעם לייענער אַ פֿרום, באַרעכטיקט ספֿר, אַ „טײַטשע גמרא", וואָס זאָל געבן דעם ייִד פֿון אַ גאַנץ יאָר, דער ייִדישער פֿרוי און דעם מיידל (בחורה) די נייטיקע גײַסטיקע שפּײַז פֿאַר דער נשמה. רעדט טאַקע דער אַרויסגעבער פֿון באַזעל (און נאָך אים די שפּעטערדיקע אַרויסגעבערס) קלאָרע דיבורים אין זײַן הקדמה, וואָס ער איז בעצם אויסן מיט זײַן ווערק: „אָפּט וועט זיך איינער אָנשטויסן אין אַ מעשׂה און אָפּלאָזן זײַנע בייזע מחשבֿות און שלעכטע מעשׂים, מחמת פֿון אַ משל און אַ מעשׂה קען מען אָפּלערנען אַ סך גוטס און אויף אַזאַ אופֿן געפֿינט דער מענטש לײַטזעליקייט בײַ גאָט און איז געערט פֿון אַלעמען"... אויך דער אַרויסגעבער פֿון דער אַמסטערדאַמער אויסגאַבע (1701) באַמערקט חשיבֿותדיק: „איך ווייס, אַז אויב איר וועט דרינען לייענען, וועט זיך אײַער האַרץ דערפֿרייען". אויך אַ שפּעטערדיקער אַרויסגעבער (ספֿר „מעשׂה ה׳", אַמסטערדאַם 1723) זאָגט צו זײַנע פֿרומע לייענערס, אַז „בזכות דאָס מיר אַזעלכע מעשׂים צו עקסעמפּל נעמען און דער נאָך לעבן" וועט אונדז דערפֿאַר „הקדוש־ברוך־הוא משיח בן דוד שיקן".

אָבער דער לייענער־עולם האָט, זעט זיך אויס, געוואָלט אַחוץ פֿרומקייט און מוסרדיקע מעשׂיות פֿאַרשמאַלצן מיט אַ קאַפּעטשקע עולם־הבא, אויך האָבן אַ לײַכטערן, אַמוזאַנטערן שטאָף, וואָס שמעקט מיט לעבן און ערד, מיט אַ ביסל עולם־הזהדיקייט, וועלכע איז אַזוי מחיה־נפֿשותדיק פֿאַרן געמיט. דערפֿאַר טאַקע האָט זיך דער אַרויסגעבער פֿון מעשׂה־בוך מיט זײַן מיושבֿדיק געזונטן חוש גע־מוזט צופּאַסן צו די פֿאַרלאַנגען און באַגערן פֿון די ברייטע שיכטן לייענערס און זיי געבן אין זײַן ווערק, נעבן דער גרויסער צאָל פֿרומע מעשׂיות און פּאָפּולערע אַגדות, אויך אַ ביסל שפּילעוודיק לײַכטן און אַמוזאַנטן מאַטעריאַל, דאָס רובֿ פֿון דער פֿרעמד, פֿון וואָס דער עולם האָט זיך געשמעלצט פֿאַר נחת. דער גײַסט פֿון

דער צײַט מיט זײַן נאָוואַטאָרישקייט און פֿרישקייט, האָט זיך אויך צו ביסלעך געלאָזט פֿילן אין די פֿאַרחושכטע געטאָס פֿון 16טן און 17טן י״ה.

דאָס מעשׂה־בוך אין זײַן איצטיקער קאָמפּאָזיציע מיט זײַן רײַכן, פֿילפֿאַרביקן נאַראַטיוון מאַטעריאַל, איז מיט דער צײַט געוואָרן איינס פֿון די באַליבטסטע פֿאָלקסביכער אויף ייִדיש און איז געוואָרן כּסדר פֿון דאָס נײַ איבערגעדרוקט, שפּעטער מיט קאָנטיקע שינויִים און הוספֿות. עס איז געווען, וואָלטן מיר הײַנט געזאָגט, אַ מין „בעסט־סעלער״, וואָס זײַן דערפֿאָלג האָט אָנגעהאַלטן קנאַפּע פֿיר הונדערט יאָר. אַזוי, למשל, קענען מיר פֿאַרנאָטירן, אַז צווישן די יאָרן 1602 און 1763, בכן אין משך פֿון קײַלעכדיקע הונדערט און זעכציק יאָר, זײַנען דערשינען נישט ווייניקער ווי 18 נײַע, אָפּט רעווידירטע און פֿאַרגרעסערטע, ווי אויך פֿאַרבעסערטע אויפֿלאַגעס פֿון בוך. הייסט דאָס, על כּן, אַז כּמעט יעדע נײַן יאָר איז אַרויס אַ נײַע אויפֿלאַגע, אַ באַווײַז ווי פּאָפּולער עס איז געווען דאָס מעשׂה־בוך אין זײַן פֿאָלקסטימלעכן נוסח און דערציילערישער פּשטות. עס האָט טאַקע געוואַלטיק אויסגענומען בײַ אונדזערע באָבעס און זיידעס אין אַמאָליקע דורות. מען האָט דאָס בוך געלייענט און ממש צעלייענט. עס איז דערפֿאַר גאָר קיין חידוש נישט, וואָס זײַן ליטעראַרישער נצחון־גאַנג איבער דער ייִדישער גאַס האָט אַפֿילו נאָך אָנגעהאַלטן אין משך פֿון 19טן י״ה, בשעת די ייִדישע ליטעראַטור האָט דערוואַכט צו אַ נײַעם לעבנס־געפֿיל און געשפּרײַזט גדלותדיק איבער נײַע שאַפֿערישע וועגן. זײַנען טאַקע דעמאָלט געפֿלאָסן זאָרגלאָז און היימלעך פֿאַרשיידענע רעצענזיעס פֿון אַלטן מעשׂה־בוך אינעם אַלגעמיינעם שטראָם פֿון דער פֿאָלקס־יצירה און אויף אַזאַ אופֿן דירעקט אָדער אומדירעקט באַפֿרוכפּערט די מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור. עס דערשײַנען כּסדר אַלץ נײַע אויפֿלאַגעס אין אַ פּאָפּולערן אָפּקלײַב פֿון אָט דעם אַלטן און האַרציקן מעשׂיות־אוצר, וואָס אין זייער נײַעם לבֿוש, געקירצט און מאָדערניזירט, סײַ אין לשון און סײַ אין אויסלייג, הייסן זיי איצט „סיפּורי הפּלאות״

אָדער „גערימטע געשיכטע“. די ערשטע אויפלאַגע באַווײַזט זיך אין דרוק אין יאָר 1802 (אָדער 1805) אין זשאָלקיעוו און דערנאָך גייט אַ סדרה פון ווײַטערדיקע נײַע אויפלאַגעס ביזן יאָר תרמ״ח (1888). בלויז אין די יאָרן 1845—1888 דערשײַנען נײַן נײַע פאָלקס־אויס־גאַבעס פון אָט דעם בוך, שוין גאָר קיין נישקשהדיקער דערפאָלג פאַר אַ ייִדיש פאָלקסבוך מיט אַ דרײַ דורות צוריק.

דאָס מעשׂה־בוך מיט זײַן גאַנצער פאָלקסטימלעכער נוסחדי־קייט און ירושהדיקער המשכדיקייט איז בלי ספק אַ רײַפער פּראָ־דוקט פון אַ דורות־לאַנגן פּראָצעס פון דער פאָלקס־יצירה, וואָס האָט רחבֿותדיק געשטראָמט דורך אַ ריי בײַקאַנאַלן פון דער ייִדי־שער מיטל־עלטערלעכער ליטעראַטור, סײַ בעל־פּה און סײַ בכתבֿ. ערשט אין אַ שפּעטערדיקער תקופֿה זײַנען אָט די אַלע פילמינימ־דיקע נאַראַטאָרישע שטאָפן געוואָרן צונויפגעזאַמלט און מסתּמא בײַם סוף פון 16טן י״ה געוואָרן קאָדיפיצירט פון אַ געניטן און באַהאַוונטן רעדאַקטאָר־מחבר. אין זײַן אָפּקלײַב, וואָס איז כּולל צוויי הונדערט און עטלעכע פּופציק מעשׂיות, גייען־אַרײַן אַגדות פון תּלמוד און מדרש, משלים און פרומע סיפּור־מעשׂיות פון כּל המינים ספֿרים און דערצו מסורות פון ווײַטן עבֿר, ניסימדיקע לע־גענדעס מיט זייער סקאַרבאָוון נוסח און מוסר־השׂכּל. אַחוץ דעם געפינען מיר נאָך אינעם מעשׂה־בוך, ווי שוין דערמאָנט, אַ שפּאָר ביסל פאָלקס־מעשׂהלעך מיט זייערע לײַכט שפּילעוודיקע מאָטיוון, שפּאַסיק־לוסטיקע געשיכטעס, פאַרשײַטע אַנעקדאָטן און חוזק־מעשׂהלעך (פאַבליאָס), דאָס רובֿ פון דער פרעמד, וואָס האָבן דעם עולם אַמוזירט און אים פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן. אויף דער איינער זײַט ציט דאָס מעשׂה־בוך דעם ירושה־המשך פון דער אַל־טער אַגדה און די קדמון־סאַגאַ פון דער ביאָגראַפישער לעגענדע און פון דער האַרציק נאַיִווער פאָלקס־מעשׂה, און אויף דער אַנדער זײַט שפּאַרט עס אָן אין דער מיטלײַטלערישער ליטעראַטור, וואָס באַוועגט זיך אין אַ קאַלירפולן שטראָם פון מזרח און מערבֿ. פון אָט דעם קוואַל שעפּט עס פון דאָס נײַ פרישע אימפּולסן, שײַנעוו־

דיק פֿריילעכע מאָטיוון און פֿאַבולאַרע סוזשעטן. אָט דעם פּילפּאַרביקן און כּמותדיקן מאַטעריאַל האָט דער רעדאַקטאָר צונויפֿגענומען און דערפֿון געמאַכט אַ ליטעראַרישע גאַנצקייט, וואָס שפּאַרט מיט אַ סך פֿאָלקסטימלעכן חן און בראשיתדיקער שאַפֿערישקייט. אין אָט דעם מײַסטערישן ווערק האָבן מיר בלי ספק איינעם פֿון די געלונגענע אָנהייבן פֿון דער דערציילערישער פּראָזע אין ייִדיש, וואָס האָט זיך שפּעטער אימפּעטיק אַדורכגעבראָכן אַ נײַעם וועג אין דער ליטעראַטור. פֿון אָט דעם רײַכן און קוואַליקן אוצר פֿון פֿאָלקס־מעשׂיות און לעגענדעס האָבן נאָך שפּעטער געשעפּט מיט פֿולע הענט די בעלי־מוסר און מגידים. נאָך זײַן מוסטער זײַנען דערנאָך אויפֿגעקומען אַלץ נײַע זאַמלונגען פֿון מעשׂיות און מסורות. אַ שטייגער, דער וואָרמסער ציקל, וואָס עס האָט צונויפֿגעשטעלט יוזפּא שמשׂ פֿון וואָרמס אין 17טן י״ה און וואָס זײַן זון, אליעזר ליבערמאַן, האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1696 אונטערן טיטל מעשׂה ניסים. אַן אַנדערע פֿרומע זאַמלונג, מעשׂה ה׳, האָט אין יאָר 1691 אַרויסגעגעבן עקיבֿא בער הענאָכס, רבֿ אין שנײַטיך. זײַן נײַער טיפּ מעשׂה־בוך פֿאַרמאָגט אַחוץ אַגדות פֿון תּלמוד און די מדרשים אויך אַ היפּש ביסל מעשׂיות און פֿרומע לעגענדעס, פֿול מיט מיסטישער סודותדיקייט, אַרויסגענומען פֿון זוהר, דעם ספֿר עמק המלך און דעם פּאָפּולערן שלשלת הקבלה.

דאָס מעשׂה־בוך איז פֿאַרבליבן דער אײַזערנער באַשטאַנד פֿון אַ דורות־אַלטער טראַדיציע, וואָס האָט געפֿלייצט מיט אימפּעט און זיך כּסדר באַנײַט. די מעשׂה מיט אירע טראַדיציאָנעלע רעקוויזיטן און אַ שלל פֿון אינטערנאַציאָנאַלע מאָטיוון, האָט באַקומען איר ליטעראַרישן תּיקון אין מעשׂה־בוך. שטראַלט טאַקע נאָך עד היום אַרויס פֿון זײַנע פֿאַרגעלטע בלעטער אַ שטיל צניעותדיק ליכט, וואָס כּישופֿט מיט טויזנט חנען. מיט זײַן תּמימות און פּשטות, מיט זײַן שטייגערישקייט און אַ ביסל לעבנספֿרייד האָט זיך אָט דאָס פֿאָלקסבוך קונה שם געווען בײַם ייִדישן לייענער אין משך פֿון לאַנגע דורות, אין אים געשטאַרקט זײַן בטחון און האָפֿענונג. נאָך

היינט דערקוויקן זיינע אויסגעפֿינערישע מאָטיוון און שפּילעוודיק ניסימדיקע מעשׂהלעך אונדזער האַרץ און דערפֿרישן מיט זייער עכטקייט און קוואַליקייט אונדזער געמיט.

יעקב י. מייטליס


איין שיין מעשה בוך

בשנות יעקב בר אברהם ז"ל סג"ל
מעזריטש דליטא

פה באסיליאה הגדולה

ע"י הארן קונראד וואלדקירך

**שער־בלאַט פֿון דער 1טער אויסגאַבע פֿון מעשׂה־בוך, באַזעל 1602**

## 1 דער תלמיד־חכם וואָס איז געשטאָרבן יונג

אַ מעשׂה. עס איז אַמאָל געווען אַ תלמיד־חכם, וואָס האָט כּל ימיו גאָר נישט עפּעס אַנדערש געטאָן, נאָר געזעסן יומם ולילה און געלערנט. איז ער אָבער יונגערהייט אַוועק פֿון דער וועלט. האָט דאָס ווײַב גענומען זײַן טלית און תּפֿילין און מיט דעם אַוועק אין בית־המדרש אַרײַן. זי איז צוגעשטאַנען מיט אַ טענה צו די חכמים און צו זיי געזאָגט אָט וואָס: „עס שטייט געשריבן אין דער הייליקער תּורה „כּי היא חייך ואורך ימיך” (דבֿרים ל׳, כ׳), איז דער טײַטש, די תּורה איז דײַן לעבן און פֿאַרלענגערט דײַנע טעג. הײַנט, ווי אַזוי קומט דאָס, אַז מײַן מאַן, וואָס האָט גאָר נישט עפּעס אַנדערש געטאָן נאָר עוסק געווען טאָג־און־נאַכט אין דער תּורה, זאָל שטאַרבן אַזוי יונג?”. — האָט זיך אין בית־המדרש קיינער נישט געפֿונען, וואָס האָט איר געקענט געבן אַ גלײַכע תּשובֿה. אין דער אמתן האָט קיינער פֿון די חכמים נישט געוווּסט קיין טעם, פֿאַר וואָס ער איז אַזוי יונג געשטאָרבן. נישט לאַנג דערנאָך איז בײַ איר אין הויז אײַנגעשטאַנען אַ געוויסער תּלמיד־חכם איבער נאַכט, האָט זי אים דערציילט די זעלביקע שמועה, פֿרעגט ער זי: „ליבע פֿרוי, לאָמיך דיך פֿרעגן, ווי האָט זיך דײַן מאַן נוהג געווען בשעת דו ביסט געווען אַ נידה?”. — זאָגט זי צו אים: „חס ושלום, אַז ער זאָל מיך האָבן אָנגערירט מיטן קלענסטן פֿינגער; אַוודאי האָט ער נישט געטאָן אַזוינס, וואָס איז אָסור. דו פֿרעגסט מיך באמת אַן אויסטערלישע קשיה, בפֿרט נאָך אַ תּלמיד־חכם ווי דו”. פֿרעגט ער זי אָבער ווײַטער: „זאָג מיר, ווי האָט ער זיך אָבער פֿאַרהאַלטן בעת דו האָסט אָנגעטאָן ווײַסע קליידער?”. — ענטפֿערט זי: „יאָ, ער האָט מיט מיר געגעסן און געטרונקען צו־זאַמען און געלעגן בײַ מיר בקירובֿ בשׂר, וואָס איז דער טײַטש מיטן בלויזן לײַב, אָבער ער האָט נישט באַרירט מײַן שאַנד”.

אַזוי באַלד ווי דער תּלמיד־חכם האָט דאָס דערהערט, מאַכט ער צו דער פֿרוי: „געלויבט איז גאָט, וואָס דערלאָזט נישט, אַז עס זאָל אַרויסקומען אַ מכשול און האָט דעריבער צוגענומען דעם מענטש צו זיך אַזוי פֿרי. שטייט דאָך געשריבן אין דער הייליקער תּורה: ווען אַ פֿרוי איז אומריין, טאָר דער מאַן צו איר נישט גענענען, ער טאָר זי אַפֿילו נישט אָנרירן. אָבער יענער תּלמיד־חכם האָט נישט געטאָן האַלטן, וואָס די תּורה האָט געהייסן. דעריבער האָט אים הקדוש ברוך־הוא געלאָזט יונגערהייט שטאַרבן און אַזוי אַרום מעניש געווען פֿאַר זײַן חטא. דעריבער זאָל זיך יעדער מענטש האַלטן אין דעם, וואָס עס שטייט געשריבן אין דער הייליקער תּורה.

מ״ב א. — מסכת שבת, פּרק ראשון. — שבת י״ג, א׳ ב׳.

## 2 דער שכר־מצווה פֿאַר אָפּהיטן שבת

אַ מעשׂה. עס איז אַמאָל געווען איינער, וואָס האָט געהייסן יוסף מוקיר שבת, וואָס איז דער טײַטש יוסף, וועלכער האַלט בכּבֿוד דעם שבת. עס איז געווען זײַן מנהג, אַז אַלצדינג, וואָס ער האָט נאָר געקענט באַקומען לכּבֿוד שבת, האָט ער געטאָן אײַנקויפֿן. קיין שום זאַך איז אים נישט געווען צו טײַער, אויב ער האָט מיט דעם געקענט באַשײַנען זײַן שבת. אַזוי באַלד ווי ער האָט דערשנאַפּט עפּעס גוטס אויפֿן מאַרק, האָט ער דאָס גלײַך געקויפֿט. קיין גרויסער פֿיש, למשל, איז פֿאַר אים נישט געווען צו טײַער, אויב ער האָט אים נאָר געקענט קריגן. יוסף האָט אָבער געהאַט אַ שכן, אַ גרויסן עושר, וואָס האָט כּסדר פֿון אים אָפּגעחוזקט, טענהנדיק צו אים: „דו, ליבער, וואָס קומט דיר אַרויס וואָס דו האַלטסט אַזוי שטאַרק בכּבֿוד דעם שבת, דו ביסט דאָך פֿאָרט נישט געוואָרן רײַכער דערפֿון; אָט זעסטו, איך האַלט שוין גאָר נישט

אַזוי בכבֿוד דעם שבת, פֿון דעסט וועגן בין איך גאָר אַ שיינער עושר, אַ גרעסערער פֿאַר דיר". אָבער דער פֿרומער יוסף האָט זיך דערפֿון גאָר נישט געמאַכט; אַדרבא, ער האָט געהאַט בטחון אין השם יתברך, אַז ער וועט אים מטיבֿ זײַן און אים געבן זײַן שׂכר. אין דער זעלביקער שטאָט זײַנען אויך געווען שטערן־זעערס, וואָס האָבן אַ מאָל געזאָגט צו דעם עושר: „ליבער פֿרײַנד, וואָס ניצט דיר דײַן גאַנץ עשירות, דו קענסט פֿאָרט פֿאַר דײַן געלט נישט עסן קיין גוט שטיקל פֿיש. מיר האָבן געזען אין די שטערן, אַז דײַן גאַנץ ממון וועט סוף־כּל־סוף אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון יוסף מוקיר שבת, וואָס עסט דאָך אַ גוטן ביסן פֿאַר זײַן געלט". אַז דער עושר האָט געהערט די רייד פֿון די שטערן־זעערס, האָט ער זיך דאָס גענומען זייער צום האַרצן. האָט ער גענומען זײַן גאַנץ האָב־און־גוטס און זיך אײַנגעקויפֿט דערפֿאַר לויטער אַבֿנים טובֿות און פּערל. אָט דעם אוצר האָט ער אַרומגעבונדן אַרום זײַן הוט און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. ער איז געקומען צו דער דעה אַוועק־צופֿאָרן אין אַן אַנדער לאַנד, כּדי אויף אַזאַ אופֿן צו פֿאַרהיטן, אַז זײַן פֿאַרמעג זאָל נישט אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון יוספֿן. אָבער בשעת ער איז געפֿאָרן איבערן ים האָט זיך מיט אַ מאָל געמאַכט אַ גרויסער שטורעמווינט, וואָס האָט שיִער נישט צעבראָכן די שיף און אַראָפּגעיאָגט זײַן הוט אין ים אַרײַן. באַלד איז אויך אָנגעקומען צו שווימען אַ גרויסער פֿיש, וואָס האָט דעם אוצר מיט די פּערל אײַנגעשלונגען. אַזוי אַרום איז דער עושר געוואָרן מיט אַ מאָל אַן אָרעמאַן.

האָט זיך געראָד געמאַכט, אַז אין איינעם אַ פֿרײַטיק האָבן די לײַט געפֿאַנגען אַ גרויסן פֿיש און אים געבראַכט אויפֿן מאַרק. אָבער קיין קונה איז פֿאַר אים נישט געווען, מחמת דער פּרײַז איז געווען צו טײַער. מען האָט געפֿרעגט, וויפֿל עס איז דער מקח, זיך געדונ־גען ווי ווײַט מען האָט נאָר געקענט, אָבער די מענטשן זײַנען אַוועק מיט ליידיקע הענט און קיינער האָט דעם פֿיש נישט געקויפֿט. יעַ־דער אֵיינֵעֵר הָאָט גְעזאָגט: דעם פֿיש וועֵט קיינֵער נישט קויפֿן,

נײַערט יוסף מוקיר שבת; ער קויפֿט אַלע גרויסע פֿיש און זיי זײַנען פֿאַר אים קיין מאָל נישט צו טײַער. אין דעם איז געקומען צו גיין יוסף אויפֿן מאַרק, כּדי צו קויפֿן פֿיש אויף שבת. אַז ער האָט געזען דעם גרויסן פֿיש, וואָס איז צו פֿאַרקויפֿן, האָט ער זיך זייער געפֿרייט; אפֿשר וועט ער קענען באַקומען דעם שיינעם פֿיש לכּבֿוד שבת. טראַכט ער בײַ זיך אין האַרץ: „אָט דער פֿיש זאָל, כ׳לעבן, פֿאַר מיר נישט זײַן צו טײַער, אַפֿילו ווען ער זאָל קאָסטן הונדערט גילדן". ער נעמט זיך דינגען מיטן פֿישער וועגן דעם פּרײַז און צום סוף איז ער מיט אים אַדורכגעקומען. געקויפֿט דעם פֿיש, טראָגט ער אים צו זיך אַהיים מיט גרויס שׂמחה. און אויפֿמאַכנדיק דעם פֿיש, האָט ער דאָרט געפֿונען די שנור פּערל, וואָס דער עושר האָט געהאַט פֿאַרלוירן. אַזוי אַרום איז מקוים געוואָרן, וואָס די שטערן־זעערס האָבן געזאָגט צום עושר, אַז זײַן געלט וועט אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון יוסף מוקיר שבת. ער האָט זיך מיט דעם גאָר שטאַרק געפֿרייט און געלויבט גאָט פֿאַר די מתּנה, וואָס ער האָט אים באַשערט. ער איז דערנאָך געוואָרן אַ גרויסער עושר, ווײַל די שנור פּערל איז ווערט געווען אַ גאַנץ מלכות. דעמאָלט איז געקומען צו גיין אַן אַלטער מאַן צו יוספֿן און זאָגט אים: „זאָלסט וויסן, ווער עס באָרגט דעם שבת — דעם צאָלט דער שבת כּפֿל כּפֿלים צוריק". דאָס מיינט טאַקע, אַז ווער עס האַלט בכּבֿוד דעם שבת, דעם טוט השם יתברך טאָפּלט פֿאַרגיטיקן. אָמן.

מ״ב, ו׳. — (מסכת) שבת, פּרק כל כתבי. — שבת קי״ט, א׳. — באַקאַנטער פֿאָליקראַטעס־מאָטיוו. מאָטיוו־אינד׳ 1. N 211. „טיפּן" A. 736 — פּ״גל עקסעמפּלאַ, ז׳ 201, נ׳ 118. — אַ יידישער וואַריאַנט אין י. ל. כּהן — יודישע פאָלקס־מעשיות, 1931, נ׳ 27, „דער שטריקדרייער".

## 3 דער שכר פֿאַר אָפּהיטן שבת

אַ מעשׂה. עס האָט זיך אַמאָל געטראָפֿן מיט אַ חסיד, וואָס האָט געהאַט אַ שיינעם גאָרטן הינטער זײַן הויז. אַרײַנקומענדיק אַ מאָל אין אַ שבת, האָט ער דערזען אַ לאָך אינעם צוים פֿון גאָרטן. האָט ער געוואָלט צומאַכן דאָס לאָך. דערמאָנט ער זיך, אַז עס איז שבת, און טראַכט זיך: „ווי אַזוי קען איך מחלל שבת זײַן און צומאַכן דאָס לאָך?״. באַקלערט זיך גוט דער חסיד און פֿאַרריכט נישט דעם צוים, כּדי נישט מחלל שבת צו זײַן. איז אים געשען אַ נס, אַז דאָרט, וווּ עס איז געווען דאָס לאָך, איז מיט אַ מאָל אַרויסגעוואַקסן אַ פּרוקטיקער קאַפּערבוים, וואָס הייסט אויף העברעיִש צלף. דער בוים איז זיך מיט דער צײַט שטאַרק צעוואַקסן, ווײַט צעשפּרייט זײַנע צווײַגן און געטראָגן כּל המינים גוטע פּירות. דערפֿון האָט זיך געשפּײַזט דער חסיד מיט זײַן גאַנצן הויזגעזינד. דאָס אַלץ האָט אים צוגעשיקט השם יתברך, מחמת ער האָט געהאַלטן שבת און נישט געוואָלט טאָן קיין אַרבעט, כּדי צו פֿאַרמאַכן דאָס לאָך. אַדרבא, ער האָט געהאַט בטחון אין הקדוש ברוך הוא, אַז ער וועט היטן דעם גאָרטן, אויב ער וועט נישט צומאַכן דאָס לאָך אין שבת. דערהאַלבן, ליבע לײַט, טוט אײַנער דעם שבת ריכטיק אָפּהיטן, אַזוי טוט אים גאָט ברוך הוא אויך גוט באַהיטן.

מ״ב, ח׳. — מסכת שבת, פּרק השואל. — שבת ק״נ, ב׳. — עקסעמפּלא, ז׳ 210, ג׳ 117.

## 4 דער וויין אין אַן ערדענער כּלי

אַ מעשׂה. עס האָט אַמאָל געזאָגט דעם קייסערס טאָכטער צו רבי יהושע בן חנניה: „אײַ, וואָס פֿאַר אַ גרויסע תּורה איז אין דיר פֿאַראַן און דו ביסט דאָך אַזוי מיאוס! וואָס פֿאַר אַ גרויסע חכמה

איז אין אַזאַ גנבֿזהדיקער כּלי?״. — פֿרעגט זי רבי יהושע: „זאָג מיר, מײַנע ליבע, ווו האָט איר ליגן אײַער ווײַן? וואָס פֿאַר אַ פֿעסער זײַנען דאָס?״. — ענטפֿערט זי אים: „מיר האָבן ליגן דעם ווײַן אין אײיטל ערדענע כּלים״, מחמת מען האָט פֿאַר צײַטנס געהאַלטן דעם ווײַן אין ערדענע כּלים. זאָגט צו איר ווידער רבי יהושע: „איר זײַט דאָך רײַכע לײַט, זאָלט איר דאָך האַלטן דעם ווײַן אין אײיטל זילבערנע אײדער אין ערדענע כּלים״. אַז זי האָט דאָס געהערט, איז זי אַוועק צו איר פֿאָטער און זאָגט אים דאָס. האָט איר פֿאָטער, דער קייסער, געפֿאָלגט און אַרײַנגעגאָסן זײַן גאַנצן ווײַן אין זילבערנע כּלים — איז דערפֿון געוואָרן עסיק. פֿרעגט זיך דערנאָך דער פֿאָטער: „ווער האָט דיך דאָס אַזוי געלערנט, אַרײַנצוגיסן דעם ווײַן אין זילבערנע כּלים?״. — ענטפֿערט אים די טאָכטער פּשוט: „רבי יהושע בן חנניה האָט מיך אַזוי געלערנט״. שיקט דער קייסער רופֿן צו זיך רבי יהושע און זאָגט צו אים: „פֿאַר וואָס האָסטו דאָס אַזוי געלערנט מײַן טאָכטער און מיר גורם געווען אַזאַ היזק, אַז דער ווײַן איז געוואָרן זויער עסיק?״. — אויף דעם ענטפֿערט אים רבי יהושע: „אַזוי ווי זי האָט צו מיר גערעדט, אַזוי האָב איך איר אויך אָפּגעענטפֿערט. האָט זי דאָך צו מיר געזאָגט: אײַ, ווי קומט אַזוי פֿיל תּורה און חכמה אין אַזאַ גנבֿזהדיקער כּלי? האָב איך זי געפֿרעגט, ווי קומט דאָס, וואָס דו, די רײַכע טאָכטער פֿון קייסער, האַלטסט אַזאַ גוטן ווײַן אין אַזאַ ביליקער כּלי. איך האָב איר אויך געזאָגט, אַז „פּונקט אַזוי ווי די תּורה האַלט זיך נישט אין אַ שיינעם פֿאַרשויך, אַזוי האַלט זיך אויך נישט דער ווײַן אין קיין שיינע כּלים״. זאָגט צו אים דער קייסער: „הלמאַי, מיר געפֿינען דאָך אויך אַ סך שיינע מענטשן, וואָס קענען לערנען?״ — ענטפֿערט אים ווידער רבי יהושע: „אויב זייער אויסזען וואָלט נישט געווען אַזוי שיין, וואָלטן זיי זיכער געקענט אַ סך בעסער לערנען, מחמת מענטשן מיט אַ שיינער מראה זײַנען געוויינטלעך נישט עניוותדיק און פֿאַרגעסן דעריבער די תּורה, וואָס זיי האָבן אַמאָל געלערנט״.

מ״ב כ״ב. — ברכות, פּרק ראשון. — תענית ז, א׳.

## 5 רבי עקיבאס קידוש השם

אַ מעשׂה. אַמאָל האָט דאָס מלכות גוזר געווען אויף ישׂראל, אַז ייִדן זאָלן ניט לערנען קיין תּורה. וואָס האָט אָבער געטאָן רבי עקיבֿא? ער האָט אַרום זיך פֿאַרזאַמלט אַ גרויסן עולם ייִדן, זיך אַני־דערגעזעצט פֿאַר זיי און געדרשנט אין דער תּורה. האָט אים אַזוי געפֿונען, זיצנדיק און לערנענדיק, איינער וואָס האָט געהייסן פּפּוס בן יהודה. זאָגט צו אים פּפּוס: „מײַן ליבער רבי, האָט איר גאָר ניט קיין מורא פֿאַר דעם מלכות, וואָס האָט גוזר געווען, אַז מען טאָר ניט לערנען, און איר זעצט זיך אַוועק בפֿני קהל ועדה און לערנט תּורה ברבים?“. — מאַכט צו אים רבי עקיבֿא: „פּפּוס, ביסטו דאָס דער, וואָס יעדער האַלט אים פֿאַר אַ גרויסן חכם, אין דער אמתן ביסטו גאָר אַ גרויסער נאַר. אָט דאָס הער איך אַרויס פֿון דײַנע אייגענע ווערטער. לאָמיר דיר געבן אַ משל. צו וואָס זײַנען דײַנע רייד געגליכן? צו אַ פֿוקס, וואָס איז אַ מאָל געגאַנגען שפּאַצירן בײַם באָרטן פֿון ים, אַרויף־און־אַראָפּ. זעט ער, ווי די פֿיש לויפֿן אַהין־און־אַהער אין ים, מחמת מען האָט זיי געוואָלט פֿאַנגען, און זיי האָבן ניט געוווּסט ווו זיך אויסצובאַהאַלטן. פֿרעגט זיי דער פֿוקס: „וואָס איז די מעשׂה, וואָס איר לויפֿט־אַרום אַזוי אומרויִק אַהין־און־אַהער אין וואַסער?“. — ענטפֿערן אים די פֿיש: „עס זײַנען פֿאַראַן פֿישערס אויפֿן וואַסער, וואָס ווילן אונדז כאַפּן. דערפֿאַר לויפֿן מיר אַהין־און־אַהער, ווײַל מיר ווייסן ניט ווו זיך אויסצובאַהאַלטן פֿון די נעצן“. זאָגט צו זיי דער פֿוקס: „פֿאָלגט מיך און קומט־אַרויס אויף דער יבשה, אַזוי וועלן מיר וווינען בײַנאַנד און קיינער וועט אונדז ניט טשעפּען“. אין דער אמתן האָט אָבער דער פֿוקס געטראַכט אַרויסנאַרן די פֿיש פֿון וואַסער און דערנאָך זיי געשמאַק אויפֿפֿרעסן. ענטפֿערן די פֿיש דעם פֿוקס: „ביסטו דאָס דער קליגסטער צווישן די חיות? כ׳לעבן דו ביסט גאָר אַ גרויסער נאַר. מה דאָך, אַז ווען מיר זײַנען אין וואַסער קענען מיר זיך ניט אויסבאַהאַלטן פֿון די מענטשן, מכּל שכּן אַז מיר וועלן אַרויס אויף דער

יבשה, ווי אַזוי וועלן מיר זיך קענען אויסבאַהאַלטן פֿאַר די מענטשן?". — אַזוי זאָגט אויך רבי עקיבֿא צו פּפּוסן: „אויך דו ווילסט זײַן אַ גרויסער חכם, אָבער דו ביסט דאָך גאָר אַ גרויסער נאַר. מה דאָך, אַז ווען מיר לערנען תּורה, וואָס אין איר שטייט געשריבן „כּי היא חייך ואורך ימיך", דאָס איז דער טײַטש, די תּורה איז דײַן לעבן און פֿאַרלענגערט דײַנע טעג (דברים ל, כ') און איך האָב מורא פֿאַרן מלכות, מכּל שכּן ווען מיר זאָלן שוין גאָר נישט מער לערנען קיין תּורה".

נישט לאַנג דערנאָך האָט מען געכאַפּט רבי עקיבֿאַן און אים אײַנגעזעצט אין תּפֿיסה. עס האָט אויך נישט לאַנג געדויערט און מען האָט פֿאַרהאַלטן פּפּוסן און אים פֿאַרשפּאַרט אין דער זעלביקער תּפֿיסה מיט רבי עקיבֿאַן. זאָגט צו אים פּפּוס: „וווּיל איז דיר, רבי עקיבֿא, וואָס מען האָט דיך געכאַפּט בײַם עוסק זײַן אין תּורה! ווי איז צו פּפּוסן, וואָס מען האָט אים פֿאַרשפּאַרט אין תּפֿיסה צוליב דבֿרים בטלים". בשעת מען האָט אַרויסגעפֿירט רבי עקיבֿאַן צו פֿאַרברענען, איז גראָד געווען די צײַט צו לייענען קריאַת־שמע. האָבן זיי געקעמט זײַן הויט מיט אײַזערנע קאַמען און ער, נישט געקוקט אויף די יסורים, האָט ווײַטער ממשיך געווען מיט זײַן תּפֿילה, מחמת ער האָט געוואָלט מקבל זײַן דעם טויט פֿון זײַן ליבן נאָמען מיט ליבשאַפֿט. זאָגן צו אים זײַנע תּלמידים: „ליבער רבי, איר האָט דאָך שוין גענוג געדאַוונט". ענטפֿערט זיי רבי עקיבֿא: „אַלע טעג פֿון מײַן לעבן האָב איך מיך מצער געווען אויפֿן פּסוק „בכל לבבֿך ובכל נפֿשך" (דבֿרים ו', ה'), וואָס איז דער טײַטש, דו זאָלסט ליב האָבן גאָט מיט דײַן האַרץ, וואָס מיינט, אַז אַפֿילו ווען מען רײַסט דיר אַרויס דאָס האַרץ און מען נעמט צו בײַ דיר דאָס חיות, זאָלסטו פֿון דעסט וועגן אים ליב האָבן. האָב איך בײַ מיר תּמיד געטראַכט: „ליבער גאָט, ווען וועט עס דערצו קומען, אַז איך זאָל קענען מקיים זײַן אָט דעם פּסוק?". — אַצינדער, אַז איך האָב יאָ די זכיה מקיים צו זײַן דעם פּסוק, זאָל איך גאָר מיט אַ מאָל אויפֿהערן מיט מײַן תּפֿילה און נישט פֿאַרענדיקן דאָס קריאַת־שמע

לייענען?" — ער האָט זיך אַזוי לאַנג מתיחד געווען מיט דעם אחד, ביז עס איז אים אויסגעגאַנגען די נשמה מיטן אחד. מיט אַ מאָל איז אַרויס אַ בת־קול און געזאָגט: „וואויל איז דיר רבי עקיבֿא, וואָס דײַן נשמה איז אויסגעגאַנגען מיטן אחד". דעמאָלט האָבן געזאָגט די מלאָכים צו גאָט ברוך־הוא: „רבונו של עולם, איז דאָס די תורה און איז דאָס איר שׂכר, אַז רבי עקיבֿא איז אומגעקומען אויף אַזאַ אַכזריותדיקן אופֿן? עס וואָלט דאָך געווען בעסער, אַז ער זאָל שטאַרבן פֿון דײַן האַנט, רבונו של עולם, עס וואָלט דאָך געווען אַ סך בע־סער, ווען ער וואָלט געשטאָרבן פֿון אַלטקייט און נישט מיט אַזאַ מיתה־משונה פֿון די הענט פֿון די ערלים". איז ווידער אַרויס אַ בת־קול און זאָגט: „וואויל איז דיר, רבי עקיבֿא, וואָס דײַן נשמה איז אויסגעגאַנגען מיט אחד, דו ביסט אָנגעגרייט צו חיי עולם הבא און קומסט אין דעם ליכטיקן גן־עדן אַרײַן". אָמן סלה.

מ"ב כ"ט. — מסכת ברכות, פּרק הרואה. — ברכות סא, ב. וועגן דעם באַרימטן משל פֿונעם פֿוקס און די פֿיש, פ"גל Chauvin 3.77 און באַלטע IV 319.

## 6 דער נס וואָס איז געשען רבי חנינהס ווייב

אַ מעשׂה. רבי חנינה האָט געהאַט אַ ווײַב און זי פֿלעגט כּסדר יעדן ערבֿ־שבת אײַנהייצן דעם באַקאויוון מיט צווײַגלעך פֿון ביי־מער און ברעקלעך קרײַטעכצער, וואָס האָבן אָנגעמאַכט אַ שרעק־לעכן רויך. זי האָט זיך געשעמט מיט זייער גרויסער אָרעמקייט און האָט דאָס אַלץ אַזוי געמאַכט, אַז די לײַט זאָלן מיינען, אָט באַקט זי טאַקע אַלע פֿרײַטיק ברויט און קוכנס אויף שבת. האָט זי געהאַט אַ שלעכטע שכנטע, האָט זי זיך געטראַכט: „מאָדנע, איך ווייס דאָך יאָ, אַז די לײַט האָבן גאָר נישט זייער אײגנס, וואָס קען זי דאָס אַזוי פֿיל באַקן אַלע פֿרײַטיק?". — זי איז, בכן, אַרײַן צו רבי חנינהס פֿרוי אין אַ פֿרײַטיק, בשעת זי האָט זיך גראָד געפֿאָרעט בײַם אײַנ־

הייצן דעם אויוון, אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, און זאָגט: „לאָמיך אַרײַן“. די צדקת האָט איר אויפֿגעמאַכט די טיר און, אַז זי האָט אַרײַנגעשטעלט אַ פֿוס אין שטוב, איז רבי חנינהס ווײַב אַנטלאָפֿן פֿון איר אין שײַער אַרײַן. איז איר אָבער געשען אַ נס, אַז דער אויוון איז געווען פֿול מיט ברויטן און דער מולטער פֿול מיט טייג. רופֿט די פֿרוי די צדקת און זאָגט צו איר: „קום גיך, נעם דאָס ברויט אַרויס פֿון אויוון, כּדי עס זאָל נישט ווערן פֿאַרברענט“. ענטפֿערט איר די צדקת: „אָט קום איך שוין“. אַ טייל זאָגן, אַז זי איז געווען געוווינט מיט ניסים, און זאָגט דערפֿאַר צו דער שכנטע: „איך בין דעריבער טאַקע דאָ אַרײַן, כּדי צו נעמען די שויוול“.

אַ מאָל זאָגט די צדקת צו איר מאַן רבי חנינה: „ווי לאַנג נאָך זאָלן מיר לײַדן אַזוי פֿיל אָרעמקייט? טו תּפֿילה, אַז מען זאָל דיר אַראָפּשיקן פֿון הימל אַ טייל פֿון דײַן שׂכר פֿאַר דײַנע מעשׂים טו־בֿים, אַז מיר זאָלן פֿאָרט נישט לעבן אין אַזאַ דלות“. האָט רבי חנינה זי געהאָרכט און מתפּלל געווען. האָט זיך באַוויזן אַ האַנט פֿון הימל, וואָס האָט אים דערלאַנגט אַ גילדענעם פֿוס פֿון אַ גילדענעם טיש, אַזוי אַז ער איז געוואָרן גאָר רײַך. יענע נאַכט האָט זיך איר גע־חלומט, ווי די צדיקים אויף יענער וועלט זיצן און עסן אויף אַ גיל־דענעם טיש מיט פֿיר פֿיס. אָבער די ביידע וועלן עסן אויף אַ טיש מיט דרײַ פֿיס, מחמת איין פֿוס האָט דאָרטן געפֿעלט. זי האָט דער־ציילט איר חלום דעם מאַן. זאָגט צו איר דער פֿרומער רבי חנינה: „וואָס זאָל איך איצט טאָן?“. — ענטפֿערט זי אים: „זײַ מתפּלל, אַז מען זאָל צוריקנעמען פֿון דיר דעם גילדענעם פֿוס“. האָט ער אַזוי געטאָן און עס האָט זיך באַוויזן אַ האַנט, וואָס האָט צוריקגענומען דעם פֿוס פֿון אים. מיר האָבן געלערנט, אַז דער צווייטער נס, וואָס מען האָט פֿון הימל צוריקגענומען דעם פֿוס, איז געווען גרעסער ווי דער ערשטער נס פֿון שענקען אים דעם פֿוס. דער סדר איז, אַז מען גיט פֿון הימל, אָבער מען נעמט דאָס נישט ווידער צוריק אַרויף.

מ״ב ל״ה. — מסכת תענית, פּרק שלישי. — תענית כד, ב׳. — עקטעמ־פּלאַ, ז׳ 220, ג׳ 163. — בשעת אינעם מ״ב רעדט זיך וועגן אַ טיש מיט פיר

און שפּעטער דרײַ פּיס, האָט די מעשה אין דעם תלמוד־מקור אַ טיש פון דרײַ און דערנאָך פון צוויי פּיס.

## 7 אונקלוס דער גר

אַ מעשׂה. אונקלוס, דער זון פֿון קאַלאָניקאָ, האָט זיך געוואָלט מגייר זײַן. האָט זיך דערוווּסט דערפֿון דער קייסער. שיקט ער נאָך אים עטלעכע לײַט, אַז ער זאָל דאָך קומען מיט זיי צו אים. אַזוי באַלד ווי די לײַט זײַנען געקומען צו אונקלוסן, האָט ער מיט זיי אַזוי לאַנג געשמועסט אין תּורה, ביז זיי האָבן זיך מגייר געווען. אַז דער קייסער האָט דאָס געטאָן פֿאַרנעמען, שיקט ער צו אונקלוסן נאָך מער לײַט און זאָגט זיי אָן, אַז זיי זאָלן זיך נישט אַרײַנלאָזן מיט אים אין קיין שום שמועסן, נאָר ברענגען אונקלוסן צו אים. אַז זיי זײַנען געקומען צו אים, האָבן זיי מיט אים נישט אויסגערעדט קיין אײנציק וואָרט, נאָר אים אָפּגעפֿירט אינעם קייסערס פּאַלאַץ. בשעת מעשׂה זאָגט ער צו זיי: „איך וויל מיט אײַך ריידן וועגן וועלטלעכע זאַכן". גראָד האָט ער דערזען אַ מזוזה, זי אַ כאַפּ געטאָן אין דער האַנט אַרײַן און אָנגעהויבן שטאַרק צו לאַכן. פֿרעגן זיי אים פֿאַר וואָס ער לאַכט. ענטפֿערט ער: „אַזוי איז דער סדר העולם. געוויינטלעך טראָגט דער קנעכט דעם פֿאַנצער פֿאַר זײַן האַר און היט אים אין דרויסן פֿון זײַן פּאַלאַץ, אַז עס זאָל אים נישט געשען קיין בייז, בשעת דער מלך זיצט אינעווייניק אויף זײַן כּסא המלוכה. אָבער גאָט ברוך־הוא איז נישט אַזוי. ער זיצט אין דרויסן, פֿאַר דער טיר, און באַהיט זײַן ליב פֿאָלק ישׂראל, וואָס זיצט אינעווייניק. דערפֿאַר הענגט די מזוזה אין דרויסן, ווי מיר זאָגן דאָס: „גאָט, באַהיט מײַן אַרויסגיין און אַהיימקום פֿון איצונדער ביז אויף אייביק" (תּהילים, קכ"א, ח'). אַז זיי האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי זיך אויך באַלד מגייר געווען. אַז דער קייסער האָט דאָס געהערט, האָט ער שוין קיינעם נישט מער געשיקט נאָך אונקלוסן, היות ער

האָט שוין מורא געהאַט, אַז צום סוף וועט זיך נאָך זײַן גאַנץ פֿאָלק מגייר זײַן און ער וועט בלײַבן אַ קייסער אָן אַ פֿאָלק.

מ״ב ל״ח. — מסכת עבודה זרה לפני אידיהן. — עבודה זרה יא, א׳ — עקסעמפּלאַ, ז׳ 233, ג׳ 284.

## 8 דער גרויסער בעל־צדקה

אַ מעשׂה. רבי אלעזר פֿון ברתּותה איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה. ווען די גבאים, וואָס פֿלעגן קלײַבן צדקה, האָבן אים דער־זען, האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן פֿאַר אים, מחמת עס איז געווען זײַן מנהג אַוועקצוגעבן די צדקה־גבאים אַלצדינג, וואָס ער האָט געהאַט. האָט זיך געטראָפֿן, אַז אַ מאָל איז אלעזר אַרויס אויפֿן מאַרק אײַנ־קויפֿן פֿאַר זײַן טאָכטער עטלעכע זאַכן, וואָס זי האָט באַדאַרפֿט האָבן פֿאַרן אויסשטײַער, היות ווי זי איז געוואָרן מיט מזל אַ כּלה. אַזוי באַלד ווי די גבאים האָבן אים דערזען, האָבן זיי זיך גענומען אויס־באַהאַלטן פֿאַר אים. איז ער זיי נאָכגעלאָפֿן און מאַכט צו זיי: „איך באַשווער אײַך בײַ אַלץ, וואָס איז מיר הייליק, אַז איר זאָלט מיר זאָגן, פֿאַר וועם איר גייט איצט אַרום קלײַבן צדקה״. זאָגן זיי צו אים: „מיר גייען־אַרום צדקה קלײַבן פֿאַר אַ יתום און אַ יתומה, וואָס מען האַלט בײַ חתונה מאַכן״. טוט אלעזר אַ שבֿועה, אַז די דאָזיקע צוויי יתומים זײַנען קודמער פֿאַר זײַן טאָכטער און ער נעמט אַלצדינג, וואָס ער האָט געהאַט, און גיט דאָס אַוועק צו די גבאים. עס איז אים איבעריק געבליבן נאָר איין גילדן אין קעשענע. האָט ער דערפֿאַר געקויפֿט ווייץ, וואָס ער האָט אַהיים געטראָגן און אַרײַנ־געשיט אין זײַן קאָרן־קאַסטן. אַז זײַן ווײַב איז צוריקגעקומען פֿון גאַס, פֿרעגט זי בײַ דער טאָכטער: „וואָס אַזוינס האָט דיר דער טאַ־טע מיטגעבראַכט פֿון דרויסן?״. — ענטפֿערט איר די טאָכטער: „אַלצדינג וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט, האָט ער אַרײַנגעשיט

אינעם קאָרן־קאַסטן״. אַ נײַגעריקע איז דאָס ווײַב אַרויף צו זען, וואָס אַזוינס האָט איר מאַן אַהיים געבראַכט. זי האָט אָבער נישט געקענט אויפֿמאַכן די טיר, מחמת די קאַמער איז געווען פֿול מיט ווייץ ביז צו דער סטעליע. ווען די טאָכטער האָט דאָס געהערט, איז זי שנעל אַוועקגעלאָפֿן צום פֿאָטער אין בית המדרש אַרײַן, און זאָגט צו אים: „ליבער פֿאָטער, קום שנעל אַהיים און זע, וואָס עס האָט דיר געטאָן דײַן פֿרײַנד, גאָט ברוך־הוא״, און דערציילט די גאַנצע מעשׂה, ווי אַזוי עס איז אַרײַן אַ ברכה אין ווייץ. אַז ער האָט גע־הערט, שווערט ער בײַ גאָט, אַז אַלצדינג זאָל זײַן הקדש און איז מוסיף: „דו זאָלסט דערפֿון נישט מער קיין הנאה האָבן ווי אַלע אי־בעריקע אָרעמע לײַט פֿון שטאָט״.

פֿרעגט אָבער רבי שלמה אַ קשיא אין דער גמרא: „פֿאַר וואָס האָט ער געמאַכט אַלץ הקדש?״. — איז מען מתרץ, אַז דאָס, וואָס עס איז געשען מיטן ווייץ, איז געווען אַ נס. און אויב עס געשעט אַ מענטשן אַ נס, שלאָגט מען דאָס אים אָפּ פֿון זײַן שׂכר אויף יע־נער וועלט. דערפֿאַר האָט ער דערפֿון נישט געוואָלט האָבן קיין הנאה און אַלץ געמאַכט הקדש.

מ״ב מב. — מסכת תענית, פּרק שלישי. — תענית כד, א׳. — עקסעמ־פּלאַ, ז׳ 263, ב׳ 417.

## 9 ווער איז אַ בן עולם־הבא?

אַ מעשׂה שהיה. רבי ברוקא חוזאי האָט געפּלעגט אָפֿט אַרויס־צוגיין אויפֿן מאַרק אין דער שטאָט, וואָס האָט געהייסן לאַפּט, און אליהו הנביא איז תּמיד געווען בײַ אים. האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז אליהו זאָגט צו רבי ברוקא: „פֿרעג מיך עפּעס, וואָס נאָר דו ווילסט״. פֿרעגט ער אליהו הנביא: „ליבער, זאָג מיר, איז דאָ פֿאַראַן עמעצער אויפֿן מאַרק, ווען דו קענסט, וואָס איז אַ בן עולם־הבא?״. — אין דעם האָט ער באַמערקט אַ מאַן שטייענדיק פֿון דער ווײַטנס,

אָנגעטאָן אין שוואַרצע שיך, נישט נאָכן שטייגער פֿון אַ ייִד, און וואָס האָט אויך נישט געהאַט קיין ציצית אויף זײַנע מלבושים. זאָגט אליהו הנבֿיא צו רבי ברוקא פֿון חוזא: „אָט זעסטו, דער דאָרטן אין זײַנע שוואַרצע שיך איז אַ בן עולם־הבא". איז רבי ברוקא צו אים צוגעלאָפֿן און פֿרעגט אים: „ליבער, זאָג מיר, איך בעט דיך, מיט וואָס פֿאַרנעמסטו דיך?". — ענטפֿערט אים יענער: „גראָד איצט קען איך דיר דאָס ניט זאָגן, קום צו גיין מאָרגן, אַזוי וועל איך דיר דאָס זאָגן". אויף צו מאָרגנס איז רבי ברוקא ווידער צוגעגאַנגען צו דעם מענטש און זאָגט צו אים: „ליבער, אפֿשר קענסטו מיר איצט זאָגן, מיט וואָס דו פֿאַרנעמסט דיך?". — ענטפֿערט אים יענער: „איך בין אַ היטער אין אַ תּפֿיסה. אַזוי באַלד מען פֿאַרהאַלט אַ מאַנספֿאַרשוין, האַלט איך אים אָפּגעזונדערט, און אויב מען זעצט־אײַן אַ פֿרוי, האַלט איך זי אויך אָפּגעזונדערט. איך מאַך אַ מחיצה צווישן זיי, אַז זיי זאָלן, חלילה, נישט קומען צו קיין עבֿירה. האָב איך אָבער אַ ייִדישע פֿרוי צווישן מײַנע געפֿאַנגענע, אַזוי גיב איך אַכטונג, צי די שומרים האָבן נישט געוואָרפֿן אויף איר אַן אויג און זײַנען אויסן מיט איר, חס ושלום, צו זינדיקן. דעמאָלט שטעל איך ממש אײַן מײַן לעבן, כּדי זי צו באַשיצן. האָט זיך טאַקע געטראָפֿן אַ מאָל, אַז מען האָט בײַ מיר אין תּפֿיסה אײַנגעזעצט אַ שיין ייִדיש מיידל, וואָס איז שוין געווען פֿאַרקנסט, אָבער נאָך נישט געהאַט גענומען קיין חופּה און קידושין. האָבן די שומרים זי געהאַט בדעה מאַנס צו זײַן. וואָס טו איך? בין איך געפֿאַלן אויף אַ המצאה: האָב אַרויסגענומען הייוון פֿון אַ ווײַנפֿאַס און מיט דעם באַשמירט דעם זוים פֿון איר קלייד. האָט דאָס ממש אַזוי אויסגעזען ווי זי וואָלט געווען אַ נידה. זאָג איך צו די שומרים: „באמונות, זײַט געוואָרנט, רירט זיך נישט צו צו איר, מחמת זי האָט גראָד איר צײַט און דאָס קען ברענגען אויסזעציקייט. האָבן זיי מיך געפֿאָלגט און זי אָפּגעלאָזט".

פֿרעגט אים דערויף רבי ברוקא: „ווי קומט דאָס, וואָס דו טראָגסט שוואַרצע שיך, נישט נאָכן ייִדישן שטייגער, און האָסט נישט קיין ציצית אויף דײַנע קליידער?". — ענטפֿערט אים יענער:

„איך וויל דיר דאָס זאָגן גאַנץ פשוט פֿאַר וואָס. איך בין אַ יוצא־ונכנס אינעם קיניגס פּאַלאַץ, מאַך איך אַזוי, מען זאָל מיך נישט דערקענען, אַז איך בין אַ ייִד. ווען איך הער, אַז דאָס מלכות וויל גוזר זײַן אַ שלעכטע גזירה, חס ושלום, אויף ייִדן, טאָ לויף איך תּיכף אַוועק צו די תּלמידי־חכמים און זאָג זיי, אַז זיי זאָלן תּפֿילה טאָן און אָפּשרײַען די גזירה. איך וויל דיר אויך דערקלערן די סיבה, פֿאַר וואָס איך האָב דיר שוין נישט געזאָגט דעם ערשטן טאָג. וואָס עס איז מײַן אומנות. פּונקט דעם טאָג האָט געזאָלט אַרויס אַ גזירה אויף ייִדן, האָב איך מיר געטראַכט, איך וויל אַזוי גיך ווי איך קען גיין און דאָס אָנזאָגן די תּלמידי־חכמים, כּדי זיי זאָלן מתפּלל זײַן און מבֿטל מאַכן די גזירה. איך וואָלט דיר נאָך געקענט אַ סך דער־ציילן וואָס איך טו, אָבער איצט מוז איך שוין גיין". בינו לבֿינו זײַנען אָנגעקומען צו גיין צוויי ברידער. זאָגט אליהו הנבֿיא צו רבי ברוקא: „אָט זעסטו, די צוויי זײַנען אויך אָנגעברייט אויף עולם־הבא". איז רבי ברוקא צו זיי צוגעגאַנגען און בײַ זיי געפֿרעגט: „וואָס אַזוינס איז אײַער טאָן?". — ענטפֿערן זיי: „מיר זײַנען לצים. אויב מיר זעען אַ שלעכט אויפֿגעלייגטן מענטש, מאַכן מיר אים ווי־דער פֿריילעך, אַז ער זאָל פֿאַרגעסן זײַנע צרות. אויב מיר זעען, ווי צוויי לײַט קריגן זיך, מאַכן מיר צווישן זיי שלום. מיר לאָזן זיי נישט אָפּ, ביז וואַנען זיי האָבן זיך נישט איבערגעבעטן".

מ״ב מג. — תּענית, פּרק שלישי. — תענית כב, א׳. — עקסעמפּלא, ד׳ 260, נג׳ 405—406.

## 10 דער קייסער וואָס וויל זען גאָט

אַ מעשׂה. אַ מאָל האָט דער קייסער פֿון רוים געזאָגט צו רבי יהושען: „איך וואָלט וועלן זען אײַער גאָט". ענטפֿערט אים רבי יהושע: „אַדוני מלך, דו קענסט אים נישט זען". זאָגט ווידער אַ מאָל דער קייסער: „זאָל איך אַזוי געזונט זײַן, ווי דו מוזסט מיר אים

ווײַזן״. וואָס האָט רבי יהושע געטאָן? ער האָט אַרויסגעפֿירט דעם קייסער אויף אַ פֿרײַ פֿעלד. גראָד איז געווען תּמוז־צײַט און די זון האָט געברענט גאָר שטאַרק. „איצטער האַלט וואָרט — זאָגט דער קייסער צו רבי יהושען — און ווײַז מיר גאָט״. דרייט זיך אויס רבי יהושע און זאָגט צום קייסער: „קוק איצט אַרויף צום הימל, אַזוי ווײַסטו זען גאָט״. און טײַטלט דערבײַ דעם קייסער מיטן פֿינגער, אַז ער זאָל קוקן אויף דער זון. ענטפֿערט אים דער קייסער: „עס איז מיר דאָך נישט מעגלעך צו קוקן אין דער זון״. זאָגט דעמאָלט רבי יהושע צום קייסער: „מה דאָך, אַז דו קענסט ניט זען אין סאַמע מיטן טאָג איינעם פֿון די משרתים, וואָס דינען גאָט ברוך־הוא, מכּל שכּן אַז דו קענסט ניט זען גאָט ברוך־הוא אַליין״. אַז דער קייסער האָט געהערט די תּשובֿה, איז זי אים ווויל געפֿעלן און איז געווען מיט דעם צופֿרידן.

מ״ב נז. — מסכת חולין, פרק אלו טריפות. — (ב. נ״ח) חולין נ״ט, ב׳. — עקסעמפּלא, ז׳ 187, נ׳ 9.

## 11 אַ סעודה פֿאַר גאָט

אַ מעשׂה שהיה. אַ מאָל האָט דער קייסער געזאָגט צו רבי יהושען: „איך וואָלט זייער וועלן אָנגרייטן אַ סעודה כּיד המלך פֿאַר גאָט און ער זאָל עסן צוזאַמען מיט מיר״. זאָגט רבי יהושע צום קייסער: „דו פֿאַרמאָגסט גאָר נישט אַזוי פֿיל, אַז דו זאָלסט קענען אָנגרייטן פֿאַר אים אַזאַ סעודה, מחמת ער האָט זייער אַ סך משרתים״. ענטפֿערט אויף דעם דער קייסער: „נישט געזאָרגט, איך פֿאַרמאָג גענוג״. זאָגט צו אים רבי יהושע: „אויב דו ווילסט דווקא, טאָ גיי אַרויס אויף דעם גרויסן, פֿרײַען פֿעלד נעבן טײַך רביתא און לאָז דאָרטן אָנגרייטן אַ סעודה״. הקיצור, דער קייסער האָט זיך געפֿאָרעט גאַנצע זעקס חדשים זומערצײַט. ער האָט געלאָזט

אָנגרייטן פֿולע טישן מיט כּלערליי געשמאַקע מאַכלים און מעדני מלך, און געמיינט, אַז בעסער און שענער קען דאָס שוין ניט זײַן. מיט אַ מאָל איז אָנגעקומען אַ שטאַרקער ווינט און אַלצדינג אַראָפּ־געווייעט פֿון די טישן אין טײַך אַרײַן. איז דער קייסער ווידער אַוועק און זיך געפּאָרעט ווינטערצײַט גאַנצע זעקס חדשים. ער האָט אָנגעגרייט ווידער אַ מאָל פֿון כּל־טוב, פֿון שענסטן און בעסטן, און דאָס אַוועקגעשטעלט אויף אַ סך טישן. מיט אַ מאָל האָט זיך געמאַכט אַ שטאַרקער רעגן, וואָס האָט אַלצדינג אָפּגעשווענקט פֿון די טישן און אַוועקגעטראָגן אין טײַך אַרײַן. דעמאָלט זאָגט דער קייסער צו רבי יהושען: „ווי זאָל איך דאָס פֿאַרשטיין? איך האָב דאָך נישט געזשאַלעוועט קיין מי און צוגעגרייט אַ סעודה פֿון אַל דאָס גוטס. צום סוף קומט קיינער נישט צום עסן און פֿאָרט ווערט אַלץ נעלם". ענטפֿערט אים רבי יהושע: „דאָס זײַנען געווען די דינערס פֿון גאָט ברוך־הוא; זיי האָבן דאָס אַלץ אויפֿגעגעסן". אויף דעם ענטפֿערט דער קייסער: „אויב דאָס איז טאַקע אַזוי, טאָ זײַנען אַלע מײַנע צוגרייטונגען אומזיסט". מהיום והלאָה האָט ער שוין נישט מער געטראַכט וועגן דעם צו מאַכן אַ סעודה פֿאַר גאָט.

מ״ב נ״ח (ב. נ״ט) — מסכת חולין, פרק אלו טריפות. — חולין ס, א׳. — עקסעמפּלאַ, ז׳ 187, ג׳ 8.

## 12 דער טעם פון שבת

אַ מעשׂה. אַ מאָל האָט געפֿרעגט דעם קייסערס טאָכטער רבי יהושע בן חנניה: „זאָג מיר, פֿאַר וואָס שמעקט דאָס שבתדיקע מאַכל, וואָס איר קאָכט, בעסער ווי די מאַכלים, וואָס איר קאָכט אַ גאַנץ יאָר?". — ענטפֿערט איר רבי יהושע בן חנניה: „דאָס איז דערפֿאַר, וואָס מיר האָבן אַזאַ סאָרט געווירץ, וואָס מיר טוען אַרײַן אין דעם שבתדיקן געקעכטס, אַז עס שמעקט אַזוי גוט". זאָגט אַ מאָל צו אים דער קייסער: „גיט מיר אויך אַ ביסל פֿון אָט דעם געווירץ". ענט־

פֿערט אים רבי יהושע: „נאָר ווער עס האַלט שבת, דעם שמעקט דאָס געקעכטס. אָבער ווער עס האַלט ניט שבת, דער קען גאָר נישט האָבן דעם אמתן טעם פֿונעם שבתדיקן מאַכל. עס וועט דיר דערי־בער גאָר נישט ניצן, אויב איך וועל דיר שוין יאָ געבן עפּעס פֿון אָט דעם געווירץ". מיט דעם האָט רבי יהושע מדחה געווען דעם קייסער.

דערפֿאַר זאָל מען דעם שבת בכבֿוד האַלטן מיט עסן, מחמת עס שמעקט טאַקע זייער גוט.

מ"ב רמ"ב. — כפתור ופרח מ"ד, א'. — די מעשה איז נישט פֿאַראַן אין די שפּעטערדיקע אויסגאַבעס פון מ"ב און דערפֿאַר אויך נישט אין גאַס־טערס איבערזעצונג. ב. האָט איבערגענומען די ווערסיע פון כפתור ופרח.

## 13 דער עושר און דער אָרעמאַן פֿאַרן בית־דין של מעלה

אַ מעשׂה. עס האָבן געלערנט די חכמים, אַז ווען עס וועלן קו־מען אויף יענער וועלט אַן עושר און אַן אָרעמאַן פֿאַרן בית־דין של מעלה, וועט מען זאָגן צום אָרעמאַן: „זאָג, פֿאַר וואָס האָסטו נישט עוסק געווען אין דער תּורה אויף דער וועלט, ווי דו האָסט גע־לעבט?" — וועט דער אָרעמאַן ענטפֿערן: „ליבער האַר פֿון דער וועלט, אַלע טעג פֿון מײַן לעבן האָבן מיך כּסדר געפּלאָגט מײַן גרוי־סע אָרעמקייט און די שווערע דאַגות־פּרנסה, וואָס איך האָב געהאַט, אַזוי אַז איך האָב דערפֿאַר נישט געקענט לערנען קיין תּורה". וועט מען אים ענטפֿערן דערויף: „ביסטו אפֿשר געווען אָרעמער פֿאַר הללן?" — האָט מען דאָך דערציילט פֿונעם אַלטן הלל, אַז ער האָט פֿאַרדינט אַ טאָג אַ גילדן, האָט ער אַ העלפֿט דערפֿון אַוועקגעגעבן דעם שומר פֿון בית־המדרש און פֿאַר דער אַנדער העלפֿט האָט ער זיך און זײַן בני־בית מפֿרנס געווען, און פֿאָרט עוסק געווען אין תּורה, מאַכט זיך אַ מאָל, אַז ער האָט גאָר נישט פֿאַרדינט, און דעם

טאָג האָט אים דער שמשׂ נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן אין בית־המדרש, וואָרן ער האָט נישט געהאַט קיין פּרוטה אים צו געבן און, כּידוע, יעדער איינער, וואָס האָט געוואָלט אַרײַנגיין אין בית־המדרש, האָט אים דערפֿאַר געמוזט געבן זײַן חלק. וואָס טוט הלל? ער גייט־אַרויף אויפֿן דאַך פֿונעם בית־המדרש און לייגט זיך אַוועק אויף איינעם פֿון די דאַכפֿענצטער, כּדי ער זאָל קענען הערן תּורה פֿון מויל פֿון שמעיה און אַבֿטליון. עס איז גראָד דעמאָלט געווען אַן ערבֿ־שבת, וואָס איז אויסגעפֿאַלן אין דער קאַלטער תּקופֿה פֿון חודש טבֿת, און אַ געדיכטער שניי איז כּסדר געפֿאַלן און אים אין גאַנצן צוגעדעקט. אַז עס האָט גענומען טאָגן, זאָגט שמעיה צו אַבֿטליון: „מײַן ליבער ברודער, וואָס איז דאָס הײַנט די מעשׂה, יעדן פֿרי־מאָרגן איז אין הויז זייער העל און הײַנט עפּעס אַזוי מאָדנע פֿינצ־טער? איז אפֿשר דער הימל נאָך אַזוי שטאַרק פֿאַרוואָלקנט?" — זיי האָבן אַרויפֿגעקוקט צום דאַך און האָבן דאָרט דערזען די געשטאַלט פֿון אַ מענטש ליגן איבערן דאַכפֿענצטער. זײַנען זיי גיך אַרויף אויפֿן דאַך און דאָרט געפֿונען דעם אַלטן הלל און אויף אים איז געלעגן אַ שניי דרײַ איילן הויך. האָבן זיי אַראָפּגעטרייסלט פֿון אים דעם שניי און אים אַרײַנגעזעצט אין אַ וואַרעם באָד, אים אויסגע־שמירט מיט זאַלבן און אַוועקגעזעצט בײַ אַ פֿײַער. האָבן די מענטשן דעמאָלט געזאָגט, אַז הלל איז כּדאַי געווען, אַז מען זאָל צוליב אים אַפֿילו מחלל שבת זײַן. נמצא, אַז אויף אַזאַ אופֿן האָט שוין דער אָרעמאַן נישט מער געהאַט קיין תּירוץ פֿאַרן בית־דין של מעלה, פֿאַר וואָס ער האָט נישט געקענט לערנען קיין תּורה. אַפֿילו ווען איינער איז שוין טאַקע זייער אָרעם, איז ער פֿון דעסט וועגן מחויבֿ עוסק צו זײַן אין דער תּורה.

דערנאָך נעמט מען זיך אויף יענער וועלט צום עושר. מען זאָגט צו אים: „האַר, פֿאַר וואָס האָסטו נישט עוסק געווען אין דער תּורה?" — ענטפֿערט דער עושר: „וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? איך האָב געהאַט אַ גרויס עשירות און בין, על־כּן, געווען כּסדר פֿאַרנומען מיט מײַנע גרויסע עסקים און פּשוט נישט געהאַט ווען צו לערנען

תּורה״. זאָגט מען צו אים: „דו ביסט דאָך נישט געווען רײַכער פֿון אלעזר בן חרסום?״ — אָט דערציילט מען, אַז זײַן פֿאָטער האָט אים נאָך זײַן טויט איבערגעלאָזט טויזנט שטעט אויף דער יבשה און צו דעם נאָך טויזנט שיפֿן אויפֿן ים. אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעם האָט ער זיך אויפֿגעלאָדן יעדן טאָג אַ שווערע משׂא אויף זײַנע פּלייצעס און אַזוי געגאַנגען פֿון איין מקום צום אַנדערן, תּמיד עוסק זײַענדיק אין דער תּורה. איין מאָל האָט אים געטראָפֿן איינער פֿון זײַנע קנעכט, וואָס האָט אים נישט דערקענט, און זאָגט צו רבי אלעזרן: „הײַנט וואָלטסטו שוין באמת געמעגט טאָן אַ טאָג אַרבעט פֿאַר דײַן האַר רבי אלעזר״. זאָגט ער צו אים: „איך בעט דיך, לאָמיך אָפּ. איך מוז גיין לערנען תּורה״. זאָגט דער קנעכט צו אים: „איך שווער בײַ דעם לעבן פֿון רבי אלעזר בן חרסום, אַז איך וועל דיך נישט אָפּלאָזן״. רבי אלעזר האָט זיך מיט אים נישט גע־קענט געבן קיין אַנדער עצה, האָט ער גענומען אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט בײַ זיך, און אים דאָס אַוועקגעגעבן, אַז ער זאָל אים למען השם לאָזן גיין לערנען תּורה. ער האָט זיך אָבער נישט געוואָלט געבן צו דערקענען, אַז ער איז רבי אלעזר בן חרסום, מחמת ער האָט געוואָלט אָן אַ שטער ווײַטער לערנען. און אַזוי האָט ער אַלע טעג פֿון זײַן לעבן נישט געזען די גיטער פֿון זײַן פֿאָטער, די שטעט און די שיפֿן, נאָר מקדיש געווען זײַן צײַט צו לערנען תּורה.

צום רשע זאָגט מען אויף יענער וועלט: „דו, האַר, פֿאַר וואָס האָסטו נישט געלערנט קיין תּורה?״ — אויב ער וועט זיך וועלן פֿאַרענטפֿערן מיט דעם און זאָגן: „איך בין געווען אַ שיינער מאַנס־פּאַרשוין און דער יצר־הרע איז געווען גרויס און מיר נישט גע־לאָזט לערנען תּורה״, וועט מען אים ענטפֿערן דערויף: „זע נאָר, האָסטו געהאַט אַ גרעסערן יצר־הרע פֿון יוסף הצדיק? יעדן טאָג האָט אים פּוטיפֿרעס ווײַב געשיקט פּראַכטפֿולע מלבושים, וואָס ער זאָל אָנטאָן. די קליידער, וואָס ער האָט אָנגעטאָן פֿרימאָרגנס, האָט ער שוין נישט אָנגעטאָן אין אָוונט, און די קליידער, וואָס ער האָט אָנגעטאָן אין אָוונט, האָט ער שוין נישט מער אָנגעטאָן אין דער פֿרי.

ווייסן מיר דאָך, אַז שיינע מלבושים צערייצן די תּאַווה און פֿירן צו זינד. האָט זי צו אים געזאָגט: „הער צו מיר און ליג בײַ מיר". האָט ער איר געענטפֿערט: „גייך, איך וויל ניט זינדיקן מיט דיר". רעדט זי ווײַטער אים אָן און זאָגט: „ליג בײַ מיר, אַנישט וועל איך דיך לאָזן אײַנזעצן אין תּפֿיסה". ענטפֿערט איר יוסף מיטן פּסוק „ה׳ מתּיר אַסורים" (תּהילים קמ״ו, ז׳), וואָס איז דער טײַטש, גאָט בינדט־אויף די געפֿאַנגענע. זאָגט זי ווידער צו אים: „איך וועל לאָזן נידעריק מאַכן דײַן הויך". ענטפֿערט ער איר: „ה׳ זוקף כּפֿופֿים" (דאָרט, ח), וואָס הייסט, גאָט שטעלט־אויף די אײַנגעבויגענע". זאָגט זי ווידער אַ מאָל צו אים: „איך וועל לאָזן אויסשטעכן דײַנע אויגן". ענטפֿערט איר יוסף: „ה׳ פּוקח עורים" (דאָרט), וואָס איז דער טײַטש, גאָט ברוך־הוא עפֿנט די אויגן פֿון די בלינדע. דערפֿאַר וויל איך נישט מיט דיר זינדיקן און גאָט ברוך־הוא וועט מיר בײַשטיין. האָט זי אים דעמאָלט געגעבן טויזנט צענטער זילבער, ער זאָל איר צו ליב טאָן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט הערן דערפֿון, ווי עס שטייט טאַקע אין פּסוק „ולא שמע אליה לשכּב אצלה" (בראשית ל״ט, י), וואָס איז דער טײַטש, ער האָט נישט געוואָלט הערן צו איר, צו ליגן בײַ איר. הקיצור, אויך דער רשע האָט נישט קיין תּירוץ, פֿאַר וואָס ער האָט נישט געקענט גובֿר זײַן זײַן יצר־הרע און לערנען תּורה. אַזוי אַרום געפֿינען מיר, אַז דער אַלטער הלל איז מחייבֿ די אָרעמע לײַט, רבי אלעזר בן חרסום — די עשירים און יוסף הצדיק — די רשעים. דעריבער זאָל יעדער איינער אין דער תּורה געוואָרנט זײַן, אַזוי וועט ער נישט קומען אין גיהנום אַרײַן.

מ״ב ס״ד (ב. ס״ה). — מסכת יומא, פּרק שלישי. — יומא ל״ה, ב. — אָבות דר׳ נתן, קאַפּ׳ ט״ז. — עקסעמפּלאַ ז׳ 203, נ׳ 91. — אין פֿאַרגלײַך מיטן טעקסט פֿון תּלמוד האָט אונדזער מעשה אַ ריי פֿאָלקסטימלעכע הוספות.

## 14 רבי עקיבא און זיין געטרייע פרוי

אַ מעשׂה מיט רבי עקיבֿאַ. אײדער רבי עקיבֿאַ איז געוואָרן דער גדול בישׂראל איז ער געווען אַ פּאַסטעך און געפּאַשעט די שאָף פֿון דעם עושר כּלבא שׂבֿוע פֿון ירושלים. דער עושר האָט געהאַט גאָר אַ געראָטענע און שײנע טאָכטער. אַז זי האָט געזען, ווי צניעותדיק דער פּאַסטעך איז און אָפּגעהיט אין זײַנע מעשׂים, זאָגט זי אײן מאָל צו אים: „אויב איך וועל מיך לאָזן פֿון דיר מקדש זײַן, וועסטו מיר צוזאָגן אַוועקצוגײן לערנען תּורה?" — ענטפֿערט ער איר: „יאָ, מחמת איך באַגער זײער שטאַרק צו לערנען תּורה". הכּלל, ער האָט זי מקדש געווען בסוד, אַז קײנער זאָל גאָר נישט וויסן. דערנאָך האָט ער גענומען רשות פֿון זײַן באַלעבאָס, פֿאַרלאָזט די שאָף און אַוועק לערנען תּורה. אַז כּלבא שׂבֿוע איז דערנאָך געוווּיר געוואָרן, ווי זײַן טאָכטער האָט זיך געלאָזט מקדש זײַן פֿון זײַן פּאַסטעך, האָט ער זיך שטאַרק מצער געווען, מחמת ער האָט געקענט מיט איר טאָן גאָר אַ ווױלן שידוך. ער האָט זי, על־כּן, אַרויסגעטריבן פֿון זײַן הויז און אַ נדר געטאָן, אַז זײַן טאָכטער טאָר נישט קײן הנאה האָבן פֿון זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן כּל־זמן ער וועט לעבן. אין צווישן איז דער גוטער, פֿרומער עקיבֿאַ אַוועק לערנען תּורה און פֿאַרבליבן אין דער פֿרעמד גאַנצע צוועלף יאָר. אַז ער איז דערנאָך געקומען צו־ריק אַהײם, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך צוועלף טויזנט תּלמידים. האָט גראָד אַן אַלטע פֿרוי דעמאָלט געזאָגט צו זײַן ווײַב: „זע נאָר, קרוינעניו, דו לעבסט ממש ווי אַן אַלמנה און דײַן מאַן איז ווײַט אַוועק פֿון דיר מעבֿר לים. האָסטו דאָך געהאַט אַזוי ווייניק פֿרייד מיט אים". ענטפֿערט זי איר: „אויב ער וואָלט מיך געפֿאָלגט, זאָל ער ווײַטער אַוועקבלײַבן צוועלף יאָר, אַבי ער זאָל לערנען תּורה". אַז רבי עקיבֿאַ האָט דערפֿון געהערט, זאָגט ער צו זיך: עס זעט זיך אויס, אַז זי וואָלט באמת מרוצה געווען, איך זאָל נאָך ווײַטער אַוועקגײן לערנען. און נישט לאַנג געטראַכט, האָט ער זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן, כּדי ממשיך צו זײַן מיט זײַן לערנען תּורה.

ער איז פֿאַרבליבן אויף אַן אַנדער ישיבֿה נאָך צוועלף יאָר און ערשט דערנאָך אַהיים געקומען מיט נאָך צוועלף טויזנט תּלמידים. צוזאַמען מיט די ערשטע צוועלף טויזנט האָט ער איצט געהאַט פֿיר און צוואַנציק טויזנט תּלמידים.

ווען זײַן ווײַב האָט געהערט, אַז איר מאַן קומט אַהיים, איז זי אַרויס אים מקבל פּנים צו זײַן. זאָגן צו איר די שכנים: „מיר וועלן דיר לײַען אַ פּאָר מלבושים, אַז דו זאָלסט נישט אַנטקעגן גיין דײַן מאַן אַזוי אָפּגעשליסן". ענטפֿערט זיי די פֿרוי: „יודע צדיק נפֿש בהמתּו (משלי, י״ב, י׳), איז דער טײַטש, דער צדיק קען דאָס נפֿש פֿון זײַן בהמה". זי מיינט מיט דעם צו זאָגן, אַז איר מאַן ווייס גאַנץ גוט, וואָס זי פֿילט לגבי אים, הגם זי האָט נישט אָנצוטאָן קיין שיי־נע מלבושים. בשעת זי האָט זיך דערנענטערט צו אים, האָט זי זיך אַנידערגעוואָרפֿן צו זײַנע פֿיס און געקושט. זײַנע תּלמידים געוואָלט אַוועקשטופּן. זאָגט צו זיי רבי עקיבֿא: „שטופּט זי נישט אַוועק, מחמת מײַן תּורה און אײַער תּורה קומט פֿון איר. זי איז געווען דער גורם, וואָס איך בין אַוועק לערנען תּורה". און ער דערציילט די גאַנצע מעשׂה, ווי אַזוי עס האָט אין דער אמתן פּאַסירט.

אַז איר פֿאָטער כּלבא שׂבֿוע האָט געהערט, עס איז אָנגעקומען אין שטאָט אַרײַן אַזאַ גרויסער תּלמיד־חכם, זאָגט ער: „איך וועל אַהינגיין צו אים, אפֿשר וועט ער קענען מיר מתּיר זײַן מײַן נדר". אין דער אמתן האָט ער נישט געוווּסט, אַז דאָס איז זײַן איידעם, נאָר ער האָט פּשוט רחמנות געהאַט אויף זײַן טאָכטער. הקיצור, ער איז אַרײַן צו רבי עקיבֿאן און אים דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אַ נדר געטאָן, אַז זײַן טאָכטער טאָר נישט האָבן קיין הנאה פֿון זײַן פֿאַרמעגן, מחמת זי האָט זיך געלאָזט מקדש זײַן פֿון אַ פּאַסטעך, וואָס איז נאָך דערצו געווען אַ גרויסער עם־האָרץ און דאָס האָט אים שטאַרק וויי געטאָן. אָבער איצט האָט ער חרטה און וואָלט וועלן, אַז דער חכם זאָל אים מתּיר זײַן דעם נדר. זאָגט צו אים רבי עקיבֿא: „ווי וואָלט געווען, אויב דו זאָלסט וויסן, אַז ער איז דווקא

אַ תּלמיד־חכם, וואָלטסטו דעמאָלט אויך געטאָן דעם נדר?״ — ענטפֿערט ער אים: „ליבער רבי, אַז ער וואָלט נאָר געקענט לערנען איין פּרק אָדער אַפֿילו נאָר איין הלכה, דעמאָלט וואָלט איך באַשטימט נישט געווען געטאָן קיין נדר״. זאָגט צו אים רבי עקיבֿא: „איך בין דאָס דער פֿאַסטעך, וואָס האָט געפּאַשעט דײַנע שאָף און נאָר אַ דאַנק דײַן טאָכטער בין איך אַוועק לערנען און איצט בין איך צוריקגעקומען מיט אַזוי פֿיל תּלמידים״. אַז כּלבא שׂבֿוע האָט דאָס געהערט, איז ער אַנידערגעפֿאַלן צו זײַנע פֿיס און האָט אים אַוועקגעגעבן אַ העלפֿט פֿון זײַן אייגנס.

רבי עקיבֿאס טאָכטער האָט זיך שפּעטער פּונקט אַזוי אויפֿגעפֿירט צו איר מאַן בן עזאי, ווי איר מוטער האָט געטאָן מיט רבי עקיבֿאן. אויך זי האָט זיך געלאָזט מקדש זײַן פֿון איר מאַן, בתּנאי אַז ער זאָל אַוועק לערנען תּורה, ווי דאָס ווערטל גייט: „רחילה בתר רחילה״, וואָס איז דער טײַטש, איין שעפּס גייט נאָך דעם אַנדערן, אַזוי ווי איין שעפּס טוט, אַזוי טוט אויך דער אַנדערער. אַזוי ווי עס האָט געטאָן די מאַמע, אַזוי האָט אויך געטאָן די טאָכטער.

מ״ב ס״ח (ב. ס״ט). — מסכת כתובות, פּרק אף על פּי. — כתובות, ס״ב, ב׳. — אָבות דר׳ נתן, פּרק ו׳. — עקסעמפּלאַ 217, נ׳ 148.

## 15 רבי עקיבֿא לעבט אין דחקות

אַ מעשׂה שהיה. עס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן אין דער צײַט, ווען כּלבא שׂבֿוע האָט געהערט, אַז רבי עקיבֿא האָט גענומען פֿאַר אַ ווײַב זײַן טאָכטער, האָט ער דעמאָלט געטאָן אַ נדר זי מעבֿיר נחלה צו זײַן. האָט דאָס פֿאָרפֿאָלק דעריבער געליטן גרויס נויט און אין משך פֿון אַ לאַנגן ווינטער זײַנען זיי ביידע געלעגן אויסגעבעט אויף אַ שטרוי־געלעגער, מחמת זיי זײַנען געווען אַזוי אָרעם, אַז זיי האָבן נישט פֿאַרמאָגט קיין קישן אָדער אַ מאַטראַץ. יעדן אינדערפֿרי

האָט רבי עקיבֿאס ווײַב אויסגעקעמט די שטרוי פֿון איר מאַנס האָר. זאָגט ער אַ מאָל צו איר: „אַז גאָט וועט מיר העלפֿן און איך וועל אַ מאָל קומען צו געלט, וועל איך דיר לאָזן מאַכן אַ גילדן לײַבל, וואָס וועט זײַן אויסגעניייט מיט לויטער פּערל“, פּונקט אַזוי ווי מען האָט פֿאַרצײַטנס געטראָגן אין ירושלים די שיינע, טײַערע מלבושים. אַ מאָל האָט זיך צו איר באַוויזן אליהו הנבֿיא אין דער געשטאַלט פֿון אַ פּויער און רופֿט צו איר דורך דער טיר: „איר, ליבע מענטשן, האָט גאָט אין האַרצן און גיט מיר אַ ביסל שטרוי פֿאַר מײַן ווײַב, וואָס איז אָקערשט געלעגן געוואָרן. איך בין אַזוי אָרעם, אַז איך האָב אַפֿילו נישט דאָס ביסל שטרוי אויף וואָס זי אַוועקצולייגן. שוין אָפּגערעדט דערפֿון, וואָס איך פֿאַרמאָג אַפֿילו נישט קיין קישן און נישט קיין מאַטראַץ“. דאָס האָט אליהו הנבֿיא געזאָגט בכיוון, כּדי זיי זאָלן וויסן, אַז עס זײַנען נאָך פֿאַראַן אָרעמערע מענטשן פֿאַר זיי און זאָלן נישט מהרהר זײַן אין גאָט ברוך־הוא׳ס מידות. דעמאָלט זאָגט זי צו רבי עקיבֿא: „נישקשה, גיי ווידער אַוועק לער־נען תּורה ווי אַמאָל“, אַזוי ווי איר האָט שוין געלייענט אין דער פֿריִערדיקער מעשׂה.

הכּלל, אַז ער איז ווידער געקומען אַהיים, האָט ער געפֿירט מיט זיך צוועלף טויזנט תּלמידים. גראָד האָט זי געהערט, ווי אַ געווי־סער שלעכטער מענטש זאָגט הינטער איר הויז: „איר פֿאָטער איז געווען כּשר גערעכט, וואָס ער האָט זי מעבֿיר נחלה געווען, מחמת איר מאַן שטאַמט נישט פֿון אַזאַ שיינער משפּחה ווי כּלבא שׂבֿוע. דערצו לאָזט ער זי זיצן אַ לעבעדיקע אַלמנה און איז זיך אַוועק אין דער פֿרעמד“. אַז זי האָט געהערט אָט די רייד, מאַכט זי: „עס וואָלט מיך גאָר נישט געאַרט, אויב ער וועט נאָך אַוועקבלײַבן ווײַטערדיקע צוועלף יאָר, כּדי צו לערנען תּורה“. רבי עקיבֿא האָט טאַקע אַזוי געטאָן, ווי עס שטייט אין דער מעשׂה אַפֿריִער.

מ״ב ס״ט (ב. ע.) — מסכת נדרים, פּרק הנודר מן המבושל. — נדרים, נ׳, א׳. — עקסטעמפּלאַ, ז׳ 217, נ׳ 148.

## 16 דער שלאָף פון זיבעציק יאָר

אַ מעשׂה. עס זאָגט רבי יוחנן: „אַלע טעג פֿון זײַן לעבן האָט זיך דער צדיק חוני המעגל מצער געווען איבער דעם פּסוק, וואָס שטייט אין תּהילים סימן קכ״ו, „שיר המעלות בשובֿ ה׳ את שיבֿת ציון היינו כּחולמים״, וואָס איז דער טײַטש, אַ געזאַנג אויף די שטאַפּלען. ווען גאָט וועט ווידערקערן דאָס געפֿענגעניש פֿון ציון, זײַנען מיר געווען ווי די טרוימערס. דאָס מיינט מיט דעם דער פּסוק דעם גלות פֿון בבֿל, וואָס האָט געדויערט זיבעציק יאָר, און בײַ גאָט ברוך־הוא זעט דאָס אויס ווי אַ חלום און מען וואָלט געשלאָפֿן די גאַנצע זיבעציק יאָר. דעריבער פֿרעגט דער צדיק די קשיא: געפֿינען מיר אַ מענטש, וואָס זאָל שלאָפֿן זיבעציק יאָר אָן אויפֿהער? ווי איז דאָס מעגלעך?

האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז בעת חוני המעגל איז געריטן אויף אַן אייזל איבער אַ פֿעלד, האָט ער געזען ווי אַ מאַן שטייט און פֿלאַנצט אַ באָקסערבוים. פֿרעגט אים חוני המעגל: „ליבער, זאָג מיר, ווי לאַנג נעמט עס אַזאַ בוים, וואָס דו פֿלאַנצסט איצט, ביז ער וואַקסט־אויס און טראָגט פּירות?״. — ענטפֿערט אים יענער: „עס געדויערט געוויינטלעך זיבעציק יאָר, ביז אַזאַ בוים קען טראָגן פּירות״. איז חוני המעגל פֿאַרחידושט און זאָגט צו דעם מענטש: „מײַן ליבער זון, ביסטו זיכער, אַז דו וועסט אַזוי לאַנג לעבן, כּדי צו קענען עסן פֿון דעם בוים?״. — ענטפֿערט אים יענער: „נישט דאָס, מײַן טײַערער רבי. פּונקט אַזוי ווי איך האָב געפֿונען אַ באָקסערבוים אויף דער וועלט, וואָס מײַן טאַטע האָט אַמאָל געפֿלאַנצט, אַזוי וויל איך אויך פֿלאַנצן אַ באָקסערבוים פֿאַר מײַן זון נאָך מיר״. דעמאָלט זעצט זיך חוני המעגל אַנידער און עסט פֿון זײַן ברויט. בשעת מעשׂה איז אים אָבער באַפֿאַלן אַזאַ מידקייט, אַז ער איז אײַנגעשלאָפֿן. איז געשען אַ נס און עס איז אויסגעוואַקסן אַ פֿעלדז אַרום אים, וואָס האָט אים באַהיט און קיינער האָט נישט געוווסט וווּ ער איז אַהינגעקומען. אַז ער האָט ווידער נאָך אַ לאַנגן שלאָף

אויפֿגעוואַכט, זעט ער ווי איינער שטייט און שאָקלט אַ באָקסער־
בוים, קלײַבט־אויף פֿון דער ערד די פֿרוכטן און עסט. פֿרעגט אים
חוני המעגל: „זאָג מיר, ביסטו דאָס דער מענטש, וואָס האָט גע־
פֿלאַנצט דעם בוים?״. — לאַכט יענער און זאָגט: „ניין, דאָס בין איך
נישט. איך בין יענעמס אייניקל״. טראַכט בײַ זיך חוני המעגל, אַז
ער האָט מסתּמא געמוזט האָבן געשלאָפֿן זיבעציק יאָר. בשעת ער
קוקט זיך אַרום, זעט ער אויך ווי זײַן אייזלטע האָט אין צווישן גע־
האַט גאָר אַ סך יונגע אייזלען. עס איז אַ סבֿרא, אַז די אייזלען האָבן
זיך במשך דער לאַנגער צײַט פֿאַרמערט דרײַ אָדער פֿיר מאָל אַזוי
פֿיל. נעמט חוני המעגל גיין אַהיים און זאָגט צו דעם הויזגעזינד:
„איר, ליבע לײַט, לעבט נאָך חוני המעגלס זון?״. — ענטפֿערן אים
די לײַט: „זײַן זון איז שוין לאַנג טויט, אָבער זײַן אייניקל לעבט
נאָך״. זאָגט ער צו זיי: „איך בין דאָס חוני המעגל״. האָט אים אָבער
קיינער נישט געוואָלט גלייבן און געהאַלטן, אַז ער רעדט נישט צו
דער זאַך, מחמת חוני המעגל האָט דאָך שוין געמוזט זײַן לאַנג טויט.
איז ער פֿון זיי אַוועקגעגאַנגען און איז אַרײַן אין בית־המדרש און
האַלט אַ דרשה. הערט ער, ווי די רבנים שמועסן צווישן זיך, אַז די
הלכה איז ממש אַזוי ווי מען וואָלט זי געוועזן געלערנט פֿון חוני
המעגל אין זײַן צײַט. איז ער דאָך געוועזן אַ גוטער רבי און פֿאַר־
שטאַנען צו פֿאַרענטפֿערן אַלע קשיות פֿון די שאַרפֿע לומדים אין
בית־המדרש. אַז ער האָט געהערט אָט די ווערטער, זאָגט ער צו זיי:
„איך בין דאָס דער חוני המעגל, פֿון וועם איר האָט אָקערשט וואָס
גערעדט״. האָבן אים אָבער די בחורים און בית־המדרש־זיצערס אָנ־
געקוקט ווי משוגע און אים נישט געוואָלט גלייבן, מחמת זיי זײַנען
געוועזן זיכער, אַז ער לעבט שוין לאַנג נישט. פֿון זײַן לאַנגן שלאָף
האָבן זיי טאַקע גאָר נישט געוווּסט. זיי האָבן אים אויך נישט בכּבֿוד
געהאַלטן ווי עס איז אים אָנגעשטאַנען און פֿון גרויס עגמת־נפֿש
איז ער פֿאַרשלאַפֿט. האָט ער געבעטן בײַ הקדוש ברוך־הוא, אַז ער
זאָל אים צונעמען צו זיך. נישט לאַנג דערנאָך איז ער נפֿטר געוואָרן.
אויף דעם זאָגט רבא, דאָס איז עס וואָס די וועלט זאָגט: „או חבֿרותא

או מיתותא״, וואָס מיינט, אויב חבֿרים האַלטן איינעם נישט מער בכּבֿוד ווי אַמאָל, איז שוין בעסער צו שטאַרבן.

מ״ב נ״ג, (ב. נ״ד). — מסכת תענית, פּרק שלישי. — תּענית כ״ג, א׳. — עקסעמפּלאַ, ז׳ 264, נ׳ 422. — גרינבוים, ז׳ 400. — אַ ווײַט פאַרשפּרייטער פֿאָלקלאָר־מאָטיוו פֿון אַ לאַנגן, פֿאַרכּישופֿטן שלאָף, מיט אַ סך וואַריאַנטן. שוין די אַלטע גריכן (ווי אַ שטייגער פּאַוסאַניאַס) דערציילן אַן ענלעכע מעשה פֿון עפּימענידעסן. אין דער קריסטלעכער לעגענדע האָבן מיר די באַרימטע מעשה פֿון די „זיבן שלאָפֿערס״ פֿון עפֿעסוס. — אויך דאָס דײַטשישע פֿאָלקס־מעשהלע פֿאַרמאָגט ענלעכע מאָטיוון, אַזוי למשל „דאָרן־רויזעלע״, וואָס דער־ציילט פֿון דער פֿאַרכּישופֿטער פּרינצעסין, וועלכע שלאָפֿט אַזוי לאַנג ביז עס וועקט זי אויף אַ פּרינץ און טוט־אָפּ פֿון איר דעם כּישוף.

## 17 וואָס עס שטעקט אין אַ נאָמען

אַ מעשה. אַ מאָל זײַנען געגאַנגען אונטערוועגס רבי מאיר, רבי יוסי און רבי יהודה. רבי מאיר האָט תּמיד געהאַט אַ כּלל, אַז אויב ער איז אײַנגעשטאַנען אין אַן אַכסניה און איר באַלעבאָס האָט געהאַט אַ משונהדיקן נאָמען, האָט ער בײַ זיך געטראַכט: מסתּמא טויג ער גאָר נישט און מען קען אים נישט געטרויען. אין אַזאַ פֿאַל האָט ער אים גאָר נישט געגעבן צו באַהאַלטן. אָבער ווען דער באַלעבאָס האָט געהאַט אַ שיינעם נאָמען, האָט רבי מאיר זיך געזאָגט, ער מוז זײַן אַ רעכטפֿאַרטיקער מענטש און אים געגעבן צו באַהאַלטן זײַנע חפֿצים. זײַנע צוויי חבֿרים האָבן זיך אָבער דערפֿון גאָר נישט גע־מאַכט. גראָד זײַנען זיי אָנגעקומען אין אַ פֿרײַטיק שפּעט נאָך מי־טאָג אין אַן אַכסניה און געוואָלט דאָרט האַלטן שבת. אַז זיי זײַנען שוין געווען אין דער אַכסניה, גייט רבי מאיר צו און פֿרעגט דעם באַלעבאָס, ווי ער הייסט. זאָגט ער אים: „איך הייס כּידור״. זאָגט רבי מאיר צו זײַנע צוויי חבֿרים: פֿון זײַן משונהדיקן נאָמען הער איך אַרויס, אַז ער איז אַ רשע, ווי עס שטייט אין פּסוק „כּי דור תּהפּוכות המה״ (דבֿרים ל״ב, כ), וואָס איז דער טײַטש, דאָס איז אַ

געבירט וואָס איז פֿאַרקערט". רבי יוסי און רבי יהודה האָבן זיך גאָר נישט געמאַכט דערפֿון און האָבן אַוועקגעגעבן זייערע בײַטלען מיט געלט דעם באַלעבאָס צו באַהאַלטן איבער שבת. רבי מאיר אָבער האָט אים נישט געטרויט, נײַערט ער איז אַוועק און באַגראָבן זײַן בײַטל צוקאָפּנס פֿון דעם קבֿר פֿון כּידורס פֿאָטער. בײַ נאַכט האָט זיך כּידורן געחלומט, אַז ווי באַלד ער וועט גראָבן אויף זײַן פֿאָטערס קבֿר, וועט ער דאָרט געפֿינען אַ בײַטל מיט געלט. אַזוי גיך ווי עס איז נאָר געוואָרן טאָג, איז דער ווירט געקומען צו רבי מאירן און דערציילט אים דעם חלום. זאָגט צו אים רבי מאיר: „אַ חלום, וואָס מען חלומט פֿרײַטיק־צו־נאַכטס, האָט קיין ממשות נישט". זײַן כּוונה איז געווען, אים אַרויסצושלאָגן פֿון קאָפּ די גאַנצע זאַך, אַז ער זאָל נישט גיין זוכן דעם בײַטל מיט געלט. באַלד דער־נאָך איז רבי מאיר אַוועק אויפֿן קבֿר און איז אָפּגעזעסן אַ גאַנצן שבת, כּדי עס זאָל קיינער דאָרט נישט צוקומען און צונעמען דעם בײַטל מיט געלט. מוצאי־שבת, קוים עס איז געוואָרן פֿינצטער, האָט רבי מאיר אַרויסגענומען זײַן בײַטל און איז זיך אַוועקגעגאַנגען.

זונטיק אין דער פֿרי זאָגן די צוויי אַנדערע לײַט צו כּידורן: „ליבער ווירט, גיט אונדז אָפּ די בײַטלען, וואָס מיר האָבן אײַך גע־געבן צו באַהאַלטן איבער שבת". מאַכט זיך דער ווירט נישט וויסנ־דיק און זאָגט: „איך ווייס נישט וואָס איר ווילט. איך ווייס נישט צו זאָגן פֿון קיין בײַטל, וואָס איר האָט כּלומרשט בײַ מיר איבער־געלאָזט". זאָגט צו זיי דעמאָלט רבי מאיר: „פֿאַר וואָס האָט איר נישט אַכטונג געגעבן אויף זײַן נאָמען?". — ענטפֿערן זיי אים: „פֿאַר וואָס האָסטו אונדז נישט געוואָרנט, אַז ער איז אַ רשע?". — זאָגט צו זיי רבי מאיר: „וואָס אַן אמת, איך האָב טאַקע מורא געהאַט, טאָמער איז ער אַ רשע. אָבער אויף זיכער האָב איך דאָס נישט געוווּסט".

האָבן זיך די צוויי תּלמידי־חכמים מיישבֿ געווען און, אַרויס־גייענדיק מיטן ווירט אויף דער גאַס, האָבן זיי אים פֿאַרבעטן אין אַ קרעטשמע צו טרינקען מיט זיי אַ גלאָז ווײַן, מחמת זיי האָבן גע־האָפֿט אויף אַזאַ אופֿן צו קענען אים איבערדברן מיט אַ גוט וואָרט.

זיצנדיק אַזוי מיט אים, האָבן זיי באַמערקט אויף זײַן באָרד רעשטלעך פֿון לינדזן, וואָס ער האָט געהאַט געגעסן איידער ער איז אַרויס פֿון שטוב. האָבן זיי זיך גאָר נישט וויסנדיק געמאַכט און, אַוועקגייענדיק פֿון אים, זײַנען זיי אַרײַן אין שטוב צו זײַן ווײַב און איר געזאָגט: „גיב אונדז די בײַטלען מיט געלט, וואָס מיר האָבן אַוועקגעגעבן דײַן מאַן צו באַהאַלטן איבער שבת. אַזוי האָט ער געהייסן און פֿאַר אַ וואָרטצייכן אָנגעגעבן, אַז ער האָט געגעסן לינדזן צו מיטאָג“. אַז די פֿרוי האָט געזען, זיי האָבן איר געגעבן דעם אמתן וואָרטצייכן, האָט זי אָפּגעגעבן די געלטבײַטלען. איצט, אַז זיי האָבן שוין געהאַט אָפּגענומען זייערע בײַטלען, האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן.

אַז דער מאַן איז אַהיימגעקומען פֿון גאַס, דערציילט אים די פֿרוי, ווי זי האָט אָפּגעגעבן די צוויי אירע די בײַטלען, היות זיי האָבן איר אָנגעגעבן דעם וואָרטצייכן, אַז ער האָט געגעסן לינדזן. איז ער געוואָרן שטאַרק אין כּעס, זיך אויף איר געוואָרפֿן און אַזוי לאַנג אומברחמנותדיק געשלאָגן ביז זי איז אַנידערגעפֿאַלן אַ טויטע. דאָס איז, על־כּן, געווען דער לוין, וואָס אָט די רעכטפֿאַרטיקע פֿרוי האָט צום סוף באַקומען פֿונעם רשע.

דאָס איז אויך, וואָס מיר האָבן געלערנט אין חולין פּרק כּל הבשׂר (חולין ק״ו, ע״א), אַז די נישט־אָפּגעהיטנקייט מיט דעם דין פֿון נטילת ידים (זיך וואַשן די הענט פֿאַרן עסן), האָט אַ מאָל געמאַכט אַ ייִד עסן טרפֿות און דאָס נישט אָפּהיטן דעם דין פֿון מים אַחרונים האָט גורם געווען, אַז עס איז געהרגעט געוואָרן אַ מענטש, ווי מיר האָבן דאָס אָקערשט וואָס געלייענט. אויב דער ווירט וואָלט געווען אַ נזהר צו וואַשן זײַנע הענט נאָכן עסן, וואָלט ער אויך געווען געוואַשן זײַן מויל און באָרד, און אָפּגעווישט די רעשטלעך לינדזן פֿון זײַן באָרד. דעמאָלט וואָלטן אונדזערע צוויי לײַט נישט געקאָנט אָנגעבן דעם וואָרטצייכן מיט די לינדזן און די גוטע פֿרוי וואָלט נישט געמוזט דערפֿאַר באַצאָלן מיט איר לעבן. דערפֿאַר טאַקע זאָל מען זײַן געוואָרנט זיך צו וואַשן די הענט נאָכן עסן,

*

איצט וויל איך שרײַבן מכּוח דעם ערשטן וואַסער, אויב מען וואַשט זיך נישט פֿאַרן עסן און וואָס עס איז דערפֿון אַרויסגעקו־מען, אַז אײנער האָט געגעסן חזיר, ווי איר וועט אָט דאָ הערן.

מ״ב פ״ה (ב. פ״ו). — מסכת יומא, פרק יום הכּיפּורים. — יומא, פּ״ג, ב׳. — חיבור יפה, ז׳ ס״ג. — עקסעמפּלאַ ז׳ 238, נ׳ 315. — דער וואַריאַנט פון אַ צבועק, וואָס נעמט־צו דאָס אים אָנפאַרטרויטע געלט, און ווי אַזוי די באַגנבעטע נעמען עס אָפּ אויף אַ קונציקן אופן, איז באַקאַנט אין דער אינ־טערנאַציאָנאַלער ליטעראַטור. מיר געפינען אים אויך אין אַ דערציילונג פון 1001 נאַכט און אין געסטאַ ראָמאַנאָרום, נ׳ 118.

## 18 וואַשן פֿאַרן עסן

אַ מעשׂה. עס איז אַ מאָל געווען אַ ייִדישער גאַסטווירט, וואָס האָט געהאַט אַ גאָרקיך. אַז עס זײַנען געקומען עסן ייִדישע געסט, האָט ער זיי געגעבן כּשר פֿלייש. האָט ער אָבער געהאַט גויִים זיצן בײַ זײַן טיש, אַזוי האָט ער זיי געגעבן צו עסן טריפֿות. האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז עס איז אַרײַנגעקומען אַ ייִד, וועמען ער האָט נישט דערקענט, און זעצט זיך אַוועק בײַם טיש עסן. ער האָט זיך אָבער נישט געוואַשן צום עסן, און זאָגט צום באַלעבאָס: „באַלעבאָס לעבן, גיב מיר אַ שיין שטיקל פֿלייש!“. — דער ווירט, מײנענדיק אַז ער איז אַ גוי, היות ווי ער האָט נישט געמאַכט קיין נטילת ידיִם, האָט אים דערלאַנגט אַ שטיק חזיר־פֿלייש. דער ייִד האָט זיך גאָר נישט אָנגעשטויסן און געמײנט, אַז ער עסט אַ גוט שטיקל רינד־פֿלייש, וואָס האָט אים באמת גאָר פֿײַן געשמעקט. נאָכן אָפּעסן די סעודה זאָגט ער צום ווירט: „ליבער ווירט, וויפֿל קומט אײַך?“. — זאָגט דער ווירט: „עס מאַכט־אויס אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל“. טראַכט ער זיך, אַז דאָס איז עפּעס גאָר אַ סך און זאָגט ווידער צום ווירט: „ווי קומט דאָס וואָס אַזאַ שטיקל פֿלייש איז אַזוי טײַער?“. — ענט־

פֿערט אים דער ווירט: „מײַן ליבער מאַן, חזיר־פֿלייש איז טאַקע טײַערער". זאָגט דערויף דער אורח צו אים: „אוי, גוואַלד, איך בין דאָך אַ ייִד, טאָ פֿאַר וואָס האָסטו מיר געגעבן צו עסן חזיר־פֿלייש?". — ענטפֿערט אים דער ווירט: „גאַנץ פּשוט, פֿאַר וואָס האָסטו דיך נישט געוואַשן צום עסן, ווי עס איז דער סדר פֿון אַ ייִד, אַז ער וואַשט זיך פֿאַרן עסן די הענט, אָבער די גויִים טוען דאָס נישט. דע־ריבער האָב איך געמיינט, אַז דו ביסט אַ גוי". אַזוי אַרום האָט זיך דאָס טאַקע געטראָפֿן, וואָס מען האָט אָט דעם מאַן מאַכיל טריפֿות געווען. דערפֿאַר זאָל מען זײַן אָפּגעהיט און זיך וואַשן די הענט סײַ פֿאַרן עסן און סײַ נאָכן עסן.

מ"ב פ"ו. — מסכת חולין, פרק כל הבשר. — חולין, ק"ו, א'. — **די** מעשה אין דער גמרא חולין איז דערציילט בקיצור. מער באַריכות אין מדרש תנחומא, פרשת בלק, פרק ט"ו. אַ סברא, אַז דאָס איז דער מקור פֿון אונ־דזער מעשה.

## 19 אַלצדינג צום גוטן

אַ מעשׂה שהיה. עס איז אַ מאָל געווען איינער, וואָס האָט גע־הייסן נחום איש גם זו. ער איז געווען בלינד אויף ביידע אויגן. זײַנע ביידע אָרעמס זײַנען געווען אָפּגעשניטן און ער האָט געלאָמט אויף ביידע פֿיס. דערצו איז נאָך זײַן גאַנץ לײַב געווען פֿול מיט קרעץ. און געוווינט האָט ער אין אַ הײַזקע, וואָס איז שיר נישט אײַנגעפֿאַלן. די שטאָלן פֿון זײַן בעט זײַנען געשטאַנען אין פֿיר בעקנס מיט וואַסער, אַז די מוראַשקעס זאָלן נישט קענען צוקומען נאָענט צו אים, אַנישט וואָלטן זיי אים גאָר שטאַרק געביסן, מחמת ער האָט זיי נישט געקענט אָפּיאָגן פֿון זיך. אַ מאָל האָבן זײַנע תּלמידים אים געוואָלט אַרויסטראָגן מיט זײַן בעט און דערנאָך אַרויסרוימען די איבעריקע שטוב־כּלים, מחמת זיי האָבן מורא גע־האַט, טאָמער וועט דאָס הויז אײַנפֿאַלן. זאָגט צו זיי נחום: „מײַנע

ליבע קינדער, רוימט צו ערשט אַרויס די כּלים און טראָגט דערנאָך מיך אַרויס, מחמת איר מעגט זיכער זײַן, אַז כּל־זמן איך בין אינעם הויז וועט עס נישט אײַנפֿאַלן״. האָבן זיי אַזוי געטאָן. זיי זײַנען אַרײַן אין הויז און אַרויסגערוימט אַלע שטובזאַכן און דערנאָך אים מיט זײַן בעט אַרויסגעטראָגן פֿון דאָרט. אַזוי באַלד ווי זיי האָבן געהאַט אים אַרויסגעטראָגן מיטן בעט, איז דאָס הויז אײַנגעפֿאַלן. פֿרעגן אים דערויף זײַנע תּלמידים: „ליבער רבי, אויב איר זײַט באמת אַזאַ גרויסער צדיק, טאָ פֿאַר וואָס האָט מען אײַך פֿון הימל אַזוי מעניש געוועזן און איר מוזט נאָך דערצו לעבן אין אַזאַ דחקות?״. — ענטפֿערט זיי נחום: „ליבע קינדער, דאָס האָב איך מיר אַליין געטאָן ווינטשן, און איך וויל אײַך אַלצדינג אַקוראַט דערציילן, ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען. עס איז געווען גראָד די צײַט, ווען איך האָב געוואָלט אַהיים צו מײַן שווער. איך האָב מיט זיך מיטגענומען דרײַ אייזלען אָנגעלאָדן מיט כּל־טוב. איין אייזל איז געווען באַלאָדן מיט כּל המינים גוטע מאַכלים, דער אַנדערער מיט די בעסטע געטראַנקען און דער דריטער מיט כּלערליי גוטע און זיסע פּירות. אונטערוועגס איז צו מיר צוגעקומען אַן אָרעמאַן און זאָגט צו מיר: „ליבער רבי, גיט מיר עפּעס צו עסן, איך גיי־אויס פֿון הונגער״. זאָג איך צו אים: „ליבער מאַן, וואַרט־אונטער אַ ווײַלעטשקע ביז איך וועל אויסלאָדן די אייזלען״, און איך האָב מיך תּיכּף גענומען אָפּצולאָדן די משׂא. אָבער בינו לבינו, ביז איך האָב באַוויזן עפּעס צו טאָן, איז אים די נשמה אויסגעגאַנגען אין מיטן וועג. אַז איך האָב דאָס דערזען, בין איך אַנידערגעפֿאַלן צו זײַנע פֿיס און בעטנדיק מחילה בײַ אים געזאָגט: „די אויגן, וואָס האָבן זיך נישט דערבאַרעמט אויף דײַנע אויגן, זאָלן ווערן בלינד. די הענט, וואָס האָבן זיך נישט געשווינד גענוג דערבאַרעמט אויף דײַנע הענט, זיי זאָלן ווערן אָפּגעהאַקט. און די פֿיס, וואָס האָבן זיך נישנט דערבאַרעמט אויף דײַנע פֿיס, זיי זאָלן ווערן לאָם. האָב איך מיך אַלץ נאָך נישט געהאַט באַרויִקט, ביז איך האָב אויסגעפֿונען: „מײַן גאַנץ לײַב זאָל ווערן פֿול מיט גרינד און קרעץ״. זאָגן דע־

מאָלט צו אים זײַנע תּלמידים: „ווײ איז אונדז, ליבער רבי, אַז מיר זעען דיך אין אַזאַ מעמד". זאָגט ער צו זײ: „אַדרבא, עס וואָלט מיר געווען מער ווײ, ווען איר זאָלט מיך נישט זען אין אַזאַ מעמד, מחמת איך פֿאַרהאָף צו גאָט ברוך־הוא, אַז ער וועט מיר מוחל זײַן די עבֿירה בשעת איך לײַד אַזוי פֿיל יסורים אויף דער וועלט".

אָבער פֿאַר וואָס האָט מען אים גערופֿן נחום איש גם זו? ווײַל אויף אַלץ וואָס עס האָט זיך מיט אים געטראָפֿן, גוטס צי חלילה שלעכטס, האָט ער תּמיד געזאָגט „גם זו לטובֿה", דאָס איז דער טײַטש, אויך דאָס האָט גאָט ברוך־הוא געטאָן צום גוטן.

עס האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז די ייִדן האָבן געוואָלט שיקן דעם קייסער אַ שײנע מתּנה, האָבן זײ זיך מיישבֿ געווען, ווען זײ זאָלן שיקן צום קייסער, וואָס וועט צום בעסטן פּועלן מיט זײַן שליחות. האָבן זײ באַשלאָסן, אַז מען זאָל שיקן מיט דער מתּנה נחום איש גם זו, וואָס אים האָבן זיך תּמיד געטראָפֿן ניסים אונטערוועגס. הכּלל, זײ האָבן מיט אים געשיקט אַ קעסטל מיט אבֿנים טובֿות און פּערל, כּדי ער זאָל דאָס ברענגען דעם קייסער ווי אַ געשאַנק פֿון כּל ישׂראל. ער האָט זיך באַלד דערנאָך געלאָזט אין וועג אַרײַן און אויף דער נאַכט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ האַרבעריק. זײַנען דאָרט געווען אַ פּאָר לאָבוסעס, וואָס זײַנען אויפֿגעשטאַנען אין מיטן נאַכט, האָבן אַרויסגעגנבֿעט אַלצדינג פֿון קעסטל און עס אָנגעפֿולט מיט ערד, כּדי ער זאָל זיך נישט כאַפּן, אַז עס איז ליידיק. אַז נחום איש גם זו איז אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי און האָט אַרײַנגעקוקט אינעם קעסטל, האָט ער דערזען דעם בראָך. ער האָט אָבער דאָס מקבל באַהבֿה געווען און זאָגט ווידער אַ מאָל: גם זו לטובֿה, זאָל דאָס זײַן צום גוטן, און זיך געלאָזט ווײַטער אין וועג אַרײַן. ער האָט זיך גאָר נישט גענומען צום האַרצן און, אַרײַנקומענדיק צום קייסער, האָט ער אים איבערגעגעבן דאָס קעסטל אַזוי ווי עס שטייט און גייט, זאָגנדיק צו אים: „אַדוני מלך! דאָס האָבן דיר די ייִדן געשיקט ווי אַ געשאַנק און מיר בעטן דיך דאָס פֿאַר ליב צו נעמען". האָט דאָך דער קייסער גאַנץ גוט געוווּסט, אַז די

ייִדן פֿאַרמאָגן נישט קיין סך און זײַנען אָרעמע לײַט. דער קייסער האָט גענומען דאָס קעסטל און, בעת ער וויל עס אויפֿמאַכן, טראַכט ער זיך, ער וועט זען ווי הויך עס שאַצן אים די ייִדן. ווי ער מאַכט־אויף דאָס קעסטעלע, זעט ער, ווי עס איז דאָרט פֿאַראַן גאָר פּראָס־טע ערד. זאָגט דער קייסער: „די ייִדן מאַכן טאַקע חוזק פֿון מיר! זיי שיקן מיר פּשוטן מיסט. איך וועל זיי דערפֿאַר לאָזן אַלעמען אויסקוילען". האָט זיך באותו רגע צו אים באַוויזן אליהו הנבֿיא אין דער געשטאַלט פֿון איינעם פֿון זײַנע יועצים און זאָגט: „אַדוני קייסער, פֿאַרגיס נישט אומשולדיק בלוט! אפֿשר איז דאָס פֿון יענער ערד, וואָס זייערע אָבֿות האָבן אַמאָל באַנוצט, ווי מיר געפֿינען דאָס בײַ אַבֿרהם, זייער פֿאָטער? ווען אַבֿרהם האָט די ערד באַנוצט און ווו ער האָט זי אַנידערגעוואָרפֿן, זײַנען דאָרט אויסגעוואַקסן אײַטעלע שווערדן, מיט וואָס ער האָט באַצוווּנגען זײַנע שׂונאים. אַז ער האָט געוואָרפֿן די ערד אויף זײַנע פֿײַנד, זײַנען דערפֿון געוואָרן לויטער פֿײַלן, אַזוי ווי עס שטייט אין פּסוק: „יתן כעפֿר חרבו, כקש נדף קשתּו" (ישעיה מ"א, ב), וואָס איז דער טײַטש, ער מאַכט זײַן ערד ווי שווערדן, ווי שטרוי זײַן בויגן. ווער ווייסט, אפֿשר איז דאָס טאַקע פֿון אָט יענער ערד, וואָס מיט דעם קען מען באַצווינגען אַ שׂונא". גראָד האָט זיך דעמאָלט געהאַט געטראָפֿן, אַז אַ מדינה האָט מורד געווען אין קייסער. טראַכט זיך דער קייסער: אפֿשר וואָלט געווען אַ סבֿרא, אַז איך זאָל מיט אָט דער ערד טאַקע פּרוּוון בײַצוקומען די מורדים אין דער מדינה. הקיצור, ער איז תּיכּף אַרויס אין מלחמה קעגן יענער שטאָט. ער האָט גענומען פֿון דער ערד און אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער שטאָט, זײַנען דערפֿון אויסגעוואַקסן לויטער שווערדן, און אויף אַזאַ אופֿן האָט ער אײַנ־גענומען די שטאָט. דערנאָך האָט ער גענומען פֿון דער איבעריק געבליבענער ערד און זי אַוועקגעלייגט אין זײַן מלוכה־אוצר. דער־פֿאַר האָט ער געהייסן, אַז מען זאָל נחומען, דעם שליח פֿון די ייִדן, אָפּגילטן און אָנפֿולן דאָס קעסטל מיט לויטער אבֿנים טובֿות

און פערל פֿונעם קייסערס אוצר. האָט מען אַזוי געטאָן און אים אָפּגעשיקט אַהיים מיט גרויס כּבֿוד און אַכפּערונג.

אויפֿן וועג אַהיים האָט זיך נחום איש גם זו ווידער אַ מאָל אָפּגעשטעלט אין דעם זעלביקן האַרבעריק, ווו די ווײַסע חבֿרה־ני־קעס האָבן אים געהאַט באַגנבֿעט. חידושן זיי זיך און פֿרעגן אים: „ליבער, וואָס אַזוינס האָסטו געבראַכט דעם קייסער פֿאַר אַ מתּנה, אַז ער האָט דיך אָפּגעשיקט אַהיים מיט אַזוי פֿיל כּבֿוד?“ זאָגט ער זיי: „איך האָב אַוועקגעשענקט דעם קייסער דאָס, וואָס איך האָב אַוועקגעפֿירט פֿון דאַנען, און דערפֿאַר האָט מען מיר אָנגעטאָן אַזוי פֿיל כּבֿוד“. אַז די חבֿרה גנבֿים האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי גענומען גראָבן אַרום דעם הויז אַזוי פֿיל ערד, וויפֿל עס האָט זיך נאָר געלאָזט און דאָס מיט אַ סך פּאַראַד אַוועקגעפֿירט צום קייסער. אָנקומענדיק צום קייסער, זאָגן זיי גוטברודעריש צו אים: „אַדוני קייסער, מיר ברענגען דיר פֿון דער זעלביקער ערד, וואָס דער ייִד האָט דיר געבראַכט. האָט ער דאָך די ערד גענומען פֿון אונדז“. נעמט דער קייסער זיך אויספּרובירן די ערד און עס שטעלט זיך אַרויס, אַז זי איז ממש ווי יעדע אַנדערע ערד. דערויף האָט זיי דער קייסער געלאָזט טויטן און פֿאַר די ייִדן איז עס אויסגעפֿאַלן זייער גוט. זאָל עס אונדז נאָך אַ סך בעסער דערגיין צו אַלע צײַטן.

מ״ב צ״ד. — (ב. צ״ה). — מסכת תענית, פּרק שלישי. — תענית, נ״א, א׳. — עקסעמפּלאַ, ז׳ 190, נ׳ 25 און ז׳ 205, נ׳ 102. — דער מאָטיוו פֿון מקבל זײַן אַלצדינג באַהבה איז אַ ייִדישער. וואַריאַנטן זײַנען אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור באַקאַנט. גנבֿים גנבֿענען־אַרויס פֿונעם קעסטעלע די אבנים טובות און לייגן דאָרטן אַרײַן פּראָסטע ערד. אַן ענלעכן מאָטיוו געפֿינען מיר אין דער אינדישער מעשה, פּאַנטשאַטאַנטראַ, 407—408, 1. דער קלוגער שליח פֿאַרשטייט ווי זיך אַרויסצודרייען פֿון דער סכּנה. אין אונדזער מעשה איז דאָס אָבער אַ נס מן השמים. פֿאַרן קייסער און זײַנע יועצים באַווײַזט זיך מיט אַ מאָל אליהו הנבֿיא, אין דער געשטאַלט פֿון אַ יועץ, וואָס הייסט אויס־פּרוּוון די ערד פֿונעם קעסטעלע אין דער מלחמה. מיט דער ערד באַזיגט דער קייסער זײַנע שונאים.

## 20 אונקלוס איז זיך מגייר

אַ מעשׂה. עס האָט אַ מאָל פּאַסירט מיט איינעם, וואָס האָט געהייסן אונקלוס דער גר און געווען איז ער אַ שוועסטערן־זון פֿון קייסער אַדריאַנוס. אויף אים איז געזאָגט געוואָרן דער פסוק „מגיד דבֿריו ליעקבֿ, חוקיו ומשפטיו לישׂראל לא עשׂה כן לכל גוי״ (תּהילים קמ״ז, י״ט־כ), דאָס איז דער טײַטש, ער זאָגט זײַנע ווערטער צו יעקבֿ, זײַנע רעכט און געזעצן צו ישׂראל. ער האָט אַזוי נישט געטאָן צו קיין פֿאָלק. וואָס דער פסוק וויל אונדז לאָזן מיט דעם הערן, וויל איך אײַך דערקלערן.

דער זעלביקער אונקלוס האָט זיך געוואָלט מגייר זײַן און תּורה לערנען. האָט ער אָבער מורא געהאַט פֿאַר זײַן פֿעטער דעם קייסער. אַ מאָל איז ער אַרײַן צום קייסער און זאָגט צו אים: „מײַן ליבער פֿעטער, איך וויל בײַ דיר עפּעס פֿרעגן. איך האָב בדעה אַוועקצוגיין אין מרחקים אײַנצוהאַנדלען סחורה און באַגלײַך אויך לערנען אַן אומנות. אַגבֿ, וויל איך מיך אויך אַרומקוקן אין דער וועלט און זען פֿון וואָס מענטשן מאַכן אַ לעבן. איך זיץ די גאַנצע צײַט אין דער היים ווי אַ היימיש קעלבל און ווייס פּשוט נישט וואָס עס טוט זיך דרויסן אין דער וועלט״. זאָגט צו אים דער קייסער: „וואָס ווילסטו טאָן? ווילסטו ווערן אַ סוחר און מאַכן געלט, אויב אַזוי בלײַב ליבערשט אין דער היים. איך וועל דיר געבן אַלע מײַנע אוצרות, אַז דו זאָלסט האָבן גענוג געלט; דערצו דאַרפֿסטו נישט מאַכן קיין נסיעות אין דער פֿרעמד״. דערויף ענטפֿערט ער אים: „ליבער פֿעטער, איך וויל פֿאָרט אַרויספֿאָרן אײַנהאַנדלען סחורה, אָבער איך באַגער דײַן עצה, ווי אַזוי איך זאָל אָנגיין מיטן משׂא־ומתּן, וואָס יאָ אײַנצוקויפֿן און וואָס נישט״. זאָגט אים דער קייסער: „אויב דו ווילסט דווקא אַרויספֿאָרן אײַנהאַנדלען סחורה, אַזוי איז מײַן עצה צו דיר, קוק דיך גוט אַרום און זע, וואָס פֿאַר אַ סחורה איז בזיל־הזול, אַז עס קוקט זיך קיינער אויף איר נישט

אום, אַט די סחורה קויף, מחמת עס וועט קומען אַ צײַט, ווען זי וועט אַרויפֿגיין אין פּרײַז און דו קענסט מאַכן אַ סך ריווח".

הקיצור, ער איז באַלד דערנאָך אַוועקגעפֿאָרן פֿון דער היים און אָנגעקומען אין ארץ־ישׂראל לערנען תּורה. אַ מאָל האָבן אים געזען רבי אליעזר און רבי יהושע. זאָגט איינער צום אַנדערן: „גיב נאָר אַ קוק אויף אונקלוסן, ווי טויט בלאַס ער זעט־אויס. ער האָט מסתּמא געלערנט אַ סך תּורה און, ווי מיר ווייסן, שוואַכט דאָס לערנען תּורה אָפּ דעם מענטש און זײַן פּנים ווערט בלייך. אַז ער איז צוגעקומען צו די צוויי רבנים, האָט ער זיי געפֿרעגט אַ סך קשיות אין לערנען און זיי האָבן אים אַלץ מתרץ געווען. דערנאָך איז ער ווידער אַהיימגעפֿאָרן צום קייסער. אַז דער קייסער האָט אים דערזען, פֿרעגט ער אים: „ליבער, זאָג מיר, פֿאַר וואָס זעסטו אויס עפּעס אַזוי שלעכט? דו האָסט מסתּמא אָנגעוווירן אַ סך געלט מיט דײַן מסחר אָדער אפֿשר האָט דיר עמעצער גאָר געטאָן אַן עוולה?". — ענטפֿערט ער אים: „ניין, חס וחלילה. ווער וועט האָבן די העזה מיר צו טאָן עפּעס שלעכטס כּל־זמן דו לעבסט? האָט דאָך יעדער אויף דער וועלט שטאַרק מורא פֿאַר דיר". האָט אים דער קייסער ווײַטער חוקר ודורש געווען, און פֿרעגט אים: „אָבער פֿאָרט, פֿאַר וואָס זעסטו אויס אַזוי שלעכט?". — ענטפֿערט ער אים: „אַדוני, איך וויל דיר זאָגן דעם גאַנצן אמת פֿאַר וואָס איך זע־אויס אַזוי שלעכט. איך האָב עוסק געווען אין דער תּורה און מיך דערצו נאָך מגייר געווען". פֿרעגט אים דער קייסער פֿאַר חידושט: „ווער האָט דיר דאָס געהייסן טאָן?" — ענטפֿערט אים אונקלוס ווידער: „איך האָב מיך דאָך מיט דיר אַ מאָל שואל עצה געווען און דו האָסט מיר אַט די עצה געגעבן". פֿרעגט אים דער קייסער: „ווען האָב איך דיר דאָס געגעבן אַזאַ עצה?". — ענטפֿערט אים אונקלוס: „עס איז געווען בשעת איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך וויל אַרויספֿאָרן אין דער וועלט אײַנהאַנדלען סחורה. דעמאָלט האָסטו מיר געראָטן, אַז איך זאָל אײַנקויפֿן דווקא די סחורה, וואָס שטייט אויפֿן מאַרק בשפֿל המצבֿ און קיינער רירט זיך נישט צו

איר צו, היות ווי עס וועט אַ מאָל קומען אַ צײַט, ווען דער פּרײַז פֿון דער סחורה וועט אַרויפֿגיין און איך וועל קענען גוט פֿאַרדינען. איך בין, על־כּן, אויסגעגאַנגען די גאַנצע וועלט און האָב אין ערגעץ נישט געטראָפֿן קיין אומה, וואָס זאָל זיך געפֿינען אין אַ גרעסערן שפּלדיקן מצבֿ ווי דאָס ייִדישע פֿאָלק. אָבער אָט דאָס פֿאָלק וועט שפּעטער אַ מאָל ווערן אַ גרויסער חשובֿ אין דער וועלט, ווי מיר געפֿינען דאָס בײַ ישעיהן (ישעיה מ״ט, ז׳): „צו דעם פֿאַראַכטן פֿון מענטשן, צו דעם פֿאַראומווירדיקטן פֿון פֿעלקער, צו דעם קנעכט פֿון געוועלטיקערס, מלכים וועלן זען און וועלן אויפֿשטיין, שׂררות וועלן זיך בוקן״. דערפֿאַר האָב איך אײַנגעקויפֿט אָט די סחורה, וואָס איז איצט אַזוי וואָלוול, אָבער וואָס וועט אַ מאָל ווידער שטאַרק אַרויפֿגיין אין מקח. איך האָב אין דער אמתן אַזוי געטאָן ווי דו האָסט מיר געראָטן״. מאַכט צו אים דער קייסער: „פֿון דעסט וועגן, צו וואָס האָסטו דיך געלאָזט מגייר זײַן?״. — ענטפֿערט ער אים: „מחמת איך האָב באַגערט צו לערנען תּורה״. זאָגט צו אים דער קייסער ווידער אַ מאָל: „האָסטו דאָך געהאַט די ברירה צו לערנען תּורה און דיך נישט מגייר צו זײַן״. ענטפֿערט אים אונקלוס: „איך וועל דיר געבן אַ משל. מען גיט קײנעם נישט איבער צו פֿירן אַ שיף, אויב ער קען נישט אויפֿשטעלן דעם זעגל־בוים און אים דרייען און קערעווען נאָכן ווינט, נאָך אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זײַן. דאָס איז אויך נוגע צו דער תּורה אויף דער וועלט. קײנער קען נישט לערנען קיין תּורה, אַז זי זאָל אויך האָבן אַ קיום, אויב ער איז זיך נישט מגייר, ווי עס הייסט אינעם פּסוק: „מגיד דבֿריו ליעקבֿ חוקיו ומשפּטיו לישׂראל, לא עשׂה כּן לכל גוי״, גאָט זאָגט זײַנע רייד, זײַן תּורה, זײַן געזעץ — נאָר צו דעם וואָס איז אַ ייִד ווי יעקבֿ איז געווען. ער טוט דאָס אָבער נישט צו די אַנדערע פֿעלקער, וואָס האָבן זיך נישט מגייר געווען. דערפֿאַר טאַקע האָב איך מיך געלאָזט ייִדישן און געלערנט תּורה״.

מ״ב צ״ה (ב. צ״ו). — מסכת עבודה זרה, הביא עין־יעקב בפרוש דף קנ״ג, ע״ג. — עבודה זרה, י״א, א׳. — תנחומא, משפטים, ה׳. — דער פירוש צום עין־יעקב, וואָס האָט געדיגט פאַר אונדזער מעשה ווי אַ מקור, געפינט זיך אין דער אויסגאַבע פון עין־יעקב, ווענעציע 1546—1547.

## 21 דאָס וויזל און דער ברונעם

אַ מעשה. עס זאָגט רב אמי: קום אַהער, מײַן ליבער, און זע ווי גרויס עס זײַנען די וואָרהאַפֿטיקע לײַט. אויב איינער האָט דעם אַנדערן עפּעס צוגעזאָגט, טאָ זאָל ער דאָס אויך האַלטן. דאָס קענען מיר אָפּלערנען פֿון אַ ברונעם און אַ וויזל: מה דאָך, אַז אַ מענטש האָט אמונה אין אַ וויזל, מכּל שכּן אַז מען דאַרף האָבן אמונה אין הקדוש ברוך־הוא, געלויבט איז זײַן נאָמען.

אָט האָט זיך אַ מאָל געטראָפֿן, אַז אַ מיידל, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין טײַערע מלבושים, איז אַרויסגעגאַנגען פֿון איין שטאָט צו אַן אַנדער שטאָט, ווו עס האָבן געווינט אירע טאַטע־מאַמע. אונטערוועגס האָט דאָס ליבע מיידל פֿאַרבלאָנדזשעט און איז אַרײַנגעקומען אין אַ געדיכטן וואַלד. זי האָט אַלץ ווײַטער געשפּאַנט און געשפּאַנט, ביז זי איז צוגעקומען מיט אַ מאָל צו אַ גרויסער וויסטעניש. אַ מידע און אַ מאַטע האָט זי אַזוי געבלאָנקעט ביז פֿאַר נאַכט. אַ גאַנצן טאָג האָט געפּראַלט אַ הייסע זון און זי איז געווען דאָרשטיק פֿון דעם לאַנגן וועג. מיט אַ מאָל האָט זי דערזען אַ טיפֿן ברונעם, אָבער עס איז דאָרט נישט געווען קיין עמער צו שעפּן וואַסער, נאָר אַ שטריק אָנגעבונדן בײַם ברונעם. וואָס זאָל זי איצט טאָן? דער דאָרשט פּײַניקט זי און עס ווילט זיך אַ טרונק וואַסער. נישט לאַנג געטראַכט, האָט זי זיך אָנגעבונדן אינעם שטריק און זיך אַראָפּגעלאָזט צום וואַרעקוואַל. דער פֿרישער, קילער טרונק האָט זי ממש דערקוויקט. אָבער ווי קומט מען ווידער אַרויס פֿונעם ברונעם? מיט אַ מאָל איז זי באַפֿאַלן אַ פּחד, אַז טאָמער וועט זי שוין מוזן דאָרט אַזוי פֿאַרבלײַבן און קיינער וועט זי נישט אַרויס־

ראַטעוועןֿ. די סכּנה איז גרויס, אַז זי וועט שוין דאָרט אַזוי אויס־גיין פֿון נויט. פֿון גרויס מורא און פּחד האָט זי אָנגעהויבן ביטער צו יאָמערן און צו שרײַען, אפֿשר וועט זי פֿאָרט עמעצער דערהערן און זיך אויף איר מרחם זײַן.

האָט זיך גראָד געטראָפֿן, אַז אַ יונגער בחור, וואָס האָט זיך אויך געהאַט פֿאַרבלאָנדזשעט, איז פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם ברונעם. הערט ער מיט אַ מאָל דאָס ביטערע געשריי און געוויין. גייט ער צו צום ברונעם, כּדי צו דערגיין, וואָס דאָרטן טוט זיך. אַז ער האָט אַראָפּגעקוקט אינעם ברונעם, האָט ער דערזען ווי טיף ער איז און פֿון אויבן נישט געקענט דערקענען וואָס עס קומט דאָרטן פֿאָר. רופֿט ער אַראָפּ אינעם ברונעם: „ווער ביסטו, וואָס שרײַסט אַזוי יאָמערדיק? ביסטו אַ מענטשלעך באַשעפֿעניש אָדער אַ נישט־גוטער?". — אַז דאָס מיידל האָט דערהערט אַ מענטשלעך קול פֿון אויבן, האָט זי זיך זייער געפֿרייט. רופֿט זי צוריק אַרויף: „ליבער, איך בין אַ לעבעדיקער מענטש", און דערציילט אים די גאַנצע מעשׂה, ווי אַזוי זי איז אַרײַנגעפֿאַלן אינעם ברונעם. זאָגט צו איר דער בחור: „אויב דו זאָגסט מיר צו, אַז דו וועסט טאָן מײַן ווילן, וועל איך דיך פֿון דאָרט אַרויסנעמען". זאָגט דאָס מיידל: „גוט". „טאָ שווער מיר דאָס צו", פֿאַרלאַנגט דער בחור פֿון איר. טוט זי אַ שבֿועה, אַז זי וועט אים טאָן זײַן ווילן, און ערשט דעמאָלט האָט ער זי אַרויסגעצויגן פֿון ברונעם. אַז זי איז שוין געווען אין דרויסן, האָט ערשט דער בחור דערזען וואָס פֿאַר אַ יפֿה־פֿיה זי איז און וואָס פֿאַר אַ טײַערע קליידער זי טראָגט. זאָגט צו איר דער בחור: „איצט מוזסטו האַלטן וואָרט און טאָן מײַן ווילן מיט מיר צו ליגן". זאָגט צו אים די בתולה: „מײַן ליבער פֿרײַנד, זאָג מיר צו ערשט, פֿון וואָס פֿאַר אַ פֿאָלק דו שטאַמסט". ענטפֿערט ער איר: „איך קום פֿון יענער שטאָט און בין אַ כּוהן". זאָגט זי צו אים: „אויך איך קום פֿון יענער שטאָט און בין אַ ייִדישע טאָכטער. איך שטאַם פֿון אַ שיינער משפּחה". און זי רעדט צו אים ווײַטער אַזוי: „מײַן לי־בער פֿרײַנד, עס פּאַסט דאָך גאָר נישט פֿאַר אַ ייִד ווי דו, וואָס

שטאַמט פֿון אַזאַ שײנער משפּחה פֿון כּהנים, װעלכע גאָט ברוך־הוא אַלײן האָט זײ אױסדערװײלט, אַז דו װילסט מיט מיר ליגן מעשׂה־בהמה, אָן אַ כּתובֿה און אָן קידושין. דעריבער בעט איך דיך, טו עס נישט אַזױ. קום בעסער אַהײם צו מײַן פֿאָטער, דערצײל אים אַלצדינג, װאָס עס איז זיך פֿאַרלאָפֿן מיט אונדז. אָבער דאָס װיל איך דיר יאָ זאָגן, פֿון איצט אָן בין איך צו דיר פֿאַרקנסט און װעל נישט נעמען קײן אַנדערן מאַן אַחוץ דיר". מאַכט ער צו איר: „װער זאָל אָבער זײַן אַן עדות, אַז מיר בײדע זײַנען פֿאַרקנסט?". — ענטפֿערט זי: „אָט דאָס קלײנע װיזל, װאָס לױפֿט אָקערשט דאָ פֿאַרבײַ, און דער ברונעם און דער הימל זאָלן זײַן אונדזערע עדות, אַז קײנער פֿון אונדז זאָל נישט ברעכן זײַן װאָרט". מיט דעם זײַנען זײ בײדע זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען, יעדער אײנער אױף זײַן װעג. דער בחור צו זיך אין שטאָט און דאָס מײדל אין איר שטאָט. אײדער זײ זײַנען זיך אָבער פֿונאַנדערגעגאַנגען, האָבן זײ זיך האַר־ציק געזעגנט און געזאָגט: „מיר װעלן זיך באַלד װידער זען אם־ירצה־השם".

אַזױ איז אַדורך אַ יאָר צװײ פֿון דער צײַט זינט דאָס מײדל האָט איר שבֿועה געגעבן און בינו לבֿינו האָט זי אַפֿילו נישט גע־װאָלט הערן פֿון קײן אַנדערן מאַן, הגם מען האָט איר גערעדט אַ סך שײנע און בכּבֿודיקע שידוכים. זי איז געפֿאַלן אױף אַ המצאה און זיך משוגע געמאַכט, כּדי די שדכנים זאָלן אױפֿהערן צו קומען צו איר פֿאָטער מיט פֿרישע שידוכים. די אמתע מעשׂה, װאָס איז זיך מיט איר פֿאַרלאָפֿן, האָט זי אָבער קײנעם נישט דערצײלט און איז געבליבן געטרײַ איר שבֿועה. דער בחור אָבער האָט אין גאַנצן געהאַט פֿאַרגעסן אין זײַן שבֿועה. ער האָט זיך דערנאָך משדך געװען און גענומען אַ װײַב און מיט איר געהאַט אַ קינד. אַז דאָס קינד איז אַלט געװען אַ האַלב יאָר, איז געקומען אַ װיזל און אים אַ ביס געטאָן אין דער קעל, אַז עס איז באַלד דערפֿון געשטאָרבן. באַלד דערנאָך איז זײַן װײַב װידער געלעגן געװיאָרן און געבוירן אַ זון. אַז דאָס קינד האָט אָנגעהױבן צו גײן, איז עס אַרײַנגעפֿאַלן

אין אַ ברונעם און דערטרונקען געוואָרן. האָט די מוטער געהאַט דערפֿון גרויס צער און ביטער געוויינט. זי האָט געטענהט מיט איר מאַן: „אויב מײַנע קינדער וואָלטן געשטאָרבן, ווי עס טרעפֿט זיך אַ מאָל מיט קינדער, וואָלט אפֿשר מײַן צער נישט געווען אַזוי גרויס. אָבער אַז ביידע קינדער זײַנען פֿון אונדז געוואָרן צוגענומען אויף אַזאַ משונהדיקן אופֿן, איז דאָס שוין נישט אַזוי גלאַטיק. מסתּמא האָט זיך איינער פֿון אונדז ביידע מיט עפּעס פֿאַרזינדיקט, דו אָדער איך. דעריבער זאָג מיר, ליבער, איך בעט דיך, אפֿשר האָסטו אַזוינס געטאָן אין דײַן לעבן, פֿאַר וואָס עס איז געקומען אויף אונדז אַזאַ שווערער עונש. באַקלער זיך גוט". אַז דער מאַן האָט געהערט די ווערטער, האָט ער אָנגעהויבן גאָר שטאַרק צו וויינען און דערציילט איר די גאַנצע מעשׂה, וואָס עס האָט זיך אים געטראָפֿן מיט דעם מיידל בײַ דעם ברונעם. דערויף זאָגט די פֿרוי צו אים: „איצט זע איך באַשײַמפּערלעך, אַז דאָס אַלץ איז מיר געקומען פֿון השם יתברך. על־כּן, בלײַבט נאָר איין זאַך צו טאָן: מיר מוזן זיך גטן, היות ווי אונדזערע קינדער שטאַרבן אונדז אַוועק. גיי דו צוריק צו איר און האַלט דײַן וואָרט, וואָס דו האָסט איר געגעבן".

הכּלל, זיי האָבן זיך באַלד געגט, און דער מאַן איז אַוועק אין דער שטאָט ווו דאָס כּלה־מיידל פֿון אַמאָל האָט געוווינט. אָנקומענ־דיק דאָרט אַהין, איז ער אַוועק צו איר פֿאָטער און געבעטן, ער זאָל אים געבן זײַן טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב. זאָגט צו אים דער פֿאָ־טער: „ווי אַזוי קען איך זי חתונה מאַכן, אַז זי איז לא עלינו חסר־דעה און האָט נאָך דערצו דאָס חולי־נופֿל?". — אַז דער יונגער מאַן האָט דאָס געהערט, האָט ער תּיכף פֿאַרשטאַנען די סיבה, פֿאַר וואָס זי מאַכט זיך, ווי זי איז אַראָפּ פֿון זינען. זאָגט ער דערויף צום פֿאָטער: „לאָמיך מיט איר חתונה האָבן און פֿאַרלאָזט זיך אויף מיר, אַז איך וועל שוין קענען אַרויסטרײַבן איר חולאת". און בשעת מעשׂה דערציילט ער אים, וואָס עס האָט מיט זיי אַמאָל פּאַסירט. אַז דער פֿאָטער פֿון דעם מיידל האָט דאָס געהערט, איז ער מסכּים

געווען צום שידוך און אים געגעבן זײַן טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס מיידל איז ממש געווען באַגליקט, מחמת זי האָט זיך נאָך גוט דערמאָנט, ווי ער האָט זיך צו איר פֿאַרקנסט. זיי האָבן דערנאָך געהאַט קינדער, וואָס האָבן געלערנט תּורה מיט גרויס חשק. אויף זיי איז געזאָגט געוואָרן דער פּסוק „עיני בנאמני ארץ“ (תּהילים ק״א, ו׳), וואָס איז דער טײַטש, גאָט ברוך־הוא זאָגט, מײַנע אויגן זײַנען אויף די וואָרהאַפֿטיקע מענטשן אויף דער ערד“. אויף דעם האָט רבי יוחנן געדרשנט: „ווער עס איז וואָרהאַפֿטיק אויף דער וועלט, דאָס מיינט, ווער עס האַלט זײַן וואָרט, אויף דעם איז מען מבֿטל דעם גזר־דין אויבן אין הימל. אַזוי ווי עס שטייט אין פּסוק „אמת מארץ תּצמח וצדק משמים נשקף“ (תּהילים פּ״ה, י״ב), וואָס איז דער טײַטש: דער אמת שפּראָצט פֿון דער ערד און די גערעכטיקייט קוקט־אַראָפּ פֿון הימל.

דעריבער, ליבע לײַט, אויב איינער זאָגט עפּעס צו, זאָל ער נישט טראַכטן בײַ זיך, אַז אויב עס איז קיינער גישטאָ דערבײַ, ווער וועט פֿון דעם עפּעס וויסן. עס איז תּמיד עמעצער דאָ דערבײַ, וואָס גאָט ברוך־הוא שיקט גראָד צו.

מ״ב ק. (ב. ק״א). — מסכת תענית, הביא רש״י בפרק ראשון. — רש״י צו תענית ח, א׳. דאָרט אויך תוספות. — מער באַריכות אין „ערוך“. אפשר האָט אונדזער מ״ב זיך גאָר באַנוצט מיטן כפתור ופרח ז׳ צ״ט, א׳, וואָס ציטירט ווי אַ מקור מספר הערוך ומעשה אשקלון. — מאָטיוו: דער עונש פֿאַר ברעכן אַ צוזאָג, Q 266. — דער מאָטיוו איז פֿאַרשפּרייט אין פֿאָלקלאָר, אין גריכישן אַלטערטום און שפּעטער אינעם קריסטלעכן מיטל־עלטער, למשל אין דער קייזער־כראָניק פֿון ווילהעלם פֿון מאַלמעסבורי (Malmesbury), בערך 12טער י״ה. — צום סוף פֿון אונדזער סיפּור־המעשה: אַ פֿרומער מוסר־השכל, אַז דער מענטש זאָל נישט מייגען, אַז אויב עס איז קיינער נישטאָ דערבײַ, וועט מען זיך נישט דערוויסן. עס איז תּמיד עמעצער דאָ דערבײַ, וואָס גאָט ברוך־הוא שיקט גראָד צו.

## 22 אַ מענטש זאָל ניט זיין גרויס ביי זיך

אַ מעשׂה שהיה. די רבנים האָבן געלערנט, אַז „לעולם יהא אָדם רך כקנה ואל יהא קשה כארז“, וואָס איז דער טײַטש, דער מענטש זאָל תּמיד זײַן אַזוי ווייך ווי אַ ראָר, וואָס איז זייער ווייך, און זאָל ניט זײַן אַזוי האַרט ווי אַ צעדערבוים, וואָס איז זייער האַרט און גאָר הויך. דאָס מיינט, אַז דער מענטש זאָל זיך נישט האַלטן גרויס און זאָל גיכער זײַן קליין בײַ זיך.

אָט האָט זיך אַ מאָל געטראָפֿן מיט איינעם, וואָס האָט געהייסן רבי אלעזר בן שמעון. צוריקקומענדיק פֿון זײַן רבינס ישיבֿה אין אַ שטאָט וואָס האָט געהייסן מגדל גדור, האָט ער רײַטנדיק אויף אַן אייזל געשפּאַצירט בײַם ברעג פֿון אַ טײַך. ער איז געווען זייער צופֿרידן מיט זיך און בשעת מעשׂה זיך געפֿילט שטאַרק האָפֿערדיק, מחמת ער האָט געהאַט געלערנט אַ סך תּורה. רײַטנדיק אַזוי אויפֿן אייזל, באַגעגנט אים אַ גרויסער שוואַרצער מענטש, וואָס באַגריסט אים מיט די ווערטער: „שלום עליך רבי“. רבי אלעזר האָט אָבער אויף דעם פֿרײַנדלעכן גרוס נישט אָפּגעענטפֿערט, נײַערט זאָגט צו אים גרויסהאַלטעריש: „זאָג נאָר דו, יונגאַטש איינער, זײַנען אַלע לײַט אין דײַן שטאָט אַזוי שוואַרץ ווי דו?“. — ענטפֿערט אים יענער: „איך ווייס נישט. אָבער גיי אַהין צו דעם מײַסטער, וואָס האָט מיך באַשאַפֿן און פֿרעג בײַ אים, פֿאַר וואָס ער האָט געמאַכט אַזאַ מיאוסע, אומגעלומפּערטע כּלי?“. — ערשט אַז דער פֿרעמדער האָט אים אָפּגעענטפֿערט מיט אַזוינע מאָדנע דיבורים, האָט רבי אלעזר פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט און זיך מיט דעם פֿאַרזינדיקט פֿאַר גאָט ברוך־הוא. ער איז תּיכף אַראָפּ פֿון זײַן אייזל און געפֿאַלן דעם מענטש צו די פֿיס, בעטנדיק אים: „ליי־בער, זײַ מיר מוחל, וואָס איך האָב דיך אַזוי פֿאַרשעמט. איך האָב פּשוט נישט געוווּסט וואָס איך רייד“. ענטפֿערט אים דער שוואַר־צער מענטש: „איך וועל דיר אַזוי לאַנג נישט מוחל זײַן ביז דו וועסט נישט אַוועקגיין צו דעם מײַסטער, וואָס האָט מיך באַשאַפֿן,

און בײַ אים פֿרעגן, פֿאַר וואָס ער האָט געמאַכט אַזאַ נישט־געראָטענע, מיאוסע כּלי". און מיט די דאָזיקע ווערטער האָט ער אים געלאָזט שטיין און איז אַוועק פֿון אים.

רבי אלעזר איז אים אָבער נאָכגעגאַנגען ביז אין שטאָט אַרײַן, ווו דער זעלביקער מענטש האָט געוווינט. אַז די לײַט האָבן דערזען רבי אלעזרן אָנקומען, זײַנען זיי אַלע אַרויס אים מקבל פּנים זײַן און זאָגן צו אים: „שלום עליך רבי ומורי". אויף דעם פֿרעגט זיי דער שוואַרצער מענטש: „צו וועם זאָגט איר דאָס אַזוי רבי ומורי?". — ענטפֿערן זיי אים: „צו דעם וואָס גייט הינטער דיר". זאָגט דער שוואַרצער מענטש: „אויב דאָס איז אַ גדול בישׂראל, טאָ זאָלן זיך זײַנס גלײַכן נישט מערן אין ישׂראל". פֿרעגן אים די שטאָטלײַט: „פֿאַר וואָס? וואָס האָט ער דיר אַזוינס געטאָן?". — דעמאָלט דערציילט ער זיי די גאַנצע מעשׂה, ווי אַזוי עס האָט זיך געטראָפֿן מיט אים. זאָגן די לײַט צו אים: „מיר בעטן דיך, אויב ער האָט דיר פֿאַרשאַפֿט עגמת־נפֿש, טאָ זײַ אים דאָס מוחל, מחמת ער איז אַ גרויסער שׂר אין דער תּורה". רופֿט ער זיך אָן און זאָגט צו זיי: „אײַך צוליב וויל איך אים מוחל זײַן, אַנישט וואָלט ער געמוזט אַהינגיין צום באַשאַפֿער און פֿרעגן, פֿאַר וואָס ער האָט מיך באַשאַפֿן אַזוי שוואַרץ. אָבער אויף להבא זאָל דאָס זײַן פֿאַר אים אַ וואָרענונג זיך אויפֿצופֿירן ווי אַ מענטש". באַלד דערנאָך איז רבי אלעזר בן שמעון אַרײַן אין בית־המדרש און האָט געדרשנט „לעולם יהא אָדם רך כּקנה ואַל יהא קשה כּארז". דערצו זאָגט רש"י, אַז דער שוואַרצער איז אין דער אמתן געווען אליהו הנביא, וואָס האָט זיך צו אים באַוויזן, כּדי אים מעניש צו זײַן, פֿאַר וואָס ער איז בײַ זיך געווען אַזוי גרויס צוליב זײַן תּורה.

מ"ב ק"א (ב. ק"ב) מסכת תענית, פּרק שלישי. — תענית כ, א׳. — כּפתור ופרח, ז. צ, א. — די ווערסיע אין דער גמרא האָט „מכוער" (מיאוס, אַ העסלעכער מענטש). אין אונדזער מעשׂה רעדט זיך אָבער כּסדר פֿון אַ שוואַרצן מענטש, וואָס מען טאָר נישט מבזה זײַן. אפשר האָבן מיר שוין דאָ אַן אָנצוהערעניש אויף דער פּראָבלעם פֿון דער שוואַרצער הויט לגבי

דער ווײַסער. — לאָמיר דאָ נאָך דערמאָנען, אַז די ווערסיע באַזעל ווײַכט־אָפּ שטאַרק פונעם טײַטש פון דעם תלמוד־מאַמר „לעולם יהא אָדם רך כקנה ואל יהא קשה כארז“, וואָס דינט ווי אַן אַרײַנפיר צום סיפור־המעשה. דער טײַטש פון באַזעל איז פאַרגרײַזט. אַזוי הייסט עס דאָרט: איביגליך זול אין מענש זײַן וייך אלש איין רמזיל דיא אישט גאר וייך אונ׳ זול ניט זא הרט“ (האַרט) זײַן אלש איין גיפט פון איינן שלנגאן, דער איז גאר הרט“. דאָס העברעיִשע וואָרט „ארז“ — טענענבוים האָט דער דערציילער מסתמא תופס געווען ווי „ארס“ — גיפט, וואָס פּאַסט זיך דאָ גאָר נישט אַרײַן. ריכטיק איז דערפאַר די ווערסיע פון אַמסטערדאַם (1701) „... אַלס איין דענן בוים“.

## 23 שלמה המלך און אַשמדאַי

אַ מעשׂה שהיה. בשעת שלמה המלך האָט געהאַלטן בײַם בויען דאָס בית־המקדש האָט ער, כּידוע, זיך נישט געטאָרט באַניצן מיט קיין אײַזן. האָט ער, על־כּן, נישט געוווּסט ווי אַזוי ער זאָל צעשנײַדן די שטיינער פֿאַרן בנין. שיקט ער נאָך די חכמים, אַז זיי זאָלן אים געבן אַן עצה, ווי אַזוי ער זאָל דאָס טאָן. ענטפֿערן אים די חכמים: „מיר וועלן דיר זאָגן. אין די ששת ימי בראשית איז באַשאַפֿן געוואָרן אַ וואָרעם, וואָס הייסט שמיר. אָט דעם וואָרעם האָט אויך משה רבינו, עליו השלום, באַנוצט ווען ער האָט צוגעשניטן די שטיינער פֿאַרן אפֿוד. קיין זאַך אין דער וועלט איז נישט צו האַרט, אַז דאָס ווערעמל זאָל עס נישט צעשנײַדן אין צוויי“. פֿרעגט בײַ זיי דעמאָלט שלמה: „ווי אַזוי קומט מען צו אָט דעם שמיר?“. — ענטפֿערן אים די חכמים: „מיר וועלן דיר זאָגן, ווי אַזוי דו קענסט אים באַקומען. גיי אַהין און כאַפּ אַ שד מיט אַ שדיכע און מאַטער זיי אַזוי לאַנג ביז זיי וועלן דיר אויסזאָגן דעם סוד, ווי מען קען צוקומען צום שמיר“. הקיצור, מען האָט געכאַפּט אַ שד מיט אַ שדי־כע און זיי געבראַכט צו שלמה המלך און ער פֿרעגט זיי, ווו עס געפֿינט זיך דער שמיר. ענטפֿערן זיי: „מיר ווייסן דאָס נישט, אָבער אַשמדאַי, דער מלך פֿון די שדים, זאָל גאָט אונדז באַהיטן, ער ווייס עס יאָ“. זאָגט ווידער צו זיי שלמה: „איך וועל אײַך נישט אָפּלאָזן

ביז איר וועט מיר נישט אויסזאָגן, ווו איך קען געפֿינען אַשמדאַין״. ענטפֿערן זיי אים: „מיר ווע‎לן דיר דאָס זאָגן. דאָרט, אויף יענעם באַרג, האָט ער זיך אויסגעגראָבן אַ גרוב, וואָס איז תּמיד פֿול מיט וואַסער. דער גרוב איז אָבער צוגעדעקט מיט אַ שטיין, וואָס הייסט טינרא, און איז פֿאַרחתמעט מיטן חותם פֿון אַשמדאַי גופֿא. יעדן טאָג גייט ער אַרויף אין הימל צו לערנען תּורה אין דער ישיבֿה של מעלה. אָפּגעלערנט זײַן שיעור, קומט ער צוריק אַראָפּ פֿון הימל, און מחמת עס איז אים זייער הייס, טרינקט ער וואַסער פֿון דעם גרוב. ווײַן רירט ער נישט אָן. אָבער איידער ער טרינקט נאָך פֿון וואַסער, קוקט ער נאָך, צי דער חותם איז גאַנץ און צי קיינער האָט זיך נישט בגנבֿה צוגעשאַרט און אים דאָרט אַרײַנגעגאָסן ווײַן. זעט ער, אַז עס איז קיינער נישט געווען בײַ דעם גרוב, דעמאָלט טרינקט ער זיך אָן צו דער זעט, פֿאַרחתמעט ווידער מיט זײַן חותם דעם שטיין און גייט זיך זײַן וועג״.

אַז שלמה האָט דאָס געהערט, שיקט ער באַלד נאָך זײַן יועץ בניהו בן יהוידע און גיט אים אַ קייט, אויף וואָס עס איז געשטאַנען אויסגעקריצט דער שם־המפֿורש, אַ פּעקל מיט וואָל, מיט וואָס צו פֿאַרשטאָפּן אַ לאָך, און דערצו נאָך אַ קרוג מיט ווײַן. באַלד האָט זיך דער יועץ געלאָזט אין וועג אַרײַן און דערגאַנגען ביז צו דעם גרוב, פֿון וואַנען אַשמדאַי טרינקט. אָנגעקומען דאָרט, גראָבט בניהו אַ לאָך אונטער דעם גרוב, אַזוי אַז דאָס פֿאַראַנענע וואַסער זאָל פֿון דאָרט אָפּפֿליסן און דערבײַ זאָל דער חותם אויפֿן שטיין בלײַבן גאַנץ. דערנאָך פֿאַרשטאָפּט ער דאָס לאָך מיט דעם וואָל, וואָס ער האָט מיטגענומען. איצט נעמט ער זיך און גראָבט אַ לאָך פֿון אויבן פֿון דעם גרוב און גיסט דאָרט אַרײַן דעם ווײַן פֿון זײַן קרוג, אַזוי אַז דער גרוב האָט זיך אָנגעפֿולט מיט ווײַן. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז בניהו איז מיט דעם אויסן געווען, אַז אַזוי באַלד ווי אַשמדאַי וועט טרינקען פֿון ווײַן, וועט ער אײַנשלאָפֿן און דעמאָלט וועט ער אים קענען בינדן און אָוועקפֿירן צו שלמה המלך. נאָכן אָפּטאָן זײַן שטיקל אַרבעט האָט זיך שלמה המלכס יועץ באַהאַלטן. ער איז אַרויפֿגע־

קראַכן אויף אַ הויכן בוים און דאָרט געוואַרט ביז אַשמדאי וועט צוריקקומען פֿון זײַן לערנען אין הימל. אַזוי באַלד ווי אַשמדאי איז ווידער אַראָפּגעקומען אויף דער ערד, גייט ער צו צו דעם גרוב נאָכצוקוקן צי דער חותם איז גאַנץ. ער מאַכט־אויף דעם גרוב און וויל נעמען אַ פֿרישן טרונק וואַסער, דערשמעקט ער אָבער דעם ריח פֿון ווײַן. טראַכט ער זיך: עס איז אַן אַלטער כּלל, אַז ווער עס טרינקט ווײַן, דער פֿאַרלירט זײַן פֿאַרשטאַנד. איך וועל דעריבער ליבערשט נישט טרינקען. דער סוף איז אָבער געווען, אַז דער דאָרשט האָט אים אַזוי לאַנג געפּײַניקט, ביז ער האָט זיך נישט געקענט לענגער אײַנהאַלטן און געטרונקען פֿון דעם ווײַן. אַזוי באַלד ווי ער האָט געהאַט אָפּגעטרונקען אַ שפּאָר ביסל פֿונעם ווײַן, איז ער געוואָרן שלעפֿעריק, און לייגט זיך אַוועק שלאָפֿן. אויף דעם מאָמענט האָט דער יועץ געוואַרט. אַזוי גיך ווי אַשמדאי איז אײַנגעשלאָפֿן, איז ער אַראָפּ פֿון בוים און וואַרפֿט די קייט מיטן שם־המפֿורש דעם אַשמדאי איבערן האַלדז.

אַז אַשמדאי האָט דערנאָך אויפֿגעוואַכט פֿון זײַן שלאָף, האָט ער געוואָלט מיט כּוח צערײַסן די קייט. זאָגט צו אים דער יועץ: „דו וועסט זי נישט קענען צערײַסן, מחמת דער נאָמען פֿון גאָט ברוך־הוא איז אויסגעקריצט אויף איר". אַז אַשמדאי האָט אײַנגעזען, אַז ער האָט נישט קיין אַנדער ברירה, איז ער מיט אים גערנווילּיק מיטגעגאַנגען. אַזוי האָבן זיי צוזאַמען געהולכט אַ שטיק וועגס ביז זיי זײַנען צוגעקומען צו אַ בוים. האָט זיך אַשמדאי גענומען קראַצן בײַם בוים, אַז דער בוים איז באַלד אומגעפֿאַלן. פֿון דאַנען זײַנען זיי ווײַטער געגאַנגען און צוגעקומען צו אַ הויז פֿון אַן אַלמנה. האָט זיך אַשמדאין פֿאַרגלוסט אַ קראַץ טאָן בײַם הויז. איז די אַלמנה גע־שווינד אַרויס און מיט חניפֿה־ריידעלעך אים געבעטן, ער זאָל דאָס נישט טאָן. האָט אַשמדאי זיך געוואָלט אַ קער טאָן אויף דער אַנדער זײַט, האָט ער צעבראָכן אַ פֿוס. אויף דעם זאָגט ער דעם פּסוק: „לשון רכה תשבר עצם" (משלי כ"ה, ט"ו), וואָס איז דער טײַטש, אַז דער מענטש, וואָס לאָזט זיך חנפֿענען מיט גוטע רייד, צעברעכט

אַ פּוס. אַזוי זײַנען זיי ווײַטער געגאַנגען. טרעפֿט ער אַ בלינדן, וואָס בלאָנדזשעט, פֿירט אים אַשמדאי אַרויס אויפֿן ריכטיקן וועג. פֿרעגט אים דער יועץ: „ליבער, וואָס איז די מעשׂה, פֿאַר וואָס האָסטו אַרויסגעפֿירט דעם בלינדן אויפֿן ריכטיקן וועג?“ — ענטפֿערט אים אַשמדאי: „אָט דער בלינדער איז דווקא אַ גרויסער צדיק און אויבן אין הימל רופֿט מען אויס, אַז ווער עס וועט אים טאָן אַ טובֿה, וועט האָבן אַ חלק עולם־הבא. דעריבער האָב איך אים אַרויסגעפֿירט אויפֿן ריכטיקן וועג“. גייענדיק ווײַטער, זײַנען זיי אָנגעקומען אויף אַ פּלאַץ, ווו מען האָט גראָד געפּראַוועט אַ חתונה און דער עולם איז געווען זייער אויפֿגערוימט און פֿריילעך. הייבט אַשמדאי אָן צו וויינען. פֿרעגט אים דער יועץ: „סטײַטש, פֿאַר וואָס וויינסטו עפּעס?“ ענטפֿערט ער אים: „איך וויין, ווײַל איך זע, אַז מאָרגן וועט דער חתן שטאַרבן און די כּלה וועט מוזן וואַרטן דרײַצן יאָר ביז זי וועט קענען נעמען חליצה“. פֿון דאַנען זײַנען זיי צוגעקומען צו אַ הויז פֿון אַ שוסטער. הערן זיי ווי איינער זאָגט צום שוסטער: „מאַך מיר אַ פּאָר שיך, וואָס זאָלן אויסהאַלטן זיבן יאָר“. ענטפֿערט דער שוסטער: „גוט, איך וועל דיר מאַכן די שיך“. לאַכט אַשמדאי אויפֿן קול און זאָגט: „ער באַשטעלט זיך אַ פּאָר שיך אויף זיבן יאָר און איך ווייס אַפֿילו נישט צו מאָל, צי ער וועט גאָר לעבן זיבן טעג, שוין אָפּגערעדט פֿון זיבן יאָר“. זײַנען זיי ווײַטער געגאַנגען און אַשמדאי האָט דערזען אַ שיכּור וואָס בלאָנדזשעט. גייט אַשמדאי צו און פֿירט אים אַרויס אויפֿן ריכטיקן וועג. פֿרעגט אים ווידער אַ מאָל דער יועץ אַ פֿאַרחידושטער: „פֿאַר וואָס האָסטו אים געוויזן דעם ריכטיקן וועג?“ — ענטפֿערט אים אַשמדאי: „אויף אים רופֿט מען אויס אין הימל, אַז ער איז אַ רשע, דעריבער האָב איך אים געוויזן דעם ריכטיקן וועג, כּדי ער זאָל באַקומען זײַן שׂכר אויף דער וועלט. אַזוי זײַנען זיי געגאַנגען ווײַטער. זעט אַשמדאי, ווי איינער גראָבט אין דער ערד נאָך אַן אוצר און וויל דערגיין מיט כּישוף, ווו דער אוצר ליגט. לאַכט ווידער אַ מאָל אַשמדאי און דער יועץ פֿרעגט אים די סיבה פֿון זײַן געלעכטער. ענטפֿערט אים אַשמדאי: „פֿאַר וואָס זאָל

איך נישט לאַכן, אַז אָט האָרעווועט דער מאַן און פּרווט מיט כּישוף אויסצוגעפֿינען ווו דער אוצר איז באַהאַלטן בשעת דער אוצר, מיט וואָס שלמה המלך וועט אויפֿבויען דאָס בית־המקדש, ליגט אַקוראַט אונטער זײַנע אייגענע פֿיס און ער ווייס אַפֿילו נישט דערפֿון. ווי אַזוי וויל ער אויסגעפֿינען אַן אַנדערן אוצר?"

אַז זיי זײַנען אָנגעקומען אינעם פּאַלאַץ פֿון קיניג, האָט אים שלמה המלך דרײַ טעג געלאָזט וואַרטן און נישט אויפֿגענומען. פֿרעגט אַשמדאַי: „פֿאַר וואָס לאָזט מיך דער קיניג נישט אַרײַן צו זיך?". — ענטפֿערט מען אים: „דער קיניג איז קראַנק, ער האָט צו פֿיל געטרונקען". זאָגט דערויף אַשמדאַי: גיט אים ווייניקער צו טרינקען". אויפֿן צווייטן טאָג האָט ער ווידער געוואָלט אַרײַנגיין צום קיניג, זאָגט מען אים: „דו קענסט אים ניט זען, ער איז נאָך אַלץ קראַנק; ער האָט צו פֿיל געגעסן און געטרונקען". זאָגט אַשמ־דאַי: „אויב אַזוי, גיט אים עפּעס, אַז ער זאָל גיין אויף נקיות". אויפֿן דריטן טאָג האָט מען אַשמדאַין אַרײַנגעלאָזט צום קיניג. ער האָט מיטגענומען אַן אייל און מעסט מיט דעם אויס פֿיר איילן פֿאַרן מלך. פֿרעגט אים דער מלך, וואָס עס באַטײַט זײַן מעסטן. זאָגט אַשמדאַי: „איך וועל דיר זאָגן. נאָכן טויט האָסטו נישט מער ווי פֿיר איילן ערד, אָבער דו דערוועגסט זיך אײַנצונעמען די גאַנצע וועלט, און האָסט נאָך אַלץ נישט גענוג מיט דעם. צום סוף האָסטו נאָך געטאָן מאַכן מיך אונטערטעניק". ענטפֿערט אים דער מלך: „זײַ שטיל. איך וויל פֿון דיר גאָר נישט מער ווי נאָר אַז דו זאָלסט מיר פֿאַרשאַפֿן דעם שמיר, היות ווי איך וויל בויען דאָס בית־המקדש און טאָר נישט באַניצן קיין אײַזן צו שפּאַלטן די שטיינער. אָבער מיטן שמיר קען איך דאָס טאָן. דערפֿאַר האָב איך דיך געלאָזט ברענגען אַהער צו מיר, אַז דו זאָלסט מיר אים איבערגעבן". זאָגט אויף דעם אַשמ־דאַי: „אַדוני מלך, איך מוז דיר צו וויסן טאָן, אַז ער איז נישט אין מײַן רשות, נאָר אינעם רשות פֿון שׂר של ים. ער געטרויט אים נישט אָפּ צו קיינעם נישט, אַחוץ צו דעם אויערהאָן, וואָס מוז אָבער געבן אַ שבֿועה, אַז ער וועט אים ווידער צוריקברענגען".

הכּלל, אַז שלמה האָט דאָס געהערט, נעמט ער אַ גלאָז, גיט עס בניהו און זאָגט צו אים, אַז ער זאָל אַרויסגיין זוכן אַ נעסט פֿון די יונגע אויערהענער. בניהו האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן און גע־זוכט אַזוי לאַנג ביז ער איז אָנגעקומען אויף אַ באַרג, וווּ עס האָבן נישט געוווינט קיין מענטשן, און דאָרט געפֿונען אַ נעסט. נעמט ער די גלעזערנע כּלי און וואַרפֿן עס איבער די יונגע עופֿעלעך. מיט אַ מאָל איז אָנגעקומען דער אויערהאָן און געוואָלט צוגיין צו זײַנע יונגע, האָט ער געזען, אַז זיי זײַנען אײַנגעשלאָסן פֿון דרויסן. פֿליט ער גיך אַוועק צום שׂר פֿון ים נאָך דעם שמיר און לייגט אים אַרויף אויפֿן גלאָז. האָט זיך דאָס גלאָז צעשפּאָלטן אין צווייען. ווי נאָר ער האָט געוואָלט ווידער אַוועקפֿליִען, האָט אים בניהו אָנגע־שראָקן, אַז ער האָט בשעת מעשׂה געלאָזט פֿאַלן דעם שמיר. נישט לאַנג געטראַכט, האָט בניהו אַ כאַפּ געטאָן דעם שמיר און אַוועק מיט אים. דערזעענדיק, אַז ער האָט פֿאַרלוירן דעם שמיר, האָט זיך דער אויערהאָן דערוואָרגן, מחמת ער האָט נישט געקאָנט האַלטן זײַן שבֿועה און אָפּגעבן דעם שמיר צום שׂר פֿון ים.

איצט, אַז שלמה המלך האָט געהאַט דעם שמיר, האָט ער זיך גענומען בויען דאָס בית־המקדש. אַז ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיטן בוי, האָט זיך געטראָפֿן, אַז שלמה איז אַ מאָל געווען אַליין מיטן אַשמדאַי אין איין חדר. דעמאָלט זאָגט צו אים שלמה גרויסהאַלטע־ריש: „וואָס קענט איר, שדים, מער טאָן פֿון אַלע אַנדערע מענטשן?“. — ענטפֿערט אים אַשמדאַי: „גיי און נעם־אַראָפּ פֿון מיר די קייט, מיט וואָס דו האָסט מיך געבונדן, און גיב מיר דײַן חותם, וואָס דו טראָגסט אויף דײַן פֿינגער, אַזוי וועל איך דיר באַווײַזן אַן אויס־טערלישן חידוש“. האָט שלמה אַראָפּגענומען פֿון אים די קייט און גיט אים זײַן חותם. נעמט אַשמדאַי און שטעלט־אַוועק איין פֿוס אויף דער ערד און שפּאַרט מיטן אַנדערן פֿוס אָן ביזן הימל און פֿאַר־שלינגט ד׳עם מלך. דערנאָך האָט ער אים אויסגעשפּיגן אויף אַ מרחק פֿון איבער פֿיר הונדערט מײַל. באַלד דערנאָך האָט זיך אַשמדאַי אַוועקגעזעצט אויפֿן טראָן פֿון מלך, פּונקט ווי ער וואָלט געווען דער

אמתער מלך. דעמאָלט זאָגט שלמה זײַן באַרימט ווערטל: „וואָס בלײַבט דעם מענטשן איבעריק פֿון זײַן גאַנצער פּראַצע, וואָס ער טוט אויף דער וועלט“ (קהלת א, ג׳). און אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען נע־ונד איבער דער וועלט, בעטלענדיק איבער די טירן אַ שטיקל ברויט, און געהאַלטן אין איין זאָגן: איך, קהלת, בין געווען אַ מלך איבער ישׂראל אין ירושלים“ (קהלת א, י׳). ער האָט זיך אַזוי לאַנג אַרומגעוואַלגערט איבער דער וועלט ביז ער איז ווידער צוריקגעקומען אין ירושלים און אַרײַנגעגאַנגען צו די סנהדרין. אומעטום, וווהין ער איז נאָר געגאַנגען, האָט ער כּסדר איבערגעחזרט: „איך בין קהלת, אַ קיניג איבער ישׂראל אין ירושלים“.

אַז די סנהדרין האָבן געהערט ווי ער חזרט־איבער כּסדר די זעלביקע ווערטער, האָבן זיי געזאָגט: „אַ משוגענער האַלט נישט אין איין איבערחזרן די זעלביקע ווערטער. עפּעס איז דאָ נישט פּשוט. לאָמיר זען, צי איז ער טאַקע דער אמתער קיניג, צי נישט“. פֿרעגן זיי בײַ בניהו, צי ער איז געווען לעצטנס בײַם קיניג. ענטפֿערט ער, אַז ניין. שיקן זיי נאָך דער מלכּה און פֿרעגן זי, צי דער מלך איז געווען לעצטנס בײַ איר. זאָגט זי: „יאָ, ערשט נעכטן בײַ נאַכט האָט ער געטאָן ליגן בײַ מיר“. פֿרעגן זי די חכמים: „האָסטו אפֿשר דיך אײַנגעקוקט אין זײַנע פֿיס?“. — ענטפֿערט די מלכּה: „ער קומט צו מיר אין זאָקן אויף די פֿיס און האָט אַפֿילו געוואָלט בײַ מיר ליגן בשעת איך בין גראָד געווען אַ נידה. ער האָט אַפֿילו געוואָלט ליגן בײַ זײַן מוטער, בת־שבֿע“. אַז די חכמים האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי אײַנגעזען דעם אמת. זיי האָבן דעמאָלט צוריקגעגעבן שלמהן די קייט, אויף וואָס עס איז געווען אויסגעקריצט דער שם־המפֿורש, און אויך דעם חותם, אויף וואָס עס איז געשטאַנען דער שם, און האָבן אים ווידער אַרויפֿגעזעצט אויף זײַן טראָן. אַזוי באַלד ווי אַשמדאי האָט דאָס געזען, איז ער אַנטלאָפֿן ווי דער פֿעפֿער וואַקסט.

שלמה איז איצט געזעסן אויף זײַן כּסא־המלוכה. פֿון דעסט וועגן האָט ער אַלץ נאָך מורא געהאַט פֿאַר אַשמדאין. ער האָט דעריבער אָנגעשריבן שמות, וואָס ער האָט אויפֿגעהאָנגען איבער זײַן

בעט, און בײַ נאַכט האָט ער אַװעקגעשטעלט אַ װאַך, װאָס זאָל אים היטן, אַזױ װי מיר געפֿינען אין פּסוק, אַז אַלע נעכט האָבן זעכציק לײַט געטאָן װאַכן איבער שלמהן (שיר השירים ג, ז׳), מחמת ער האָט מורא געהאַט פֿאַרן אַשמדאי. זאָל גאָט זײַן בײַ אונדז און אונדז אָפּהיטן פֿון אַל דאָס בײז.

מ״ב ק״ד (ב. ק״ה) מסכת גיטין, פּרק מי שאחזו. — גיטין, ס״ח, א. — חיבור המעשיות, נומ׳ 4. — עקסעמפּלאַ, ז׳ 207, נומ׳ 114. — לעגענדן, IV, 166 און VI, 299. — אַ קאָמפּילאַציע פֿון אַ רײ אינטערנאַציאָנאַלע מאָטיװן „טיפּן״: 803. שלמה המלכס רינג האָט אַ שליטה איבערן מלך פֿון די שדים, אַשמדאי. — מאָטיװ: דער כּישוף־רינג פֿון שלמה המלך מאָטי איגד׳ D 1335.5.2 — די מעשה פֿון פֿאַנגען דעם אַשמדאי געהערט צום קרײַז פֿון די מעשהלעך װעגן אָפּנאַרן דעם טײַװל. — אַ װײַט פֿאַרשפּרײטער מאָטיװ. זען, ב. העלער / די תּלמודישע אַגדה װעגן אַשמדאי, יװאָ־בלעטער ב׳ XIII, נ׳ 1—2, ז׳ 29 א״װ. אױך מ. גאַסטער Studies and Texts, II, 980. —

כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם אױסקוק פֿון דעם פֿאָלקסטימלעכן דערצײלער איז זײַן גלױבן אין שדים. אַפֿילו דער קלוגער און מעכטיקער שלמה המלך, װאָס האָט געהערשט איבער אַלעמען, האָט צום סוף שטאַרק מורא געהאַט פֿאַרן שד אַשמדאי, לאָזט אונדז הערן די מעשה. װהאָ ראַיה, ער האָט אַװעקגעשטעלט אַ װאַך פֿון זעכציק גיבורים, װאָס זאָלן אים היטן.

## 24 דער שמועס פֿון צװײ רוחות

אַ מעשה. עס האָט זיך געטראָפֿן מיט אַ ייִד אַ פֿרומען, װאָס האָט אַ מאָל געגעבן לשם מצװה אַן אָרעמאַן אַ גילדן ערבֿ ראש־השנה, מחמת עס איז גראָד דאָס יאָר געװען אַ גרױס יקרות. זײַן װײַב איז דעריבער שטאַרק אין כּעס געװאָרן אױף אים, אַזױ אַז ער האָט פּשוט מורא געהאַט אַהײם צו גײן. איז ער אַװעק איבער־נעכטיקן אױפֿן בית־הקבֿרות. בײַ נאַכט האָט ער געהערט, װי צװײ רוחות פֿון מײדלעך רײדן מיט אַנאַנד: „קום, לאָמיר אַרומשװעבן

איבער די עולמות און הערן מאַחורי הפּרגוד פֿון גאָט ברוך־הוא, וואָס פֿאַר אַ יאָר עס וועט זײַן דאָס יאָר״. ענטפֿערט אײנע: „איך קען נישט מיטקומען מיט דיר, מחמת איך ליג באַגראָבן אין אַ פּלאַכטע פֿון ראָרן; גיי דו און דערצייל מיר דערנאָך פֿון אַלץ, וואָס דו וועסט הערן״. איז זי אַוועק אַליין און נאָך אַ ווײַל קומט זי צו־ריק און זאָגט צו איר חבֿרטאָרין: „איך האָב געהערט, אַז דער וואָס וועט זייען תּבֿואה פֿאַר האַלב מרחשוון, דעם וועט דער האָגל אַלצ־דינג צעשטערן״. אַז דער פֿרומער האָט דאָס געהערט, האָט ער פֿאַרזייט זײַן תּבֿואה נאָך האַלב מרחשוון. האָט דער האָגל צעקלאַפּט אַלע תּבֿואות, וואָס מענטשן האָבן געהאַט פֿאַרזייט פֿאַר האַלב מר־חשון און דעם חסידס תּבֿואה, וואָס ער האָט געהאַט פֿאַרזייט נאָך האַלב מרחשוון, איז ניצול געוואָרן.

אויפֿן אַנדערן יאָר איז דער פֿרומער ווידער אַוועק איבערנעכ־טיקן אויפֿן בית־הקבֿרות, טאָמער וועט ער ווידער קענען הערן, וואָס די רוחות ריידן צווישן זיך. הערט ער מיט אַ מאָל, ווי איינע פֿון די רוחות זאָגט צו דער אַנדערער: „קום, לאָמיר אַרויסגיין הערן, וואָס עס וועט געשען הײַיאָר אין דער וועלט״. ענטפֿערט איר איי־נע פֿון די טויטע מיידלעך: „איך האָב דאָך דיר שוין אַ מאָל געזאָגט, אַז איך קען מיך נישט רירן פֿון אָרט, מחמת איך ליג פֿאַרבונדן אין אַ פּלאַכטע פֿון ראָרן; גיי דו אַליין און וועסט מיר דערציילן, וואָס דו האָסט געהערט״. הקיצור, זי איז אַוועק אַליין און קומט נאָך אַ ווײַל צוריק און דערציילט: „איך האָב געהערט, אַז ווער עס וועט פֿאַרזייען הײַיאָר נאָך האַלב מרחשוון, וועט אים דער האָגל אַ תּל מאַכן פֿון זײַן תּבֿואה״. איז דער פֿרומער אַוועק און האָט דער־נאָך פֿאַרזייט אַלע זײַנע תּבֿואות פֿאַר האַלב מרחשוון. האָט דער האָגל צעשלאָגן אַלע תּבֿואות, וואָס מענטשן האָבן געהאַט פֿאַרזייט נאָך האַלב מרחשוון, אָבער דעם פֿרומען האָט דאָס גאָר נישט גע־שאַדט, מחמת ער האָט געזייט פֿאַר האַלב מרחשוון. חידושט זיך זײַן ווײַב און פֿרעגט בײַ אים: „ליבער מאַן, ווי גייט דאָס צו, אַז אַ גאַנצע וועלט האָט געליטן מיט אירע תּבֿואות און דו נישט? דאָס

איז דאָך עפּעס נישט אַזוי פּשוט". דערציילט ער איר די גאַנצע מעשׂה, וואָס האָט זיך מיט אים פּאַרלאָפֿן, ווי אַזוי ער האָט זיך צו־געהערט, וואָס די ביידע רוחות האָבן זיך דערציילט, און אַז איינע פֿון די טויטע האָט זיך נישט געקענט רירן פֿון אָרט מחמת זי איז געווען באַגראָבן אין אַ פּלאַכטע פֿון ראָרן.

נישט לאַנג דערנאָך האָט זיך געטראָפֿן, אַז דאָס ווייב פֿון דעם פֿרומען האָט זיך צעקריגט מיט דער מוטער פֿונעם טויטן מיידל, וואָס איז געווען באַגראָבן אין אַ פּלאַכטע פֿון ראָרן, ווי עס טרעפֿט זיך צווישן ווייבער. טוט איר דאָס ווייב פֿונעם פֿרומען פֿירהאַלטן בזה הלשון: „קום נאָר אַהער און גיב אַ קוק, ווי דיין אָרעמע טאָכ־טער ליגט באַגראָבן אין אַ פּלאַכטע פֿון ראָר".

אויפֿן דריטן יאָר איז דער פֿרומער ווידער אַוועק אויפֿן בית־הקבֿרות, כּדי צו הערן, וואָס די צוויי רוחות שמועסן צווישן זיך. זאָגט ווידער אַ מאָל דאָס טויטע מיידל צו דעם אַנדערן: „קום, לאָ־מיר גיין הערן, וואָס עס וועט געשען הייאָר". ענטפֿערט איר די אַנדערע: „לאָז עס אָפּ. דער סוד איז אַרויסגעקומען און מענטשן האָבן זיך צוגעהערט צו אונדזער שמועס".

מ"ב ק"כ. — מסכת ברכות, פּרק שלישי. — ברכות, י"ח, ב. — מאָ־טיוו: די רוחות אַנטפּלעקן פֿאַרן מענטש די צוקונפֿט, וואָס עס וועט געשען.

## 25 דער אמתער זון

אַ מעשׂה. עס האָט זיך אַ מאָל געטראָפֿן, אַז אַ מאַן האָט זיך אונטערגעהערט, ווי זיין פֿרוי שטראָפֿט איר טאָכטער, ווייל זי איז אַ טמאה. הערט ער, ווי זי זאָגט צו איר: „היט דיך, מיין טאָכטער, און זיי נישט קיין עפּנטלעכע זונה. פֿיר דיך אַזוי ווי איך האָב מיך געפֿירט, בשעת איך האָב געטריבן זנות. אָט, זעסטו, פֿון די צען קינדער וואָס איך האָב געהאַט, זיינען ניין פּשוט ממזרים, וואָס איך האָב געהאַט מיט אַנדערע מענער. מיט מיין אמתן מאַן האָב איך

נאָר געהאַט איין זון. זעסטו, פֿון דעסט וועגן ווייסט מײַן מאַן גאָר נישט דערפֿון, מחמת איך האָב דאָס געטאָן בסוד, אַז קיינער זאָל נישט וויסן. דעריבער זאָלסטו דיך אויך אַזוי פֿירן און אָפּטאָן אַלץ בסוד־סודות".

אַז דער גוטער מאַן האָט, נעבעך, דאָס אַלץ אויסגעהערט, האָט ער געהאַט דערפֿון גרויס יסורים. כּלפּי חוץ האָט ער אַזוי געטאָן כּאילו לא ידע, ווי ער ווייס פֿון גאָר נישט. איז דאָך זײַן ווײַב געווען אַן אשת־איש! אָבער פֿון גרויס צער און יסורים איז ער געוואָרן קראַנק און אַ נוטה למות. האָט ער אַ צוואה געמאַכט, אַז נאָר איינס פֿון זײַנע קינדער זאָל אים ירשענען, נאָר ער האָט נישט מגלה געווען, וועלכער פֿון זײַנע זין זאָל זײַן דער יורש. דערנאָך איז ער באַלד געשטאָרבן.

נאָך זײַן טויט האָט, פֿאַרשטייט זיך, יעדער פֿון די זין געטענהט, אַז ער איז דער איינציקער יורש פֿון זײַן טאַטן. האָבן זיך די קינדער אַרומגעריסן אַ לאַנגע צײַט און צום סוף זײַנען זיי אַוועק צו ר' בנאה, וואָס איז גראָד דעמאָלט געווען ראש־ישיבֿה, צו האַלטן אַ דין־תּורה, ווער עס זאָל באַקומען דעם פֿאָטערס ירושה. זאָגט צו זיי דער רבי: „דאָס איז באמת אַ גאַנץ שווערער ענין און דער דין איז פֿאַרהוילן פֿון מיר. איך בין דאָך נישט קיין נבֿיא צו וויסן, וועמען אײַער פֿאָטער האָט געהאַט אין זינען צו מאַכן פֿאַר דעם איינציקן יורש. אָבער פֿאָלגט מיך און טוט אָט וואָס: גייט אַלע מיט אַנאַנדער אַוועק אויפֿן קבֿר פֿון אײַער פֿאָטער און זאָל יעדער נעמען אַ שטיין אין דער האַנט אַרײַן און מיט דעם אַ קלאַפּ טאָן אויפֿן קבֿר און זאָגן בזה הלשון: „ליבער פֿאָטער, זאָג אונדז ווער עס איז דײַן אמתער יורש, וואָס זאָל באַקומען די ירושה". דער רבי איז געפֿאַלן אויף אָט דער המצאה, מחמת ער האָט געוואָלט אויספּרובירן די זין און זען, ווער פֿון די זין וועט האָבן די העזה אָנצוטאָן אַזעלכע חרפּות זייער אייגענעם טאַטן נאָכן טויט. אויף אַזאַ אופֿן, האָט ער געהאָפֿט, וועט ער קענען דערגיין, ווער עס איז טאַקע דער

אמתער זון. ווער עס וועט אַזוינס נישט טאָן, דער וועט זײַן דער אמתער יורש.

אַזוי איז דאָס אויך געשען. אַלע זין זײַנען אַוועק פֿונעם רבֿ אויפֿן קבֿר פֿון זייער טאַטן מיט שטיינער אין די הענט אַחוץ איינעם, וואָס האָט נישט געוואָלט גיין. זאָגט ער צו זיי: „וואָס פֿאַלט אײַך אײַן אָנצוטאָן אונדזער פֿאָטער אַזעלכע בזיונות אין זײַן קבֿר. איך וויל דאָס נישט טאָן בײַ קיין שום אופֿן, אַפֿילו איך זאָל וויסן, אַז איך זאָל נישט ירשענען קיין איין גראָשן". אַזוי אַרום האָט דער רבֿ גלײַך אײַנגעזען, ווער עס איז דער אמתער יורש, און גיט־אַרויס דעם פּסק, אַז ער זאָל באַקומען די גאַנצע ירושה נאָך זײַן פֿאָטער. זאָגט ער צו די יורשים: „אָט דאָס איז אײַער פֿאָטער אויסן געווען מיט זײַן צוואה".

מיט זײַן גרויסער חכמה האָט אַזוי אַרום דער רבֿ אויסגעפֿונען, ווער עס איז דער אמתער זון, וואָס זאָל ירשענען דעם פֿאָטער. עס איז דאָך אַ נאַטירלעכע זאַך, אַז אַן אײגן קינד האָט נישט דאָס האַרץ דערצו, אָנצוטאָן זײַן פֿאָטער אַזעלכע בזיונות, נאָר ממזרים טראַכטן נישט וועגן דעם און זײַנען גרייט איינעם בחרפּה צו מאַכן, אַפֿילו נאָכן טויט.

מ"ב קכ"ח. — בבא בתרא, פּרק חזקת הבתים. — בבא בתרא, נ"ח, א. — חיבור מעשיות, נומ' 10. עקסעמפּלאַ, ז' 237, ג' 311 און ז' 256, ג' 391. —רעווי 33, ג' 6; אבן זבאַהר, ספר שעשועים, ג' 10 געסטאַ ראָמאַנאָרום, ג' 45, D 1335.5.2. — לעגענדן, „דער באַווײַז פון קרובהשאַפט" 6, ז' 284, ג' 27. — אַ באַקאַנטער אינטערנאַציאָנאַלער מאָטיוו: זין וואַרפן שטיינער אויף זייער פּאָטערס קבר („טיפּן") 920. — Motif H 486, 2.

## 26 המן הרשע און מרדכי הצדיק

אַ מעשה שהיה. עס איז געווען בשעת המן, דער רשע, איז געקומען צו מרדכי דעם צדיק, מיטן פֿערד און די שיינע קליידער, וואָס ער זאָל אָנטאָן בעת ער וועט רײַטן אויפֿן קיניגלעכן פֿערד.

זאָגט המן צו מרדכין: „קום אַהער און טו־אָן די שיינע קליידער און זעץ דיך אַרויף אויפֿן פֿערד, ווײַל אַזוי האָט דער מלך געבאָטן". ענטפֿערט אים מרדכי: „ניין. צו ערשט וויל איך מיר לאָזן אָפּשערן די האָר, מחמת עס איז נישט שיין צו קומען פֿאַרן מלך מיט לאַנגע האָר". אינצווישן האָט אָבער אסתּר המלכּה געלאָזט וויסן אַלע שע־רערס, אַז זיי זאָלן מרדכין נישט אָפּשערן, כּדי המן זאָל דאָס מוזן טאָן אַליין. הכּלל, המן האָט גענומען אַ שער פֿון זײַן הויז און שערט אים אָפּ. בשעת דעם אָפּשערן זיפֿצט המן. פֿרעגט אים מרדכי: „וואָס איז די מעשׂה, המן, וואָס דו זיפֿצסט אַזוי?". — ענטפֿערט אים המן: „ווי אַזוי זאָל איך נישט זיפֿצן און טרויעריק זײַן, בשעת איך טראַכט ווי איך בין עולה לגדולה געוואָרן אינעם הויף פֿון קיניג און ווי גרויס דער מלך האָלט מיך, מער ווי אַלע אַנדערע פֿון זײַנע יועצים, און דאָ מוז איך גאָר זײַן אַ באָדיונג און אַ שערער פֿון אַ ייִדן". זאָגט צו אים מרדכי: „אוי, דו רשע, האָסט שוין פֿאַרגעסן, אַז דו ביסט געווען אַ באָדיונג צוויי און צוואַנציק יאָר אין אַ דאָרף, וואָס הייסט קאַרצאַם. הײַנט, וואָס שפּילסטו דיך אַזוי אויף?"

אַז ער האָט געהאַט מרדכין אָפּגעשוירן, טוט אים המן אָן די קיניגלעכע קליידער. דערנאָך זאָגט ער צו מרדכין: „איצט גיי־אַרויף אויפֿן פֿערד". ענטפֿערט אים מרדכי: „מײַנע פֿיס זײַנען מיר אָפּגע־שוואַכט פֿון די לאַנגע תּעניתים. איך האָב פּשוט נישט קיין כּוח אַרויפֿצוקריכן אויפֿן פֿערד". נו, בוקט זיך המן, און מרדכי קריכט־אַרויף אויף המנען און דערנאָך אויפֿן פֿערד. אַזוי רײַט ער און בשעת מעשׂה מאַכט ער היפּש חוזק פֿון המנען. זאָגט המן צו אים: „פֿאַר וואָס חוזקסטו אַזוי פֿון מיר? שטייט דאָך בפֿירוש געשריבן אין פּסוק „בנפֿול אויבֿך אַל תּשׂמח", וואָס איז טײַטש, אַז דײַן פֿײַנד פֿאַלט, זאָלסטו דיך נישט פֿרייען (משלי כ"ד, י"ז), און דו פֿרייסט דיך איבער מיר, ווײַל איך בין מיט אַ מאָל אַזוי טיף געפֿאַלן". ענטפֿערט אים מרדכי: „דו, רשע אײנער, ווייסטו ווען דער פּסוק מיינט מיט דעם, נאָר אַ ייִדן, אָבער אויף אַ רשע שטייט בפֿירוש געשריבן „ואַתּה על במותימו תּדרוך" (דבֿרים ל"ג, כ"ט), וואָס איז

דער טײַטש, אויף זײַן הויך זאָלסטו טרעטן". רײַטנדיק אַזוי דורך די גאַסן פֿון שטאָט, רופֿט המן אויס: „ככה, אַזוי זאָל מען ערן אַ מענטשן" (אסתר ו, י"א).

אַז זיי זײַנען פֿאַרבײַגעריטן פֿאַר המנס הויז, איז גראָד זײַן טאָכטער געשטאַנען אויף די טרעפּ און טראַכט זיך: „ווער עס רײַט איצט אויפֿן פֿערד, איז געוויס מײַן טאַטע, ווײַל דער מלך האַלט אַזוי שטאַרק בכבוד, און יענער וואָס פֿירט דאָס פֿערד איז זיכער נישט קיין אַנדערער ווי מרדכי". נישט לאַנג געטראַכט, לויפֿט זי געשווינד אַרויף אין שטוב, נעמט אַ טאָפּ מיט צואה פֿון בית־הכסא און שיט אַראָפּ אויפֿן קאָפּ פֿון איר פֿאָטער המן, מיינענדיק אַז דאָס איז דאָך מרדכי. אַז המן האָט זיך אומגעקוקט, האָט ערשט זײַן טאָכטער אײַנגעזען איר ביטערן טעות, אַז דאָס איז גאָר איר פֿאָטער. זי האָט זיך פֿון צרות אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון דעם דאַך, האָט געבראָכן האַלדז און נאַקן און געבליבן ליגן אַ טויטע אויף דער גאַס.

מ"ב קכ"ט. — מסכת מגילה, פרק ראשון. — מגילה, ט"ז, א.

## 27 תורה איז די בעסטע סחורה

אַ מעשׂה שהיה. עס האָט זיך אַ מאָל געטראָפֿן, אַז סוחרים זײַנען געפֿאָרן מיט אַ שיף איבערן ים און געפֿירט אַ סך סחורה. מיט זיי איז אויך מיטגעפֿאָרן אַ ייִד, אַ גרויסער תּלמיד־חכם. ווי דער שטייגער איז אויף אַזאַ נסיעה, האָבן די סוחרים כּסדר גע־שמועסט מכּוח משׂא־ומתּן, וואָס פֿאַר אַ סחורות זיי פֿירן און וואָס זיי האָבן נאָך בדעה אײַנצוהאַנדלען. צום סוף ווענדן זיי זיך צום תּלמיד־חכם און פֿרעגן אים, וווּ ער האָט זײַן סחורה. ענטפֿערט ער זיי: „איך האָב זי בײַ מיר". אַז די סוחרים האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי זיך גענומען אַרומקוקן אויף דער שיף, וווּ ער האָט די סחורה, מחמת זיי האָבן געמיינט, אַז ער פֿירט מיט זיך לויטער

אַבֿנים טובֿות. זיי האָבן אָבער גאָרנישט נישט געפֿונען און צום סוף גאָר פֿון אים אָפּגעחוזקט, ווײַל ער האָט אַ פּנים גאָר נישט געהאַט. זאָגט צו זיי דער תּלמיד־חכם: „וואָס מאַכט איר דאָס אַזוי פֿיל חוזק פֿון מיר? די סחורה, וואָס איך האָב בײַ מיר, איז אַ סך קראַנטער פֿון דער סחורה, וואָס איר פֿירט אויף דער שיף.

ויהי היום, נישט לאַנג דערנאָך, בשעת זיי האָבן זיך געשיפֿט איבערן ים, זײַנען פּיראַטן באַפֿאַלן די שיף און צוגענומען אַלצדינג, וואָס די סוחרים האָבן פֿאַרמאָגט. זיי זײַנען פֿאַרבליבן בעורם ובחוסר כּל. אַז זיי זײַנען דערנאָך אַרויס אויף דער יבשה, האָבן זיי נישט געהאַט קיין מלבוש אָנצוטאָן און נישט פֿאַר וואָס זיך אײַנצו־קויפֿן עפּעס צו עסן און צו טרינקען. וואָס האָט אָבער דער תּלמיד־חכם געטאָן? ער איז אַוועק אין דער שטאָט אַרײַן און זיך אַוועקגע־זעצט אין בית־המדרש לערנען. אַז די אָרטיקע קהלס־לײַט האָבן געהערט, וואָס פֿאַר אַ גדול בתּורה עס געפֿינט זיך צווישן זיי, האָבן זיי מטיבֿ געווען מיט אים. זיי האָבן אים אײַנגעקליידט און געגעבן גענוג געלט, אַז ער זאָל האָבן פֿון וואָס צו לעבן. די חשובֿע באַלע־באַטים פֿון דעם מקום האָבן אַפֿילו דערנאָך געשפּאַצירט מיט אים אַרויס פֿון שטאָט.

אַזוי באַלד ווי די סוחרים פֿון דער שיף האָבן דערזען, וואָס פֿאַר אַ כּבֿוד מען טוט־אָן דעם ייִדן, זײַנען זיי צו אים צוגעשטאַנען און געבעטן, ער זאָל זיי מוחל זײַן, וואָס זיי האָבן געשפּאָט פֿון אים. אַדרבא, איצט ווילן זיי אים בעטן, ער זאָל פּועלן בײַ די שטאָטלײַט, אַז מען זאָל זיי געבן עפּעס צו עסן, כּדי זיי זאָלן נית שטאַרבן פֿאַר הונגער. איז ער דאָך געווען אַן עדות, ווי מען האָט בײַ זיי אַלץ צוגענומען אויף דער שיף. זאָגט צו זיי דער תּלמיד־חכם: „האָב איך אײַך נישט פֿאָרויסגעזאָגט, אַז מײַן סחורה איז בעסער פֿון אײַערער? קוקט זיך צו, אײַער סחורה האָט איר פֿאַרלוירן, אָבער מײַן סחורה האָב איך אַלץ נאָך. נאָך מער, איינער וואָס האַנדלט מיט סחורה, האָט נישט תּמיד קיין זיכערן ריווח. אַ מאָל פֿאַרדינט ער און ווידער אַ מאָל פֿאַרלירט ער. האָט ער שוין יאָ אַ מאָל פֿאַר־

דינט, ווייס ער נישט, צי דער ריווח וועט בײַ אים פֿאַרבלײַבן צי נישט. דער זכות פֿון דער תּורה שטייט אָבער אייביק בײַ. די תּורה איז מגין אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. דערפֿאַר טאַקע בין איך געווען גערעכט, אַז מײַן סחורה איז די בעסטע".

מ"ב קל"ו. — בחיי הביא המעשה פרשה תרומה, דף ק'. — תנחומא, תרומה, ב. — כפתור ופרח, ל"ו, ב. — גרינבוים, ז. 406. — בחיי, צו שמות כ"ה, ב. — עקסעמפּלא, 255, נ' 386. — מאַטיוו — אינד' 222 J.

## 28 דער שכר פֿונעם שומר־שבת

אַ מעשׂה שהיה. עס זײַנען אַ מאָל געגאַנגען אונטערוועגס דרײַ אירע. עס איז גראָד געווען ערבֿ שבת, און אַז עס האָט זיך געמאַכט שפּעט, נאָענט צו שקיעה, זאָגט איינער פֿון די לײַט צו די אַנדערע: „וואָס זאָלן מיר דאָ טאָן? דער וועג איז מסוכּנדיק. אינעם וואַלד זײַנען פֿאַראַן גזלנים און עס לויפֿן דאָרט אויך אַרום אַ סך ווילדע חיות. עס וואָלט, על־כּן, געווען אַ סך בעסער, אַז מיר זאָלן ווײַטער גיין און אָפּנייגן פֿון אָט דעם געפֿערלעכן וועג, אויף וועלכן מיר געפֿינען זיך איצט, כּדי זיך צו ראַטעווען דאָס חיות, איידער דאָ צו האַלטן שבת און די גזלנים אָדער די ווילדע חיות זאָלן אונדז ממיתן". עס האָט זיך אָבער געפֿונען צווישן זיי איינער, וואָס האָט געזאָגט: „איך וועל מיך פֿון דאַנען נישט רירן ביז מוצאי־שבת, ווײַל איך וויל נישט מחלל שבת זײַן. האָט דאָך גאָט ברוך־הוא אַליין געבאָטן, אַז מיר זאָלן היטן דעם שבת און דערפֿאַר וועל איך פֿון דאַנען נישט ווײַטער אַוועקגיין. גאָט ברוך־הוא קען מיך אויך דאָ אין זײַן גרויסן חסד אָפּהיטן פֿון אַל דאָס בייז".

די אַנדערע צוויי לײַט האָבן דערפֿון נישט געוואָלט הערן. זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן און אַזוי אַרום מחלל שבת געווען. דער פֿרומער איז אָבער פֿאַרבליבן אויף זײַן אָרט אַליין, כּדי צו

האַלטן שבת ווי גאָט האָט געבאָטן. ער האָט אין מיטן פֿון דעם ווײַטן פֿעלד אָוועקגעשטעלט זײַן געצעלט, געגרייט דעם טיש און געמאַכט שבת. אַז ער האָט זיך אַוועקגעזעצט עסן זײַן שבתדיקע סעודה, איז מיט אַ מאָל אָנגעקומען אַ גרויסער בער, וואָס אַ גרע־סערן האָט נאָך מסתמא קיין לעבעדיקער מענטש נישט געזען אין זײַן לעבן. אָבער דער בער האָט דעם פֿרומען גאָר נישט געטאָן. ער זעצט זיך אַנידער נעבן אים און דער פֿרומער האָט אים געגעבן אַ שטיק פֿון זײַן ברויט און מיט אים צוזאַמען געגעסן. דער פֿרו־מער האָט שוין פֿאַר אים מער גאָר קיין מורא נישט געהאַט. נאָכן אָפּעסן זײַן שבתדיקע סעודה האָט דער פֿרומער געבענטשט און זיך דערנאָך אַוועקגעלייגט שלאָפֿן. דער בער האָט זיך געלייגט נעבן אים און איז אויך אַנטשלאָפֿן געוואָרן. אַז דער פֿרומער האָט צו מאָרגנס אויפֿגעוואַכט פֿון זײַן שלאָף, האָט ער ערשט געזען ווי דער בער ליגט בײַ אים און היט אים. איז ער דערפֿון געוואָרן מלא שמחה און געדאַנקט גאָט ברוך־הוא און זײַן הייליקן נאָמען, וואָס האָט אים באַשירעמט פֿון דעם בער און אַנדערע חיות רעות.

באַלד אין דער פֿרי האָט זיך דער פֿרומער געשטעלט דאַוונען און געגרייט דערנאָך זײַן טיש לכבוד שבת. ווידער אַ מאָל האָט ער געגעסן צוזאַמען מיטן בער. אַז עס איז געקומען מנחה־צײַט, האָט ער געגעסן שלוש־סעודות און אַזוי באַלד ווי עס איז געוואָרן אויס שבת, האָט ער געדאַוונט מעריב, געמאַכט הבדלה און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. די גאַנצע צײַט איז דער בער פֿון אים נישט אָפּגעטראָטן און איז אים נאָכגעגאַנגען די גאַנצע נאַכט ווי אַ גע־טרײַער היטער.

אין דער זעלביקער נאַכט האָבן גזלנים געטראָפֿן אונטערוועגס די צוויי לײַט, וואָס האָבן מחלל שבת געווען, און האָבן בײַ זיי צוגענומען אַלצדינג, וואָס זיי האָבן געהאַט. בינו־לבינו איז אָנגע־קומען דער פֿרומער מיטן בער. אַזוי באַלד ווי דער בער האָט דער־זען די צוויי מחללי־שבת, איז ער אַרויפֿגעשפּרונגען אויף זיי מיט אַ מוראדיקן כּעס און זיי ביידע צעריסן. אַז אונדזער פֿרומער האָט

דאָס געזען, האָט ער זיך גאָר שטאַרק דערשראָקן, מחמת ער האָט מורא געהאַט פֿאַר זײַן אייגן לעבן. אינצווישן זײַנען אָנגעקומען די גזלנים און, ווי זיי האָבן דערזען דעם פֿרומען, גאָטפֿאָרכטיקן מאַן, פֿרעגן זיי אים: „ווער ביסטו אַזוינס?”. — ענטפֿערט ער זיי: „איך בין אַ ייִד”. ער האָט נישט פֿאַרלייקנט זײַן ייִדישקייט, מחמת ער האָט געהאַט בטחון אין בורא־עולם, וואָס האָט אים ביז איצט אָפּגעהיט פֿון אַל דאָס בייז, אַז ער וועט אים אויך מציל זײַן פֿון די הענט פֿון די גזלנים. פֿרעגן זיי אים ווײַטער: „פֿון וואַנען קומסטו צו גיין אַזוי שפּעט בײַ נאַכט?”. — ענטפֿערט ער זיי: „איך קום פֿונעם קיניגס הויז”. חידושן זיי זיך און פֿרעגן בײַ אים ווײַטער: „און פֿון וואַנען נעמט זיך צו דיר דער בער? ווער האָט אים דיר געגעבן?”. — ענטפֿערט זיי דער פֿרומער ייִד: „דער קיניג האָט אים מיר געגעבן, אַז ער זאָל מיך באַגלייטן, כּדי קיינער זאָל מיר נישט קענען טאָן קיין שלעכטס”. אַז די גזלנים האָבן דאָס געהערט, זאָגט איינער צום אַנדערן: „ווי ליב מוז דער קיניג האָבן אָט דעם מענטש, אַז ער האָט אים מיטגעגעבן דעם בער צו באַגלייטן”. כאַפּט דער אַנדערער אונטער און זאָגט: „קען נאָך גאָר געמאָלט זײַן, אַז ער וועט אונדז צום סוף פֿאַרמסרן פֿאַרן קיניג, אַז מיר זײַנען גזלנים, און דער קיניג וועט אונדז כאַפּן און לאָזן אויפֿהענגען. לאָמיר אים ליבערשט אַוועקגעבן דאָס גאַנצע געלט, וואָס מיר האָבן, און זאָל ער טאַקע מאַכן אַ שווײַג”. הכּלל, נישט לאַנג געטראַכט, האָבן זיי אים אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע מזומן, וואָס זיי האָבן געהאַט, כּדי ער זאָל זיי נישט פֿאַרמסרן פֿאַרן קיניג. צום סוף האָבן זיי אים נאָך באַלייט אַהיים. אַז דער פֿרומער ייִד איז שוין געווען גאָר נאָענט פֿון זײַן הויז, האָט זיך דער בער פֿון אים אָפּגעטראָגן און אַוועק אין טיפֿן וואַלד אַרײַן.

דער היוצא לנו מזה איז, אַז יעדער זאָל שבת האַלטן און לאָזן גאָט ברוך־הוא וואַלטן. ער קען אים שיקן שומרים קעגן ווילדע חיות און גזלנים, אַזוי ווי איר האָט פֿון דער מעשׂה געטאָן אָפּלערנען און שפּירן, און זאָל זיך קיינער נישט לאָזן פֿאַרפֿירן.

מ״ב קל״ה. אָן מקור. — פ״גל עקסעמפּלאַ, ז׳ 194 נ׳ CCCIII. — „מעשה בשלושה אֲנשים שבאו מן הסחורה וקדש עליהם שבת״. מאָטיוו: די חיה, אַ מאָל אַ לייב, דאָ אַ בער, היט־אָפּ דעם פרומען פון אַל דאָס בייז. — ענלעכע מאָטיוון אויך אין דער קריסטלעכער לעגענדע, אַזוי למשל, וועגן דעם הייליקן אַמבראָזיוס און היראָנימוס.

## 29 רבי מאיר און זיין עונש

אַ מעשׂה שהיה. עס איז אַ מאָל געווען איינער, וואָס האָט געהייסן רבי מאיר, און געוווינט האָט ער אין בבֿל. אַלע יאָר פֿלעגט ער עולה זיַין קיין ירושלים און אונטערוועגס איז ער איַינגעשטאַנען ביַי איינעם אַ קצבֿ, וואָס האָט געהייסן יודאָ. דער זעלביקער יודאַ האָט געהאַט אַ וויַיב, וואָס איז געווען זייער פֿרום און אַ גרויסע צנועה, און האָט שטאַרק נוהג כּבֿוד געווען מיט רבי מאירן, ווען ער איז נאָר איַינגעשטאַנען ביַי זיי, מחמת ער איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ טיַיערער ייִד, ווי די גמרא דערציילט וועגן אים. די כּשרע פֿרוי פֿון קצבֿ האָט אים תּמיד געגעבן צו עסן און צו טרינ־קען פֿון שענסטן און פֿון בעסטן, צוגעגרייט זיַין בעט און געטאָן אַלצדינג, וואָס מען באַדאַרף.

ויהי היום, אַז די טיַיערע, פֿרומע פֿרוי פֿונעם קצבֿ איז גע־שטאָרבן און דער קצבֿ האָט גענומען אַן אַנדערע פֿאַר אַ וויַיב, האָט איר דער מאַן אָנגעזאָגט, אַז באַם רבי מאיר וועט קומען, זאָל זי אין אים נוהג כּבֿוד זיַין, פּונקט אַזוי ווי זיַין ערשטע וויַיב פֿלעגט טאָן. נישט לאַנג דערנאָך איז רבי מאיר ווידער אַ מאָל געקומען און איז אַוועק אויף זיַין אַכסניא ביַים קצבֿ, אַזוי ווי עס איז געווען זיַין מנהג פֿון תּמיד אָן. מיט אַ מאָל האָט ער דערזען אַ פּנים חדשות, אַ פֿרוי וואָס ער האָט נישט געקענט. פֿרעגט זי רבי מאיר: „ווו איז די באַלעבאָסטע?״. — ענטפֿערט די פֿרוי: „זי איז מיט אַ שטיקל ציַיט צוריק געשטאָרבן און דער קצבֿ האָט מיך גענומען פֿאַר אַ וויַיב. ער האָט מיר אָבער אָנגעזאָגט, אָז ווען עס וועט קו־

מען רבי מאיר, זאָל איך אים גאָר שטאַרק מכבד זײַן, אים מקרבֿ זײַן און גוט אויפֿנעמען". דאָס, זאָגט זי, וועט זי טאַקע טאָן, אפֿשר גאָר נאָך בעסער ווי דאָס ערשטע ווײַב. אַז רבי מאיר האָט געהערט די ווערטער פֿון דער פֿרוי, איז ער אַרויסגעגאַנגען פֿון הויז, מחמת ער האָט זיך שטאַרק מצער געווען איבער דעם טויט פֿון זײַן פֿרומער באַלעבאָסטע. שטייענדיק אַזוי אויף דער גאַס, איז פּונקט אָנגעקומען דער קצבֿ און דערזען רבי מאירן שטיין פֿאַר דער טיר. ער האָט זיך מיט אים שטאַרק דערפֿרייט און זאָגט צו רבי מאירן: „ליבער רבי, פֿאַר וואָס שטייט איר עפּעס פֿון דרויסן און גייט נישט אַרײַן אין מײַן הויז, ווי עס איז אײַער שטייגער געווען פֿון תּמיד? האָב איך דאָך אָנגעזאָגט מײַן פֿרוי, אַז זי זאָל אײַך גוט באַהאַנדלען, פּונקט אַזוי ווי דאָס האָט געטאָן מײַן ערשטע ווײַב". איז רבי מאיר מיט אים אַרײַנגעגאַנגען אין הויז. די פֿרוי איז דערנאָך אַרויס אין גאַס און אײַנגעקויפֿט אַלץ, וואָס זי האָט באַדאַרפֿט אין דער באַלעבאַטישקייט און צוגעגרייט פֿאַר רבי מאירן אַ גוט ביסל עסן. זי האָט אים נאָך מכבד געווען מיט אַ ביסל משקה און אים אַרויסגעוויזן אַ סך דרך־ארץ און כּבֿוד.

רבי מאיר, כּידוע, איז געווען זייער אַ שיינער מאַנספּאַרשוין און איז שטאַרק געפֿעלן דעם קצבֿס ווײַב, וואָס האָט נאָך אים שטאַרק געגלוסט. זי האָט אים אַ פּנים האָלד געקראָגן, אָבער נישט געוווּסט ווי אַזוי אים אָנצורײדן צו זינד. האָט זיך גראָד אַ מאָל געמאַכט, אַז בײַ נאַכט איז קיינער נישט געווען אינעם הויז, האָט די פֿרוי צוגעגרייט גוטע און געשמאַקע מאַכלים פֿאַר רבי מאירן און אים גאָר פֿײַן טראַקטירט. זי האָט מיט אים אַזוי לאַנג געטרונקען ביז ער איז געוואָרן שיכּור, אַז ער האָט ממש נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים. האָט זי אים געלייגט שלאָפֿן און דערנאָך זיך אַוועקגעלייגט נעבן אים, אַזוי אַז ער האָט נישט געוווּסט נישט פֿון איר לייגן זיך און נישט פֿון איר אויפֿשטיין. אויף צו מאָרגנס איז רבי מאיר אויפֿגעשטאַנען, האָט אָפּגעדאַוונט, ווי עס איז געווען זײַן שטייגער, און דערנאָך האָט די באַלעבאָסטע

געגרייט פֿאַר אים דעם טיש, אַז ער זאָל עסן. זי האָט זיך געזעצט נעבן אים, מיטגעגעסן און מיטגעטרונקען און בשעת מעשׂה גערעדט צו אים עזותדיקע רייד. רבי מאיר איז געווען שטאַרק פֿאַרחידושט פֿון דער פֿרויס התנהגות און אירע אויסגעלאַסענע דיבורים. ער האָט זיך זייער געשעמט און נישט געקענט איר קוקן אין די אויגן אַרײַן. מאַכט די פֿרוי צו אים: „ליבער רבי, וואָס איז דער מער מיט אײַך? פֿאַר וואָס שעמט איר זיך איצט אַזוי? האָט איר דאָך פֿאַרבראַכט די גאַנצע נאַכט מיט מיר און זיך גאָר נישט געשעמט, און פֿאַר וואָס מיט איין מאָל די זעלטענע בושה?" — אַז רבי מאיר האָט דאָס געהערט, האָט ער זיך זייער דערשראָקן און זאָגט צו איר: „דאָס איז דאָך באַשטימט אַן אויסגעטראַכטע מעשׂה". האָט אָבער די אויסגעלאַסענע פֿרוי געגעבן אַזוי פֿיל סימנים פֿון זײַן לײַב, אַז ער האָט איר פֿאָרט געמוזט גלייבן.

אַזוי באַלד ווי רבי מאיר האָט געזען, אַז ער איז בעוונותינו הרבית באמת נכשל געוואָרן מיט אַזאַ האַרבער עבֿירה, האָט ער זיך דאָס שטאַרק גענומען צום האַרצן, פֿאַרבראָכן די הענט און געווײנט און געקלאָגט. ער האָט צו זיך גערעדט: „ווי איז מיר, וואָס האָב איך געטאָן? ווי האָב איך געקענט עובֿר זײַן אויף מײַן תורה, וואָס איך האָב געלערנט, און די מצוות וואָס איך האָב אָפּגעהיט, און דאָס אַלץ פֿאַרלירן מיט אַ מאָל? מײַן סוף וועט זײַן, אַז איך וועל מוזן אַראָפּנידערן אין שאול תחתית און דאָרט אָפּקומען פֿאַר מײַנע זינד". וואָס זאָל ער טאָן אין זײַן גרויסן צער? טראַכט ער זיך: איך וועל אַוועקגיין צום ראש־ישיבֿה און וואָס פֿאַר אַ תשובֿה אָפּצוקומען מײַנע זינד ער וועט מיר געבן — וועל איך גערנווילליק נעמען אויף זיך. מיט גרויס געוויין און אַ יללה איז ער צו זיך אַהיים געגאַנגען. זײַן מאַנטל איז געווען קריעה געריסן, און שטויב אויפֿן קאָפּ. דערזעענדיק רבי מאירן אין אַזאַ מעמד, איז זיך זײַן גאַנץ בני־בית צונויפֿגעלאָפֿן און מיט אומרו געפֿרעגט, וואָס עס האָט אַזוינס זיך מיט אים געטראָפֿן. האָט ער זיי דערציילט די גאַנצע מעשׂה אַזוי ווי זי איז זיך פֿאַרלאָזן. האָבן זיי זיך אַלע

זייער דערשראָקן און אים געפֿרעגט, וואָס ער האָט בדעה צו טאָן. ענטפֿערט ער זיי: „כ'וועל אַרײַנגיין צום ראש־ישיבֿה און מיך מתוודה זײַן פֿאַר אים און וואָס פֿאַר אַ תּשובֿה ער וועט מיר געבן — וועל איך אויף זיך נעמען ברצון". זײַנע בני־בית אָבער האָבן געפּרוּווט אים אָפּצוּוועגדן און געטענהט, אַז ער האָט געטאָן די עבֿרה בשוגג און נישט חלילה במזיד, און גאָט ברוך־הוא וועט אים זיכער מוחל זײַן. רבי מאיר האָט אָבער פֿון גאָר נישט געוואָלט הערן. ער איז אַוועק צום ראש־ישיבֿה און דערציילט אים אַלץ, וואָס עס האָט זיך מיט אים געטראָפֿן, און בעט, על־כּן, אַ תּשובֿה פֿאַר זײַנע זינד. זאָגט צו אים דער ראש־ישיבֿה: „קום מאָרגן צו גיין, מחמת איך מוז מיך פֿאַרטראַכטן, וואָס פֿאַר אַ תּשובֿה איך זאָל דיר געבן". צו מאָרגנס איז רבי מאיר ווידער צו אים געקומען און דער ראש־ישיבֿה זאָגט צו אים: „איך האָב מעיין געווען אין דעם דין און אויסגעפֿונען, אַז דײַן עונש איז, אַז די חיות רעות זאָלן דיך פֿאַרצוקן". ענטפֿערט אים רבי מאיר: „אויב דאָס איז דער דין, טאָ וויל איך אים מקבל באַהבֿה זײַן".

הקיצור, דער ראש־ישיבֿה האָט אַרײַנגערופֿן צוויי שטאַרקע פֿאַרשוינען און זיי געהייסן רבי מאירן אַוועקפֿירן אין אַ ווילדן וואַלד, ווו עס געפֿינען זיך חיות רעות, אים דאָרט צובינדן צו אַ בוים און דערנאָך זאָלן זיי אַרויפֿקריכן אויפֿן שפּיץ פֿון אַ הויכן בוים, כּדי צו זען וואָס דער סוף וועט זײַן. אויב די חיות רעות וועלן אים פֿאַרצוקן, טאָ זאָלן זיי זײַנע ביינער צוריקברענגען צו אים, כּדי ער זאָל אים קענען מספּיד זײַן כּהלכה, מחמת ער האָט אויף זיך מקבל געווען דעם דין־שמים.

די ביידע פֿאַרשוינען האָבן, על־כּן, אָפּגעפֿירט רבי מאירן אין טיפֿן וואַלד אַרײַן, אַזוי ווי דער ראש־ישיבֿה האָט באַפֿוילן. דאָרט האָבן זיי אים צוגעבונדן צו אַ בוים און געוואַרט צו זען, וואָס עס וועט זײַן דער סוף. אין מיטן דער נאַכט איז אָנגעקומען מיט גרויס געברום אַ ריזיקער לייב, אַ שמעק געטאָן צו אים און איז ווידער אַוועק. האָבן די צוויי לײַט געמאָלדן דעם ראש־ישיבֿה, אַז דער לייב

האָט אים גאָר נישט געטאָן. באַפֿעלט דער ראש־ישיבֿה, אַז מען זאָל רבי מאירן האַלטן געבונדן אַ צווייטע נאַכט. אויך אין דער צווייטער נאַכט איז געקומען דער לייב צו גיין, אָבער אים גאָר נישט געטאָן און איז ווידער אַוועק אַזוי ווי ער איז געקומען. האָבן די לײַט מודיע געווען דעם ראש־ישיבֿה, ווי דאָס איז צוגעגאַנגען. האָט דער ראש־ישיבֿה געהייסן, אַז מען זאָל אים נאָך לאָזן געבונדענערהייט אַ דריטע נאַכט. אויף דער דריטער נאַכט איז דער לייב ווידער געקומען און דאָס מאָל האָט ער רבי מאירן אַרויסגעביסן אַ ריפּ פֿון זײַן לײַב, האָט אָבער דערפֿון מער נישט געפֿרעסן ווי אַ כּזית און רבי מאירן געלאָזט ליגן. דעמאָלט האָבן זיך די צוויי לײַט צוגעאײַלט, גענומען רבי מאירן צום ראש־ישיבֿה, וואָס האָט באַלד געלאָזט אויסהיילן זײַן מכּה. אַז רבי מאיר איז שוין אַ געזונטער אַהיים געקומען, האָט אַ בת־קול פֿון הימל אויסגערופֿן: „רבי מאיר, דו ביסט אָנגעברייט צו עולם־הבא. דערפֿאַר זאָגט טאַקע דער פּסוק „אשה רעה מר ממות“, וואָס איז דער טײַטש, אַ שלעכט ווײַב איז ביטערער ווי דער טויט.

זעט, על־כּן, רבותי, וואָס עס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן מיט רבי מאירן. מה דאָך, וואָס ער האָט עובֿר געווען אויף אַן עבֿירה בלא יודעים, מכּל שכּן אַז איינער איז חס ושלום עובֿר אויף אַזאַ עבֿירה במזיד. דערפֿאַר טאַקע, איר ליבע לײַט, זאָל זיך איין איטלעכער פֿירזען, אַז עס זאָל אים חס ושלום אויך נישט געשען.

מ״ב ק״מ. — אָן מקור. — מדרש עשרת הדברות, ז׳ ב׳. — חיבור יפה, ס״ח, א. — אונדזער מ״ב נייגט־אָפּ פֿונעם וואַריאַנט אין חיבור יפה. דאָ איז דער עונש פֿון ר׳ מאירן נישט פֿאַראַן. — מאָטיוו: דער עונש, דער לייב, בײַסט־אַרויס אַ שטיק פֿון זײַן ריפּ, אַן אָפּקומעניש פֿאַר די זינד. — אַ וואַריאַנט־מאָטיוו פֿאַראַן אין שעקספּירס As you like it אַקט 4, סצענע 3.

## 30 יואָב באַצווינגט די הויפּטשטאָט פון די בני־עמון

אַ מעשׂה. עס האָט זיך געטראָפֿן אין די טעג פֿון דוד המלך ע״ה, וואָס האָט געשיקט זײַן הויפּטמאַן יואָבֿן, דעם זון פֿון צרויה, אַ גרויסער גיבור, אַז ער זאָל מלחמה פֿירן מיט די קינדער פֿון עמון און אײַננעמען זייער גרויסע שטאָט רבה. האָט יואָבֿ מיט זײַנע חיילות, צוועלף טויזנט מאַן, אויסדערווײלטע פֿון ישׂראל, באַלאַגערט די שטאָט און זי נישט געקענט בײַקומען. צום סוף פֿון די זעקס חדשים זײַנען זיך צונויפֿגעקומען אַלע ראשים פֿון זײַן חיל און געזאָגט צו יואָבֿן: „מיר באַלאַגערן שוין די שטאָט זעקס חדשים צײַט און האָבן אַלץ נאָך נישט באַוויזן זיך צו עפּעס צו דערשלאָגן. מיר קענען אַ פּנים די שטאָט נישט אײַננעמען און די הײַזער אַרום דער שטאָט זײַנען חרובֿ. צו וואָס זאָלן מיר דאָ נאָך לענגער פֿאַרבלײַבן?״. — פֿרעגט בײַ זיי יואָבֿ: „אַדרבא, זאָגט מיר, וואָס ווילט איר טאָן?״. — ענטפֿערן זיי: „מיר האַלטן, אַז עס וואָלט געווען גלײַכער, צו גיין אַהיים. ווען מיר זאָלן אַפֿילו דאָ נאָך לענגער פֿאַרבלײַבן, וועלן מיר סײַ ווי גאָר נישט מער אויפֿטאָן״. זאָגט צו זיי יואָבֿ: „מײַנע ליבע ברידער! זאָגט נישט אַזוינס, אַז מיר זאָלן זיך צוריקציִען און אַהיימקומען צו אונדזער קיניג דוד מיט ליידיקע הענט. די פֿעלקער פֿון דער וועלט וועלן דאָך אונדז אויסלאַכן און צום סוף נאָך אויף אונדז אָנפֿאַלן. דערפֿאַר הערט, וואָס איך גיי אײַך זאָגן, און פֿאָלגט מיך, וועט דאָס זײַן צום גוטן. וואַרפֿט מיך אַרײַן אין דער שטאָט מיט אָט דעם בוים און איר בלײַבט ליגן פֿאַר דער שטאָט פֿערציק טעג. אויב במשך פֿון דער צײַט וועט איר נישט זען קיין בלוט אַרויספֿליסן פֿון דער שטאָט, זאָלט איר וויסן, אַז איך בין דערהרגעט געוואָרן. אויב איר וועט אָבער אין משך פֿון דער צײַט זען, אַז בלוט פֿליסט־אַרויס פֿון דער שטאָט, טאָ זאָלט איר וויסן זײַן, אַז איך האָב אויסגעהרגעט דאָס רובֿ שטאָטמענטשן. דעמאָלט זאָלט איר זיך אָנגורטן מיט כּוח און שטורעמען די שטאָט, אַזוי וועלן מיר זי מיט גאָטס הילף אײַנ־

נעמען. איך וויל בײַ קיין שום אופֿן נישט צוריקגיין צו מײַן קיניג מיט ליידיקע הענט. די חרפּה וואָלט געווען גרויס. דעריבער וויל איך מיט אַלע מײַנע כּוחות פֿאַרנעמען די דאָזיקע שטאָט אָדער דערפֿאַר באַצאָלן מיט מײַן לעבן". אַז די ראשים האָבן געהערט די דאָזיקע רייד פֿון יואָבֿן, זײַנען זיי זייער געפֿעלן געוואָרן.

דעמאָלט האָט יואָבֿ אַרײַנגעטאָן אין זײַן קעשענע טויזנט גילדענע רענדלעך, גענומען זײַן שאַרפֿע שווערד און זיך געלאָזט אַרײַנשלײַדערן אין שטאָט מיט אַ הויכן בוים. אַ צעניזוקטער איז ער אַראָפּגעפֿאַלן אויף זײַן שווערד פֿאַרן הויז פֿון אַן אַלמנה און בשעת מעשׂה צעבראָכן זײַן שווערד אין צווייען. די אַלמנה האָט גראָד געהאַט אַ יונגע אויסגעגעבענע טאָכטער, וואָס האָט געפֿונען יואָבֿן אַ פֿאַרחלשטן ליגן אין איר הויף. אין פֿלוג האָט זי געמיינט, אַז ער איז טויט. זי האָט אים אָבער אַרײַנגענומען צו זיך אין שטוב און ביידע האָבן אים אַזוי לאַנג געמינטערט ביז ער איז צו זיך געקומען. דעמאָלט האָבן זיי אים געפֿרעגט, ווער ער איז און פֿון וואַנען ער נעמט זיך דאָ אַהער. זאָגט צו זיי יואָבֿ: „איך בין פֿון שבֿט עמלק. די יהודים האָבן מיך געפֿאַנגען גענומען און אַרײַנגעפֿירט צו זייער הויפּטמאַן, וואָס האָט באַפֿוילן, אַז מען זאָל מיך אַרײַנוואַרפֿן אַהערצו אין שטאָט. איך וויל אײַך דעריבער בעטן, לאָזט מיך דאָ בײַ אײַך בלײַבן". און בעת מעשׂה נעמט ער אַרויס פֿון זײַן בײַטל צען גילדענע רענדלעך און גיט זיי דאָס, אַז מען זאָל פֿאַר דאָס געלט אײַנקויפֿן פֿאַר אים גוטע שפּײַז.

אַזוי איז יואָבֿ געבליבן בײַ דער אַלמנה גאַנצע זיבן טעג. צום סוף פֿון די זיבן טעג האָט יואָבֿ געוואָלט אַרויסגיין אין שטאָט און זיך אַרומקוקן. האָבן זיי אים נישט געלאָזט אַוועקגיין אין זײַנע אייגענע קליידער, בײַערט אים געליִען אַנדערע מלבושים. דעמאָלט איז יואָבֿ אַרויס אויף דער גאַס און זיך גענומען אַרומקוקן, ווי גרויס און שטאַרק עס איז די שטאָט. האָט ער אין איר געפֿונען נישט ווייניקער ווי הונדערט און פֿערציק מערק, איינער שיינער פֿאַרן אַנדערן. ער האָט אויך באַקוקט די טויערן פֿון שטאָט און

פֿון גאָר נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג. גראָד איז ער פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ שמיד. גייט יואָבֿ צו אים אַרײַן און פֿרעגט: „אפֿשר קענסטו מיר מאַכן פּונקט אַזאַ שווערד ווי די וואָס איך האָב צעבראָכן?“ — אַז דער שמיד האָט דערזען זײַן שווערד, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן און אַ פֿאַרחידושטער זאָגט ער צו אים: „אַזאַ שווערד האָב איך נאָך אין מײַן לעבן נישט געזען“. זאָגט צו אים יואָבֿ: „מאַך מיר אַזאַ שווערד און איך וועל דיר דערפֿאַר גוט באַצאָלן“. הקיצור, דער שמיד האָט אים געמאַכט אַ גוטע שווערד, אָבער בשעת יואָבֿ האָט זי גענומען אין האַנט אַרײַן, האָט ער זי צעבראָכן אין צוויי העלפֿטן. אַזוי האָט דאָס פּאַסירט מיט דרײַ שווערדן נאָך אַנאַנד. ער האָט זיי אַלע צעבראָכן מיט דער האַנט. צום סוף האָט אים דער שמיד געמאַכט אַזאַ שווערד, וואָס זײַן גלײַכן האָט מען נאָך אין ערגעץ נישט געזען. זי איז נאָך געווען אַ סך בעסער ווי זײַן אַמאָליקע שווערד. ווענדט זיך יואָבֿ צום שמיד און פֿרעגט: „ווער וואָלטסטו וועלן, אַז איך זאָל צום ליבסטן טויטן מיט דער שווערד?“ — ענטפֿערט דער שמיד: „יאָ, דעם הויפּטמאַן פֿון די ייִדן“. מאַכט יואָבֿ צו אים: „גיב נאָר אַ קוק, וואָס ליגט דאָס דאָרט הינטער דיר?“ — אַז דער שמיד האָט זיך אומגעקוקט אויף הינטן, האָט אים יואָבֿ דערלאַנגט אַזאַ קלאַפּ מיט דער שווערד, אַז ער האָט אים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. דעמאָלט מאַכט יואָבֿ צום שמיד: „נו, ווי פֿילסטו זיך?“ מחמת דער קאָפּ איז נאָך געהאַנגען אויפֿן קאַרק, זאָגט דער שמיד: „עס איז אַזוי ווי אַ קאַלטער שניי וואָלט מיר אַדורכגעגאַנגען אַלע אבֿרים“. האָט אים דעמאָלט יואָבֿ דערלאַנגט אַ צווייטן קלאַפּ, אַז איין שטיק איז געפֿאַלן אין איין עק און אַן אַנדער שטיק אין אַ צווייטן עק. דערנאָך איז יואָבֿ אַרויס אויף אַ הויף, האָט ער דאָרט דערזען פֿינף הונדערט שטאַרקע קריגערס, וואָס זײַנען געווען גוט באַוואָפֿנט. האָט ער זיי אַלעמען דערהרגעט אויפֿן אָרט, אַז עס איז פֿון זיי קיין שׂריד ופּליט נישט געבליבן. דערנאָך האָט ער אַרײַנגעשטעקט זײַן שווערד אין שייד און איז זיך אַוועק אַהיים.

## איין מעשה בוך

דא בראכט דער שמש כל טוב צום טיש בון אלר ליא גוטן שפייז דיא
נאך נין קיין מענש גיזעהן האט נאך גיהערט האט אונ צו איטליכם
גריכט בעשרן וויין וועז דער וואר · בון דא דער רבי חנינה וואל
געגעשן אונ גיטרונקן האט דא גידאכט ער אך אן זיינן כלה אונ שווי־
שטיל אונ נאם עש אלש פֿר גוט וויש אן אים טעט דען עש וואר אים
בעשיד וועז ער וואר הו אויף דעם פֿעלד גיועגן · אונ דא זיא נון הטן
געגעשן בורט דער שמש רבי חנינה שלופֿן אין איין קמיר דארינן וואר
איין קירבונקיל שטיין דער לייכטיט אין גאנץ נכט אין דיא קמיר ווען
עש וואר העלי טאג וואר גיוועזן רבי חנינה ליגט זיך אויף דש בעט דש
שאר גימאכט אויף פֿיר גילדן רעדיר דיא קיסן ווארדן בון פֿערליך
בישטעקט דיא לייליך ריין בון זיידן גימאכט · דא עש נון טאג ווארד
שטונד רבי חנינה ווידר אויף אונ הוהט ווידר צו לערנן דעם אלטן מאן
דא קאם דער שמש אונ רופֿט ווידר אין דער שול · דא זיא נון ווידר
אין שול קאמן שטונד דער חזן אויף אונ אורט בעטן ווארן אירי אכט
ניך ומן איצונדר ווארדן אירי זעכט ציהן אונ הילטן דעם חזן צו אונט
ווארדן צווייא אונ צוואנציג שטיאן אונ דיא שטיאן גינגאן ביז אויף דעם
היאול אונ דא מאן נון אויש הוב לייאט מן אך דיא סדרא דיא בון דער
וואך וואר גיגאן אונ רופֿט אויף צו איין כהן אהרן הכהן אונ משה רבינו
צו איין לוי אונ דער נאך דיא אנדרן אלי אונ דער נאך רבי חנינה אך
אונ דא מאן נון אויש גיאורט האט רידד אהרן אונ דער זגן אויש דער
תורה רבי חנינה שווינג שטיל · איביר איין וויל רופֿט דער שמש ווידר
צום עשן אונ אשן ווידר כל טוב וויא מן בון געגעשן האט גינג מן ווידר
אין שול אונ אורטן אונ דא מן בון ווידר מנחה גיאורט האט דא רידד זיא
ווידר אויש דער תורה ביז אזו לנג דש עש צייט וואר מעריב צו אורן
דא שטונד דער אלט מאן ווידר אויף אונ אורט אונ וויא ער אויש גיאורט
האט דא גאב אים דער אלט שלום · רבי חנינה דנקט אים ווידר
אונ דער נאך מאכט מן הבדלה אלש באלד פֿאר שוואנדן זיא אל דער
נאך גינג דער שמש אך איין וועק דא לופֿא אין רבי חנינה נאך אונט
בינריף אים ביא זיינם מנטל אונ שפראך צו אים ליבר זאג מיר ווער
זיין דיא דאזאגן הערן אונט ווער בישטו דא זאגט ער ווידר איך בין
אליהו הנביא אונ דער חזן דער גיאורט האט דש איש משה רבינו · אונ
דיא אנדרן זיין אברהם יצחק ויעקב גיוועזן אונט דער אלט מאן אישט
ירמיהו הנביא גיוועזן · דא דער שראך רבי חנינה ערשט זער אונט
ליש דען שמש גין · דא רופֿט דער זגן רבי חנינה ווידר צו אים קום
מיר

רעפּראָדוקציע פון דער ערשטער באַזעלער אויסגאַבע (1602)

מיר וועלן תורה ווידר מיט אנאנדר לערנן דא גינג ער ווידר צו אים
אונ׳ לערנט מיט אים כל התורה אונ׳ לערנט אין אך דש ער שבעים
לשונות קונט דא ער עש נון אלש קונט דא זאגט דער זקן צו אים קום
מיר וועלן איין וועג ציהן מיט איין אנדר · דא זיא נון הין גיגנגן דא
הוב דער רבי חנינה אן אונ׳ שרייא אונ׳ זאגט דעם זקן וויא זיין הנדל
גישטלט וואר אונט שפראך צו אים ליבר רבי גיבט מיר איין
עצה וויא איך אים טון זאל דא שפראך דער זקן איך וויש וואל דש דיין
כלה זאל ווארן מיט איין אנדרן אונטר דיא חופה גין זא דוא ביזט
קומשט זא טוא דוא דאש שטיא דוא ווארן פריא אויף אונט גיא דוא
הינויף אויף דיא ליגן זייט זא ווערשטו באלד קומן אין איין וואלד זא
ווערשטו דיין פונפצין בחורים, דיא דיך פר לארן האבן אונ׳ זיא ווערדן
נאר זער דער פרייט אן דיינם קומן זא ווערט באלד איין וואלקן קומן
אונ׳ ווערט זיך איין נידר לאזן פור דיינם פוש זא זעצט דיך אונ׳ דיין
פונפצין בחורים, אריין זא ווערד דער וואלקן אויף פליהן אונ׳ ווערט
איך אין איין קליינה וויל אין רעגנשבורג ברענגן · דא גינג נון
רבי חנינה הין אונ׳ ליגט זיך שלאפן · וויא עש נון ווידר טאג ווארד
שטונד ער אויף אונ׳ ליש זיך דען אלטן מאן בענשין אונ׳ נאם רשות
פון אים אונ׳ גינג אלז איין וועג וויא אים דער אלט מאן גיהייסן האט ·
וויא ער נון אין דעם וואלד קאם זא פאנד ער זיינן בחורים, ווידר
דיא ווארדן זער פרויא אן זיינן ווידר קומן אונ׳ גאבן אים שלום, אונ׳ ער
דנקט אים, זער ליבליך אונ׳ וויא זיא נון איין קליינן וויל ווארדן גיגנגאן
דא קאם איין וואלקן פום הימל אונ׳ ליש זיך איין נידר פר אירן פוש
אונ׳ זיא זאשן אל מיט אנאנדר אין דען וואלקן דא טרוג זיא דער וואלקן
גאר שנעל אויף רעגנשבורג צו · דא גינג עבן רבי יודא חסיד אויף דאש
בית הכסא דאש ער וואלט זיין צורך טון ווארום פאר צייטן זיין דיא
בית הכסא אויף דאש פעלד גיוועזן · דא זאך ער דארטן הער קומן
איין וואלקן דא ווארן פיל לייט דרינן · דא שיקט ער באלד נאך דעם
אנדרן חסיד דש ער זאלט אך איין רוישר קומן אונט זעלט זעהן וויא
איין גרושר וואלקן מיט פאלק דא הער קעם מיט גרושן פאלק · דא
קעם דער חסיד איין רוישר אונ׳ זאך דאש גרוש חידוש אונ׳ זאהן עש
צו ביז זיך דער וואלקן אין נידר ליש אויף איין הולץ בערג ור דיא שטט ·
דא לופין דיא צוויא חסידים, אויף דעם בערג אונ׳ וואלטן זעהן וואש
פיר איין פאלק דרינן וואר · דא גינג רבי חנינה מיט זיינן בחורים,
אויש דעם וואלקן · דא קונט רבי יודא חסיד זיין איידם רבי חנינה
אונ׳

דערווײַל איז געוואָרן אַ גרויס געשריי אין שטאָט, אַז איינער האָט אויסגעהרגעט פֿינף הונדערט גיבורים אינעם הויף און מען ווייסט נישט ווער עס האָט דאָס אָפּגעטאָן. די שטאָטלײַט האָבן גע־טענהט, אַז דאָס האָט נאָר געקענט אָפּטאָן אַשמדאַי אַליין. אויך יואָבֿס באַלעבאָסטע האָט אים געפֿרעגט, צי ער האָט גאָר נישט געהערט, ווער עס האָט דאָס אָפּגעטאָן אַזאַ מיאוסע מעשׂה, און יואָבֿ האָט איר געענטפֿערט: „ניין, ווער וועט דאָס גיין מיר דער־ציילן, אַז ער האָט אָפּגעטאָן אַזאַ מין מעשׂה?". — אינצווישן האָט ער ווידער אַרויסגענומען פֿון זײַן בײַטל צען רענדלעך גאָלד און געגעבן זײַן באַלעבאָסטע, אַז זי זאָל אײַנקויפֿן דערפֿאַר וואָס מען באַדאַרף אין הויז. אַזוי איז ער געבליבן בײַ איר ווײַטערדיקע צען טעג.

באַלד דערנאָך איז ער ווידער אַרויס אויפֿן מאַרק מיט דער שווערד אין דער האַנט און מיט איין קלאַפּ אַוועקגעלייגט פֿופֿצן הונדערט מאַן. דאָס דם פֿון די הרוגים האָט אַזוי שווער געקלעפּט אויף זײַנע הענט, אַז ער האָט נישט געקענט באַוועגן די שווערד. איז ער שנעל אַהיימגעלאָפֿן און זאָגט צו דער יונגער פֿרוי: „מאַך מיר הייס וואַסער, כּדי איך זאָל קענען אָפּוואַשן דאָס בלוט און אַראָפּנעמען די שווערד". ענטפֿערט זי אים: „זאָל איך אָנוואַרעמען דאָס וואַסער פֿאַר דיר, וואָס דו זיצסט בײַ אונדז אין הויז, עסט און טרינקסט און צום סוף הרגעסט דו נאָך אויס גאָר די מענטשן פֿון דער שטאָט? ניין, איך וועל דיר נישט מאַכן קיין הייס וואַסער". אַז יואָבֿ האָט געהערט אָט די רייד, איז ער געוואָרן מלא רציחה און זיך געוואָרפֿן אויף איר. ער האָט איר אויפֿגעשניטן דעם בויך און מיט דעם הייסן דם אָפּגעוווישט דאָס קלעפּיקע בלוט פֿון זײַן שווערד. שנעל איז ער ווידער אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב, די גאַסן האָבן זיך געקאָכט און געטומלט. מיט אַ מאָל הערט ער, ווי דער קיניג פֿון שטאָט לאָזט אויסרופֿן, אַז ווער עס האָט בײַ זיך אַ פֿרעמדן — זאָל אים תּיכף ברענגען צום קיניג. אַז יואָבֿ האָט דער־זען דעם אויסרופֿער, איז ער שנעל צוגעלאָפֿן צו אים און אים

אויף דער שטעל דערהרגעט. ווען ער האָט נאָר געטראָפֿן — האָט ער תיכּף משלח געווען. ער האָט אַזוי לאַנג געקוילעט, ביז ער איז צוגעקומען צום שטאָטטויער, וואָס ער האָט אויפֿגעריסן מיט כּוח, אַז דאָס דם פֿון די הרוגים זאָל אַרויספֿליסן פֿון שטאָט.

דאָס חייל, וואָס האָט די גאַנצע צײַט באַלאַגערט די שטאָט, האָט בעצם געמיינט, אַז יואָבֿ איז שוין טויט, און האָט באַוויינט דעם העלד. אַז זיי האָבן איצט געזען, ווי דאָס דם פֿליסט־אַרויס פֿון דער שטאָט, האָבן זיי גענומען רופֿן אויף אַ הויכן קול און מיט גרויס פֿרייד: שמע ישׂראל! ווען יואָבֿ האָט דאָס געהערט, איז ער אַרויף אויף אַ הויכן טורעם און אויפֿן קול אויסגערופֿן דעם פּסוק: „גאָט ברוך־הוא פֿאַרלאָזט נישט זײַן פֿאָלק ישׂראל!“ און ער זאָגט ווײַטער: „גאָט ברוך־הוא וועט פֿאַר אונדז שטרײַטן און איר זאָלט שווײַגן!“ (שמות יד, י״ד). ער באַפֿעלט זײַנע קריגערס גיך צו שיקן אַ שליח מיוחד צו דודן, אַז ער זאָל קומען, מחמת מיר האָבן אײַנגענומען די שטאָט. אַנישט וועט נאָך די וועלט זאָגן, אַז יואָבֿ איז דער באַצווינגער פֿון דער שטאָט. בשעת יואָבֿ האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער דערזען, אַז עס שטייט אָנגעשריבן אויף זײַן רעכטער זײַט: „גאָט וועט דיר ענטפֿערן פֿון זײַן הייליקטום“. דערנאָך איז דוד געקומען און פֿאַרענדיקט דעם גאַנצן מזמור.

דעמאָלט זאָגט דוד המלך צו יואָבֿן: „האָסטו אויסגעהרגעט אַלע עמלקים?“. — ענטפֿער אים יואָבֿ: „מײַן האַר און קיניג! עס לעבט שוין קיינער נישט מער, אַחוץ דעם קיניג און עטלעכע פֿון זײַנע לײַט“. האָט מען זיי טאַקע באַלד געבראַכט צו פֿירן פֿאַרן קיניג דוד, וואָס האָט זיי אַלעמען געלאָזט טויטן. דערנאָך האָט דוד המלך אַראָפּגענומען פֿון קיניגס קאָפּ זײַן קרוין, וואָס איר וואָג איז געווען אַ צענטנער גאָלד, אַחוץ די אַבֿנים טובֿות, וואָס זיינען געווען אײַנגעפֿאַסט אין דער קרוין. שפּעטער איז דוד אַרײַן אין שטאָט, האָט פֿאַרברענט אַלע זייערע עבֿודה־זרות און צוגענומען אַלצדינג, וואָס די שטאָט האָט פֿאַרמאָגט. מיט שׂמחה און גדולה איז ער דערנאָך געצויגן צו זיך אַהיים.

מ״ב קמ״ה. אָן מקור. — חיבור מעשיות, י. — **דער העברעיִשער מקור רעדט וועגן „קינסרי מדינתא דעמלק״, וואָס דאָס פאָלקסטימלעכע** מ״ב **האָט מסתמא אין זײַן ווערסיע געהאַט רבת עמון, די הויפּטשטאָט פון די בני־עמון.** — עקסעמפּלאַ 235, נ׳ 304. — לעגענדן 6, זז׳ 258—259. — **יואָב לאָזט זיך מאַכן פון שמיד גאָר אַ שאַרפע שווערד און דערנאָך הרגעט ער דעם שמיד, דעם באַשאַפער פון דער שווערד. האָבן מיר אפשר דאָ צו טאָן מיט דעם באַקאַנטן** Daedalus — מאָטיוו: דער שאַפער פון אַ קונסטווערק (דאָ אַ שווערד, וואָס האָט נישט געהאַט איר גלײַכן) זאָל ניט שאַפן קיין צווייט.

## 31 דער אַלטער און די שלאַנג

אַ מעשׂה שהיה. אין די טעג פון דוד המלך עליו השלום, בשעת זײַן זון שלמה איז נאָך געווען אַ ייִנגל, איז אַ מאָל אין אַ ווינטער־טאָג געגאַנגען אַן אַלטער מאַן איבער דער גאַס און געזען ליגן אַ שוין כּמעט דערפרוירענע שלאַנג. האָט זיך דער מאַן געטראַכט: עס שטייט דאָך געשריבן, אַז מען זאָל זיך דערבאַרעמען איבער גאָטס באַשעפעניש. איז ער צוגעגאַנגען און אויפגעהויבן די שלאַנג און זי אַרײַנגעטאָן צו זיך אין בוזעם, כּדי זי צו דערוואַרעמען. אָבער אַזוי גיך ווי די שלאַנג איז געקומען צו זיך, האָט זי זיך אַרומגע־וויקלט אַרום אַלטנס לײַב, אים אַזוי געדריקט, אַז ער איז שיר נישט געוואָרן דערשטיקט. זאָגט דער אַלטער צו דער שלאַנג: „אײַ, פאַר וואָס טוסטו מיר שלעכטס? האָב איך דיר דאָך געטאָן אַ סך גוטס און דיך מציל געווען פון אַ זיכערן טויט. אויב נישט איך, וואָלטסטו דאָך געפרוירן געוואָרן צום טויט״. אַזוי טענהנדיק מיט איר, זאָגט ער ווײַטער: „איך וויל מיט דיר גיין אַ דין־תּורה האַלטן און זען, צי דו פירסט דיך אויף לגבי מיר ווי עס געהער צו זײַן״. זאָגט די שלאַנג: „גוט, איך בין מסכּים. אָבער פאַר וועם וועלן מיר זיך לאָדן?״ — ענטפערט איר דער אַלטער: „פאַרן ערשטן בעסטן, וואָס מיר וועלן טרעפן״. זײַנען זיי אַזוי געגאַנגען אַ שטיקל וועג, טרעפן זיי אַן אָקס. זאָגט דער אַלטער צום אָקס: „בלײַב

שטיין און משפט אונדז״. און ער הייבט־אָן און דערציילט אים, ווי אַזוי ער האָט געראַטעוועט די שלאַנג פֿון אַ זיכערן טויט, און איצט וויל גאָר די שלאַנג אָפּטאָן אַ שטיקל און אים הרגענען. נעמט די שלאַנג טענהן און זאָגט: „איך בין גערעכט. שטייט דאָך בפּירוש געשריבן אין דער תּורה „אַ פֿײַנדשאַפֿט וועל איך מאַכן צווישן דעם מענטש און דער שלאַנג״ (פֿ״גל בראשית ג, ט״ו). זאָגט דער אָקס: „די שלאַנג איז טאַקע גערעכט, אויב זי טוט דיר אָפּדינען מיט שלעכטס פֿאַר דאָס גוטס, וואָס דו האָסט איר געטאָן. אַזוי איז שוין דער סדר פֿון דער וועלט. ווען איינער טוט איינעם עפּעס גוטס, צאָלט מען אים אָפּ תּמיד מיט שלעכטס. אַזוי פֿירט זיך אויך אויף מײַן אייגענער באַלעבאָס. איך אַרבעט אַ גאַנצן טאָג שווער און בײַ־טער אויפֿן פֿעלד און טו אים מיט דעם אַ סך גוטס. אָבער אויף דער נאַכט, ווען עס ווילט זיך עסן, עסט ער פֿון שענסטן און בעסטן, און מיר דערלאַנגט ער נאָר אַ ביסל האָבער מיט אַ סך שטרוי. ער לייגט זיך שלאָפֿן אין אַ בעט און מיך לייגט ער אַוועק דרויסן, אויפֿן הויף, אויף אַ ביסל שטרוי, און טאָמער רעגנט, ווער איך טאַקע נאַס פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. אַזוי איז שוין דער סדר העולם און דע־ריבער איז די שלאַנג גערעכט, וואָס זי וויל דיך אומברענגען, הגם דו האָסט איר געראַטעוועט דאָס לעבן״.

דעם אַלטן האָבן אָט די רייד שטאַרק פֿאַרדראָסן און איז ווײַ־טער געגאַנגען. טרעפֿט ער אונטערוועגס אַן אייזל. שטעלט ער זיך אָפּ און נעמט זיך אויסטענהן מיטן אייזל פּונקט אַזוי ווי ער האָט דאָס פֿריִער געטאָן מיטן אָקס. אָבער דער פּסק־דין פֿונעם אייזל איז געווען דער זעלביקער ווי פֿונעם אָקס. דעמאָלט איז דער אַלטער מאַן אַוועק צו דוד המלך זוכן גערעכטיקייט און באַקלאָגט זיך פֿאַר אים אויף דער שלאַנג. זאָגט דוד המלך: „די שלאַנג איז גערעכט. פֿאַר וואָס האָסטו נישט געהאַלטן, וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תּורה? שטייט דאָך דאָרט בפֿירוש „אַ פֿײַנדשאַפֿט וויל איך טאָן צווישן דיר און דער שלאַנג״. איך קען דיר דעריבער גאָר נישט העלפֿן. דו האָסט נישט געטאָרט אויפֿהייבן די שלאַנג און זי אַנוואַ־

רעמען, נאָר זי לאָזן ליגן אויף דער ערד, מחמת זי איז אַ שׂונא פֿונעם מענטש".

איז דער אַלטער מאַן אַרויס מיט גרויס געוויין פֿון דוד המלכס משפּט. גייענדיק אַזוי ווײַטער, האָט ער געטראָפֿן דעם יונגן שלמה שטיין בײַ אַ ברונעם אויפֿן פֿעלד. זײַן שטעקן איז אים אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ טיפֿן ברונעם, האָט ער געהייסן די קנעכט, וואָס ער האָט געהאַט מיטגענומען, אַז זיי זאָלן גראָבן טיף אונטערן קוואַל פֿונעם ברונעם, כּדי עס זאָל וואָס מער וואַסער אַרײַנפֿליסן אינעם ברונעם און דער שטעקן זאָל אַרויפֿשווימען אויף דער פֿלאַך פֿון וואַסער. דעמאָלט וועט מען קענען גאָר לײַכט אַרויסנעמען דעם שטעקן. טראַכט זיך דעמאָלט דער אַלטער: דאָס מוז שוין זײַן גאָר אַ קלוגער חבֿרה־מאַן. וועל איך מיך צו אים ווענדן מיט מײַן משפּט, אפֿשר וועט ער מיך קענען ראַטעווען פֿון דער שלאַנג. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. דערציילט ער שלמהן די גאַנצע מעשׂה, ווי עס האָט זיך מיט אים פֿאַרלאָפֿן מיט דער שלאַנג. זאָגט צו אים שלמה: „זײַט איר שוין געווען בײַ מײַן פֿאָטער?". — ענטפֿערט אים יענער: „יאָ, אָבער ער האָט מיר גאָר נישט געקענט העלפֿן". זאָגט ווידער דער יונגער שלמה: אויב אַזוי, קומט און לאָמיר בײדע אַרײַנגיין צו אים". זײַנען זיי בײדע אַוועקגעגאַנגען צום מלך דוד. דער אַלטער האָט בשעת מעשׂה געהאַלטן אַ שטעקן, אויף וואָס ער האָט זיך אָנגעלענט בעתן גיין. אַז זיי זײַנען אַרײַנגעקומען צום קיניג דוד, זאָגט שלמה צו זײַן פֿאָטער: „פֿאַר וואָס משפּטסטו נישט צווישן דעם מאַן און דער שלאַנג?". — זאָגט דוד המלך: „איך קען נישט אַרויסגעבן קיין אַנדערן פּסק, מחמת דער מאַן האָט פֿאַרדינט זײַן שטראָף. פֿאַר וואָס האָט ער נישט מקיים געווען, וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תּורה?". — זאָגט צו אים דער יונגער שלמה: „ליבער פֿאָטער, גיב מיר רשות, אַז איך זאָל משפּטן צווישן זיי". ענטפֿערט דוד: „ליבער זון, אויב דו מיינסט, אַז דו קענסט געבן אַ גערעכטן משפּט, טו זשע אַזוי". זאָגט שלמה צו דער שלאַנג: „פֿאַר וואָס טוסטו שלעכטס צו דעם, וואָס האָט דיר גוטס געטאָן?". —

ענטפֿערט די שלאַנג: „הקדוש ברוך־הוא האָט מיר געבאָטן, אַז איך זאָל בײַסן דעם מענטש זײַן פּיאַטע (טריט־עקבֿ)". זאָגט שלמה ווידער: ווילסטו טאַקע האַלטן די תּורה און אַלצדינג, וואָס עס שטייט געשריבן אין איר?". ענטפֿערט די שלאַנג: „יאָ, מיטן שענסטן כּבֿוד". דעמאָלט זאָגט שלמה צו דער שלאַנג: „אויב דו ווילסט באמת האַלטן, וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תּורה, טאָ זײַ זשע מוחל און קריך־אַראָפּ פֿון אים און שטעל זיך אַוועק דערנעבן אויף דער ערד. שטייט דאָך געשריבן אין דער הייליקער תּורה, אַז די צוויי בעלי־דין, וואָס קריגן מיט אַנאַנד, זאָלן שטיין פֿאַרן שופֿט (פֿ"גל דבֿרים, י"ט, י"ז). דעריבער ביסטו מחויבֿ דיך אַוועקצושטעלן נעבן דײַן בעל־דין". זאָגט די שלאַנג: „גוט, איך בין מיט דעם מסכּים". זי איז, על־כּן, אַראָפּגעקראָכן פֿונעם אַלטן און זיך אַוועקגעשטעלט נעבן אים. דעמאָלט ווענדט זיך שלמה צום אַלטן און זאָגט צו אים: „איצט טו דו אויך מיט דער שלאַנג אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין דער הייליקער תּורה, וואָס זאָגט בפּירוש „און דו זאָלסט איר צעקוועטשן דעם קאָפּ". דעריבער זײַ איר מקיים־פּסק ווי די הייליקע תּורה האָט געבאָטן, וואָרן די שלאַנג האָט אויף זיך מקבל געווען דעם דין פֿון דער תּורה". דעמאָלט האָט דער ליבער אַלטער מאַן גענומען זײַן שטעקן, אויף וואָס ער האָט זיך אָנגעלענט בײַם גיין, און מיט דעם דערהרגעט די שלאַנג. אויף אַזאַ אופֿן האָט שלמה מיט זײַן גרויסער חכמה מציל געווען דעם אַלטן מאַן פֿון דער בייזער שלאַנג. דער היוצא לנו מזה איז, אַז מען זאָל נישט טאָן קיין גוטס צו אַ שלעכטן באַשעפֿעניש, אַזוי ווי עס האָט זיך דאָ געטראָפֿן מיטן אַלטן מאַן.

מ"ב קמ"ד. — אָן מקור. — תנחומא (אויסגאַבע, ש. בובער), הקדמה ז' 157. — עקסעמפּלא, ז' 268 נ' 441. — לעגענדן 6, ז' 286, הערה 31. — גרינבוים, ז' 411. — מאָטיוו: די גרויסע חכמה פֿונעם קליינעם דוד אָדער שלמה. — ענלעכע וואַריאַנטן געפֿינען מיר אויך אין עזאָפּס משלים, אין כּלילה ודמנה און אינעם אינדישן פּאַנטשאַטאַנטראַ.

## 32 רבי עקיבא און דער מת

אַ מעשׂה. אין די טעג פֿון רבי עקיבֿא האָט אַ מאָל איינער מאַנס געווען אין סאַמע יום־כּיפּור אַ בתולה, וואָס איז שוין געווען פֿאַרקנסט צו אַן אַנדערן און געזאָלט שוין בקרובֿ שטעלן אַ חופּה. אַז מען איז געוויר געוואָרן אין שטאָט פֿון אָט דער מעשׂה רע, האָט מען דעם בעל־עבֿירהניק אַרויסגעפֿירט הינטער דער שטאָט און אים דאָרט פֿאַרשטיינט, ווײַל נאָכן דין איז אים געקומען סקילה, אַזוי ווי ער וואָלט עובֿר געווען אַן עבֿירה מיט אַן אשת־איש, רחמנא ליצלן. די יונגע פֿרוי איז אינצווישן געוואָרן מעוברת און דערנאָך געווונען פֿון אים אַ זון. האָבן די שטאָטלײַט אים נישט געוואָלט ייִדישן, טענהנדיק אַז סײַ ווי סײַ וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען פֿון אַזאַ עוכר־ישׂראל, וואָס האָט אָפּגעטאָן אַזאַ מעשׂה רע.

ויהי היום, און רבי עקיבֿא איז געגאַנגען אונטערוועגס, האָט אים באַגעגנט אַ געשטאַלט פֿון אַ מענטש, וואָס האָט אויף זיך געטראָגן אַזאַ שווערע משׂא מיט האָלץ, אַז אַפֿילו אַן אייזל אָדער אַ פֿערד וואָלט נישט בכּוח געווען דאָס צו שלעפּן. זאָגט רבי עקיבֿא צו דער געשטאַלט: איך באַשווער דיך אין נאָמען פֿון גאָט ברוך־הוא, אַז דו זאָלסט מיר אויסזאָגן, צי דו ביסט אַ מענטש צי אַ שד, אָדער וואָס פֿאַר אַ בריאה דו ביסט". ענטפֿערט אים יענער: „אַמאָל בין איך געווען אַ מענטש, איצט אָבער בין איך אָפּגעשיידט פֿון דער וועלט. עס איז אויף מיר נגזר געוואָרן, אַז איך זאָל שלעפּן יעדן טאָג אַזאַ שווערע משׂא מיט האָלץ, מיט וואָס מען זאָל מיך כּסדר פֿאַרברענען דרײַ מאָל אין טאָג". פֿרעגט אים רבי עקיבֿא: „זאָג מיר, מיט וואָס האָסטו דיך אַזוי שווער פֿאַרזינדיקט, אַז דײַן עונש איז אַזוי גרויס?" — דערציילט ער אים די מעשׂה, ווי אַזוי ער האָט מאַנס געווען אין סאַמע יום־כּיפּור אַ בתולה, וואָס איז שוין געווען אַ כּלה־מיידל. „און נאָך אַ סך ערגערע זאַכן האָב איך געטאָן", זאָגט די געשטאַלט ווײַטער. „איך בין בײַם לעבן געווען דער ממונה אויף צדקה אין שטאָט, האָב איך פֿאַרשוינט די עשירים און פֿון זיי נישט

גענומען אַזוי פֿיל ווי עס געהער צו זײַן און דווקא פֿון די אָרעמע לײַט האָב איך געשלעפּט מער וויפֿל זיי האָבן געקענט געבן און זיי באַעוולט". פֿרעגט אים רבי עקיבֿא ווידער אַ מאָל: „אפֿשר האָסטו געהערט מאַחורי הפּרגוד, מיט וואָס מען וואָלט דיר געקענט העלפֿן, אַז דו זאָלסט קומען צו רו?" — ענטפֿערט יענער: „ליבער רבי, איך בעט דיך, האַלט מיך נישט אויף, מחמת די וואָס זײַנען געזעצט איבער מיר וועלן מיר דערפֿאַר שטאַרק צערנען און מיך נאָך מער באַשטראָפֿן. אָבער געהערט האָב איך פֿאָרט עפּעס, אַז אויב עס איז פֿאַראַן נאָך מיר אַ זון, אַ קדיש, וואָלט איך געהאָלפֿן געוואָרן און געהאַט אַן עלית־נשמה". פֿרעגט אים רבי עקיבֿא, צי ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ זון. ענטפֿערט ער אים: „ניין, איך ווייס נאָר, אַז מײַן ווײַב איז בשעת מעשׂה געווען מעוברת, אָבער וואָס זי האָט געווונען ווייס איך נישט. האָט זי שוין יאָ געהאַט אַ זון פֿון מיר, טאָ בין איך זיכער, אַז די שטאָטלײַט וועלן אים נישט לאָזן לערנען קיין תּורה, מחמת זיי זײַנען מיר דם־שׂונאים". האָט אים רבי עקיבֿא געפֿרעגט זײַן נאָמען, דעם נאָמען פֿון זײַן ווײַב און דעם נאָמען פֿון זײַן שטאָט. האָט ער אים דאָס געזאָגט און גיך ווידער פֿאַרשווונדן. האָט רבי עקיבֿא אויף זיך גענומען די התחייבֿות אַהינצוגיין אין דער שטאָט און אַלצדינג טאָן, כּדי יענער זאָל אָפּקומען זײַן עונש. הקיצור, רבי עקיבֿא האָט טאַקע אַזוי געטאָן. אָנקומענדיק אין דער שטאָט אַרײַן, זײַנען די פּני אַרויס אים מקבל פּנים זײַן און אים אָנגעטאָן גרויס כּבֿוד. פֿרעגט ער בײַ זיי, צי עס איז נישט אַ מאָל געווען אין שטאָט אַזאַ איינער, וואָס האָט אַזוי געהייסן. ענטפֿערן זיי: „יאָ, אָבער מיט יאָרן צוריק האָט מען אים דאָ פֿאַרשטיינט". פֿרעגט זיך רבי עקיבֿא נאָך אויף זײַן ווײַב, ענטפֿערן זיי: „אײַ, ימח שמה זאָל זי ווערן! זי איז שוין לאַנג נישטאָ מער הי, זי איז פֿון דאַנען אַנטלאָפֿן פֿון גרויס חרפּות און בושות". פֿרעגט רבי עקיבֿא ווײַטער: „איז נישט געבליבן אַ קינד נאָך אים?" — ענטפֿערן זיי: „יאָ, דער עוכר־ישׂראל האָט איבערגעלאָזט אַ זון, אָבער ער איז אַפֿילו נישט געמלט". האָט זיך אויף זיי רבי עקיבֿא אָנגעבייזערט

און זאָגט: „וואָס איז, נעבעך, דאָס קינד שולדיק, אַז זײַן פֿאָטער איז געווען אַ בעל־עבֿירהניק? אַדרבא, אים וואָלט מען דאָך געדאַרפֿט מחזיר למוטבֿ זײַן“. הכּלל, רבי עקיבֿא האָט געשיקט רופֿן דאָס ייִנגל און אים קודם־כּל געייִדישט. דערנאָך האָט ער גענומען מיט אים לערנען אַלף־בית און אַ שטיקל חומש, אָבער עס איז גאָר נישט אַרײַן אין זײַן פֿאַרשטאָפּטן קאָפּ. האָט זיך רבי עקיבֿא דעריבער שטאַרק מצער געווען, געפֿאַסט פֿערציק תּעניתים און תּפֿילה געטאָן צו גאָט ברוך־הוא, ביז זײַן תּפֿילה איז געוואָרן אָנגענומען פֿון זײַן ליבן נאָמען. ערשט דעמאָלט האָט רבי עקיבֿא אָנגעהויבן פֿון דאָס נײַ לערנען תּורה מיטן ייִנגל, קודם־כּל די טאָג־טעגלעכע תּפֿילות און בענטשן, און שיקט אים אין שול אַרײַן צו זאָגן ברכו, און קהל זאָגט אים נאָך „ברוך ה׳ לעולם ועד“.

באַלד דערויף איז דער נפֿטר אַרויס פֿון גיהנום און אַרײַן אין גן־עדן. אין יענער נאַכט איז ער געקומען צו חלום רבי עקיבֿאן און זאָגט צו אים: „זאָל דיר גאָט־יתברך געבן דײַן שׂכר אויף דער וועלט, ווײַל דו האָסט מיך אויסגעלייזט פֿון די יסורים פֿון גיהנום“. האָט זיך רבי עקיבֿא אָנגערופֿן און געזאָגט: „די רעכטפֿאַרטיקייט פֿון גאָט־יתברך איז אייביק, פֿון געבירט צו געבירט. דעריבער זאָגט גאָט צום מענטש: „איך האָב דיך באַשאַפֿן אויף דער וועלט, זע צו טאָן מעשׂים טובֿים, לערן די תּורה און טו מצוות, מחמת איין מצווה ברענגט מיט זיך אַ צווייטע, און איין עבֿירה איז גורם אַ צווייטע עבֿירה“.

דערפֿאַר טאַקע זאָל יעדער איינער זוכה זײַן צו האָבן אַ קדיש, וואָס זאָל אים אויסלייזן פֿון גיהנום און אים ברענגען אין גן־עדן אַרײַן, אַזוי ווי עס איז געשען מיט אָט דעם מענטש.

מ״ב קמ״ו. — אָן מקור. — כּלה רבתי, פּרק ב. — חיבור מעשׂיות, 15. — מדרש עשׂרת הדיברות, אין יעלינעקס „בית המדרש, ז׳ 80—81, I. — אור זרוע, הלכות שבת, ב׳. פּרק ג. — עקסעמפּלאַ 212, ג׳ 134. — די מעשׂה געפֿינט זיך אויך אינעם אַלטייִדישן כ״י אין אָקספֿאָרד Can. Or. 12. — אַן ענלעכע ווערסיע פֿאַרמאָגן מיר אויך אין פּאַריזער כ״י די פּרקים Hebr. 589.

מיר האָבן דאָ בלי ספק צו טאָן מיט אַן עטיאָלאָגישער לעגענדע, צוגעטשעפּעט צו דעם נאָמען פון רבי עקיבאן, וואָס וויל דערקלערן פאַר וואָס מען זאָגט קדיש נאָך טאַטע־מאַמע. דער מנהג פון קדיש־זאָגן נאָך נפטרים, ווײַזט־אויס, איז ערשט אויפגעקומען אין דײַטשלאַנד, אין דער צײַט פון די בלוטיקע רדיפות אויף ייִדן פון די קרייצצוגן. — פּ״גל אויך: „די מעשה אין מוסר״, ז׳ 16. — די מעשה געפינט זיך אויך, הגם מיט געוויסע שינויים, אינעם פּאַריזער כ״י די פּרקים, ג׳ 22, 589.

## 33 די זיבן גוטע יאָר

אַ מעשׂה שהיה. עס איז אַ מאָל געווען אַ ייִד אַ צדיק, איז ער, נעבעך, געוואָרן אַ יורד. ער האָט אַלצדינג, וואָס ער האָט געהאַט, פֿאַרלוירן און איז צום סוף געוואָרן בדיל הדל. עס איז אים געווען אַזוי שלעכט, אַז ער האָט זיך געמוזט פֿאַרדינגען פֿאַר אַ קנעכט און אַרבעטן פֿאַר די שטאָטלײַט אויפֿן פֿעלד. האָט זיך געטראָפֿן, אַז איין מאָל, בשעת ער האָט געאַקערט אַ פֿעלד, האָט זיך צו אים באַוויזן אליהו הנבֿיא און צו אים געזאָגט: „עס איז דיר באַשערט צו האָבן זיבן גוטע יאָר. ווען ווילסטו זיי האָבן? ווילסטו זיי האָבן איצט אָדער אויף דער עלטער?״. — ענטפֿערט אים דער אָרעמאַן: „לאָז מיך צו רו. דו ביסט אַ מכשף. איך האָב דיר גאָר נישט וואָס צו געבן״. אויף צו מאָרגנס איז אליהו הנבֿיא ווידער געקומען און גערעדט צו אים פּונקט אַזוי ווי נעכטן. האָט אים דער אָרעמאַן אָפּגעענטפֿערט מיט די זעלביקע רייד ווי נעכטן, מחמת ער האָט געמיינט, אַז ער מוז אים עפּעס נתנען דערפֿאַר, און אין דער אמתן האָט ער דאָך גאָר נישט פֿאַרמאָגט. אויפֿן דריטן טאָג איז אליהו הנבֿיא ווידער צו אים געקומען און געזאָגט: גאָט ברוך־הוא האָט באַפֿוילן, אַז דו זאָלסט האָבן זיבן גוטע יאָר, דעריבער זאָג זשע מיר, ווען דו וואָלטסט זיי וועלן האָבן, איצט צי אויף דער עלטער״. זאָגט צו אים דער אָרעמאַן: „איך בעט דיך, לאָז מיך צו ערשט גיין אַהיים און מיך מיישבֿ זײַן מיט מײַן ווײַב״. איז ער, על־כּן, אַוועק צו

זיך אַהיים און דערציילט זײַן ווײַב אַלצדינג, וואָס האָט זיך מיט אים געטראָפֿן, ווי אַזוי עס איז צו אים געקומען אַן אַלטער מאַן עטלעכע מאָל און אים געזאָגט, אַז עס זײַנען אים באַשערט זיבן גוטע יאָר און ווען ער וויל זיי האָבן. „דערפֿאַר, מײַן ליב ווײַב, קום איך צו דיר אַהיים, כּדי דיך צו פֿרעגן, וואָס מיר זאָלן טאָן“. זאָגט זי צו אים: „מיר וועלן זיי איצט נעמען. דערפֿאַר, מײַן ליבער מאַן, גיי אַהין צו דעם אַלטן מאַן און לאָז זיי דיר איצט געבן“. הקיצור, דער אָרעמאַן איז צוריק אַרויס אויפֿן פֿעלד. באַלד איז צו אים ווידער געקומען אליהו הנבֿיא און געפֿרעגט, ווען ער וויל האָבן די זיבן גוטע יאָר. זאָגט אים דער אָרעמאַן, אַז ער וויל זיי איצט האָבן. זאָגט דערויף אליהו הנבֿיא צו אים: „גיי אַהיים און איך בין דיר מבֿטיח, אַז דו וועסט זײַן מזלדיק. נאָך אײדער דו וועסט אַרײַנקומען אין דײַן הויז וועט שוין די ברכה פֿון גאָט רוען אויף דיר“.

און אַזוי איז טאַקע געווען. בשעת די קינדער פֿון דעם אָרעמאַן האָבן געגנישטערט אין אַ מיסטהויפֿן האָבן זיי געפֿונען אַ מטמון מיט געלט, וואָס האָט געזאָלט זיי קלעקן אויף פֿולע זיבן יאָר. האָבן די קינדער צוגערופֿן זייער מוטער און איר געוויזן דעם אוצר מיט געלט. נאָך אײדער איר מאַן האָט באַוויזן אָנצוקומען אַהיים פֿון פֿעלד איז שוין זײַן ווײַב אַרויסגעלאָפֿן אים אַנטקעגן אָנזאָגן די גוטע בשׂורה. האָבן זיי ביידע געדאַנקט און געלויבט השם יתברך פֿאַר דעם גרויסן חסד, וואָס ער האָט זיי געטאָן, און געווען גאָר גליקלעך.

וואָס האָט אָבער די צדיקת געטאָן? זי זאָגט צו איר מאַן: „אָט האָט השם יתברך אונדז אין זײַן גרויסן חסד באַשערט אַזאַ אוצר, אַז מיר זאָלן האָבן גענוג צו לעבן גאַנצע זיבן יאָר. לאָמיר דערײַבער טאָן גוטס מיט דעם צו די מענטשן, געבן צדקה אין די זיבן יאָר, טאָמער וועט דערנאָך גאָט ברוך־הוא זיך איבער אונדז דערבאַרעמען און אונדז ווײַטער העלפֿן“. האָבן זיי זיך טאַקע שיין אויפֿגעפֿירט, געגעבן צדקה מיט אַ פֿולער האַנט און געטאָן אַ סך גוטס. יעדן טאָג, ווען זי האָט געגעבן צדקה, האָט זי געזאָגט צו איר

ייִנגסטן זון: „ליבער זון, פֿאַרשרײַב, וואָס מיר האָבן הײַנט צדקה געגעבן", און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

אַז די זיבן יאָר האָבן זיך דערנענטערט צום סוף, האָט זיך אליהו הנבֿיא ווידער אַ מאָל באַוויזן צו אונדזער מאַן און זאָגט אים: „עס איז געקומען די צײַט, אַז איך זאָל פֿון דיר צוריק אָפּנעמען דעם פּקדון, וואָס דו האָסט פֿון מיר באַקומען. איך וויל, על־כּן, צו־ריקנעמען דאָס געלט". ענטפֿערט אים דער מאַן: איך וועל דיר נישט צוריקגעבן דאָס געלט אָן דעם רשות פֿון מײַן ווײַב, מחמת איך האָב עס אויך נישט גענומען אָן איר רשות". אַזוי איז ער אַוועק צו זײַן ווײַב און זאָגט צו איר: „דער אַלטער מאַן איז ווידער געקומען און וויל צוריק אָפּנעמען דאָס געלט, וואָס ער האָט אונדז אַמאָל געגעבן". זאָגט זײַן ווײַב: „גיי אַהין צום אַלטן און זאָג אים, אַז אויב ער קען געפֿינען אַ פּאַסיקערן מענטשן, וואָס איז קראַנטער פֿאַר אונדז און וויל אים אָנפֿאַרטרויען דעם פּקדון, טאָ וועלן מיר אים אַלצדינג אָפּ־געבן, און זאָל ער דאָס אַוועקגעבן צו אַנדערע לײַט".

אָבער גאָט ברוך־הוא האָט זיך צוגעהערט צו איר גערעכטער טענה און געזען אירע מעשׂים טובֿים, האָט ער נאָך געטאָן פֿאַרמערן איר עשירות, אַז עס זאָל מקוים ווערן דאָס, וואָס עס שטייט אין פּסוק „והיה מעשׂה הצדקה שלום" (ישעיה ל"ב, י"ז), וואָס איז דער טײַטש, און דאָס ווערק פֿון גערעכטיקייט וועט זײַן שלום.

דער היוצא לנו מזה איז, אַז קיינער זאָל זיך נישט פֿאַרלאָזן אויף זײַן עשירות, ווײַל גאָט ברוך־הוא קען עס אַ מאָל צונעמען פֿון אים, אָבער אים אויך ווידער צוריקגעבן, אַזוי ווי דאָס איז געשען מיט אָט דעם אָרעמאַן. דער מענטש זאָל האָבן בטחון אינעם רבונו של עולם. געלויבט איז זײַן הייליקער נאָמען אין אַלע צײַטן. אָמן.

מ"ב קמ"ח. — ספר ילקוט, פרשת רות, הביא זות (!) המעשה. — ילקוט רות, תר"ז. — אַן ענלעכער וואַריאַנט אין חיבור יפה, ז' צ"ג. — מאָטיוו: דער פּקדון פֿון גאָט, וואָס ער געטרויט־אָן דעם מענטש. וואַריאַנטן פֿון דער מעשׂה אין יוסף זכאַרה ספר שעשועים, פּרק ו', און אין דער ייִדיש־פּערסישער ליטעראַטור. אויך בײַ פּרצן געפֿינען מיר דעם זעלביקן מאָטיוו. — פּ"גל אויך

מײַן מאַמר פאָלקשאַפונג און ליטעראַטור" אין די גאָלדענע קייט נ' 61 (1967), ז' 75. — אין אונדזער מעשה הערט זיך אליהו הנביא צו בײַ נאַכט צו דעם שמועס פון די געגנדז און הינער און ווייס אַזוי אַרום וואָס ער האָט צו טאָן. דער מאָטיוו פון „אונטערהערן דעם שמועס פון עופות" איז זייער פאַרשפרייט אינעם אינטערנאַציאָנאַלן פאָלקלאָר און געהער זיך אָן צו דעם קרײַז פון „פאַרשטיין דאָס לשון פון חיות און עופות". מאָטיוו — 1, B 215, B 216, N 451 און טיפּן 670.

## 34 די קלוגשאַפט פון די ירושלימער לייט

עס האָט זיך אַ מאָל געטראָפֿן, אַז מען האָט געפֿירט צוויי ייִדן אין געפֿאַנגענשאַפֿט פֿונעם באַרג כּרמל און זייער פֿאַנגער איז זיי נאָכגעגאַנגען. זאָגט איינער פֿון די געפֿאַנגענע צום אַנדערן: „פֿאַר אונדז גייט אַ קעמל, וואָס איז בלינד אויף איין אויג און טראָגט אויף זיך צוויי לאָגלען. אין איינעם איז ווײַן, אין דעם אַנדערן איז אייל. און צוויי אַנטרײַבערס גייען מיטן קעמל, איינער איז אַ ייִד און דער אַנדערער אַן ערל". אַז דער פֿאַנגער האָט געהערט די ווערטער, זאָגט ער צו זיי: „וואָס פֿאַר אַן עם קשה עורף זײַט איר, ייִדן. פֿון וואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ?". — ענטפֿערן אים די צוויי געפֿאַנגענע: „מיר וועלן דיר דאָס דערקלערן: דער קעמל האָט כּסדר געפֿרעסן דאָס גראָז אויף דער איינער זײַט פֿון וועג, נאָר וואָס ער האָט געזען מיט דעם איינעם אויג אויף דער אַנדער זײַט, ווו ער איז בלינד, האָט ער נישט אָנגערירט פֿון גראָז. והשנית, ווי אַזוי ווייסן מיר, אַז עס טראָגט אויף זיך צוויי לאָגלען, איין לאָגל מיט ווײַן און איין מיט אייל? — דאָס איז גאַנץ פּשוט. מיר באַמערקן, אַז עס איז פֿײַכט אויף ביידע זײַטן פֿון וועג, מחמת עס טריפֿט פֿון די לאָגלען. אָט זעסטו, אויף דער זײַט, ווו עס איז דער ווײַן, זײַנען די טראָפּנס פֿאַרזונקען אין דער ערד. אויף דער זײַט אָבער, ווו עס געפֿינט זיך דער אייל, זײַנען די טראָפּנס געבליבן שטיין אויבן־אויף.

אַזוי אַרום האָבן מיר זיך משער געווען, אַז עס מוז זײַן אייל. וואָס עס אי זאָבער נוגע דעם, וואָס מיר האָבן געזאָגט, אַז עס טרײַבן אָן מיטן קעמל צוויי אירע, איינער איז אַ ייִד און דער אַנדערער אַן ערל, ווען מיר דיר אויך דאָס דערקלערן. דער ערל האָט געמאַכט זײַן צורך אין מיטן וועג און דער ייִד אויף אַ זײַטנוועג". דער פֿאַנגער האָט איצט גענומען אונטעריאָגן דעם קעמל און האָט צום סוף אויסגעפֿונען, אַז עס איז אַזוי געווען, ווי די ירושלימער געפֿאַנגענע האָבן געזאָגט. אַזוינע גרויסע חכמים זײַנען אַמאָל געווען אין ירושלים און צוליב זייערע גרויסע זינד זײַנען זיי פֿאַרטריבן געוואָרן אין גלות.

מ״ב קנ״ד. — ב. גיט נישט אָן דעם מקור. — די אמסטערדאמער אויסגאַבע (1701) האָט: דאש מעשה שטיט אין רבת פון איכה. — סנהדרין, ק״ד, א׳ און ב׳. — העווי, ב׳ 11 ז׳ 214 אאַז״ו. — מאָטיוו: אַ קלוגשאַפֿטפּראָבע. — פ״גל אויך וואָלטער, Zadig, קאַפּ׳ 3.

## 35 די חכמה פון די פיר ירושלימער

אַ מעשה האָט זיך פֿאַרלאָפֿן. עס האָבן אַ מאָל זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן פֿיר ירושלימער אײַנוווינערס. בײַ נאַכט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ ייִדן, אַ גרויסן עושר. דער באַלעבאָס האָט זיי גאָר פֿײַן אויפֿגענומען און פֿאַר זיי צוגעגרייט אַ שיינע סעודה. ער האָט גיך געלאָזט ברענגען פֿלייש פֿון אַ ייִדישן קצב און ווײַן פֿון אַ ייִדישן ווײַנהענדלער. די ירושלימער געסט האָבן געגעסן און געטרונקען צוזאַמען מיטן באַלעבאָס, וואָס האָט זיך מיט זיי זייער געפֿרייט. נאָכן עסן האָט ער זײַנע געסט געוויזן די קאַמער, וווּ זיי זאָלן זיך לייגן שלאָפֿן. אַז זיי האָבן זיך געהאַט געלייגט שלאָפֿן, האָט זיך דער באַלעבאָס אַנידערגעשטעלט הינטער דער טיר פֿון זייער חדר, מחמת ער האָט געוואָלט הערן וועגן וואָס זיי ריידן. האָט ער דאָך געוווּסט, אַז די ירושלימער מענטשן זײַנען גאָר גרויסע

חכמים און עס איז דעריבער כּדאַי זיך צוצוהערן צו זייער שמועס. הערט ער טאַקע, ווי איינער זאָגט צו זײַן חבֿר: „איך ליג אין אַ בעט, וואָס איז נישט אין הימל און שטייט נישט אויף דער ערד“, מחמת דאָס בעט איז געהאַנגען אויף אַ שטריק ווי אַ הענגבעטל, אַז מען זאָל דערינען ליגן באַקוועם. טראַכט זיך דער עושר: ער האָט דעם אמת געזאָגט. דערנאָך הערט ער, ווי עס זאָגט דער אַנדערער חבֿר: „דאָס פֿלייש, וואָס מיר האָבן הײַנט געגעסן, האָט געשמעקט ממש ווי הונטפֿלייש“. זאָגט דערנאָך דער דריטער: „דער ווײַן, וואָס מיר האָבן געטרונקען, האָט געהאַט דעם ריח פֿון אַ טויטן“. זאָגט דער פֿערטער: „אונדזער באַלעבאָס איז אַ ממזר, מחמת זײַן מוטער האָט אים געהאַט נישט מיט זײַן אמתן פֿאָטער“. זאָגט צו זיך דער באַלעבאָס: דאָס, וואָס זיי האָבן געזאָגט וועגן דער בעט, איז טאַקע אמת, איך מוז דערפֿאַר נאָך געוווויר ווערן דעם אמת וועגן די איבעריקע זאַכן.

צו מאָרגנס, אין דער פֿרי, איז ער אַוועק צום קצבֿ און זאָגט צו אים: „ליבער, זאָג נאָר, וואָס פֿאַר אַ פֿלייש האָסטו מיר נעכטן געשיקט מיט מײַן משרת?“ — ענטפֿערט דער קצבֿ: „וואָס פֿאַר אַ פֿלייש זאָל איך דיר האָבן געשיקט? איך האָב דיר געשיקט אַ גוט שטיקל שאָפֿנפֿלייש“. זאָגט יענער ווידער צו אים: „פֿון וואַנען האָסטו גענומען דאָס פֿלייש?“ ענטפֿערט דער קצבֿ: „איך וועל דיר זאָגן דעם אמת: „איך האָב געהאַט אַ שעפּס, וואָס האָט זיך געשעפּסלט און איז דערנאָך געפּגרט. האָב איך גראָד געהאַט אַ הונט, וואָס האָט געהאַט יונגע הינטעלעך, האָב איך דאָס יונגע שעפּסעלע געלאָזט זייגן אַ שטיקל צײַט בײַ דער הינטיכע. בשעת דו האָסט געשיקט צו מיר נאָך פֿלייש, האָב איך גראָד נישט געהאַט קיין גרייט פֿלייש. האָב איך שנעל געשאָכטן דאָס שעפּסל און עס דיר געשיקט“. טראַכט זיך דער באַלעבאָס: דער אַנדערער גאַסט האָט אויך אמת געזאָגט. איך מוז ווײַטער גיין. אַזוי איז ער אַוועק צום ווײַנהענדלער און זאָגט צו אים: „ליבערווירט, וואָס פֿאַר אַ ווײַן האָסטו מיר דאָס נעכטן געשיקט?“ — ענטפֿערט דער ווירט: „איך האָב דיר געשיקט אַ

גוטן ווײַן". פֿרעגט אים אָבער דער באַלעבאָס: „פֿון וואַנען האָסטו אים גענומען?" — זאָגט יענער: „איך וויל דיר דאָס דערקלערן. בשעת דו האָסט צו מיר געשיקט נאָך ווײַן, האָב איך גאָר נישט געהאַט אַחוץ אַ פֿעסל ווײַן, וואָס איך האַלט צום גדעכעניש פֿון מײַן פֿאָטער. נאָך זײַן טויט האָב איך געפֿלאַנצט אויף זײַן קבֿר אַ שטענגל ווײַנטרויבן און וואָס פֿאַר אַ ווײַן די טרויבן גיבן מיר — גיס איך אַרײַן אינעם פֿעסל, וואָס איך האַלט צום אָנדענק פֿון מײַן פֿאָטער. אַז דו האָסט צו מיר געשיקט נאָך ווײַן און איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדערן, האָב איך דיר צו ליב געשיקט פֿון אָט דעם פֿעסל". טראַכט זיך דער באַלעבאָס: אויך דער דריטער גאַסט איז געווען גערעכט. אָבער איך וויל נאָך מער געוווּיר ווערן. על־כּן, איז ער אַוועק צו זײַן מוטער און מאַכט צו איר: „מײַן ליבע מאַמע, זאָג מיר, איך בעט דיך, ווער איז געווען מײַן אמתער טאַטע אָדער ווע־מענס זון בין איך טאַקע?" — ענטפֿערט אים די מוטער: „אײַ, נאַ־רעלע, צוליב וואָס פֿרעגסטו דאָס? דו ביסט מײַן זון און איך האָב דיך געהאַט מיט דײַן טאַטן". מאַכט ער אָבער ווידער צו דער מו־טער: „אויב דו וועסט מיר ניט זאָגן דעם ריינעם אמת, וועסטו שטאַרבן פֿון מײַן האַנט", און בשעת מעשׂה האָט ער אַרויסגעצויגן די שאַרף פֿון זײַן שווערד און זעצט זי איר אויף דער ברוסט. דע־מאָלט זאָגט אים די מוטער: „מײַן זון, איך וועל דיר זאָגן דעם גאַנצן אמת. מיט דעם מאַן, וואָס איך האָב געהאַט, האָב איך נישט גע־קענט האָבן קיין קינדער. טאָמער וואָלט ער געשטאָרבן אָן קינדער, אַזוי וואָלט איך געבליבן אָן אַ פּרוטה. לכן, בין איך אַוועק צו אַן אַנדער מאַן, מיט וועם איך האָב דיך געהאַט. אויף אַזאַ אופֿן איז דאָס פֿאַרמעגן פֿאַרבליבן בײַ מיר". אַז דער באַלעבאָס האָט דאָס געהערט, מאַכט ער צו זיך: אויך דער פֿערטער האָט געזאָגט דעם אמת. און בשעת מעשׂה זאָגט ער צו זיך: „אויב דאָס זאָל אַזוי ווײַ־טער אָנגיין, מי יודע, צי די בני ירושלים וועלן נישט מאַכן פֿון אונדז אַלעמען לויטער ממזרים". הקיצור, קהל האָט דעמאָלט באַ־שלאָסן אַרײַנצולייגן אין חרם יעדן, וואָס וועט אַרײַננעמען צו זיך

אין הויז אַ מענטש פֿון ירושלים. דער היוצא לנו מזה איז, אַז מען זאָל זיך נישט אונטערהערן, וואָס אַנדערע ריידן צווישן זיך. וואָלט דער באַלעבאָס נישט געווען געשטאַנען הינטער דער טיר, וואָלט ער נישט געווען געהערט, וואָס די ירושלימער לײַט ריידן צווישן זיך.

מ״ב קנ״ה. — ב. דאש מעשה שטיט אים רבות פון איכה. — אמסטער־דאַם (1701) אָן מקור. — איכה רבתי א, ה׳. — אויך דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ ווײַט פאַרשפּרייטן מאָטיוו פון דער קלוגשאַפט־פּראָבע. — דער דאָ־זיקער קלוגשאַפט־מאָטיוו איז אַריבער אין דער וועלט־ליטעראַטור און מיר געפינען אים אין די אַראַבישע מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט, אין דער מיטל־עלטערלעכער נאָוועלן־זאַמלונג `Cento Novelle Antiche און אין וואָלטערס זאַדיג.

## 36 רבי יוסי לייזט־אויס זיינע קינדער פון געפאַנגענשאַפט

אַ מעשׂה האָט זיך אַ מאָל געטראָפֿן מיט רבי יוסי בן קימחה. זײַנע צוויי קינדער זײַנען פֿון אַ שׂר, אַ גרויסער אַכזר, גענומען גע־וואָרן אין געפֿאַנגענשאַפֿט אין ירושלים. איז זייער פֿאָטער, רבי יוסי, צו זיי געקומען און געזאָגט: „מײַנע ליבע קינדער, זײַט נישט געפֿאַלן בײַ זיך. איך וועל אַלץ טאָן אײַך אויסצולייזן פֿון דער גע־פֿאַנגענשאַפֿט. זײַט אָבער געוואָרנט און טוט קיינעמען נישט אָן קיין בייז״. דערנאָך איז ער אַוועק צו דעם שׂר, דעם רשע־מרושע, און זאָגט צו אים: „ליבער האַר, לאָז מיר אויסלייזן מײַנע צוויי קינדער; איך וועל דיר דערפֿאַר באַצאָלן הונדערט גילדן״. ענטפֿערט אים דער שׂר: „ניין, איך וויל דאָס נישט טאָן״. איז רבי יוסי פֿון אים אַרויסגעגאַנגען אַ צעבראָכענער און, אויפֿהייבנדיק זײַנע אויגן צום הימל, זיך ביטער צעוויינט. אין הימל האָט זײַן געוויין אָנגעמאַכט אַ גרויסן רעש און באַלד האָט פֿון דאָרט אַראָפּגענידערט דער מלאך

מיכאל און דעם שׂר מעניש געווען מיט שווערע יסורים. אַז זײַנע יועצים האָבן געזען די ביטערע יסורים, וואָס ער לײַדט אין זײַן הינטערשטן חלק, זאָגן זיי צו אים: „ אֲדוני, האָסטו אפֿשר מצער געווען דעם פֿרומען ייִדן?“ — ענטפֿערט ער זיי: „יאָ“. זאָגן זײַנע יועצים ווידער: „אויב אַזוי, האָט דיך טאַקע גאָט געשטראָפֿט. רבי יוסי איז אַ ייִד אַ קדוש און גאָט דער אַלמעכטיקער האָט זיך צוגעהערט צו זײַן תּפֿילה און דיר דערפֿאַר צוגעשיקט אָט די פּלאָגן“. באַלד דערנאָך האָט דער שׂר געשיקט נאָך רבי יוסין און אַזוי באַלד ווי ער האָט נאָר באַטראָטן זײַן שוועל, האָבן די יסורים אויפֿגעהערט. זאָגט דער שׂר צו רבי יוסין: „גיב מיר די הונדערט גילדן אַהער און נעם דיר צו דײַנע קינדער“. ענטפֿערט רבי יוסי: „איך האָב שוין אינצווישן אויסגעגעבן פֿון דעם געלט צוואַנציק גילדן און איך האָב נישט מער ווי אַכציק גילדן. נעם זיי פֿון מיר און גיב מיר צוריק מײַנע קינדער“. אַז דער שׂר האָט דאָס געהערט, איז ער געוואָרן מלא חמה און שרײַט צו זײַנע באַדינערס: „הייסט אים אַרויסגיין פֿון דאַנען, אַנישט וועל איך אים אויך לאָזן תּפֿסענען און אײַנזעצן בײַ זײַנע קינדער“. אַזוי איז רבי יוסי ווידער אַרויס פֿונעם שׂר.

אַזוי באַלד ווי רבי יוסי איז אַרויס אין דרויסן, האָבן די יסורים אָנגעהויבן צו פּלאָגן פֿון דאָס נײַ דעם שׂר. רופֿט ער צו זײַנע יועצים: „גייט און הייסט אים ווידער אַרײַנקומען“. אַז ער איז ווידער אַרײַנגעקומען, האָבן די יסורים זיך באַלד אָפּגעשטעלט. זאָגט דער שׂר צו רבי יוסין: „גיב מיר די אַכציק גילדן און נעם דיר די צווי קינדער אַהיים“. זאָגט רבי יוסי צו אים: „איך וועל דיר נאָר געבן זעכציק גילדן“, היות ער האָט געזען בחוש, אַז די יסורים פּײַניקן אים זייער, און כּל־זמן ער איז בײַ אים, לאָזן זיי אים נישט אָפּ. האָט טאַקע רבי יוסי געוואָלט אים נאָך מער פּײַניקן. זאָגט צו אים דער שׂר: „אויב אַזוי, גיב מיר אַהער די זעכציק גילדן“. ענטפֿערט אים רבי יוסי: „איך וועל דיר נאָר געבן פֿערציק גילדן“. לסוף זאָגט צו אים דער שׂר: „נעם דיר דײַנע קינדער און גיי! איך וויל

פֿון דיר נישט האָבן קיין אויסלייזגעלט, מחמת איך זע דאָך שוין, אַז איך וועל פֿון דיר נישט האָבן קיין מנוחה". דעמאָלט האָט רבי יוסי געטאָן אַ שבֿועה און געזאָגט: „איך וועל פֿון דאַנען נישט אַוועקגיין, ביז דו וועסט מיר נישט באַצאָלן פֿאַר די צײַט, וואָס דו האָסט געהאַלטן מײַנע קינדער אין געפֿאַנגענשאַפֿט און זיי זײַנען נישט געווען בכּוח צו פֿאַרדינען אויף זייער חיונה". הכּלל, זיי האָבן געמאַכט דעם חשבון, אַז די קינדער וואָלטן געקענט אין דער צײַט פֿון זייער געפֿאַנגענשאַפֿט פֿאַרדינען אויף פּרנסה אַכציק גילדן, און דאָס קומט אים אויך. אויב נישט, וועט דער שׂר נישט האָבן קיין מנוחה פֿון די יסורים. הקיצור, דער רשעותדיקער שׂר האָט נאָך צום סוף געמוזט רבי יוסין צוצאָלן די אַכציק גילדן און געלאָזט זײַנע קינדער גיין אַהיים בשלום.

מ"ב קנ"ו. — דאָס מעשה שטייט אין ספר המוסר. — כלץ, ספר המוסר כ"ח, ב'.

## 37 אליהו הנבֿיא און די דריי זין

אַ מעשׂה שהיה. עס איז אַ מאָל געווען אַ פֿרומער ייִד, וואָס איז געווען אַ זקן מופֿלג. אַז עס איז געקומען זײַן צײַט צו שטאַרבן, האָט ער צוואה געטאָן זײַנע דרײַ זין, אַז זיי זאָלן זיך קיין מאָל מיט אַנאַנד נישט אַרומקריגן, מחמת קריגערײַ ברענגט צו אַ שבֿועה, און ער האָט זײַן גאַנץ לעבן קיין מאָל נישט געשווירן. אַז ער איז דערנאָך געשטאָרבן, האָט ער זײַנע זין איבערגעלאָזט בירושה אַ שיינעם גאָרטן מיט שמעקעוודיקע געווירצן, וואָס זיי האָבן געמוזט היטן פֿון גנבֿים. אין דער ערשטער נאַכט האָט געהיט דעם גאָרטן דער עלטסטער זון. איז צו אים געקומען אליהו הנבֿיא און פֿרעגט בײַ אים: „מײַן זון, וואָס באַגערסטו צו לערנען? ווילסטו קענען כּל התּורה כּולה אָדער ווילסטו האָבן עשירות? אָדער אפֿשר ווילסטו גאָר האָבן אַ שיין ווײַב?" — ענטפֿערט ער אים: „איך וויל

האָבן עשירות״. האָט אים אליהו הנביא געגעבן אַ מטבע און דער־פֿון איז ער דערנאָך געוואָרן אַ גרויסער עושר.

אין דער צווייטער נאַכט האָט געהיט דעם גאָרטן דער מיטל־סטער זון. איז צו אים געקומען אליהו און פֿרעגט אים אויך, וואָס אַזוינס ער באַגערט. ענטפֿערט ער אים: „איך וויל לערנען תּורה״. האָט אים אליהו הנביא געגעבן אַ ספֿר און אַזוי האָט ער באַלד געקענט כּל התּורה כּולה.

די דריטע נאַכט האָט דער ייִנגסטער זון געהיט דעם גאָרטן. איז ווידער אַ מאָל געקומען אויך צו אים אליהו הנביא און פֿרעגט, וואָס ער באַגערט. האָט ער געענטפֿערט, אַז ער וואָלט וועלן האָבן אַ שיין ווײַב. זאָגט צו אים אליהו הנביא: „אויב אַזוי, וועסטו מוזן מיט מיר אַרויס אין דער וועלט און איך וועל דיר געבן אַ שיין, פֿרום ווײַב. הקיצור, זיי האָבן זיך ביידע באַלד געלאָזט אין וועג אַרײַן. די ערשטע נאַכט זײַנען זיי אײַנגעשטאַנען אין אַ האַרבעריק, בײַ איינעם אַ באַלעבאָס, וואָס איז געווען אַ גרויסער רשע. אין דער נאַכט הערט אליהו הנביא, ווי די הינער מיט די גענדז ריידן מיט אַנאַנד אָט אַזוי: „מיט וואָס האָט זיך דאָס דער בחור אַזוי פֿאַרזינ־דיקט, אַז ער זאָל מוזן נעמען פֿאַר אַ ווײַב די טאָכטער פֿון באַלע־באָס? זיי טויגן צו גאָר נישט און דערצו דינען זיי נאָך די עבֿודה־זרה״. אַז אליהו הנביא האָט דאָס געהערט, האָט ער די רייד פֿאַר־שטאַנען און איז ווײַטער געגאַנגען זײַן וועג. די אַנדערע נאַכט האָבן זיי ווידער איבערגענעכטיקט אין אַ האַרבעריק און געהערט, ווי אין דער נאַכט שמועסן די הינער מיט די גענדז צווישן זיך: „מיט וואָס האָט זיך דאָס דער בחור פֿאַרזינדיקט, אַז ער זאָל נעמען די טאָכ־טער פֿונעם באַלעבאָס פֿאַר אַ ווײַב. זיי זײַנען אַלע לויטער רשעים און דינען צו דער עבֿודה־זרה״. צו מאָרגנס זײַנען זיי אויפֿגעשטאַ־נען און זיך ווײַטער געלאָזט אין וועג אַרײַן. די דריטע נאַכט זײַנען זיי אײַנגעשטאַנען בײַ אַ באַלעבאָס, וואָס האָט געהאַט אַ טאָכטער אַ גרויסע יפֿה־פֿיה. אין דער נאַכט הערט אליהו הנביא, ווי די הינער שמועסן מיט די גענדז: „וואָס פֿאַר אַ זכיה האָט דאָס

דער בחור, אַז ער זאָל באַקומען אַזאַ שיין, געראָטן און פֿרום ווײַב? זײַנען זיי דאָך אַלע אין דעם הויז לויטער צדיקים, אמתע יראים און שלמים". באַלד אין דער פֿרי איז אליהו הנבֿיא אויפֿגעשטאַנען און גערעדט אַ שידוך דער טאָכטער פֿונעם באַלעבאָס מיטן בחור. זיי האָבן טאַקע באַלד דערנאָך חתונה געהאַט און זײַנען בשלום ווידער געקומען אַהיים. דאָס האָט אים השם יתברך געגעבן, ווײַל ער האָט געהאַלטן די צוואה פֿון זײַן פֿאָטער. דעריבער זאָל יעדער אייבער די צוואה פֿון זײַן פֿאָטער האַלטן, אַזוי וועט ער זיך אין פֿריידן עלטערן.

מ"ב קנ"ז. — אָן מקור. — אײַזענשטיין, אוצר המדרשים, ז' 342. — עקסטעמפּלאַ, ז' 248, נ' 355. — גרינבוים, ז' 416.

## 38 אַן עלילת־דם אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל

אַ מעשׂה איז געשען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דאָרט האָבן די טערקן פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די יהודים האָבן ממית געווען אַ טערק. האָבן זיי געטראַכט צו מאַכן אויף די ייִדן, חס־ושלום, אַ ביטערע גזירה, ווי דאָס איז, בעוונותינו הרבים, אָפֿט פֿאָרגעקומען, אַז מען האָט געמאַכט אויף די ייִדן אַן עלילת־דם און זיי דערנאָך אַלע אויסגעקוילעט. דעמאָלט האָט דער מלך פֿון די טערקן געשיקט נאָך די ייִדן און, אַז זיי זײַנען צו אים געקומען, זאָגט ער צו זיי: „מײַנע ליבע, זאָגט מיר דעם טײַטש פֿון פּסוק אין תהילים „הנה לא ינום ולא יישן שומר ישׂראל" (תהילים קכ"א, ד'). נו, האָבן די ייִדן געענטפֿערט, אַז דאָס מיינט: עס דרימלט נישט און עס שלאָפֿט נישט דער היטער פֿון ישׂראל, אַז גאָט ברוך־הוא, וואָס איז דער היטער פֿון זײַן פֿאָלק, שלאָפֿט נישט און דרימלט נישט. דער פּשט דערפֿון איז, אַז בײַ גאָט, געלויבט איז זײַן נאָמען, איז ניט שײַך קיין דרעמלען אָדער שלאָפֿן. ער היט זײַן פֿאָלק פֿון אַל דאָס בייז. ענטפֿערט זיי דער מלך: „ניין. דער פּשט פֿון פּסוק איז אַזוי: הקדוש ברוך־

הוא, דער היטער פֿון פֿאָלק ישׂראל, לאָזט אַנדערע ניט שלאָפֿן, כּדי צו באַהיטן זײַן פֿאָלק פֿון די גויִים און אַנדערע רשעים. אָט, זעט אַליין! די פֿאַריקע נאַכט האָב איך נישט געקענט אײַנשלאָפֿן, אַזוי בין איך אויפֿגעשטאַנען פֿון מײַן געלעגער און צוגעגאַנגען צום פֿענצטער. גראָד האָט די לבֿנה געשײַנט זייער העל און איך האָב געקענט זען אַלץ, וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס. מיט אַ מאָל האָב איך געזען, ווי צוויי לײַט גייען איבער דער גאַס און שלעפּן אויף זייערע פּלייצעס אַ פּגר. האָב איך גיך נאָכגעשיקט צוויי פֿון מײַנע באַדינערס, וואָס זאָלן זען, וווּהין זיי טראָגן דעם הרוג. האָבן זיי געזען, ווי זיי וואַרפֿן אים אַרײַן אין אַ הויז פֿון אַ ייִדן. איצט גייען זיי מאַכן אַן עלילת־דם אויף די ייִדן, אַז זיי האָבן געקוילעט אַ גוי און ווילן, חס־ושלום, נקמה נעמען אין אַלע ייִדן. וואָלט איך אָבער געווען געשלאָפֿן און דאָס אַליין נישט געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן, דעמאָלט וואָלט איך פֿאַרגאָסן אומשולדיק בלוט און געלאָזט אויסהרגענען אַלע יהודים. דעריבער האָט גאָט, געלויבט איז זײַן הייליקער נאָמען, דער היטער פֿון ישׂראל, מיך נישט געלאָזט אײַנשלאָפֿן, כּדי איך זאָל די דאָזיקע מעשׂה־רע זען מיט מײַנע אייגענע אויגן. דעריבער טאַקע וועט אײַך גאָר נישט פּאַסירן".

דער מלך האָט דערנאָך נקמה גענומען אין די רוצחים, וואָס האָבן אַרײַנגעוואָרפֿן דעם הרוג אינעם הויז פֿון ייִד און די ייִדן זײַנען דאָס מאָל ניצול געוואָרן פֿון המון. הקדוש ברוך־הוא זאָל אונדז אויך ווײַטער אָפּהיטן פֿון אַל דאָס בייז. אָמן סלה.

מ"ב קפ"ה (ב. קפ"ד). — אָן מקור. — שלשלת הקבלה, מ"ט, ב. — מאָטיוו: גאָט באַהיט זײַן פֿאָלק פֿון אַל דאָס בייז.

## 39 רבי עקיבֿא און די פּערל

די מעשׂה שטייט אין אַ מדרש. עס איז געשען אין די טעג פֿון רבי עקיבֿא. אַ מאָל איז רבי עקיבֿא געזעסן אין דער שול און גע־

האַלטן אין זײַן האַנט אַ פּערל, וואָס איז ווערט געווען אַ סך געלט. בשעת ער איז אַזוי געזעסן מיט דער פּערל אין דער האַנט האָט זיך גראָד דאָרט אויך געפֿונען אײנער, וואָס איז געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, אַז די לײַט האָבן געמיינט, ער האָט נישט קיין פּרוטה בײַ דער נשמה. און געזעסן אין שול איז ער טאַקע צווישן די אָרע־מע לײַט, אַזוי אַז מען האָט געמיינט, ער איז אַ גרויסער אבֿיון. אַז ער האָט אָבער דערזען די פּערל אין רבי עקיבֿאס האַנט, פֿרעגט ער אים, אויב ער וואָלט זי נישט וועלן פֿאַרקויפֿן, און בשעת מעשׂה פֿאַרבעטן רבי עקיבֿאן צו זיך אַהיים. רבי עקיבֿא האָט זיך געלאָזט איבעררײדן און איז מיט אָט דעם אָפּגעשליסענעם בן־אָדם אַהיים געגאַנגען. פֿאָרויס איז געגאַנגען רבי עקיבֿא און נאָך אים זײַנע תּלמידים, ביז זיי זײַנען צוגעקומען צו יענעמס הויז. אַז זיי זײַנען דאָרטן אָנגעקומען, זײַנען אַרויס די באַדינערס מקבל פּנים זײַן דעם האַר פֿון הויז און אים אַוועקגעזעצט אויף אַ גילדענער שטול. זיי האָבן אים בשעת מעשׂה געוואַשן און געבאָדן, און דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען דאָס געלט און באַצאָלט רבי עקיבֿאן דעם פּרײַז פֿאַר די פּערל. בינו לבֿינו האָט ער געהייסן זײַנע משרתים, אַז זיי זאָלן אָנטאָן רבי עקיבֿאן און זײַנע תּלמידים אַ סך כּבֿוד. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט אַרײַנגעטראָגן אַ טיש מיט עסנוואַרג פֿון אַל דאָס גוטס און אַוועקגעשטעלט פֿאַר די געהויבענע געסט. זיי האָבן אַלע מיט אַנאַנד געגעסן און געווען גאָר פֿריילעך.

אַז זיי האָבן געהאַט אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען, מאַכט רבי עקיבֿא צו דעם מאַן: „ליבער, גוטער פֿרײַנד. אויב גאָט ברוך־הוא האָט שוין יאָ דיך אַזוי געלײַטזעליקט און דיר באַשערט אַזוי פֿיל כּבֿוד און אַזאַ עשירות, וואָס איך האָב אָקערשט בײַ דיר געזען, פֿאַר וואָס גייסטו אַרום אין אַזעלכע צעריסענע מלבושים, האַלטסט דיך אַזוי שפּלדיק און זעצסט זיך צווישן די בלוטיקסטע אָרעמע לײַט?"—ענטפֿערט אים דער בן־אָדם: „דאָס וויל איך אײַך דער־קלערן. אין פּסוק שטייט (תּהילים קמד, ד'): „אָדם להבֿל דמה ימיו כּצל עובֿר". איז דער טײַטש: אַ מענטש איז געגליכן צו אַ הויך,

זײַנע טעג זײַנען ווי אַ שאָטן וואָס פֿאַרגייט. אָט דאָס איז, מישטיינס געזאָגט, דער מענטש. הײַנט איז ער דאָ און מאָרגן שוין נישטאָ. אויב איינער איז שוין הײַנט רײַך, קען ער מאָרגן, חס־ושלום, אַלצ־דינג אָנווערן. ניכּר, אַז די וועלט איז אַ גלגל החוזר, זי דרייט זיך כּסדר. הײַנט איז איינער רײַך און מאָרגן ווערט ער פֿאַראָרעמט. דערפֿאַר האָב איך מיר געטראַכט, איך וועל בעסער זיצן צווישן די אבֿיונים, כּדי מיך נישט איבערצונעמען מיט מײַן עשירות. אַדרבא, אויב איך וועל מיך גרויס האַלטן און אַוועקזעצן אויבן אָן און טאָ־מער וועט מיך הקדוש ברוך־הוא שטראָפֿן און מיך אָרעם מאַכן, וועל איך שוין סײַ ווי מוזן זיצן פֿון הינטן צווישן די קבצנים. בלײַב איך שוין ליבערשט זיצן אויף מײַן שטאָט. און נאָך מיין, טײַערער רבי: פֿאַר וואָס זאָל איך מיך טאַקע גרויס האַלטן? אפֿשר צוליב מײַן געלט? האָבן מיר דאָך אַלע איין גאָט, געלויבט איז זײַן נאָמען, וואָס האָט אונדז אַלעמען באַשאַפֿן, טאָ פֿאַר וואָס זאָל זיך איין מענטש האַלטן גרעסער פֿאַרן אַנדערן? ער פֿאַרזינדיקט זיך נאָר מיט דעם און צום סוף פֿאַלט ער אַרײַן אין שאול־תּחתּיה. גאָט ברוך־הוא האָט פֿײַנט די וואָס גרייסן זיך מיט זייער עשירות. זיץ איך צווישן די אָרעמע לײַט, אַזוי ווייס איך, וואָס עס פֿעלט בײַ זיי אין דער היים".

אַז רבי עקיבֿא האָט געהערט די דאָזיקע שיינע רייד, איז אים דאָס זייער געפֿעלן געוואָרן. ער האָט געלויבט דעם מאַן פֿון וועגן זײַן צניעותדיקייט און אים געבענטשט. דערנאָך זאָגט ער צו אים: „דו ביסט אין גאַנצן אַנדערש ווי די אַנדערע מענטשן. אויב איינער האָט אַצינד געלט, גייט ער אַרום מיט אַ פֿאַרריסענעם קאָפּ און פֿאַרזינ־דיקט זיך מיט דעם. דערפֿאַר קומט, בעוונותינו הרבים, אָפֿט מאָל פֿאָר, אַז דאָס עשירות בלײַבט נישט בײַ אים".

דערפֿאַר, איר ליבע לײַט, זעט וואָס די מעשׂה באַטײַט. האָט שוין איינער אַ סך געלט, זאָל ער עס אַוועקטאָן אין אַ זײַט און זיך נישט האַלטן גרויס צו די לײַט. אָט אַזוי ווי דער מאַן האָט אויך

געטאָן. ער האָט זיך געהאַלטן זייער שפּלדיק און איז דערבײַ געווען אַ גרויסער עושר און געטאָן אַ סך גוטס צו אָרעמע לײַט.

מ״ב קפ״ו (ב. קפ״ה). — מעשה שטיט אין איינם מדרש. — ספר המוסר ז׳ כ״ו, א. — פון מ״ב האָט אויך איבערגענומען די מעשה דאָס ספר שמחת הנפש, ז׳ ל״ג, א. — מאָטיוו: די עניוות פונעם פרומען עושר.

## 40 דער שד ווי אַ רופא

אַ מעשׂה איז אַ מאָל געשען מיט אַ ייִדן, וואָס האָט זיך געלאָזט פֿאַרפֿירן פֿון דער עבֿודה־זרה. דער ייִד איז, לא עלינו, געווען אַ לאָמער און נישט געקענט גיין. אַ מאָל האָט ער געהערט, אַז אין אַ געוויסער שטאָט דרייט זיך איינער אַרום, וואָס אויב ער שמירט אײַן מיט אַזאַ זאַלב די לאָמע, מאַכט ער זיי גראָד, די בלינדע זעעוודיק און אַלע אַנדערע חולאים ווערן ווידער באַלד געזונט. אַזוי זאָגט ער צו זיך. ער וואָלט אויך וועלן דאָרט אַהינגיין, אפֿשר וועט ער דאָרט געפֿינען אַ היילונג פֿאַר זײַן קרענק. אָבער דער חבֿרה־מאַן, וואָס האָט געהיילט דעם עולם קראַנקע, איז געווען אַ שד, זאָל אונדז גאָט אָפּהיטן. איז דער ייִד אַוועק אין יענער שטאָט און, אָנקומענדיק דאָרטן, האָט ער געזען, ווי איינער גייט־אַרום בײַ נאַכט און היילט קראַנקע. דער שד איז אויך צוגעקומען צו אים און געפֿרעגט, וואָס ער באַגערט. ענטפֿערט ער אים: „איך בין אַ ייִד און האָב געהערט, אַז דו מאַכסט די חולאים געזונט און אַלע לאָמע קענען ווידער גיין. בין איך, על־כּן, צו דיר געקומען, אַז דו זאָלסט אויסהיילן מײַן קרומען פֿוס״. זאָגט יענער צו אים: „ווייסטו גאָר נישט ווער איך בין? איך בין אַ שד און פֿאַרשטעל מיך פֿאַר אַ רופֿא, כּדי צו פֿאַרפֿירן די גויִים, וואָס מיינען, אַז די עבֿודה־זרה האָט זיי געהיילט, נאָר אין דער אמתן זײַנען זיי פֿאַרלוירענע. אַצינדער איז אויך געקומען דײַן צײַט, אַז דו זאָלסט ווערן געזונט. היות ווי דו האָסט דיך אָבער געלאָזט פֿאַרפֿירן פֿון דער עבֿודה־זרה, האָט גאָט

ברוך־הוא אויף דיר גוזר געווען פֿון דאָס נײַ, אַז דו זאָלסט בלײַבן אַ לאָמער דײַן גאַנץ לעבן".

דערפֿאַר זאָל זיך קײנער נישט לאָזן פֿאַרפֿירן פֿון דער עבֿודה־זרה, נאָר האָבן אמונה אין גאָט, געלויבט איז זײַן הייליקער נאָמען.

מ"ב קצ"א (ב. ק"צ). — אָן מקור. — מדרש עשרת הדיברות, ב. א'. — עקסעמפּלאַ, ז' 236, נ' 307, „דער שד אין בוים". — עקס', ז' 251, נ' 376, „דער שד און דער ייִד". — פּ"גל אויך דעם אינדישן מאָטיוו אין פּאַנטשאַ־טאַנטראַ, II, ז' 321.

## 41 רבי און אַנטונינוס

אַ מעשׂה. עס האָט זיך אַ מאָל געטראָפֿן, מלכות האָט גוזר גע־ווען, אַז ייִדן טאָרן נישט מל זײַן זייערע קינדער. איז גראָד צו דער זעלביקער צײַט געבוירן געוואָרן אַ זון בײַ רבי שמעון בן־גמליאל. דאָס איז געווען דער זון, וואָס די וועלט האָט שפּעטער אים גערופֿן רבינו הקדוש. האָט רבן שמעון בן־גמליאל געזאָגט: „הקדוש ברוך־הוא האָט אונדז געגעבן די מצווה פֿון מילה, אַז מיר זאָלן זי אָפּהיטן, מחמת גאָטס הייליקער נאָמען האָט מיט דעם געהייליקט צום ערשטן מאָל אַבֿרהם אָבֿינו. הײַנט, אויב דאָס מלכות האָט אויף אונדז גוזר געווען, אַז מיר טאָרן נישט אָפּהיטן די מצווה פֿון מילה, זאָלן מיר אפֿשר מקבל זײַן אויף זיך דעם גזר־דין פֿון דעם רשעותדיקן מלך און נישט מל זײַן אונדזערע קינדער? עס איז גלײַכער, אַז מיר זאָלן אָפּהיטן די מצווה פֿון מילה, וואָס השם יתברך אַליין האָט אונדז געבאָטן, איידער זיך בייגן אונטערן יאָך פֿון מלכות, אַפֿילו ווען עס זאָל קאָסטן אונדזער חיות". אַזוי איז דער פֿאָטער אַוועק און גע־ייִדישט דאָס קינד, ווי גאָט ברוך־הוא האָט עס געבאָטן.

אין דער זעלביקער שטאָט איז גראָד געווען אַ הגמון, וואָס איז געווען דער ממונה פֿון מלכות אַכטונג צו געבן, אַז ייִדן זאָלן נישט מל זײַן זייערע קינדער. אויב איינער וועט אָבער יאָ ייִדישן זײַן

קינד, דעמאָלט זאָל ער סײַ דעם פֿאָטער און סײַ דאָס קינד אַרויס־שיקן צום מלך, וואָס וועט זיי מקיים פּסק זײַן און לאָזן טייטן. אַז דער הגמון איז געוווּיר געוואָרן די מעשׂה פֿון רבן שמעון בן־גמליאל, האָט ער אים געלאָזט רופֿן צו זיך און צו אים אַזוי געזאָגט: „דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז דער מלך האָט גוזר געווען נישט צו לאָזן מל זײַן די קינדער. דו האָסט עובֿר געווען אויף דעם געבאָט פֿון מלך און געלאָזט ייִדישן דײַן קינד. היתּכן?" — ענטפֿערט אים רבן שמעון בן־גמליאל: „עס איז אמת, אַז איך האָב געלאָזט מל זײַן מײַן קינד. עס איז פֿאַר מיר בילכער אָפּצוהיטן דאָס געבאָט פֿון גאָט דעם אַלמעכטיקן, וואָס האָט באַשאַפֿן הימל און ערד, איידער חלילה צו פֿאַרשוועכן זײַנע מצוות און אויספֿירן דעם באַפֿעל פֿון קיניג, וואָס איז דאָך נאָר אַ בשׂר־ודם, אַ מענטש פֿון פֿלייש און בלוט". זאָגט צו אים דער הגמון: „דו האָסט גערעדט צו דער זאַך. אַוודאי איז אַזוי בילכער. איך ווייס, אַז דו ביסט אַ גוטער ייִד און איך האָב באמת רחמנות אויף דיר און וואָלט דיר נישט וועלן טאָן קיין שום שלעכטס, מחמת דו ביסט דאָך אויך דער ראש פֿון די ייִדן. אָבער וואָס קען איך טאָן, עס איז דאָך דאָס געבאָט פֿון מלך, וואָס איך מוז אָפּהיטן. די שטאָטלײַט האָבן שוין דערפֿון געהערט און איך האָב מורא, אַז טאָמער וועל איך דיך לאָזן צו רו, וועט מען מיך מסרן און איך וועל מוזן דערפֿאַר באַצאָלן מיט מײַן חיות. איך קען דיר דערפֿאַר נישט אָפּלאָזן". זאָגט צו אים רבן שמעון: „ מײַן האַר, וואָס ווילסטו מיט מיר אַזוינס טאָן?" — ענטפֿערט אים דער הגמון: „איך מוז דיך אַריבערשיקן מיטן קינד צום מלך, ער זאָל מיט אײַך טאָן, וואָס ער וויל". זאָגט צו אים רבן שמעון: „גוט, איך בין מסכּים". סײַ ווי האָט אים דער הגמון געעצהט, אַז ער זאָל שיקן די מוטער צוזאַמען מיטן קינד צום מלך, מחמת דאָס קינד קען נישט אויסקור־מען אָן דער מאַמען. הקיצור, די גוטע מוטער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן מיטן קינד.

אונטערוועגס האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין אַ האַרבעריק אי־בער נאַכט. וואָס טוט גאָט? האָט זיך פּונקט געטראָפֿן, אַז די ווירט־

פֿרוי איז צו יענער צײַט געלעגן געװאָרן מיט אַ ייִנגל. דאָס קינד האָט געהייסן אַנטוניבוס און איז געװען דער זון פֿון אַסוירוס. אַז די פֿרוי פֿון רבן שמעון איז אָנגעקומען מיט איר ייִנגל צו דער װירטין, פֿרעגט זי זי װאָס זי האָט בדעה צו טאָן מיטן קינד און װוּהין זי גייט. „װײַל װי איך זע, מאַכט יענע צו איר, זײַט איר דאָך ערשט נאָך דער קימפּעט". האָט זי איר דערציילט די גאַנצע מעשׂה, װאָס עס האָט מיט איר פּאַסירט: אַז זי מוז איצט גיין צום מלך, מחמת זי האָט געלאָזט מל זײַן איר קינד, און זי האָט טאַקע שטאַרק מורא, אַז זי מיט איר קינד װעלן, חלילה, מוזן דערפֿאַר באַצאָלן מיטן לעבן. זאָגט צו איר די װירטין: „פֿאָלג מיך, װעל איך דיר געבן אַ גוטע עצה. נעם מיט דיר מיט מײַן קינד, װאָס איז נישט געמלט, און טראָג עס אַװעק צום קיניג, און לאָז בײַ מיר איבער דײַן קינד ביז דו װעסט צוריקקומען פֿון מלך. דו װעסט קענען באַװײַזן, אַז דאָס קינד איז נישט געמלט און אויף אַזאַ אופֿן ראַטעװען דיך און דײַן קינד פֿון טויט". די װערטער פֿון דער װירטין האָבן זיך איר געלייגט אויפֿן שׂכל און זי האָט אַזוי געטאָן װי יענע האָט איר געהייסן.

זי האָט, על־כּן, גענומען דאָס קינד פֿון דער װירטין און בײַ איר איבערגעלאָזט איר אייגן קינד, און דערנאָך אַװעק צום מלך. אָנקומענדיק דאָרט אַהין, האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז אויך דער הגמון איז דאָ געװען. ער איז אַרײַן צום מלך, אים מודיע צו זײַן, אַז ער האָט צו אים געשיקט אַ פֿרוי מיט איר קינד, װאָס זי האָט געלאָזט ייִדישן. איצט זײַנען זיי ביידע אַהער געקומען און דער מלך קען מיט זיי טאָן, װאָס ער װיל, װײַל זי האָט עובֿר געװען אויף דער גזירה פֿון קיניג.

באַלד דערנאָך איז די פֿרוי אַרײַנגעקומען צום קיניג. פֿרעגט ער זי: „זאָג מיר, פֿאַר װאָס האָסטו עובֿר געװען אויף מײַן באַפֿעל. דו ביסט חייבֿ מיתה!" — איז די פֿרוי אַנידערגעפֿאַלן אויף אירע קני און געזאָגט: „אַל גינעדיקער קיניג! די גאַנצע מעשׂה איז אַ בילבול. אַדרבא, קוקט־אָן מײַן קינד, װעט איר באַלד אַליין זען,

צי איך בין חייב מיתה צי נישט. דער אמת איז, אַז דער הגמון איז אַ שונא־ישׂראל און טראַכט נאָר כּסדר אויס נײַע בילבולים אויף אונדז, כּדי אונדז אָנצוטאָן צרות צרורות". האָט מען אַראָפּ־גענומען די וויקעלעך פֿונעם קינד און געזען, אַז דאָס קינד איז נישט געמלט. איז דער מלך געוואָרן אין כּעס אויפֿן הגמון, וואָס האָט אים אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט. זאָגט דער הגמון צו אים: „אַדוני מלך, דאָס קינד איז יאָ געוואָרן געייִדישט. אַדרבא, פֿרעג זיך נאָך בײַ אַ טייל פֿון דײַנע דינערס, וועלן זיי דיר זאָגן דעם אמת, ווײַל זיי אַליין האָבן געזען, ווי עס איז צוגעגאַנגען". האָבן די יועצים געזאָגט צום מלך: „אַדוני מלך, מיר ווייסן אויף געוויס, אַז דאָס קינד איז געוואָרן געמלט. אָבער די ייִדן האָבן אַזאַ גוטן, געטרײַען גאָט, אַז ווען זיי בעטן צו אים פֿון גאַנצן האַרצן, הערט ער זייער תּפֿילה און העלפֿט זיי. אַזוי שטייט אויך אין זייערע ספֿרים גע־שריבן: „ווער איז נאָך אַזאַ גאָט ווי אונדזער, ווען מיר רופֿן צו אים!" (נאָך דבֿרים ד׳ ז׳). זאָגט דערויף דער מלך: „אויב גאָט טוט זיי אַזוינע ניסים, טאָ וואָס פֿאַר אַ פּעולה קענען האָבן אַלע מײַנע גזירות?" — ער האָט, על־כּן, באַלד מבֿטל געמאַכט די גזירה אין אַלע זײַנע מדינות און באַלײַך באַפֿוילן, אַז מען זאָל משפּטן דעם הגמון. אַזוי איז דאָס אויך געשען, הגם ער איז בעצם געווען אין גאַנצן אומשולדיק.

דער קיניג האָט די מוטער אָפּגעשיקט אַהיים בשלום און אַ גליקלעכע איז זי אָנגעקומען צו דער ווירטין אין דער האַרבעריק און איר אָפּגעגעבן אָן אַ שאָדן איר אייגן קינד. דעמאָלט זאָגט צו איר די ווירטין: „היות ווי גאָט האָט דיר באַוויזן אַזאַ נס מיט מײַן און דײַן קינד, זאָלן זיי ביידע מיט גאָטס הילף בלײַבן גוטע, גע־טרײַע חבֿרים אַלע טעג פֿון זייער לעבן, ווען זיי וועלן אויפֿוואַקסן. אַזוי איז טאַקע געווען. פֿון זיי זײַנען דערנאָך אויסגעוואַקסן צוויי גרויסע לײַט: איינער איז געווען רבינו הקדוש און דער אַנדערער אַנטונינוס, מיט וועם די וועלט האָט געשמט און איז אויך געווען אַ בן עולם־הבא. זיי זײַנען געווען גרויסע פֿרײַנד זייער גאַנץ לעבן.

הקדוש ברוך־הוא זאָל אונדז פֿאַרלענגערן די טעג פֿון אונדזער לעבן. אָמן.

מ״ב קצ״ב (ב. קצ״א). — אָן מקור. — מנורת המאור, נ׳ ג׳, פּרק ב׳, כלל א׳, חלק ב. — אַן אידענטישע ווערסיע מיטן מ״ב דאָרט הייסט תנו רבנן: „פּעם אחת גזרה מלכות יוון גזירה על ישראל שלא לימול את בניהם ובאותו זמן נולד רבינו הקדוש״.

## 42 דער נס פון קאַלכאויוון

אַ מעשׂה שהיה. אַ מאָל איז אָנגעקומען אַ שיף פֿול מיט פֿאַרטריבענע ייִדן פֿון ירושלים און זיך אָפּגעשטעלט אין אַ גע־ווויסער שטאָט. אין דער שטאָט האָט געוווינט אַ בישאָף, אַ גרויסער רשע. האָט ער געשיקט רופֿן די ייִדן און פֿרעגט זיי: „פֿון וואָס פֿאַר אַ פֿאָלק שטאַמט איר?״ — האָבן זיי אים געענטפֿערט: „מיר זײַנען ייִדן״. זאָגט צו זיי דער מרושעדיקער בישאָף: „זײַט איר טאַקע אמתע ייִדן, אַזוי וויל איך, אַז איר זאָלט מיר דאָס באַווײַזן, ווי עס האָבן געטאָן חנניה, מישאל און עזריה. ווי מיר ווייסן, האָט מען זיי אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ ברענענדיקן קאַלכאויוון און זיי זײַנען דערנאָך אַרויס גאַנצערהייט. וועט איר ניצול ווערן, ווי זיי זײַנען ניצול געוואָרן, דעמאָלט וועל איך גלייבן, אַז איר זײַט אמתע ייִדן״. האָבן די ייִדן צו אים געזאָגט: „גיב אונדז דרײַ טעג צײַט, אַזוי וועלן מיר תּפֿילה טאָן צו אונדזער גאָט, אַז ער זאָל אונדז באַשירעמען, פּונקט אַזוי ווי ער האָט אַמאָל מציל געווען חנניה, מישאל און עזריה״. איז דער בישאָף מסכּים געווען און זיי געגעבן דרײַ טעג צײַט. האָבן זיי געפֿאַסט דרײַ טעג און דרײַ נעכט. יעדן מאָרגן פֿון די דרײַ טעג האָט איינער פֿון די דרײַ געמוזט דערציילן דעם חלום, וואָס האָט זיך אים געחלומט די פֿאָריקע נאַכט.

אַזוי באַלד ווי עס איז געקומען דער דריטער טאָג, האָט איינער פֿון זיי, אַ ייִד אַ זקן און אַ גרויסער ירא־שמים געזאָגט: „הײַנטיקע

נאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז מען האָט מיר פֿירגעלייענט אַ פּסוק, ווו עס איז געשטאַנען צוויי מאָל כּי און דרײַ מאָל לא. איך ווייס אָבער נישט, וואָס דאָס האָט צו באַטײַטן און ווו דער פּסוק געפֿינט זיך". האָט זיך דאָרט גראָד געפֿונען אַן אַנדער זקן, וואָס איז געווען אַ גרויסער בן־תּורה, און זאָגט: „דער חלום וואָס דו האָסט געחלומט באַטײַט, אַז פֿון דעם פּסוק וועט פֿאַר דיר קומען אַ גרויסע ישועה און השם יתברך וועט זיך דערבאַרעמען איבער אונדז". דער פּסוק שטייט טאַקע אין ישעיה מ"ג, ב': „כּי תעבֿור במים אתך אַני ובנהרות לא ישטפֿוך. כּי תלך במו אש לא תכּוה ולהבֿה לא תבער בך", אַז דו וועסט גיין דורך וואַסער, בין איך מיט דיר, און אין די טײַכן וועלן זיי דיך נישט פֿאַרפֿלייצן; אַז דו וועסט גיין דורך פֿײַער, וועסטו דיך נישט אָפּבריִען און קיין פֿלאַם וועט דיך נישט פֿאַרברענען. זאָלסטו דעריבער וויסן, אַז אויב דו וועסט דאַרפֿן גיין דורך אַ פֿײַער, וועט דאָס נישט האָבן קיין שליטה איבער דיר, מחמת דאָס, וואָס האָט זיך דיר געחלומט, איז אויף דיר נגזר געוואָרן אין הימל".

אַז די דרײַ טעג זײַנען אַריבער, האָט דער בישאָף געלאָזט מאַכן אַ גרויס פֿײַער און שיקט נאָך די ייִדן, און זאָגט צו זיי: „די צײַט, וואָס איר האָט זיך אויסגעבעטן, איז שוין אַריבער. איר מוזט, על־כּן, גיין אין פֿײַער אַרײַן, כּדי די וועלט זאָל זען באַשײַמפּערלעך, צי אײַער גאָט וועט אײַך מציל זײַן, אַזוי ווי ער האָט מציל געווען חנניה, מישאל און עזריה". גראָד איז אין אָט דעם טאָג געווען אַ גרויסע חגא און אַ המון רבֿ האָט זיך געהאַט פֿאַרזאַמלט, כּדי צוצוקוקן צו דעם, וואָס וועט דאָ פֿאָרקומען. אַזוי איז דער אַלטער מאַן, וואָס האָט געהאַט דעם חלום מיטן פּסוק, און די אַנדערע צוויי פֿרומע ייִדן אַרײַן אין פֿײַער גוטוויליק און אומגעצוווּנגען. איז געשען אַ נס, אַז דאָס פֿײַער האָט זיך צעטיילט אין דריי חלקים, אַזוי אַז אַלע דרײַ זײַנען אַרויס דערפֿון בשלום און מונטער. אַז דער בישאָף האָט געזען, ווי דאָס פֿײַער האָט נישט געהאַט קיין שליטה איבער זיי, האָט ער אויסגערופֿן מיט גרויס התפּעלות: „אַזאַ

פֿאָלק ווי די ייִדן האָב איך נאָך נישט געזען! אַזוי באַלד ווי זיי בעטן צו זייער גאָט, ווערן זיי באַלד דערהערט". אַלע מיט אַנאַנד האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן צו לויבן השם יתברך און געזאָגט: „געלויבט איז גאָט פֿון אייביק ביז אייביק".

די דרייַ מענער האָבן דערנאָך מתקן געווען די תּפֿילה, וואָס הייסט דאָס לאַנגע והוא רחום, וואָס מען זאָגט מאָנטיק און דאָנערשטיק, בשעת עס משפּט דאָס בית־דין של מעלה. צוליב דעם זאָל יעדער פֿאַרטרויען אויף גאָט, אַז ער וועט אים נישט פֿאַרלאָזן אין אַן עת־צרה.

מ"ב קצ"ג. (ב. קצ"ב). — אָן מקור. — פ"גל בער, עבודת ישראל, 112. — אונדזער מעשה ווערט פֿאַרענדיקט מיט דעם, וואָס די מענער, וועלכע זייַנען ניצול געוואָרן פֿונעם קאַלכאויוון, האָבן דערנאָך מתקן געווען די תּפֿילה, וואָס הייסט דאָס לאַנגע והוא רחום, וואָס מען זאָגט מאָנטיק און דאָנערשטיק, „בשעת עס משפּט דאָס בית־דין של מעלה". — האָבן מיר דאָ ווידער אַ מאָל צו טאָן מיט אַן עטיאָלאָגישער לעגענדע, וואָס איז אויפֿגעקומען אין מיטלעלטער און וואָס דערציילט, ווי אַזוי מען האָט איינגעפֿירט דעם מנהג פֿון תחנון (דאָס לאַנגע והוא רחום), וואָס מען זאָגט אין די צוויי טעג פֿון דער וואָך, תענית ב' און ה'. — די מעשה געפֿינט זיך אין אַ רייַ מיטלעלטערלעכע העברעיִשע כ"י און איז מסתמא פֿון דאָרט אַריבער אין אונדזער מעשה־זאַמלונג.

## 43 דער קלוגער יורש פֿון ירושלים

די מעשׂה איז געשען פֿאַר צייַטנס מיט אַ ייִד אַן עושר פֿון ירושלים. ער איז געווען אַ סוחר און געפֿירט עסקים מיט ווייַטע לענדער איבערן ים. אַ מאָל האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט פֿון ירושלים איבערן ים מיט אַ סך סחורה און מיטגענומען מיט זיך אַ שפּאָר ביסל מזומן געלט. זייַענדיק אונטערוועגנס, האָט ער אַ מאָל איבערגענעכטיקט בייַ אַ געוויסן באַלעבאָס אין זייַן הויז און געוואָלט אויף צו מאָרגנס זיך ווידער לאָזן אין וועג אַרייַן. מיט אַ

מאָל איז ער אָבער, לא עליכם, געוואָרן שטאַרק פֿאַרשלאָפֿט, אַז ער האָט גאָר נישט געקענט טראַכטן צו גיין ווײַטער. ער האָט זיך געמוזט אַוועקלייגן און נישט מער באַוויזן אויפֿצושטיין פֿון זײַן געלעגער. אַז ער האָט דערזען, ווי שמאָל עס האַלט מיט אים, האָט ער צוגערופֿן דעם באַלעבאָס און אים געגעבן צו באַהאַלטן זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן, וואָס ער האָט געהאַט בײַ זיך. דערנאָך האָט ער אים אָ צוואה איבערגעגעבן, אַז ווען ער וועט שטאַרבן, זאָל ער דאָס געלט האַלטן בײַ זיך אַזוי לאַנג ביז עס וועט איינער קומען און אים באַווײַזן דרײַ קלוגע זאַכן. אָט אים זאָל ער דעמאָלט איבערגעבן זײַן גאַנץ ביסל געלט. קיין אַנדערן סימן, ווער עס זײַנען זײַנע אמתע יורשים, האָט ער אים נישט געקענט געבן. דערנאָך האָט דער ירושלימער סוחר אָפּגעזאָגט זײַן ווידוי און איז גע־שטאָרבן. האָט מען אים קובֿר געווען מיט גרויס כּבֿוד אין דער פֿרעמד. און דער באַלעבאָס האָט געהאַלטן דאָס געלט אַ לאַנגע צײַט אין זײַן האַנט, ווײַל עס איז קיינער נישט געקומען עס מאָנען פֿון אים.

אַז די פֿרוי פֿון דעם ירושלימער סוחר האָט געזען, איר מאַן איז אַזאַ לאַנגע צײַט נישט געקומען צוריק אַהיים, האָט זי זיך דאָס גענומען שטאַרק צום האַרצן. איין מאָל זאָגט זי צו איר זון: „ליבער זון, וואָס זאָלן מיר טאָן? דײַן פֿאָטער איז אַוועקגעפֿאָרן אין ווײַטע מדינות, איבערן ים, מיט אַ גרויס פֿאַרמעגן און איז אַוועקגעבליבן שוין אַ סך יאָרן. איך האָב מורא, אַז טאָמער איז ער געשטאָרבן און דאָס גאַנצע געלט איז אַרײַנגעפֿאַלן אין פֿרעמ־דע הענט, אויב עס איז מיט אים נישט געשען קיין אומגליק און ער איז דערטרונקען געוואָרן אין ים. דעריבער, אויב דו ווילסט מיך פֿאָלגן, פֿאָר־אַרויס איבער די אַלע לענדער אַזוי לאַנג, ביז דו וועסט עפּעס הערן וועגן דעם גורל פֿון דײַן פֿאָטער. אפֿשר איז ער געשטאָרבן בײַ אַן ערלעכן ייִדן, וועט ער געוויס דיר אָפּגעבן דאָס געלט".

האָט דער זון געפֿאָלגט זײַן מוטער און זיך אַרויסגעלאָזט אין

וועג אַרײַן, געצויגן פֿון איין שטאָט אין דער אַנדערער, איבער מדינות און ימים, ביז ער איז אָנגעקומען אין יענער שטאָט, ווו זײַן פֿאָטער איז מיט יאָרן צוריק געשטאָרבן. איז אָבער אין דער שטאָט געווען אַזאַ סדר, אַז קיינער האָט נישט געטאָרט אויפֿנעמען בײַ זיך אַ גאַסט איבער נאַכט. אַז דער זון איז אָנגעקומען נישט ווײַט פֿון דער שטאָט, האָבן אים די שטאָטלײַט, וואָס זײַנען געזעסן דרויסן, דערציילט פֿון אָט דעם מנהג. האָט זיך דער זון געטראַכט: איך מוז פֿאַלן אויף אַ המצאה, ווי אַזוי אַרײַנצוקומען אין שטאָט און דאָרט איבערנעכטיקן. פֿרעגט ער בײַ די לײַט, וואָס זײַנען געזעסן אין דרויסן: „איר, ליבע לײַט, איז נישט געשטאָרבן דאָ בײַ אײַך מיט אַ צײַט צוריק איינער, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ סך געלט?“ — ענטפֿערן זיי אים: „יאָ!“ און זאָגן אים, ווער עס איז דער באַלעבאָס, וואָס האַלט דאָס געלט.

אַזוי באַלד ווי ער איז צוגעקומען צום טויער פֿון שטאָט, האָט ער געזען ווי איינער שטייט מיט אַ בינטל האָלץ צו פֿאַרקויפֿן. נישט לאַנג געטראַכט, האָט ער פֿון אים אָפּגעקויפֿט דאָס בינטל האָלץ און אים געהייסן, אַז ער זאָל עס אָפּטראָגן צו אַ געוויסן באַלעבאָס, און זאָגט אים יענעמס נאָמען, בײַ וועם זײַן פֿאָטער איז געשטאָרבן. האָט דער אָרעמאַן גענומען און אַוועקגעטראָגן דאָס האָלץ פֿאַר דער טיר פֿונעם הויז ווו דער פֿאָטער איז געשטאָרבן, און דער ירושלימער יורש איז אים כּסדר נאָכגעגאַנגען. אַז ער האָט געבראַכט דאָס האָלץ דעם באַלעבאָס, פֿרעגט ער אים: „וואָס זאָל איך טאָן מיטן האָלץ? איך האָב עס דאָך נישט געקויפֿט“. ענטפֿערט אים דער אָרעמאַן: „יענער, וואָס גייט מיר נאָך, האָט געקויפֿט דאָס האָלץ“. טראַכט בײַ זיך דער באַלעבאָס: דאָס איז שוין נישט קיין פּשוטער צופֿאַל. ער האָט צוגענומען דאָס האָלץ און דעם יורש פֿון ירושלים געגעבן אַ שלום עליכם. האָט ער שוין מיט דעם געהאַט באַוויזן זײַן חכמה, און דער באַלעבאָס האָט זיך געטראַכט, אַ סבֿרא, אַז דאָס האָט עפּעס צו טאָן מיט דעם מאַן, וואָס איז דאָ מיט יאָרן צוריק געשטאָרבן. איך מוז אים דעריבער שטעלן אויף

דער פּראָבע מיט מער חכמות. איז אַלץ אַזוי ווי דער פֿאָטער האָט אין דער צוואה אָנגעגעבן, אַזוי וועל איך אים, אם־ירצה־השם, זײַן געלט נישט צונעמען.

אויף דער נאַכט האָט דער באַלעבאָס געלאָזט אָנגרייטן אַ פֿײַנע סעודה. דאָס ערשטע מאַכל, וואָס מען האָט אַוועקגעשטעלט אויפֿן טיש, איז געווען פֿון פֿינף יונגע טויבן. מיט דעם האָט דער באַ־לעבאָס געוואָלט אויספּרוּוון, צי ער איז דער אמתער יורש. ער האָט פֿאַר אים אַוועקגעשטעלט די פֿינף טויבן און זאָגט צו אים: מײַן ליבער פֿרײַנד, זײַ אַזוי גוט און טייל־אײַן די פֿינף טויבן צווישן אונדז אַזוי, אַז יעדער איינער פֿון אונדז זאָל באַקומען אַזוי פֿיל ווי דער אַנדערער". ענטפֿערט אים דער יורש: „מײַן ליבער באַלעבאָס, איך האָב מיר באמת נישט פֿאַרדינט דעם כּבֿוד. איך בין דאָך אַ פֿרעמדער!" — אָבער דער באַלעבאָס האָט אים אַזוי לאַנג געבעטן, ביז ער איז מסכּים געווען צום סוף אויסצוטיילן די טויבן. היות ווי דער באַלעבאָס מיט זײַן פֿרוי האָבן געהאַט צוויי זין און צוויי טעכטער, האָט דער יורש געגעבן דעם באַלעבאָס און זיין ווײַב איין טויב, און דאָס זעלביקע די צוויי זין און די צוויי טעכטער. זיך האָט ער געלאָזט צוויי טויבן. אָט אָ דאָס האָט דעם באַלעבאָס מלכתּחילה שטאַרק פֿאַרדראָסן, אָבער ער האָט זיך אָפּ־געווישט דאָס מויל און זיך געטראַכט: דאָס איז נישט אומזיסט: מסתּמא ליגט אויך אין דעם אַ חכמה. איך וועל אים נאָך אַ מאָל שטעלן אויף פּראָבע, מחמת ער האָט בשום אופֿן נישט געקענט משׂיג זײַן, ווי אַזוי דער אורח האָט פֿאַר זיך גענומען צוויי טויבן און די איבעריקע געגעבן צו איין טויב.

אויף דער אַנדערער נאַכט האָט ער ווידער אַ מאָל געלאָזט אָנגרייטן אַ פֿײַנע סעודה. דאָס מאָל האָט ער נאָר געלאָזט אָפּקאָכן אַ הון. האָט דער באַלעבאָס גענומען די הון און אַוועקגעשטעלט פֿאַר דעם אורח און מאַכט צו אים: „מײַן ליבער גאַסט! טייל אויך אײַן איצט די הון אין גלײַכע חלקים צווישן אונדז. נעכטן האָסטו צע־טיילט די טויבן מיט שׂכל, געפֿעלסטו מיר זייער גוט". אָבער דער

יונגער מאַן האָט זיך ווידער אַ מאָל אָפּגעזאָגט פֿון דעם כּבֿוד. נאָר דער באַלעבאָס האָט אים אַזוי לאַנג מפֿציר געווען, ביז ער האָט גענומען די הון און זי צעטיילט אויף אַזאַ אופֿן: דעם באַלעבאָס האָט ער געגעבן דעם קאָפּ, דעם ווײַב דאָס מעגעלע, די צוויי זין האָט ער געגעבן די צוויי פּולקעס און די צוויי טעכטער די צוויי פֿליגעלעך פֿון דער הון. און זיך האָט ער איבערגעלאָזט דאָס איבערשטע חלק פֿון דער הון. אַז דער באַלעבאָס האָט דאָס געזען, האָט עס אים נאָך מער פֿאַרחידושט און זיך מער נישט געקענט אײַנהאַלטן, און אים געפֿרעגט: „מײַן ליבער מאַן, זאָג מיר, ווו איז דער שׂכל, וואָס דו האָסט צעטיילט נעכטן די טויבן אַזוי משונהדיק און הײַנט ווידער די הון?" — ענטפֿערט אים דער גאַסט: „מײַן ליבער באַלעבאָס: איך וויל אײַך דאָס דערקלערן. נעכטן האָט איר מיר געהייסן צו צעטיילן די טויבן אויף גלײַכע חלקים. האָב איך אײַך געפֿאָלגט. אָט זײַט איר און אײַער ווײַב צוויי פּאַרשוין און מיט דער טויב זײַט איר דרײַ. אײַערע צוויי זין מיט דער איינער טויב זײַנען אויך דרײַ און דאָס זעלביקע איז נוגע אײַערע צוויי טעכטער מיט דער טויב. צום סוף בין איך מיט די צוויי טויבן אויך דרײַ. קומט־אויס, אַז יעדער פֿון אונדז איז געווען גלײַך. אַז דער באַלעבאָס האָט דאָס געהערט, האָט ער זיך געטראַכט: דאָס איז באמת אַ גרויסע חכמה. האָבן מיר, על־כּן, שוין צוויי חכמות.

איצט, וואָס שײַך דער הון, וויל איך אײַך דאָס דערקלערן. איך האָב אײַך געגעבן דעם קאָפּ, מחמת איר זײַט דאָך דער ראש פֿון הויז און דער קאָפּ איז אויך דאָס איבערשטע פֿון דער הון. אײַער ווײַב האָב איך געגעבן דאָס מעגעלע ווי אַ סימן, אַז זי טראָגט די קינדער אין איר לײַב. אײַערע זין האָב איך געגעבן די פּולקעס, ווײַל דאָס זײַנען די פֿיס, אויף וועלכע די הון שטייט, און דאָס באַטײַט, אַז די זין זײַנען דער אָנשפּאַר פֿון הויז. זיי דערנערן טאַטע־מאַמע, בלײַבן אין דער היים און פֿלײַסן זיך, אַז דאָס הויז זאָל האָבן אַ באַשטאַנד. די צוויי טעכטער האָב איך געגעבן די פֿליגלעך, מחמת זיי וועלן אַרויספֿליִען פֿון אײַער הויז, זיי וועלן חתונה האָבן

און נעמען מענער פֿון דער פֿרעמד, פּונקט אַזוי ווי אַ הון, וואָס קען פֿליען ווײַט מיט אירע פֿליגלען. דער טעם, פֿאַר וואָס איך האָב מיר איבערגעלאָזט דעם איבעריקן חלק פֿון דער הון איז, ווײַל די הון אַן אַ קאָפּ, אָן פֿליגל און אָן פֿיס זעט־אויס ווי אַ שיף און דאָס מיינט, אַז מיט אַ שיף בין איך געקומען אַהער און מיט אַ שיף וועל איך ווידער פֿון דאַנען אַוועקפֿאָרן. איצט וויל איך אײַך זאָגן, צוליב וואָס איך בין דאָ אַהערגעקומען", און ער דערציילט בשעת מעשׂה דעם באַלעבאָס די גאַנצע שמועה פֿון זײַן נסיעה אַהערצו.

דעמאָלט טראַכט זיך דער באַלעבאָס: ער איז זיכער דער אמתער יורש, וועמען זײַן פֿאַרשטאָרבענער פֿאָטער האָט געמיינט מיט די דרײַ חכמהדיקע אײַנפֿאַלן. שוין די ערשטע חכמה האָט ער מיט דעם באַוויזן, ווי אַזוי ער האָט געבראַכט אַהערצו דאָס האָלץ. די צווייטע חכמה איז געווען, ווי אַזוי ער האָט קונציק צע־טיילט די טויבן, און די דריטע מיטן צעטיילן פֿון דער הון. איז ער געוואָרן מלא התפּעלות אויף דעם פֿאַרשטאָרבענעם פֿאָטער, ווי אַזוי ער האָט געטאָן מיט אַזוי פֿיל חכמה זײַן צוואה. דעמאָלט זאָגט ער צום יורש: „מײַן ליבער מאַן, איך זע נאָך דײַנע חכמות, אַז דו ביסט דער אמתער יורש פֿון דײַן פֿאָטער. קום אַהער און איך וועל דיר געבן דײַן פֿאָטערס געלט, אַלצדינג וואָס געהערט צו דיר". אַזוי האָט ער אויך געטאָן און דעם יורש אַלצדינג אָפּגעגעבן, מחמת ער איז געווען גאָר אַ טײַערער און ערלעכער ייִד. אַזוינס קומט שוין הײַנט נישט מער פֿאָר. און ער זאָגט צו אים: „איך האָב מיך אַ סך אָנגעהערט וועגן די קלוגע לײַט און חכמים פֿון ירושלים. אַצינדער זע איך דאָס מיט מײַנע אייגענע אויגן".

פֿאַר צײַטנס, אַז אַ ייִד איז געקומען צו פֿאָרן פֿון ירושלים, האָט מען אים אַוועקגעשטעלט אַ שטול, אויף וואָס ער זאָל קענען זיך אַוועקזעצן, און דער עולם אַרום האָט זיך צוגעהערט צו זײַנע חכמות. אָבער, בעוונותינו הרבים, אַצינדער איז אַלץ קאַפּויער. מען קען געפֿינען אַ סך מעשׂיות וועגן זייערע חכמות אין איכה רבתי.

ווער עס האָט חשק דערין צו לייענען, וועט דאָס אַלץ זיכער דאָרט געפֿינען.

מ״ב קפ״ז. — איכה רבתי, א. פסוק ד. — עקסעמפּלאַ 235, ג׳ 303. — די ווערסיע אינעם מ״ב איז נישט אין גאַנצן אויסגעהאַלטן. פון דעם סיפּור המעשה ווערט נישט קלאָר, ווי אַזוי דער ירושלימער יורש האָט פאָרט געפונען דאָס הויז פון זײַן גאַסטגעבער. פ״גל ב. העללער — שטאָף אונד קוועלען־געשיכטע.

## 44 דריי חכמות פון שלמה המלך

אַ מעשׂה שהיה. אַ מאָל זײַנען געווען דרײַ ברידער, זײַנען זיי אַוועק צו שלמה המלך, צו לערנען בײַ אים חכמה. האָט צו זיי שלמה המלך געזאָגט: „בלײַבט דאָ און דינט מיר, אַזוי וועל איך אײַך אויסלערנען עטלעכע חכמות״. האָט זיי שלמה געמאַכט פֿאַר קאַמער־דינערס און זיי זײַנען פֿאַרבליבן בײַ אים דרײַצן יאָר. צום סוף פֿון די דרײַצן יאָר האָט איינער צום אַנדערן געזאָגט: „וואָס האָבן מיר דאָ אויפֿגעטאָן? מיר האָבן פֿאַרלאָזט אונדזערע היימען און שוין גאַנצע דרײַצן יאָר זײַנען אַריבער זינט מיר האָבן נישט געזען אונדזערע משפּחות. זײַנען מיר דאָך אַהערגעקומען, כּדי עפּעס צו לערנען. מיר האָבן געדינט געטרײַ דעם מלך, אָבער זיך בײַ אים גאָר נישט אויסגעלערנט. לאָמיר דעריבער נעמען רשות פֿון מלך און זיך לאָזן גיין אַהיים״.

עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז אין אַ טאָג האָבן זיי זיך געשטעלט פֿאַר שלמהן און צו אים געזאָגט בזה הלשון: „אַדוני מלך, עס זײַנען שוין אַריבער דרײַצן יאָר זינט מיר זײַנען אָנגעקומען בײַ דיר און דיר געדינט מיט גרויס געטרײַשאַפֿט. ווייסן מיר אָבער גאָר נישט, וואָס עס טוט זיך בײַ אונדז אין דער היים, צי די מענטשן לעבן נאָך. עס דוכט זיך אונדז, אַז מיר זײַנען שוין דאָ געזעסן צו לאַנג און פֿון דיר גאָר נישט געלערנט. על־כּן איז

אונדזער בקשה, גיב אונדז רשות, אַז מיר זאָלן קענען גיין אַהיים, מחמת מיר ווילן טאָקע זען, וואָס עס מאַכט אונדזער הויזגעזינד". אַז שלמה המלך האָט דאָס געהערט, האָט ער צו זיך אַרײַנגערופֿן דעם מענטש, וואָס איז געווען דער ממונה איבער זײַנע אוצרות און אים באַפֿוילן אַרײַנצוברענגען דרײַ הונדערט גילדן. דערנאָך זאָגט ער צו די דרײַ ברידער: „אָט קענט איר זיך אויסקלײַבן וואָס איר ווילט. ווילט איר, אַז איך זאָל אײַך אויסלערנען דרײַ חכמות אָדער יעדער פֿון אײַך וועט ליבערשט נעמען צו הונדערט גילדן". נאָך אַ יישובֿ הדעת האָבן זיי באַשטימט, אַז יעדער פֿון זיי זאָל נעמען צו הונדערט גילדן. האָבן זיי צוגענומען דאָס געלט און זײַנען בשלום אַוועק צו זיך אַהיים.

אַז זיי זײַנען געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ מרחק פֿון פֿיר מײַל פֿון ירושלים, זאָגט דער ייִנגסטער פֿון די ברידער צו די איבעריקע: „וואָס האָבן מיר דאָ געטאָן? וואָס פֿאַר אַ נאַרישקייט! זײַנען מיר דאָ אַהערגעקומען זיך עפּעס אויסלערנען אָדער אַרײַנכאַפּן אַן אַפּו־תּיקו? מיר זײַנען דאָך אַהערגעקומען מיט דער כּוונה עפּעס צו לערנען און צום סוף האָבן מיר זיך געלאָזט פֿאַרפֿירן פֿון יצר־הרע און יעדער פֿון אונדז האָט גענומען צו הונדערט גילדן און אַן עק. על־כּן איז מײַן עצה, אַז מיר זאָלן צוריקגיין צום מלך, אים אָפּ־געבן דאָס געלט און באַשטײן דערויף, צו לערנען עפּעס אַ חכמה, מחמת דאָס געלט פֿאַרגייט און די חכמה באַשטייט". זאָגן צו אים די אַנדערע צוויי: „דו האָסט די ברירה אָפּצוגעבן דאָס געלט און צו לערנען אַ חכמה, אָבער מיר וועלן בשום אופֿן נישט קויפֿן קיין שיינע רייד פֿאַר געלט".

הקיצור, דער ייִנגסטער פֿון די ברידער האָט זיך צוריק פֿאַר־קערעוועט קיין ירושלים און זיך געמאָלדן בײַם מלך. אַז ער איז פֿאַר אים געשטאַנען, זאָגט ער צו אים: „אֲדוני מלך, מײַן כּוונה איז נישט געווען אַוועקצוגיין פֿון דיר מיט אַן עשירות. דעריבער בעט איך דיך, נעם־צוריק דאָס געלט, וואָס דו האָסט מיר געגעבן, און לאָז מיר ליבערשט לערנען פֿון דיר די דרײַ חכמות". ווי באַלד

שלמה האָט געהערט די רייד, גענומען ער מיט אים לערנען תּורה און מאַכט דערנאָך צו אים: „מײַן זון, זאָלסט וויסן זײַן, אַז בשעת דו ביסט אונטערוועגנס זאָלסטו תּמיד זײַן גרייט זיך צו לאָזן אין וועג אַרײַן קאַיאָר, מיטן אויפֿגיי פֿון מאָרגן־שטערן. אין אָוונט ווידער זאָלסטו אַרײַן פֿרי אין אַ האַרבעריק. אָט האָסטו שוין איין חכמה. די צווייטע חכמה איז: „ווען דו דאַרפֿסט אַריבערגיין אַ טײַך, וואָס כוואַליעט און האָט אַלצדינג פֿאַרפֿלייצט, זאָלסטו איבערוואַרטן ביז דאָס וואַסער וועט נעמען ווידער פֿאַלן און וועט צוריקקומען צו זײַן פֿריִערדיקן שטאַנד. זײַ אויך געוואָרנט, נישט צו דערציילן קיין סוד צו קיין פֿרוי, אַפֿילו נישט צו דײַן אייגן ווײַב. דאָס איז די דריטע חכמה“. אַזוי באַלד ווי ער האָט זיך געהאַט אויסגעלערנט די דרײַ חכמות, האָט ער גענומען רשות פֿון שלמה המלך, זיך אַרויפֿגעזעצט אויף זײַן פֿערד און נאָכגעיאָגט זײַנע ברידער. אַז ער האָט זיי געהאַט אָנגעיאָגט, פֿרעגן זיי בײַ אים, וואָס פֿאַר אַ חכמות ער האָט געלערנט בײַ שלמה המלך און האָבן אים שטאַרק מצריך געווען. זאָגט ער צו זיי: „וואָס איך האָב געלערנט, האָב איך געלערנט — וואָס גייט דאָס אײַך אָן?“ — אַזוי זײַנען זיי צוזאַמען מיט אַנאַנדער געריטן, ביז עס האָט גענומען צופֿאַלן די נאַכט. גראָד זײַנען זיי אָנגעקומען צו אַ מקום, וואָס איז געווען זייער שיין. זאָגט צו זיי דער ייִנגסטער ברודער: „ליבע ברידער, עס איז אַ שיין מקום דאָ איבערצונעכטיקן, וואָרעם עס איז דאָ אַלצדינג פֿאַראַנען. האַלץ אויף צו מאַכן אַ פֿײַער, וואַסער צו טרינקען און פֿאַשע פֿאַר די פֿערד. פֿאָלגט מיך, לאָמיר דאָ איבערנעכטיקן און מאָרגן פֿרי קאַיאָר, וועלן מיר זיך, אם־ירצה־השם, ווידער לאָזן אין וועג אַרײַן“. זאָגן צו אים די צוויי ברידער: „שוטה איינער, וואָס דו ביסט! האָבן מיר נישט צוגעזען, ווי דו האָסט אָפּגעגעבן דאָס געלט, ווײַל דו האָסט געוואָלט לערנען חכמה. אין דער אמתן ביסטו גאָר אַ גרויסער נאַר. מיר קענען נאָך הײַנט אָפּגיין אַ מײַל וועג איידער עס וועט ווערן פֿינצטער און דו רעדסט אונדז צו, אַז מיר זאָלן דווקא דאָ איבערנעכטיקן“. זאָגט צו זיי דער

ייִנגסטער ברודער: „מילא, טוט אַזוי ווי איר פֿאַרשטייט. איך וועל מיך אָבער פֿון דאַנען איצט נישט מער רירן ביז, אם־ירצה־השם, מאָרגן פֿרי״. הכּלל, די צוויי ברידער זײַנען ווײַטער געגאַנגען און דער ייִנגסטער איז געבליבן. ער האָט געהאַקט אַ ביסל האָלץ, געמאַכט אַ פֿײַער און זיך אויפֿגעשטעלט אַ בײַדל, ווו ער זאָל קענען איבערנעכטיקן. זײַן פֿערד האָט ער געלאָזט אַ ווײַלע פּאַשען אין דרויסן ביז עס איז געוואָרן פֿינצטער און דערנאָך אים אַרײַנגענומען אין זײַן בײַדל און דערלאַנגט אַ ביסל גערשטן. דעמאָלט האָט ער אויך געגעסן צו דער זעט און זיך געלייגט שלאָפֿן. די נאַכט האָט ער אַזוי אַרום פֿאַרברענגט בשלום אין זײַן בײַדל.

זײַנע ברידער זײַנען אָבער בינו־לבֿינו ווײַטער געריטן. אַז עס איז געוואָרן טונקל, האָבן זיי נישט געקענט געפֿינען קיין פּאַשע פֿאַר די פֿערד און האָבן אויך נישט געהאַט קיין האָלץ צו מאַכן אַ פֿײַער. אין דער נאַכט איז געפֿאַלן אַ שווערער שניי, אַזוי אַז זיי זײַנען דערפֿרוירן געוואָרן פֿון קעלט. אָבער דעם ייִנגסטן ברודער האָט גאָר נישט פּאַסירט, מחמת ער האָט פֿאַרשטאַנען, ווי אַזוי זיך צו געבן אַן עצה. אַזוי ווי עס האָט נאָר גענומען טאָגן, האָט ער זיך געגרייט אין וועג אַרײַן. ער האָט זיך אַרויפֿגעזעצט אויפֿן פֿערד און גענומען נאָכיאָגן זײַנע ברידער. אָבער ווען ער האָט זיי געפֿונען, זײַנען זיי ביידע שוין געווען טויט. אַז ער האָט דאָס דערזען, איז ער אַראָפּ פֿון פֿערד און מיט גרויס געוויין און האַרץ־קלעמעניש זיך געטוליעט צו זייערע קערפּערס. ער האָט זיי דערנאָך קובֿר געווען און, צונעמענדיק זייער ביסל אייגנס, זיך ווײַטער געלאָזט אין וועג אַרײַן. מיטן אויפֿגיי פֿון דער זון האָט דער שניי זיך גענומען שמעלצן און גיך האָבן די קליינע ריטשקעלעך גענומען שטראָמען מיט הויכוואַסער, אַזוי אַז דער יונג האָט נישט געקענט אַריבערגיין מיט זײַן פֿערד. ער איז על־כּן, אַראָפּ פֿון זײַן פֿערד, כּדי צוצוּוואַרטן ביז דאָס וואַסער וועט נעמען פֿאַלן. בינו לבֿינו זײַנען אָנגעקומען צוויי קנעכט פֿון שלמה המלך, וואָס האָבן אָנגעטריבן מיט צוויי בהמות באַלאָדן מיט אַ סך

גאָלד. זאָגן די קנעכט צו דעם יונג: „פאַר וואָס גייסטו עפּעס נישט אַריבער דאָס וואַסער?“ — ענטפערט ער זיי: „דאָס וואַסער איז איצט אַזוי הויך, אַז איך וויל ליבערשט איבערוואַרטן ביז עס וועט פאַלן“. אָבער די קנעכט האָבן דערפון גאָר נישט געוואָלט הערן און האָבן גענומען אַריבערגיין דאָס רײַסנדיקע וואַסער. אָבער אַזוי באַלד ווי זיי זײַנען געקומען אין דער מיט פון טײַך, האָט זיי דער שטאַרקער שטראָם מיטגעשלעפּט און דערטרונקען. דער יונג האָט אָבער אַזוי לאַנג געוואַרט, ביז דאָס וואַסער איז געפאַלן, און דער־נאָך בשלום אַריבער דעם טײַך. דאָרט האָט ער אויך געפונען דאָס גאַנצע גאָלד, וואָס עס האָבן געפירט שלמהס קנעכט און איז מיט דעם גאַנצן עשירות אַהיימגעקומען בשלום. אַזוי אַרום האָבן אים די צוויי חכמות פון שלמה המלך געהאָלפן נתעשר צו ווערן.

ווען די ווײַבער פון די צוויי אַנדערע ברידער האָבן געזען, אַז זייערע מענער זײַנען נישט אַהיים געקומען, האָבן זיי דעם ייִנגסטן ברודער גענומען אויספרעגן, ווו זיי זײַנען אַהינגעקומען. ענטפערט ער זיי, אַז זיי זײַנען פאַרבליבן בײַ שלמה המלך, כּדי צו לערנען נאָך מער חכמות. בינו לבינו האָט ער געקויפט פעלדער און ווײַנגערטנער, זיך אײַנגעהאַנדלט משרתים און דינסטן, סטאַ־דעס שאָף און רינדער, און זיך אויסגעבויט גאָר שיינע הײַזער. מאַכט זיך אַ מאָל, אַז זײַן אייגן ווײַב פרעגט אים: „מײַן ליבער מאַן, זאָג מיר, איך בעט דיך, פון וואַנען נעמט זיך צו דיר אָט דאָס גאַנצע געלט?“ — אַז ער האָט דאָס געהערט, איז ער געוואָרן מלא חמה און זי גוט אָפּגעמקלט, און זאָגט צו איר: „וואָס איז דאָס דײַן עסק?“ — אָבער זי איז אים ווײַטער דערגאַנגען די יאָרן און געטענהט: „איך ווייס שוין גאַנץ גוט, אַז דו האָסט מיך נישט מער ליב, והאָ ראַיה, דו באַהאַלטסט פון מיר אַ סוד. זאָג מיר, איך בעט דיך, פון וואַנען נעמט זיך צו דיר דאָס גאַנצע געלט?“ — הקיצור, זי האָט אים אַזוי לאַנג געמאַטערט, ווי ווײַבער פאַרשטייען דאָס זייער גוט, ביז ער האָט זיך געלאָזט איבערדברן און איר דערציילט אַלצדינג, וואָס עס האָט זיך מיט אים געטראָפן,

מיט זײַנע ברידער און די קנעכט פֿון שלמהן. אַזוי אַרום האָט ער אָבער נישט אָפּגעהיט די דריטע עצה פֿון שלמה המלך. דאָס האָט אים טאַקע קיין גוטס נישט געבראַכט, ווי איר וועט באַלד הערן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דאָס פֿאָרפֿאָלק האָט זיך צוליב עפּעס צעקריגט. אַז דער מאַן האָט זײַן ווײַב געגעבן אַ פּאָר גוטע קלעפּ, האָט זי גענומען שרײַען מיט קולות: „נישט גענוג, וואָס דו האָסט דערהרגעט דײַנע צוויי ברידער, ווילסטו נאָך מיך קוילע־נען!" אַז די אַנדערע צוויי ווײַבער האָבן דאָס דערהערט, אַז זייערע מענער זײַנען טויט, און אַז דער יינגסטער ברודער האָט זיי דער־הרגעט, זײַנען זיי אַוועק צו שלמה המלך און פֿאַרקלאָגט דעם יינגסטן ברודער. אַז שלמה האָט געהערט פֿון דער מיאוסער מעשׂה וואָס דער יינגסטער ברודער האָט כּלומרשט אָפּגעטאָן, האָט ער נאָך אים געשיקט און באַפֿוילן, אַז מען זאָל אים טויטן. האָט זיך אָבער דער יינגסטער ברודער אָפּגעבעטן, אַז מען זאָל אים דערלויבן זיך צו שטעלן פֿאַר קיניג איידער מען גייט אויספֿירן דעם משפּט אי־בער אים, מחמת ער וויל מיטן קיניג אַליין ריידן. האָט מען אים געבראַכט צום קיניג. אַז ער איז געשטאַנען פֿאַרן קיניג, האָט ער זיך אַנידערגעוואָרפֿן צו זײַנע פֿיס און צו אים געזאָגט: „מײַן האַר, זאָל דער קיניג אייביק לעבן! איך בין איינער פֿון די דרײַ ברידער, וואָס האָבן בײַ דיר געדינט דרײַצן יאָר, כּדי צו לערנען חכמה פֿון דײַן מויל. איך בין דער יינגסטער פֿון זיי, וואָס האָט דעמאָלט אָפּ־געגעבן דעם קיניג זײַן געלט און דערפֿאַר געלערנט חכמה פֿון אים. אָט די חכמות האָבן מיך טאַקע געראַטעוועט פֿון אַל דאָס בייז. לייי־דער האָב איך אָבער די דריטע פֿון דײַנע חכמות נישט געפֿאָלגט און אויסגעזאָגט מײַן ווײַב דעם סוד. האָט זי מיך איצט פֿאַרמסרט און דערפֿון טאַקע נעמט זיך די גאַנצע צרה, וואָס איך געפֿין מיך איצטער אין איר". אַז דער מלך האָט געהערט די רייד, האָט ער באַלד אין אים דערקענט דעם יינגסטן ברודער און זאָגט צו אים: „שטיי־אויף און האָב גאָר קיין מורא נישט. אויב דו האָסט צוגענו־מען דאָס געלט פֿון דײַנע טויטע ברידער און דאָס גאָלד פֿון מײַנע

קנעכט, האָסטו דיר דאָס כשר פֿאַרדינט און אַלץ איז דײַנס. די חכמה, וואָס דו האָסט פֿון מיר געלערנט, האָט דיך אָפּגעהיט פֿון טויט און פֿון דער האַנט פֿון דײַן ווײַב. על־כּן, גיי ווידער אַהיים בשלום אין דײַן הויז און האָב נחת צוזאַמען מיט דײַן ווײַב". אויף דעם האָט שלמה המלך געזאָגט אין משלי: „עס איז בעסער צו לערנען חכמה איידער צו האָבן גינגאָלד". אָבער האַלט דיך בײַם כּלל און אַנטפּלעק נישט קיין סוד צו דײַן ווײַב.

מ״ב קצ״ח (ב. קצ״ז). — אָן מקור. — משלים של שלמה, נ׳ 4, יעלינעק IV, ז׳ 48. — עקסעמפּלא 259, נ׳ 402. — מאָטיוו: די גרויסע חכמה פון דעם קיניג שלמה. די דאָזיקע מעשה האָט מסתמא געהערט צו אַ ציקל מעשיות פון שלמה המלכס חכמות, מיט וואָס דער דאָזיקער גרויסער וועלט־חכם און מלך איז געווען באַרימט. — ענלעך איז די מעשה אין געסטאַ ראָמאַנאָרום, נ׳ 103.

אַ מעשׂה. עס האָט זיך אַ מאָל געטראָפֿן מיט איינעם אַ גדול, רבי יעקבֿ, וואָס האָט שוין פֿון לאַנג געהאַט אַ סך געהערט וועגן רבי שמואל חסיד, דעם פֿאָטער פֿון רבי יודא חסיד, און שטאַרק געגלוסט זיך מיט אים צונויפֿצוטרעפֿן. ויהי היום, אַז בעת רבי שמואל איז אַוועק לערנען תּורה אין דער פֿרעמד איז ער גראָד אָנגעקומען אין דער שטאָט, וווּ רבי יעקבֿ האָט געוווינט, און טאַקע איינגעשטאַנען בײַ רבי יעקבֿן אין הויז. ער האָט זיך אָבער נישט געגעבן צו דערקענען, מחמת ער האָט נישט געוואָלט, אַז מען זאָל אים אָנטאָן כּבֿוד פֿון זײַן תּורה וועגן. האָבן מיר דאָך אַ כּלל, אַז אַ מענטש זאָל נישט נהנה זײַן פֿון כּבֿוד התּורה. האָט רבי יעקבֿ די גאַנצע צײַט, וואָס רבי שמואל איז איינגעשטאַנען בײַ אים, נישט אויסגערעדט קיין וואָרט צו אים, מחמת ער האָט אים געהאַלטן פֿאַר אַ פּוסטאַק, וואָס קען נישט קיין צורה פֿון קיין אַלף. צום סוף האָט אים אַ מאָל רבי יעקבֿ געפֿרעגט: „מײַן ליבער, ווי הייסט איר?“ — האָט אים יענער געענטפֿערט: „שמואל“. פֿרעגט אים ווײַטער רבי יעקבֿ: „און וואָס איז אײַער משפּחה־נאָמען?“ ענטפֿערט ער אים: „איך הייס שמואל פּאַרמעט־מאַכער, נאָך מײַן אומנות“. האָט זיך רבי יעקבֿ געטראַכט: מסתּמא איז ער טאַקע אַ פּאַרמעט־מאַכער און האָט אים נישט אָנגעטאָן קיין גרעסערן כּבֿוד ווי יעדן אַנדערן אורח.

אַז רבי שמואל האָט זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן, האָט אים רבי יעקבֿ מיט זײַנע תּלמידים אַרויסבאַגלייט פֿון שטאָט, ווי דאָס איז געווען דער שטייגער. עס האָט זיך גראָד אַזוי געמאַכט, אַז רבי שמואל איז פֿאַרויסגעגאַנגען מיט איינעם פֿון די בחורים און בשעת רבי יעקבֿ איז שוין געהאַט צוריק אַהיים געגאַנגען, מאַכט רבי שמואל צו דעם בחור: „נעכטן האָט מיך דײַן רבי געפֿרעגט ווי איך הייס, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך הייס שמואל פּאַרמעט־מאַכער. איך רוף מיך אַזוי צוליב מײַן אומנות, מחמת איך בין בקי

אין כּל התּורה כּולה, וואָס איז געשריבן אויף פּאַרמעט". מיט די ווערטער האָט ער זיך געזעגנט מיטן בחור און געגאַנגען זײַן וועג.

אַזוי שנעל ווי דער בחור איז צוריקגעקומען צו רבי יעקבֿן, האָט ער איבערגעגעבן דעם שמועס, וואָס ער האָט געהאַט מיטן אורח. דערויף זאָגט רבי יעקבֿ: „דאָס האָט נישט געקענט זײַן קיין אַנדערער ווי רבי שמואל חסיד. ער האָט זיך בכּיוון נישט געגעבן צו דערקענען, כּדי מען זאָל אים נישט אָנטאָן קיין כּבֿוד, ווי איך האָב דאָס טאַקע נישט געטאָן". און, ווענדנדיק זיך צו דעם בחור, זאָגט רבי יעקבֿ: „קום, לאָמיר אים אָן שהיות נאָכאײַלן און אויב מיר וועלן אים אָניאָגן אויפֿן וועג, וועט ער מוזן מיט אונדז צוריקגיין אַהיים. אָבער בנאמנות, היט דיך, טאָמער האָסטו מיך משקר געווען". ענטפֿערט דער בחור: „חלילה־וחס, אַז איך זאָל האָבן אײַך געזאָגט אַ ליגן!" — הקיצור, רבי יעקבֿ האָט מיט אַ גיכן גאַנג אָנגעיאָגט רבי שמואלן און אים אַזוי לאַנג געבעטן, ביז ער האָט געפּועלט, אַז רבי שמואל זאָל מיט אים צוריקגיין. קומענדיק אַהיים, האָט זיך רבי יעקבֿ מיט זײַן טײַערן אורח פֿאַרשפּאַרט אין אַ חדר מיוחד און דאָרטן אָפּגעזעסן גאַנצע פֿערצן טעג און נעכט. וועגן וואָס פֿאַר אַ הויכע ענינים זיי האָבן דאָרט מיט אַנאַנד געשמועסט בסוד־סודות, האָט קיין שום ילוד אשה נישט געוווּסט. ערשט דערנאָך איז רבי שמואל אַוועקגעגאַנגען פֿון אים מיט גרויס כּבֿוד. זאָל אונדז גאָט ברוך־הוא לאָזן געניסן זייער זכות. אָמן סלה.

מ"ב קנ"ח. (ב. קנ"ט). — בריל, ג׳ 13 — פּ"גל שבחים, ז׳ 42.

## 46 רבי שמואל רייט אויף אַ לייב

אַ מעשׂה שהיה. אַ מאָל, בשעת רבי שמואל האָט געוואָלט פֿון אײן מקום תּורה צום אַנדערן, איז ער אָנגעקומען צום באָרטן פֿון ים און אַרײַן אין אַ שיף, וואָס האָט זיך געלאָזט באַלד אין וועג אַרײַן. פּלוצעם האָט רבי שמואל דערהערט אַ יאָמערלעך געשריי

אויף דער יבשה. האָט ער געבעטן דעם שיף־קאַפּיטאַן אים צוריק־נעמען צו דער יבשה. אַז ער איז דאָרט ווידער אָנגעקומען, איז ער נאָכגעגאַנגען דעם יאָמערלעכן קול, ביז וואַנען ער איז צוגעקו־מען צו דעם אָרט און דערזען, ווי אַ לייב אַנטלויפֿט פֿאַר אַן אַנדע־רער חיה, וואָס מען רופֿט פֿאַנדיל, אַ פּאַנטערע, וועלכע איז אים כּסדר נאָכגעלאָפֿן. דער לייב האָט געציטערט אימת־מוות פֿאַר אָט דער חיה, מחמת זי האָט געשפּיגן מיט אייטל פֿײַער און אַלץ אַרום זיך פֿאַרברענט. עס איז, על־כּן, נישט קיין חידוש, וואָס דער לייב האָט אַזוי שטאַרק מורא געהאַט און, אַנטלויפֿנדיק פֿון דעם מזיק, שרעקלעך געוואָיעט. אַז דער צדיק האָט דאָס דערזען, איז ער צו־געלאָפֿן און באַשיצט דעם לייב פֿון דעם פֿאַנדיל. אַזוי גיך ווי דאָס פֿאַנדיל האָט דערזען דעם צדיק, איז עס אַנטלאָפֿן און אַזוי אַרום איז דער לייב ניצול געוואָרן.

אַז דער לייב האָט געזען, ווי דער צדיק האָט אים מציל גע־ווען, האָט ער מער נישט געוואָלט פֿון אים אָפּטרעטן און אים אַרויס־געוויזן אַ סך ליבשאַפֿט. צום סוף האָט דער לייב פֿאַר אים אַנידער־געקניט און דעם צדיק געלאָזט רײַטן אויף זיך. אַזוי איז דער צדיק געריטן אויף דעם לייב אַ שפּאַר שטיקל וועג ביז ער איז צוגעקו־מען צום באָרטן פֿון ים. דאָרטן האָט אויף אים טאַקע געוואַרט דער שיף־קאַפּיטאַן מיט זײַן שיף. ער איז אַרויף אויף דער שיף און דער לייב איז געבליבן שטיין בײַם ברעג ים און אים אַזוי לאַנג נאָכגע־קוקט, ווי לאַנג מען האָט געקענט אַרויסזען די שיף. עס איז ממש געווען, ווי אַ מענטש באַגלייט זײַנעם אַ פֿרײַנד, וואָס לאָזט זיך אין וועג אַרײַן, און קוקט אים נאָך אַזוי לאַנג, ווי לאַנג ער קען אים נאָך זען.

דערפֿון קענען מיר אָפּלערנען, אַז אַפֿילו פֿון אַ ווילדער חיה קומט אַ מענטשן קיין שלעכס נישט אַרויס, אויב ער האָט איר אַ מאָל געטאָן עפּעס גוטס.

מ״ב קנ״ט, (ב. ק״ס). — בריל, ג׳ 4. — שבחים, ז׳ 44.

## 47 רבי שמואל קומט זיך צונויף מיט ירמיהו הנביא

אַ מעשׂה שהיה. עס האָט זיך אַ מאָל געטראָפֿן, אַז בשעת רבי שמואל חסיד איז אַוועק לערנען אויף אַ ווײַטער ישיבֿה זײַנען צו אים אונטערוועגנס צוגעשטאַנען דרײַ פֿאַרשוינען, וואָס האָבן דווקא געוואָלט צוזאַמען וואַנדערן מיטן חסיד. זײַנען זיי אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג, ביז זיי זײַנען צוגעקומען צו אַ גרויסן וואַלד, וואָס זיי האָבן באַדאַרפֿט אַדורכגיין. זײַנען זיי אַזוי זאַלבע פֿערט געגאַנגען אַ גאַנצן טאָג אינעם וואַלד און נישט געוווּסט ווו זיי זײַנען. אַז די נאַכט האָט גענומען צופֿאַלן, האָט זיך דער חסיד אַרומגעקוקט דאָ און דאָרט, טאָמער וועט ער פֿאָרט דערזען ערגעץ ווו אַ מענטשלעך מקום. נאָך אַ ווײַל האָט ער דערבליקט אַ הויז, וואָס איז געשטאַנען אין סאַמע מיטן וואַלד. נעמט ער רופֿן זײַנע באַגלייטערס, אַז זיי זאָלן צוקומען נענטער, און זאָגט צו זיי אָט וואָס: „ליבע פֿרײַנד, זײַט פֿריילעך, אָט זע איך דאָרט שטיין אַ הויז. אָבער איך באַשווער אײַך בײַ אײַער לעבן, זײַט געוואָרנט דאָרטן דערווײַל נישט אַרײַנצוגיין, איידער איך וועל מיך נישט פֿעדערן דאָרט אַרײַנצוגיין און זען מיט מײַנע אויגן, וואָס עס טוט זיך דאָרט".

און כּך הווה. אַרײַנקומענדיק אינעם הויז, האָט דער חסיד באַמערקט, אַז אַ פֿײַער ברענט אין אויוון און אַרום שטייען אַ סך טעפּ. ער האָט אָבער דערווײַל קיינעמען נישט געזען. באותו רגע אָבער, בשעת דער חסיד האָט געהאַט בדעה אַרײַנצורופֿן זײַנע חבֿרים, וואָס זײַנען געשטאַנען אין דרויסן, האָט ער פּלוצעם דערזען פֿאַר זיך שטיין אַן אַלטן, גרײַזגרויען מאַן מיט אַ שנייווײַסער באָרד. דער זקן האָט דעם חסיד געגעבן שלום עליכם און זאָגט צו אים: „בלײַב דאָ איבער נאַכט און איך וועל דיר געבן צו עסן און צו טרינקען". ענטפֿערט דער חסיד מיט דרך־ארץ: „אויב איך זאָל דאָ בלײַבן, וואָס וועט געשען מיט מײַנע באַגלייטערס, וואָס דרייען זיך אַרום אין דרויסן, אין וואַלד?" — אויף דעם ענטפֿערט דער זקן: „דײַנע חבֿרים, וואָס דרייען זיך אַרום אין דרויסן, אין וואַלד, וואָלטסטו, כ'לעבן,

געמעגט לאָזן אין דרויסן. זיי האָבן זיך כּשר פֿאַרדינט, אַז די חיות רעות פֿון וואַלד זאָלן זיי פֿאַרצוקן, מחמת זיי זײַנען גרויסע רשעים און האָבן אָפּגעטאָן אַל דאָס בייז. אָבער אין דײַן זכות זאָלן זיי דאָ איבערנעכטיקן. הייס זיי אַרײַנקומען און זאָלן זיי אויך עסן און טרינקען, אָבער איך בין דיר מזהיר, אַז דו זאָלסט מיט זיי נישט גיין ווײַטער, כּדי עס זאָל דיר, חלילה וחס, נישט געשען עפּעס בייז".

האָט דער חסיד טאַקע באַלד אַרײַנגערופֿן זײַנע באַגלייטערס, אַז זיי זאָלן דאָרט איבערנעכטיקן. זיי האָבן געגעסן צו דער זעט, געטרונקען כּיד המלך און זיך געלאָזט וווילגיין. נאָכן עסן האָט זיך דער זקן פֿאַרשפּאַרט מיטן חסיד אין אַ חדר מיוחד און אים מגלה געווען, אַז ער איז ירמיהו הנביא. בינו לבינו האָט ער אים אויך געוויזן פֿאַרשיידענע ספֿרים, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, אַלצדינג אייטל קינות אויפֿן חורבן פֿון ירושלים, און איז דערנאָך מוסיף „אָט גיי איך אַרויס אַלע טאָג אין דעם וויסטן וואַלד און קלאָג אויף חורבן ירושלים".

צו מאָרגנס האָט דער חסיד גענומען רשות פֿונעם זקן זיך צו לאָזן אין וועג אַרײַן. דער זקן האָט אים געבענטשט און דערנאָך געוויזן דעם ריכטיקן וועג, ווי אַזוי אַרויסצוקומען פֿון וואַלד, אַנישט וואָלט רבי שמואל מיט זײַנע חבֿרים געמוזט נאָך לאַנג אַרומבלאָנקען איבערן וואַלד, ווו די סכּנה פֿון גזלנים און חיות רעות איז געווען גאָר גרויס. אַז זיי זײַנען געהאַט אַוועק פֿון זקן, האָט דער חסיד דערציילט זײַנע חבֿרים אַלצדינג, וואָס ער האָט געהערט וועגן זיי פֿונעם זקן, אַז זיי זײַנען גרויסע רשעים און נאָר אין זײַן זכות האָבן זיי געמעגט איבערנעכטיקן אינעם הויז און אויף אַזאַ אופֿן ניצול געוואָרן פֿון די חיות רעות, וואָס וואָלטן זיי געוויס צעריסן אויף שטיקער, איבער זייערע מיאוסע מעשׂים. אַז די לײַט האָבן אָט די דיבורים דערהערט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו וויינען און זיך שלאָגן על חטא. זיי האָבן געבעטן דעם חסיד, אַז ער זאָל זיי געבן אַ תּשובֿה, מחמת זיי האָבן חרטה אויף די גרויסע עבֿירות, וואָס זיי זײַנען באַגאַנגען, און ווילן תּשובֿה טאָן מיטן גאַנצן האַרצן. על־כּן

האָט זיי דער חסיד אַרויסגעגעבן אַ תּשובֿה און זאָגט צו זיי: „זײַט וויסן, אַז אויב איר וועט נעמען אויף זיך די תּשובֿה, וואָס איך גיב אײַך, וועט אײַך זײַן גוט און וווּל. עס איז בײַ מיר גאָר קיין ספֿק נישט, אַז איר וועט זוכה זײַן אַרײַנצוקומען אין גן־עדן און האָבן אַ חלק לעולם הבא. באם, אויב איר וועט אָבער נישט חוזר בתּשובֿה זײַן ווי עס באַדאַרף צו זײַן, בין איך אײַך מבֿטיח, אַז איר וועט נישט אויסלעבן דאָס יאָר און שטאַרבן מיט אַ מיתה משונה". האָבן די דרײַ לײַט געענטפֿערט ווי מיט איין קול: „ליבער רבי, אַלץ וואָס דו וועסט אונדז הייסן וועלן מיר טאָן מיטן גאַנצן האַרצן, גיכער אַ ביסל מער, איידער צו ווינציק".

אַזוי זײַנען זיי צוזאַמען ווײַטער געגאַנגען ביז זיי זײַנען אָנגעקומען אין יענער שטאָט, ווו דער חסיד האָט געהאַט בדעה צו לערנען תּורה. ווי באַלד זיי זײַנען גאָר אַהין אָנגעקומען, זײַנען זיי פֿאַר נאַכט־צו אַוועק אין שול און זיך אַנידערגעשטעלט פֿאַרן אָרון־קודש און אַזוי גערעדט צו דעם עולם: „רבותים, זײַט וויסן, אַז מיר זײַנען בעוונותינו הרבים גרויסע פּושעים און חוטאים" און בשעת מעשׂה זיך מתוודה געווען אויף זייערע זינד. דערנאָך האָבן זיי מוסיף געווען: „מיר האָבן אויף זיך גענומען די תּשובֿה פֿון אָט דעם גדול און מיר וועלן זי מקיים זײַן גענוי ווי ער האָט אונדז געבאָטן". און זיי האָבן טאַקע חוזר בתּשובֿה געווען מיטן גאַנצן האַרצן.

אַ מאָל, בײַ נאַכט, האָט דער חסיד פֿאַרנומען אַ שטים, וואָס האָט צו אים געזאָגט אַזוי: „זאָלסט וויסן זײַן, אַז די תּשובֿה פֿון די דרײַ לײַט האָט פֿאַרשאַפֿט גאָט ברוך־הוא אַ סך נחת־רוח און זיי זײַנען אָנגעברייט פֿאַר עולם־הבא". צו מאָרגנס איז דער חסיד אַוועק אין שול אַרײַן און געדרשנט פֿאַרן עולם: „לעולם, זאָל זיך קיינער נישט מייאש זײַן פֿון רחמים. זאָל קיינער נישט טראַכטן בײַ זיך, איך האָב עובֿר געווען אויף אַזוי פֿיל עבֿירות, אַז איך קען שוין נישט מער האָבן קיין פֿאַרגעבונג. זאָל קיינער נים זאָגן, איך וועל נישט טאָן קיין תּשובֿה, ווײַל זי וועט שוין סײַ ווי סײַ גאָר נישט מער פּועלן. זאָל זיך דעריבער יעדער איינער אַראָפּנעמען אַ מוסר־

השׂכל פֿון אָט די דרײַ לײַט, וואָס האָבן אָפּגעטאָן אַ סך עבֿירות און געווען גרויסע רשעים. זיי האָבן זיך כּשר פֿאַרדינט, אַז די חיות רעות זאָלן זיי פֿאַרצוקן, אַזוי ווי דער זקן האָט דאָס מיר געזאָגט. אָבער ווי באַלד זיי האָבן תּשובֿה געטאָן מיטן גאַנצן האַרצן, אַזוי ווי איך האָב זיי געהייסן, האָבן זיי זוכה געווען צו אַ חלק עולם־הבא, גלײַך ווי זיי וואָלטן קיין מאָל נישט עובֿר געווען אויף דער קלענסטער עבֿירה. אַדרבא, זיי זײַנען איצט אַפּילו געוואָרן אַ סך ריינער ווי אַמאָל, אָן אַ װעלכן עס איז פּגם. אויף דעם האָבן שוין אונדזערע חכמים געזאָגט, אַז דאָרט, וווּ עס שטייט אַ בעל־תּשובֿה, קען אַפֿילו אַ צדיק גמור ניט שטיין" (סנהדרין צט, א׳; ברכות לד, ב׳). די סיבה דערפֿון איז טאַקע, וואָס דער צדיק גמור איז זײַן גאַנץ לעבן געגאַנגען בדרך הישר, האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין בייזע, זינדיקע מחשבֿות און נישט געטאָן קיין מעשׂה־רע. אָבער דער רשע, וואָס איז אין זײַן לעבן עובֿר געווען אויף אַלע עבֿירות פֿון דער תּורה און טוט דערנאָך תּשובֿה, האָט אויף אַזאַ אופֿן גובֿר געווען זײַן יצר־הרע, אַזוי אַז ער וועט שוין מער נישט טאָן די עבֿירות ווי פֿריִער.

דער חסיד איז אין דעם מקום־תּורה פֿאַרבליבן דרײַ יאָר צײַט און געלערנט. דערנאָך איז ער בשלום צוריק אַוועק צו זיך אַהיים.

מ״ב קס״ג, (ב. קס״ז). — שבחים ז׳ 48. — מאָטיוו: די אייביקע גלוס־טעניש פֿון מענטש זיך צו דערשלאָגן צום גן־עדן התחתון.

## 48 שמואל איז מבטל אַ גזר־דין

אַ מעשׂה שהיה. כּידוע, איז רבי שמואל חסיד געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. אַ מאָל האָט ער געזאָגט צו זײַן ווײַב: „מײַן טײַער ווײַב, איך זע באַשײַמפּערלעך, אַז עס וועט קומען, בעוונותינו הרבים, אַ בייזע גזירה אויפֿן ציבור יִדן אין שפּײַער. איז קום, לאָמיר ביידע מתפּלל זײַן צו גאָט ברוך־הוא, אפֿשר וועט ער אין זײַן גרויס

גענאָד רחמנות האָבן אויף אונדז און מיר וועלן פּועלן, אַז די גזירה וועט בטל ווערן". און בשעת מעשׂה האָט ר' שמואל אָנגעזאָגט זײַן ווײַב, חלילה וועגן דעם קיינעם קיין וואָרט נישט צו זאָגן. האָבן זיי געפֿאַסט דרײַ טעג און דרײַ נעכט און מתפּלל געווען צו השם יתברך מיט גרויס דבֿקות. אַז די דרײַ טעג זײַנען אַריבער, האָט דער חסיד געזאָגט צו זײַן ווײַב: „טײַער ווײַב, לאָמיר זיך איצט משׂמח זײַן, ווײַל איך זע בחוש, אַז אונדזער תּפֿילה האָט געפּועלט, און אַז גאָט ברוך־הוא האָט אין זײַן גרויס דערבאַרעמדיקייט אָנגענומען אונדזער הייס געבעט און מבֿטל געמאַכט דעם בייזן גזר־דין". באַלד דערנאָך האָט דער חסיד גענומען אַ יונגן האָן, אים געשאָכטן און געלאָזט אָפּקאָכן.

גראָד איז דעמאָלט אין דער שטוב פֿון חסיד אַרײַנגעקומען איי־נער פֿון זײַנע תּלמידים. ווי ער האָט דערזען, אַז דער חסיד האָט גע־שאָכטן אַ האָן צום נאַכטעסן, האָט ער זיך שטאַרק פֿאַרחידושט, און מאַכט צום חסיד: „מה היום מיומים?" ווי קומט עס, אַז איר עסט הינער אין אַ פּראָסטן מיטן וואָך? ווייס איך דאָך גאַנץ גוט, אַז דאָס איז נישט אײַער סדר, מחמת איר האָט דאָך, בעוונותינו, נישט וואָס צו עסן". אַז רבי שמואל האָט געהערט די דאָזיקע רייד פֿון זײַן תּלמיד, זאָגט ער צו אים: „מײַן ליבער זון! איך בין אויף דיר גוזר, אַז דו זאָלסט וועגן דעם שווײַגן. אויב די מענטשן אין גאַס וועלן הערן, אַז מיר עסן הינער, וועלן מיר ווערן צו זייער געשפּעט". דער תּלמיד האָט זיך אָבער אײַנגעעקשנט און געוואָלט דווקא וויסן די סיבה, פֿאַר וואָס זיי האָבן געקוילעט אַ האָן אין אַ פּראָסטן וואָכנ־טאָג. ער האָט דעם חסיד אַזוי לאַנג מפֿציר געווען, ביז ער האָט אים צום סוף מגלה געווען דעם סוד. ווי באַלד דער תּלמיד האָט דאָס געהערט, האָט ער געבעטן, אַז דער חסיד זאָל אים מוחל זײַן, וואָס ער האָט אים מטריח געווען און אים אויסגעזאָגט דעם סוד.

אויף אַזאַ אופֿן איז דער בייזער גזר־דין מיט דער הילף פֿון השם יתברך בטל געוואָרן, און טאַקע אינעם זכות פֿונעם חסיד און זײַן ווײַב, דער צדיקת, וואָס האָבן אַזוי הייס געבעטן צו גאָט ברוך־

הוא. דער אייבערשטער זאָל אונדז אַלע טעג לאָזן געניסן זייער זכות. אָמן.

מ״ב קס״ה. (ב. קס״ט). — בריל, ג׳ 10. — שבחים, ז׳ 52. — מאָטיוו: דער כוח פון צדיק מבטל צו מאַכן אַ גזר־דין פון הימל.

## 49 דער כוח פון תורה

אַ מעשׂה שהיה. רבי יודאַ איז שוין מסתּמא אַלט געווען אַכצן יאָר איידער ער האָט געקענט לערנען תּורה. ער איז ביז דעמאָלט געווען אַ וויסטער עם־האָרץ און דערצו אַ גרויסער ליידיק־גייער. די גאַנצע צײַט האָט ער פֿאַרבראַכט אַרומלויפֿנדיק אין דרויסן און גע־שאָסן מיט זײַן שלײַדער־בויגן. ויהי היום, און זײַן פֿאָטער ר׳ שמואל האָט געזאָגט, ווי עס איז געווען זײַן שטייגער, דעם שיעור אין בית־המדרש פֿאַרן עולם. זײַנען דערנאָך די בית־המדרש־בחורים צו אים צוגעשטאַנען מיט תּרעומות און געטענהט: „ליבער רבי, אַלע אָבֿות אײַערע זײַנען געווען גרויסע תּלמידי־חכמים און לומ־דים, אַ שטייגער, אײַער פֿאָטער רבי קלונימוס און אײַער זיידע ר׳ אפֿרים. ווי קומט עס, אַז איר לאָזט אַרומלויפֿן אײַער זון מיט אַ פֿײַל־און־בויגן, ממש ווי אַ גזלן?״ — ענטפֿערט זיי רבי שמואל און זאָגט: „איר זײַט כּשר גערעכט. איר וועט זען, אַז איך וועל אים באַלד נעמען אין דער האַנט אַרײַן און אים אַנדערש דערציִען״.

אַז די בחורים זײַנען נאָכן שיעור אַהיים געגאַנגען, האָט רבי שמואל אַרײַנגערופֿן צו זיך זײַן זון יודאַ, און זאָגט צו אים: „מײַן ליבער זון! ווילסטו גאָר נישט לערנען קיין תּורה? עס איז מיר דאָך אַ חרפּה און אַ בושה, ווי דו דרייסט זיך אַרום פּוסט־און־פּאַסט״. ענטפֿערט אים זײַן זון יודאַ: „מײַן ליבער פֿאָטער! ווער זאָגט דאָס, אַז איך וויל נישט לערנען קיין תּורה? אַדרבא, איך באַגער זייער שטאַרק צו לערנען, אָבער בתּנאַי, אַז דו זאָלסט מיט מיר אַזוי לער־נען ווי דו לערנסט מיט די אַנדערע בחורים״. אַז דער פֿאָטער האָט

דאָס געהערט, האָט ער גענומען זײַן זון יודאַ, אים אַרײַנגעפֿירט צו זיך אין בית־המדרש און אים אַוועקגעזעצט נעבן זיך. זײַן עלטערן זון רבי אַבֿרהם האָט ער אויך אַוועקגעזעצט נעבן זיך, אָבער פֿון דער אַנדער זײַט. דעמאָלט האָט רבי שמואל מיט כּוונה אַרויסגעזאָגט אַ שם, אַז דאָס בית־המדרש האָט זיך מיט אַ מאָל אָנגעפֿולט מיט אַ גרויס ליכט, וואָס זײַן שטראַליקייט איז זײַן זון יודאַ נישט געווען ביכולת אויפֿצונעמען. ער האָט דעריבער פֿאַרדעקט זײַן פּנים מיטן מאַנטל און איז אַנידערגעפֿאַלן אויף דער ערד. דעמאָלט זאָגט ר׳ שמואל צו זײַן זון ר׳ אַבֿרהם: „איצט איז די שעת־הכּושר פֿון גאָט ברוך־הוא פֿאַר מײַן זון יודאַ. איך ווייס, אַז דו ביסט געווען אַ גרויסער למדן אַלע דײַנע טעג, אָבער דײַן ברודער יודאַ וועט נאָך מער לערנען, און דערצו דערגיין צו וויסן, וואָס עס קומט־פֿאָר אויבן אין הימל און וואָס עס טוט זיך אונטן אויף דער ערד. קיין שום זאַך וועט פֿון אים נישט בלײַבן פֿאַרהוילן. אמת, ער וועט נישט זײַן אַזאַ בקי אין נגלה ווי דו, דערפֿאַר אָבער וועט ער זײַן בכוח אויסצופּועלן אַ סך מער ווי דו האָסט ווען עס איז געקענט פּועלן".

אַזוי אַרום האָט רבי שמואל חסיד אָנגעהויבן לערנען מיט זײַן זון יודאַ. אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געלערנט, האָט ער תּיכּף געקענט אויסנווייניק. אַז די בחורים זײַנען ווידער אַ מאָל געקומען צו דעם שיעור פֿון רבי שמואלן — האָט יודאַ שוין געפֿרעגט מער קשיות אין דער סוגיא ווי אַלע בחורים צוזאַמען. איז דאָס פֿאַר זיי געווען אַ גרויסער חידוש און זיי האָבן צווישן זיך גערעדט: „זעט נאָר דעם פּלא. יענער האָט קיין מאָל נישט אַרײַנגעקוקט אין קיין ספֿר און איצט פֿרעגט ער שוין מער קשיות און באַווײַזט אַ סך מער חריפֿות ווי מיר אַלע צוזאַמען". נאָכן שיעור זאָגט רבי שמואל צו זײַן זון יודאַ: „גיי און ברענג מיר דײַן פֿײַל־און־בויגן, מיט וואָס דו האָסט כּסדר געשאָסן". אַזוי איז יודאַ אַוועק און געבראַכט דעם פֿײַל־און־בויגן, ווי דער פֿאָטער האָט אים באַפֿוילן. האָט רבי שמואל איצט גענומען דאָס כּלי־זין און צעבראָכן פֿאַר די אויגן פֿון זײַנע תּלמידים, און ער זאָגט צו יודאַן: „מײַן ליבער זון, ביז איצט איז געווען

דײַן אומנות צו שיסן; פֿון הײַנט אָן אָבער זאָל זײַן די תּורה דײַן אומנות". פֿון דעמאָלט אָן האָט ער געלערנט תּורה מיט גרויס חשק און איז געוואָרן דער האַר רבי יודאַ חסיד, פֿון וועמען איר וועט נאָך איצט הערן אַ סך מעשׂה־נוראָס.

מ"ב קס"ו, (ב. ק"ע). — בריל, נ' 22. — שבחים, ז' 52. — מאָטיוו: דער גײַסטיקער כּוח, און נישט דער כּוח פֿון דער פֿויסט, מאַכט אַ מענטשן שטאַרק. אַכצן יאָר איז רבי יודאַ אַלט, ווען ער הייבט־אָן לערנען תּורה. האָבן מיר אין דער מעשׂה אַן אָנצוהערעניש אויף דעם כּלל, אַז „בן י"ח (אַכצן) לחופּה", פּרקי אָבות ה, כ"א.

## 50 אַ שבת אין גן־עדן

אַ מעשׂה האָט זיך פֿאַרלאָפֿן. רבי יודאַ חסיד האָט געוואָלט טאָן אַ שידוך מיט זײַן טאָכטער, מחמת עס איז אים נישט געווען צום האַרצן, אַז זי זאָל זיך כּסדר פֿאַרנעמען מיט אויסלײַען געלט און האָבן צו טאָן מיט משכּנות, וואָס האָט זי אויסגעשטעלט אויף גרויסע סכּנות. אַ מאָל זאָגט דער פֿאָטער צו זײַן טאָכטער: „טאָכטערשי, איך וויל, דו זאָלסט וויסן, אַז איך האָב בדעה דיך אויסצוגעבן פֿאַר אַ מאַן". האָט די טאָכטער גוטהאַרציק אָפּגעענטפֿערט: „טאַטעשי, און ווער וועט זיך פֿאַרנעמען מיט די משכּנות, אויב איך וועל חתונה האָבן?" — זאָגט צו איר דער פֿאָטער: „דאָס בין איך טאַקע אויסן. איך וויל דיר געבן אַ מאַן, וואָס זאָל זיך מיט דעם פֿאַרנעמען". רופֿט זיך אָן די טאָכטער: „ליבער פֿאָטער, אויב דו האָסט שוין יאָ בדעה מיר צו נעמען אַ מאַן, וויל איך, אַז ער זאָל כאָטש זײַן אַ תּלמיד־חכם, מחמת עס שטייט געשריבן, אַז ווער עס גיט־אויס זײַן טאָכטער פֿאַר אַן עם־האָרץ איז גלײַך ווי ער וואָלט זי געבונדן און אַוועקגעלייגט פֿאַר אַ לייב וואָס זאָל זי פֿאַרצוקן" (פּסחים מט, ב'). די טאָכטער האָט זיך באַנוצט מיט כּלערליי תּירוצים, כּדי אים אָפּצווווענדן, אָבער ער האָט דערפֿון גאָר נישט גע־

וואָלט הערן. זי האָט מיט אים אַזוי לאַנג איינגעטענהט, ביז ער איז געוואָרן אויף איר אין כּעס און אַ שבֿועה געגעבן, אַז זי וועט מוזן באַלד חתונה האָבן. „מיין ליבע טאָכטער — האָט דער חסיד צו איר געזאָגט — עס וועט דיר מער גאָר נישט העלפֿן. איך האָב זיך שוין אַ שבֿועה געגעבן, אַז דו וועסט חתונה האָבן". זאָגט צו אים די טאָכטער: „אויב דו האָסט שוין יאָ געשווירן, וועל איך, חלילה, דיין שבֿועה נישט פֿאַרשטערן. אָבער, ליבער פֿאָטער, טו מיר איין זאַך צו ליב: זע, למען השם, אַז מיין חתן זאָל טאַקע זיין אַ למדן". ענטפֿערט איר דער פֿאָטער: „גוט, טאָכטערשי, אָט גיי איך אַריין צו דעם אַנדערן חסיד אין שטאָט און וועל האָבן מיט אים אַ יישובֿ־הדעת וועגן דעם".

הקיצור, רבי יודאַ איז אַוועק צו דעם אַנדערן גדול אין שטאָט און בשעת מעשׂה אים געטראָפֿן זאָגן אַ שיעור. ער האָט איבערגע־וואַרט ביז נאָכן שיעור, ווען יעדער פֿון די בחורים איז אַריין צו זיך אין זיין חדר. דעמאָלט זאָגט רבי יודאַ צו דעם גדול: „ליבער, האָט איר צווישן אייערע בחורים אַ בחור מיט אַ גוטן קאָפּ?" — ענט־פֿערט אים יענער: „יאָ, איך האָב טאַקע דאָ צוויי בחורים מיט גוטע קעפּ, גאָר פֿיינע לומדים. איינער הייסט ר׳ יוחנן און דער אַנדערער ר׳ חנינה". גייט רבי יודאַ אַהיים צו דער טאָכטער און דערציילט איר, אַז דער ראָש־ישיבֿה האָט צוויי גאָר פֿיינע בחורים,ביידע גו־טע קעפּ: איינער הייסט ר׳ יוחנן און דער צווייטער ר׳ חנינה, און רבי יודאַ איז מוסיף, אַז ר׳ חנינה האָט שוין זוכה געווען צו אַזוינס, צו וואָס קיין שום ילוד־אישה איז נישט אַזוי לייכט זוכה. פֿרעגט אים די טאָכטער: „זאָג מיר, טאַטע, איז ער בטבֿע אַ גוטער צי אַ שלעכטער?" — ענטפֿערט איר דער פֿאָטער: „מיין ליבע טאָכטער, דאָס ווייס נישט קיין שום מענטש כּל־זמן ער לעבט". דעמאָלט זאָגט צו אים די טאָכטער ווייטער: „אויב אַזוי, וועל איך נעמען ר׳ חנינהן פֿאַר אַ מאַן". הכּלל, אויף צו מאָרגנס איז רבי יודאַ אַוועקגעגאַנגען צום ראָש־ישיבֿה און צוגעוואָרט ביז אַלע בחורים וועלן זיך צעגיין. דעמאָלט האָט ער געבעטן ר׳ חנינהן צו בלייבן, מחמת ער וויל מיט

אים עפּעס ריידן. דערנאָך פֿרעגט אים דער חסיד: „ליבער, טראַכט־סטו גאָר נישט צו נעמען אַ ווײַב?״ — ענטפֿערט אים ר׳ חנינה: „לעת־עתּה נאָך נישט, מחמת איך וויל נאָך מער תּורה לערנען״. זאָגט צו אים דער חסיד: „זאָלסטו וויסן, אַז עס איז דיר באַשערט זיך מיט מיר מתחתּן צו זײַן און נעמען מײַן טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב״. ענטפֿערט אים ר׳ חנינה מיט עניוות: „ניין, מײַן ליבער רבי. דערצו בין איך גאָר נישט ראוי״. אָבער דער חסיד האָט דערפֿון גאָר נישט געוואָלט הערן און באַלד אַ שבֿועה געגעבן, אַז עס וועט מוזן אַזוי זײַן. דעמאָלט זאָגט צו אים ר׳ חנינה: „אויב שוין יאָ אַזוי, טאָ וועל איך איר געבן מתּנות־הכּלה און תּנאים שרײַבן. אָבער דערווײַל וויל איך מיט איר נאָך נישט גיין צו דער חופּה, ביז איך וועל נישט האָבן געלערנט גענוג תּורה. ערשט דעמאָלט ווען איך וועל אם־ירצה־השם צוריקקומען, וועל איך מיט מזל שטעלן אַ חופּה״. איז רבי יודאַ אַוועק פֿון אים צו זיך אַהיים און איבערדערציילט זײַן טאָכטער די רייד פֿון ר׳ חנינהן. מען האָט באַלד דערנאָך געשריבן מיט מזל תּנאים און אָפּגערעדט דעם זמן־חתונה. דער טײַערער ר׳ חנינה איז דערנאָך אַוועק לערנען אין אַ ישיבֿה און השם יתברך איז אים בײַגעשטאַנען, אַז ער איז אָנגעקומען צו אַ רבין אַ גדול בישׂראל, וואָס האָט געוווינט אַ מהלך פֿון איבער הונדערט מײַל פֿון דער שטאָט רעגנסבורג. אין דער ווײַטער שטאָט איז ר׳ חנינה געזעסן און געלערנט מיט גרויס התמדה און מען האָט שוין פֿון אים גאָר נישט מער געהערט אין דער היים.

ויהי היום, און סײַ רבי יודאַ און סײַ דער אַנדערער חסיד האָבן געזען אין חלום, אַז ר׳ חנינה וועט נישט קענען אַהיימקומען צו דעם אָפּגערעדטן זמן־חתונה. האָט זיך רבי יודאַ דעריבער שטאַרק מצער געווען און געוויינט טאָג־און־נאַכט. אַז די טאָכטער האָט וועגן דעם געהערט, האָט זי נאָך מער געוויינט ווי איר פֿאָטער. האָט זי דאָך טאַקע מלכתּחילה גאָר נישט געוואָלט הערן פֿון נעמען אַ מאַן, אָבער אַצינד איז איר דאָס וואַרטן געוואָרן צו לאַנג. מאַכט צו איר דער פֿאָטער אַ מאָל: „ליבע טאָכטער, וויין נישט און קלאָג

נישט. קומט דײַן באַשערטער נישט אַהיים צו דעם זמן־חתונה, ווי עס איז געוואָרן אָפּגערעדט, וועל איך דיר געבן אַן אַנדערן פֿאַר אַ מאַן״. סוף דבֿר, די צײַט פֿון דער חתונה איז שוין געווען גאָר נאָענט און דער חתן איז אַלץ נאָך נישט דאָ געווען. נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה, האָט רבי יודאַ דערווײַל פֿאַרקנסט זײַן טאָכטער פֿאַר אַן אַנדערן בחור, וואָס איז אין דער אמתן גאָר נישט ראוי געווען זי צו פֿירן אונטער דער חופּה. דערפֿאַר טאַקע האָט זי זיך שטאַרק מצער געווען, געקלאָגט און תּפֿילה געטאָן צו השם יתברך, אַז ער זאָל רחמנות האָבן אויף איר און אַהיים ברענגען בשלום איר אמתדיק באַשערטן.

אין צווישן זײַנען אַריבער צען יאָר זינט ר׳ חנינה איז אַוועק פֿון דער היים און געלערנט תּורה אין דער ווײַטער שטאָט. ער איז מיט דער צײַט געוואָרן אַ גדול בתּורה, ווי זײַן רבי אַליין. ויהי היום און ר׳ חנינה האָט זיך מפּלפּל געווען מיט זײַן רבין אין אַ האַרבער הלכה. האָט ר׳ חנינה גענומען נאָכקוקן דעם דין אין אַ ספֿר און דאָרט גראָד געפֿונען דערמאָנט דעם נאָמען פֿון רבי יודאַ חסיד. איז אים מיט אַ מאָל אײַנגעפֿאַלן, אַז ער האָט דאָך געזאָלט חתונה האָבן מיט זײַן טאָכטער. נעמט ער נאָכקוקן דעם אָפּגערעדטן זמן און גע־פֿינט־אויס, אַז ער פֿאַלט טאַקע אויס אויף זונטיק, תּחילת קומענדי־קע וואָך. באַרעכנט ער דעם מרחק אַהינצו צו דער שטאָט פֿון רבי יודאַ, אַזוי זעט ער באַשײַמפּערלעך, אַז עס זײַנען מער ווי הונ־דערט מײַל. האָט זיך אים פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ איבערן גרויס ווייטיק. גייט ער תּיכף אַרײַן צו זײַן רבין, וואָס איז, אַגבֿ, אויך גע־ווען אַ נבֿיא, און גיסט פֿאַר אים אויס זײַן ביטער האַרץ. זאָגט דע־מאָלט צו אים זײַן רבי: „זאָלסט וויסן זײַן, אַז אויב דו וועסט נישט באַווײַזן אַהיים צו קומען צו דער צײַט, וועט אַן אַנדערער פֿירן דײַן כּלה צו דער חופּה און די קינדער וועלן, חלילה, גאָר זײַן אייטל ממזרים, און דאָס טאַקע נאָר צוליב דײַן שולד״. אַז רבי חנינה האָט דאָס געהערט, האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין און זאָגט צו זײַן רבין: „ליבער רבי, גיט מיר אַן עצה, וואָס איך זאָל טאָן״.

ענטפֿערט אים דער רבי: „איך וועל דיר געבן אַן עצה, וואָס דו זאָלסט טאָן. נעם מיט דיר עטלעכע פֿון מײַנע בעסטע בחורים, און מאָרגן גאַנץ פֿרי, אַזוי ווי עס וועט נאָר נעמען טאָגן, לאָז דיך אין וועג אַרײַן. אפֿשר וועט גאָט ברוך־הוא טאָן מיט דיר אַ חסד און דיך ברענגען אַהיים צו דער ריכטיקער צײַט״.

האָט ר׳ חנינה, על־כּן, זיך אויסגעקליבן פֿופֿציק גוטע בחורים, זיך געלאָזט בענטשן פֿון זײַן רבין און גענומען פֿון אים רשות אַוועקצוגיין. עס איז געווען פֿרײַטיק באַלד אין דער פֿרי, בשעת זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. זיי זײַנען אָפּגעגאַנגען גאָר אַ לאַנגן וועג און דערנאָך צוגעקומען צו אַ הויכן באַרג. זײַענדיק זייער מיד, האָט זיך ר׳ חנינה גענומען אָפּרוען צופֿוסנס פֿון באַרג, בשעת זײַנע חבֿרים זײַנען אַרויף אויפֿן שפּיץ באַרג, זיך דאָרט אַנידערגעלייגט און באַלד אַנטשלאָפֿן געוואָרן. זיי זײַנען אַזוי געשלאָפֿן ביז כּמעט צום זונפֿאַרגיי. מיט אַ מאָל האָט זיך איינער פֿון די בחורים אויפֿגעכאַפּט און אויפֿגעוועקט די איבעריקע. זיי האָבן גערופֿן ר׳ חנינהן, אָבער ער האָט זיי נישט געענטפֿערט. האָבן זיי פּשוט נישט געוווּסט, וווּ ער איז אַהינגעקומען. האָבן זיי זיך געטראַכט: לאָמיר בעסער גיין ווײַטער, אפֿשר וועט אונדז השם יתברך העלפֿן און מיר וועלן בײַ צײַטנס דערגיין אַהיים און אויפֿהאַלטן די חופּה. אַזוי זײַנען זיי ווײַטער געגאַנגען זייער וועג.

אַז זיי האָבן זיך שוין געהאַט דערווײַטערט אַ מהלך פֿון אַ שעה צײַט, האָט אויך ר׳ חנינה אויפֿגעוואַכט. ער איז באַלד אַרויף אויפֿן באַרג, גענומען רופֿן זײַנע בחורים, אָבער אין קול ואין עונה. עס איז שוין דאָרט קיינער נישט מער געווען. האָט זיך דער טײַערער ר׳ חנינה שטאַרק מצער געווען און אָנגעהויבן ביטער צו וויינען. ער איז געווען זייער איבערגעשראָקן. און אויפֿהייבנדיק די הענט צום הימל, האָט ער גאָט ברוך־הוא געבעטן, אַז ער זאָל אים שיקן אַ ישועה. באַלד האָט ער גענומען האָפֿערדיק ווײַטער שפּרײַזן און בײַ זיך געטראַכט: אפֿשר וועט השם יתברך אים פֿאָרט דערהערן און אים בײַ צײַטנס אַהיים ברענגען קיין רעגנסבורג. אָדער אפֿשר

וואָלט טאַקע גלײַכער געווען, אַז איך זאָל אַרײַנגיין איבער שבת אין אַ האַרבעריק, איידער חלילה דאַרפֿן מחלל שבת זײַן. מיט אַ מאָל האָט ער דערזען אַ ריזיקן וואַלד, האָט ער זיך געטראַכט, מסתמא זײַנען אינעם וואַלד פֿאַראַן אַ סך גזלנים, וואָס קענען מיך חלילה נאָך דערהרגענען. פֿון דעסט וועגן איז גלײַכער, אַז איך זאָל אַזוי אומקומען איידער, חס ושלום, מחלל שבת זײַן. איז ער אַזוי ווײַטער געגאַנגען. אַז ער איז אַרויסגעקומען פֿון וואַלד, איז שוין געווען נאָענט צו שקיעה. האָט ער זיך געטראַכט: באַלד וועט אָנקומען דער הייליקער שבת, וועל איך מיך ליבערשט אַנידערלייגן אונטער אַ בוים און דאָרט האַלטן שבת.

פּלוצעם האָט ער דערזען פֿאַר זיך שטיין אַ שיין הויז. האָט ער זיך געטראַכט: אינעם הויז זײַנען מסתמא פֿאַראַן גזלנים און זיי וועלן מיך דערהרגענען. עס איז אָבער פֿאָרט בעסער, אַז איך זאָל אומקומען איידער, חלילה, מחלל שבת זײַן. הכּלל, איז ער צוגעגאַנגען צום הויז און פּאַמעלעך אויפֿגעמאַכט די טיר. ער האָט זיך מיט באַדאַכט גענומען אַרומקוקן און דערזען פֿיר שטובן, אויף יעדער זײַט אַ שטוב. האָט ר׳ חנינה אויפֿגעמאַכט די טיר פֿון דער שטוב, וואָס איז געווען אויף דער מזרח־זײַט, און אַהין אַרײַנגעקוקט. דאָרט איז געשטאַנען גאָר אַ שיין בעט, אָבער פֿון דאַנען האָבן טירן ווידער געפֿירט אין ווײַטערדיקע דרײַ שטובן, אײנע שענער פֿאַר דער אַנדערער. איז ר׳ חנינה אַרײַנגעגאַנגען אין אַן אַנדער שטוב, זײַנען אויך דאָרט געשטאַנען גאָר שיינע בעטן, וואָס זייערע בעטציכן זײַנען געווען פֿון טײַערן זײַד און די בעטקאַסטנס פֿון לויטער זילבער. אויך דער דיל איז געווען געפּלאַסטערט פֿון לויטער זילבער. אין דעם סאַמע הינטערשטן חדר איז געזעסן אויף אַ טײַערן שטול אַן אַלטער מאַן, וואָס האָט געהאַלטן אַ ספֿר־תּורה אין דער האַנט. זײַן באָרד איז געווען אַזוי לאַנג, אַז זי האָט געגרייכט ביז צו דער ערד. אים אַנטקעגן איז געשטאַנען אַ צווייטער שטול, אויף וואָס עס האָט זיך אַנידערגעזעצט ר׳ חנינה. ער האָט זיך דעמאָלט געטראַכט: עס

איז בעסער אַז איך זאָל דאָ בלײַבן און זיך צוהערן צו דבֿרי־תּורה אײדער, חלילה, מוזן אין דרויסן מחלל שבת זײַן.

אַז דער שבת־קודש איז אָנגעקומען, האָט זיך באַוויזן דער שמש פֿון הויז און געפֿרעגט בײַם זקן: „איז שוין צײַט, אַז איך זאָל קלאַפּן „אין שול אַרײַן" און אָנצינדן די ליכט?" — ענטפֿערט אים דער זקן: „יאָ, ווי דו פֿאַרשטייסט". נאָך אַ ווײַל האָט זיך דער שמש ווידער באַוויזן און געטראָגן אין זײַן האַנט אַ טײַער, שמעקעוודיק וואַסער, מיט וואָס ער האָט אָפּגעוואָשן דעם זקן. דערנאָך האָט ער דאָס אויך געטאָן מיט ר' חנינהן. האָט זיך ר' חנינה געטראַכט: דאָס וואַסער איז באמת זייער פֿײַן. עס שמעקט מיט די טײַערסטע בשׂמים. אַז דער שמש האָט געהאַט פֿאַרענדיקט זײַן אַרבעט, איז ער אַרויס פֿונעם חדר. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער ווידער צוריקגעקומען און געקלאַפּט „אין שול אַרײַן". באַלד דערנאָך זײַנען אַרײַנגעקומען זיבן אירע און מיטן שמש זײַנען זיי געווען אַכט. צוזאַמען מיטן זקן און ר' חנינה זײַנען זיי געווען פּונקט אַ מנין. באַלד נאָך דעם איז דער זקן אויפֿגעשטאַנען פֿון זײַן פּלאַץ און גענומען זאָגן אַ תּפֿילה. נאָך דער תּפֿילה האָט דער שמש גענומען ר' חנינהן און אים געוויזן דעם וועג ווו צו גיין, מחמת די אַנדערע האָבן געקענט זייער וועג.

אַזוי גייענדיק זײַנען זיי אָנגעקומען אין דער שול אַרײַן. אַלץ איז דאָ געווען פֿון לויטער אײדלשטיינער, פֿון אַ זעלטענער שיינקייט און עשירות. ר' חנינהן האָט דער שמש אַוועקגעזעצט נעבן דעם זקן. באַלד איז דער זקן אויפֿגעשטאַנען און זיך געשטעלט מקבל שבת זײַן. ר' חנינהן האָט זיך בשעת מעשׂה אויסגעדוכט, אַז ער האָט נאָך אין זײַן לעבן נישט געהערט קיין שענער און מער מתיקותדיק קול. עס האָט ממש געקלונגען ווי די פֿײַנסטע אָרגלען און פֿײַפֿלעך. די תּפֿילות זײַנען געווען פּונקט אַזוי ווי בײַ אונדז, יידן. נאָכן דאַוונען האָט זיך ר' חנינה אַרומגעקוקט אויף אַלע זײַטן, צי עס זײַנען פֿאַראַן אין דער שול אָרגלען אָדער פֿײַפֿלעך, צי סתּם משוררים, וואָס העלפֿן־אונטער דעם חזן. אָבער ער האָט גאָר נישט

געזען אַחוץ דעם חזן, וואָס האָט געזונגען, בעת די איבעריקע מתפּללים האָבן געשוויגן. פּלוצעם האָט ער פֿאַרנומען אַ בת־קול פֿון הימל, וואָס האָט שטיל געשעפּטשעט: „אָ, גאָט, מײַן גאָט! עס איז דיר באַוווּסט, אַז איך בין תּמיד גרייט צו טאָן דײַן רצון, נאָר דער יצר־הרע רעדט מיך כּסדר אָפּ. טאַטע אין הימל, זײַ דערבאַרעמדיק און לאָמיך זוכה זײַן צו יראַת־שמים". באַלד דערויף האָט ר' חנינה דערהערט אַ צווייט קול, וואָס האָט צו אים גערעדט בזה הלשון: „רבי חנינה, זײַ דיך נישט מצער. זאָלסט וויסן זײַן, אַז דו וועסט בײַ צײַטנס און מיט מזל אָנקומען אַהיים קיין רעגנסבורג".

אַז מען האָט געהאַט אָפּגעדאַוונט, האָט זיך דער זקן ווידער אַנידערגעזעצט אויף זײַן שטול, ווי פֿריִער, און דער שמש האָט גענומען גרייטן צום טיש. אויך ר' חנינה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זײַן שטול און דער זקן האָט מיט אים געלערנט תּורה אַ ווײַל. בשעת מעשׂה זײַנען די אַנדערע מתפּללים אַרויף אין הימל. באַלד דערנאָך האָט דער שמש אַוועקגעשטעלט אויפֿן טיש גאָר טײַערע כּלים פֿון זילבער און גאָלד. דער ווײַן, וואָס ער האָט אַרײַנגעבראַכט, האָט געשמעקט מיט כּלערליי בשׂמים פֿון גן־עדן. עס איז געווען אַ טײַערער ווײַן, וואָס מען רופֿט־אָן יין קפּריסין. אַז דער טיש איז שוין געווען געגרייט, מאַכט דער שמש צום זקן: „שטייט־אויף צו נטילת־ידים". האָט דער זקן זיך געוואַשן צום עסן און אַזוי האָט אויך געטאָן ר' חנינה. זיי ביידע האָבן זיך דערנאָך אַוועקגעזעצט צום טיש עסן. באַלד האָט דער שמש אָנגעהויבן צו דערלאַנגען פֿון כּל־טוב, די פֿײַנסטע מאַכלים, וואָס קיין שום ילוד־אישה האָט אַזוינס נאָך נישט געהאַט געזען אָדער וועגן דעם עפּעס געהערט. צו יעדן מאַכל האָט מען דערלאַנגט אַזאַ ווײַן, וואָס איז נאָך בעסער געווען ווי דער פֿריִערדיקער. נאָכן עסן און טרינקען האָט זיך ר' חנינה ווידער אַ מאָל דערמאָנט אין זײַן כּלה. ער האָט אָבער געשוויגן און אַלצדינג מקבל באַהבֿה געווען, מחמת אַזוי איז דאָך אים געווען בעסער ווי ער זאָל מוזן, חלילה, ליגן אויפֿן פֿעלד איבער שבת. נאָך דער סעודה האָט דער שמש גענומען ר' חנינהן און אים אַרײַנגע־

פּירט אין אַ שלאָפֿקאַמער. דאָרטן איז געשטאַנען אַ טײַערער קאָר־פּונקל־שטיין, וואָס האָט געשטראַלט מיט זײַן ליכטיקייט אַ גאַנצע נאַכט ווי העלער טאָג. ר׳ חנינה האָט זיך געלייגט שלאָפֿן אויף אַ בעט, וואָס איז געשטאַנען אויף פֿיר גילדענע רעדלעך. די קישנס זײַנען געווען אויסגעהאַפֿטן מיט פּערל און די לײַלעכער זײַנען געווען פֿון ריינעם זײַד.

אויף צו מאָרגנס איז ר׳ חנינה אויפֿגעשטאַנען און זיך אַ ווײַל צוגעהערט צו דעם זקנס לערנען. באַלד דערנאָך איז דער שמש געקומען און גערופֿן „אין שול אַרײַן״. אַז זיי זײַנען געקומען אין שול אַרײַן, האָט זיך דער חזן ווידער אַ מאָל אַוועקגעשטעלט דאַוונען פֿאַרן עמוד. בשעת בײַם נעכטיקן קבלת־שבת זײַנען געווען אַכט אירע, זײַנען הײַנט, צו שחרית, געקומען זעכצן אירע, וואָס האָבן, אַגבֿ, אונטערגעהאַלטן דעם חזן בײַ זײַן נגינה. בסך־הכּל זײַנען עס געווען צוויי און צוואַנציק שטימען, וואָס האָבן זיך מתיקותדיק דער־הויבן ביזן סאַמע הימל. נאָך פּתיחה האָט מען אַרויסגענומען די ספֿר־תּורה פֿון אָרון הקודש און געלייענט די סדרה פֿון דער וואָך. פֿאַר אַ כּהן האָט מען אויפֿגערופֿן אַהרן הכּהן, פֿאַר אַ לוי — משה רבנו און דערנאָך די איבעריקע מתפּללים. אויך ר׳ חנינהן האָט מען אויפֿגערופֿן צו אַן עליה. נאָכן דאַוונען האָבן אַהרן און דער זקן גע־דרשנט פֿאַרן עולם און בשעת מעשׂה איז ר׳ חנינה געזעסן און גע־שוויגן. באַלד דערנאָך האָט דער שמש ווידער גערופֿן צו דער שבתדיקער סעודה, וווּ עס איז געווען אָנגעגרייט פֿון אַל דאָס גוטס. נאָכן עסן איז מען צוריק געגאַנגען אין שול אַרײַן און געדאַוונט מנחה. נאָך דער תּפֿילה האָט מען געגעסן, ווי עס פּירט זיך, שלוש־סעודות און בשעת מעשׂה גערעדט אין לערנען. אַז עס איז געקומען די צײַט צו דאַוונען מעריבֿ, איז דער זקן ווידער אַ מאָל אויפֿגע־שטאַנען און תּפֿילה געטאָן פֿאַרן עמוד. נאָך „עלינו״ האָט זיך דער זקן אויסגעדרייט צו ר׳ חנינהן און אים געגעבן שלום. ערשט איצט האָט מען הבֿדלה געמאַכט און צו דער פֿולער וואָך זײַנען אַלע אַנ־דערע נעלם געוואָרן און אויך דער שמש האָט געהאַלטן בײַם אַוועק־

גיין, איז אים ר׳ חנינה נאָכגעלאָפן און, אָנכאַפּנדיק אים בײַ דער פּאָלע, בעט ער זיך בײַ אים: „ליבער, זאָג מיר, איך בעט דיך, ווער זײַנען דאָס אָט די אַלע פּאַרשווינען און ווער ביסטו אַליינס?״ — ענטפערט אים יענער: „זײַ וויסן, אַז איך בין אליהו הנביא. דער חזן, וואָס האָט הײַנט געדאַוונט פאַרן עמוד, איז געווען משה רבנו; די אַנדערע זײַנען די אָבות, אַברהם, יצחק און יעקב. דער זקן איז נישט קיין אַנדערער ווי ירמיה הנביא״. אַז ר׳ חנינה האָט דערהערט די דאָזיקע רייד, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן און אָפּגעלאָזט דעם שמש. דערויף האָט אים דער זקן צוגערופן צו זיך און מאַכט צו אים: „קום אַהער, לאָמיר ווידער לערנען תורה״. איז ר׳ חנינה צוגעגאַנגען צו אים מיט גרויס אָפּשײַ און דער זקן האָט אים אויסגעלערנט כל התורה כולה און דערצו אויך די שבעים לשונות.

אַז ר׳ חנינה האָט שוין דאָס אַלץ געקענט, זאָגט צו אים דערמאָלט דער זקן: „קום, לאָמיר איצט עפּעס טועם זײַן פון דעם עסן״. נאָכן עסן האָט ר׳ חנינה דערציילט מיט אַ ביטער געוויין דעם זקן אַלצדינג, וואָס עס האָט זיך מיט אים געטראָפן. זאָגט ער צום זקן: „ליבער רבי, גיט מיר אַן עצה, וואָס איך זאָל איצט טאָן״. ענטפערט אים דער זקן: „אַוודאי ווייס איך, אַז דײַן כלה וועט מאָרגן גיין צו דער חופּה מיט אַן אַנדערן, אויב דו וועסט נישט בײַ צײַטנס אַהיים קומען. טו, על־כן, אָט וואָס: שטיי־אויף מאָרגן באַלד אין דער פרי און פאַרקירעווע דיך פון דאַנען אויף לינקס, אַזוי וועסטו צוקומען צו אַ וואַלד. דאָרט וועסטו באַלד געפינען די פּופּציק בחורים, וואָס דו האָסט פאַרלוירן. זיי וועלן זיך פרייען דיך ווידער צו זען. דערנאָך וועט אָנקומען אַ וואָלקן, וואָס וועט אַראָפּנידערן צו דײַנע פיס. דעמאָלט זעץ דיך מיט די בחורים אַרײַן אין וואָלקן, וואָס וועט מיט אײַך אַוועקפליִען און ברענגען כהרף־עין קיין רעגנסבורג״.

הקיצור, ר׳ חנינה איז פון אים אַרויס און זיך געלייגט שלאָפן. צו מאָרגנס, ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן, איז ער אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט בענטשן פונעם זקן. ער האָט דערנאָך גענומען פון אים רשות און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, אַזוי ווי דער זקן

האָט אים געהייסן. אַז ער איז צוגעקומען צום וואַלד, האָט ער טאַקע אויך געטראָפן די בחורים, וואָס האָבן זיך מיט אים גאָר שטאַרק דערפרייט. זיי האָבן אים געגעבן שלום און ער האָט זיי גאָר ליבלעך אָפגעדאַנקט מיט אַ שלום עליכם. אַז זיי זײַנען מיט אַנאַנדער אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג, האָט זיך מיט אַ מאָל באַוויזן אַ וואָלקן פון הימל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט זיי צופוסנס. אָן שהיות האָבן זיי אַלע זיך אַרײַנגעזעצט אינעם וואָלקן, וואָס האָט זיי גיך אַוועקגעטראָגן קיין רעגנסבורג.

עס האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז צו דער זעלביקער צײַט איז רבי יודאַ חסיד אַרויס הינטער דער שטאָט צו גיין אויף נקיות, וואָרעם פאַר צײַטנס זײַנען די בית־הכיסאס געווען דרויסן אויפן פעלד. האָט ער מיט אַ מאָל דערזען, ווי עס קומט־אָן צו פליִען אַ וואָלקן און דערינען אַ גרויסער עולם. האָט ער תיכף געשיקט רופן דעם אַנדערן חסיד, אַז ער זאָל וואָס גיכער אַרויסקומען און זען דעם גרויסן חידוש. זײַנען זיי בײדע געשטאַנען און זיך צוגעקוקט מיט התפעלות, ווי דער וואָלקן מיט די בחורים לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ הויכן באַרג הינטער דער שטאָט. זײַנען די בײדע חסידים גיך אַרויפגעלאָפן אויפן באַרג, כּדי צו זען וואָס פאַר אַן עולם עס איז דאָ אָנגעקומען. מיט אַ מאָל קומט ר׳ חנינה מיט זײַנע בחורים אַרויס פון וואָלקן. רבי יודאַ האָט באַלד טאַקע דערקענט זײַן איידעם ר׳ חנינה און איז אַרויפגעפאַלן אויף זײַן האַלדז, אים געקושט און אַזש געוויינט פאַר פרייד. ערשט איצט האָט ער אים געגעבן שלום און דאָס גלײַכן האָט אויך געטאָן דער אַנדערער חסיד. ווי דער שטייגער איז, האָבן זיי אים גענומען אויספרעגן, וואָס ער האָט געלערנט, מחמת ער איז דאָך געווען אַוועק פון דער היים אַזאַ לאַנגע צײַט. האָבן די בחורים גענומען דערציילן די גרויסע מעלות פון ר׳ חנינה, אַז ער קען כּל התורה כּולה און דערצו נאָך די שבעים לשונות, און איז אויך אַ נביא. דעמאָלט איז רבי יודאַ חסיד פון דאָס נײַ געפאַלן צו זײַנע פיס און אים געקושט. ערשט איצט האָט ער געשיקט רופן זײַן טאָכטער, אַז זי זאָל אַרויסקומען מקבל פנים

זײַן איר באַשערטן, וועלכער איז אָקערשט וואָס אָנגעקומען מיט אַ גרויסן עולם בחורים. באַלד איז אויך די טאָכטער אַרויסגעקומען און, דערזעענדיק ר׳ חנינהן, האָט זי זיך אַנידערגעוואָרפֿן פֿאַר אים און געקושט זײַנע פֿיס. פֿאַר גרויס שׂמחה האָט זי שטאַרק געוויינט. דערנאָך האָט אים רבי יודאַ געפֿירט מיט גרויס פּאַראַד אין שטאָט אַרײַן און מיט מזל געשטעלט די חופּה. די חתונה האָט מען געפּראַוועט מיט אַ סך פֿײַערלעכקייט, מען האָט געגעסן און געטרונקען און זיך משׂמח געווען די גאַנצע שבֿע־ברכות. זאָל מען טאַקע נישט פֿאַרגעסן, אַז אין דער אמתן איז שוין אַלצדינג געווען צוגעגרייט, אַז ר׳ יודאַס טאָכטער זאָל אַן אַנדער בחור פֿירן צו דער חופּה, אויב ר׳ חנינה וואָלט זיך נישט געווען בײַ צײַטנס אומגעקערט אַהיים. צוזאַמען מיט די געסט איז אויך געקומען אַ גרויסער עולם צו לערנען תּורה פֿון ר׳ חנינהס מויל. השם יתברך זאָל אונדז לאָזן געניסן זייער אַלעמענס זכות אַלע צײַטן. אָמן סלה.

מ״ב קס״ט. (ב. קס״ג). — נישט פֿאַראַן אין ברילס העברעיִשן כ״י. — שבחים, ז׳ 55. — אַ קאָמפּילאַציע פֿון פֿאַרשיידענע מאָטיוון און באַקאַנטע רעקוויזיטן פֿונעם פֿאָלקס־מעשׂהלע. גאַסטער האַלט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ דײַטשישן מעשׂהלע. גאַסטערס סבֿרא לייגט זיך נישט אין גאַנצן אויפֿן שׂכל. דער סוזשעט פֿון דער מעשׂה און דער רובֿ מאָטיוון זײַנען עכט ייִדישע. לאָמיר דאָ דערמאָנען עטלעכע אַלגעמיינע מאָטיוון, וואָס זײַנען אויך פֿאַרשפּרייט אינעם אינטערנאַציאָנאַלן פֿאָלקלאָר: קפֿיצת הדרך — דער העלד רײַט אָדער פֿליט אויף אַ וואָלקן; דער גן־עדן התחתון־מאָטיוו; מאָטיוו — אינד׳ F. 111, „די נסיעה צו אַן ערדישן גן־עדן״; באַלטע אונד פּאָליווקאַ, ב׳ 4, ז׳ 269, נ׳ 1. דערצו עכט ייִדישע עלעמענטן: די הויפּטהעלדן רבי יודאַ און זײַן איידעם ר׳ חנינה; די אָבֿות אין גן־עדן; מתים זײַנען מתפּלל; דער מאָטיוו פֿון שבֿעים לשונות און די סודות התורה, וואָס חזרט זיך איבער כּסדר אין דער ייִדישער פֿאָלקס־מעשׂה. דער ייִדישער קאָלאָריט פֿון דער מעשׂה: מנהגים, שטייגער, תּפֿילות. אינעם גן־עדן התחתון פֿירט זיך פּונקט אַזוי ווי אין לעבן. דער שמש קלאַפּט אַפֿילו „אין שול אַרײַן״, פּרײַטיק פֿאַרן ליכטבענטשן.

## 51 רבי יודאַ און דאָס לעמעלע

אַ מעשׂה איז געשען אין דער שטאָט רעגנסבורג. אַ מאָל איז רבי יודאַ געגאַנגען אין גאַס, האָט ער געטראָפֿן דעם ראש־עירן, דעם בירגער־מײַסטער, ווען עס איז כּסדר נאָכגעלאָפֿן אַ לעמעלע און געמעקעט: מע, מע, ווי עס איז שוין דער שטייגער פֿון די קליינע לעמעלעך. פֿרעגט דער ראש־עירן רבי יודאַ חסיד: „ליבער רבי, איר זײַט דאָך אַ גרויסער מלומד און באַגלײַך דער עלטסטער פֿון די ייִדן. ווייסט איר דאָך, וואָס עס טוט זיך אויבן אין הימל און אונטן אויף דער ערד. זאָגט זשע מיר דעריבער, וואָס באַטײַט דאָס מעקען פֿונעם לעמעלע. איר פֿאַרשטייט דאָך כּלערליי לשונות און אויך דאָס לשון פֿון חיות". ענטפֿערט אים דער חסיד: „מײַן ליבער האַר, איך ווייס אַ פּנים יאָ פֿאַר וואָס עס מעקעט דאָס לעמעלע, אָבער עס פּאַסט זיך נישט וועגן דעם צו ריידן". אָבער דער ראש־עירן האָט נישט אָפּגעלאָזט און אים כּסדר מפֿציר געווען, ער זאָל אים דאָך אויסזאָגן דעם סוד. דער חסיד האָט אים אָבער אַלץ מדחה געווען, מחמת ער האָט מורא געהאַט, אַז עס קען, חלילה, עפּעס בייז דערפֿון אַרויסקומען. צום סוף האָט אים דער ראש־עירן מבֿטיח געווען אויף זײַן ערע, אַז ער האָט פֿאַר גאָר נישט וואָס מורא צו האָבן, און גיט אים נאָך דערויף תּקיעת־כּף. ערשט דעמאָלט מאַכט צו אים דער חסיד: „ליבער האַר, זײַט מיר טויזנט מאָל מוחל דאָס, וואָס איך גיי אײַך איצט זאָגן. דאָס לעמעלע מעקעט אַזוי באַקימערט, ווײַל עס וויל אײַך מיט דעם צו וויסן טאָן, אַז בשעת איר זײַט גראָד דרויסן אויף דער גאַס, ליגט דערווײַל איינער אין דער היים בײַ אײַער ווײַב. והאָ ראיה, גייט שנעל אַהיים, וועט איר זיי נאָך פּאַקן בײַ דער מעשׂה". דער ראש־עירן האָט זיך דאָס נישט געלאָזט צוויי מאָל זאָגן און איז שנעל אַהיים געלאָפֿן. דאָרט האָט ער טאַקע געפּאַקט דעם חמץ בײַ אַנאַנד, ממש אַזוי ווי דער חסיד האָט אים דאָס געזאָגט. האָט ער באַלד דערויף געשיקט רופֿן דעם חסיד און זאָגט צו אים: „נעם־אָפּ אַ גרויסן דאַנק

פֿאַר דעם, וואָס דו האָסט מיר מודיע געווען. דו וועסט שוין דערפֿון נישט האָבן קיין חרטה". ווי אַ באַלוינונג האָט ער דעם חסיד געגעבן אַ שיינע מתּנה און איז אויך געווען גוט צו ייִדן. אָבער וואָס אַן אמת, דאָס ווײַב זײַנס איז געווען אין גאַנצן אומשולדיק, ווײַל דער חבֿרה־מאַן האָט זי געוואָלט מאַנס זײַן. האָט אים דער ראש־עירן מקיים פּסק געווען, אַזוי ווי ער האָט זיך דאָס פֿאַרדינט.

מ״ב קס״ז, (ב. קנ״ח). — בריל, ג׳ 35. — שבחים, ז׳ **54**. — מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט דעם טיפּ פֿון אַ חוזק־מעשהלע. אַגבֿ, די און ענלעכע מעשיות פֿון דעם מ״ב ווילן אונדז לאָזן בפירוש הערן וועגן אַ פֿרײַנדשאַפֿט־באַציִונג צווישן ייִדישע מנהיגים און די גוייִשע האַרן.

## 52 אַ בילבול אויף רעגנסבורגער ייִדן

אַ מעשׂה, וואָס האָט זיך פֿאַר צײַטנס פֿאַרלאָפֿן אין רעגנסבורג. אַ מאָל האָבן געאַרבעט צוויי גוייִשע מויערערס בײַ אַ ייִדן אין הויז אין דער ייִדנגאַס, און בשעת מעשׂה דערזען אינעם אַלקער פֿון ייִדן אַ סך זילבערנע און גאָלדענע כּלים. האָבן זיי עס געוואָלט צולקחענען. האָבן זיי זיך אַן עצה געהאַלטן, ווי אַזוי זיך אַרײַנצוכאַפּן אינעם אַלקער און פֿון דאָרטן אַלץ צוצונעמען, בשעת די ייִדן וועלן זײַן אין שול בײַם דאַוונען. און אַזוי האָבן זיי טאַקע געטאָן. זיי זײַנען אַרײַנגעקראָכן אינעם אַלקער און צוגענומען, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, פֿון זילבער און גאָלד. בשעת מעשׂה האָט זיך איינער פֿון זיי געטראַכט: אײַ, צו וואָס טויג מיר אַ שותּף צו דער גנבֿה? איך קען מיר אַליין מײַן שטעטל באַשטיין. און אַזוי טראַכטנדיק, איז ער צוגעגאַנגען צו זײַן חבֿר, בשעת יענער האָט גראָד געפּרוווט אַרויסצוקריכן פֿונעם אַלקער דורכן אייבערשטן לאָך, און אים מיטן האַמער דערלאַנגט אַ זעץ איבערן קאָפּ, אַז יענער איז אַנידערגעפֿאַלן אַ טויטער אויפֿן אָרט. גיך האָט ער צוגענומען פֿונעם פּגר דאָס צוגעגנבֿעטע גאָלד און זילבער און מיט

דעם געמאַכט אַ ויבֿרה. געטראָפֿן האָט זיך דאָס טאַקע בשעת כּל ישׂראל איז געווען אין שול בײַם דאַווענען.

אַזוי באַלד ווי דער באַלעבאָס איז אַהיים געקומען פֿון שול, האָט ער דערזען דעם פּגר ליגן אין אַלקער. זײַן שרעק איז געווען אין לשער, ווי מען קען זיך דאָס גאָר לײַכט פֿאָרשטעלן. האָט ער, על־כּן, געוואָלט אַוועקרוימען דעם פּגר בסוד, כּדי עס זאָל קיינער נישט וויסן, מחמת ער האָט שטאַרק מורא געהאַט פֿאַר אַן אָנפֿאַל פֿון גאָיעס, ווי דאָס האָט זיך שיר נישט געטראָפֿן. באַלד, ממש ווי אַ פֿײַל פֿון בויגן, האָט זיך איבער דער גויים־גאַס פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די ייִדן האָבן געקוילעט אַ גוי. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דער צעיושעטער המון איז זיך צונויפֿגעלאָפֿן אין דער ייִדנגאַס און געוואָלט, חס ושלום, דורכפֿירן אַ שחיטה. באַלד אָבער איז רבי יודאַ חסיד געקומען צו גיין און אַרײַן צום ראש־עירן (בירגער־מײַסטער) און צו אים געזאָגט בזה הלשון: „אַדוני, וואָס ווילט איר טאָן? ווילט איר דערלאָזן, אַז צוליב איין טויטן זאָל מען, חלילה, אויסהרגענען אַ גאַנצע עדה ייִדן? ווייסט איר דאָך גאַנץ גוט, אַז מיר זײַנען ריין פֿון שולד. ווי איר ווייסט, האָבן דאָך צוויי מויערערס געאַרבעט בײַ דעם ייִדן אין שטוב, וועל איך אײַך באַווײַזן, אַז דער איינער האָט דערהרגעט דעם אַנדערן". זאָגט דער ראש־עירן צו אים: אויב דו וועסט מיר דאָס באַווײַזן ,וועט קיינעם פֿון אײַך גאָר נישט געשען". בינו לבֿינו האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ באַפֿעל, אַז דאָס גאָיעס זאָל זיך פֿאַרהאַלטן רויק און קיינעם נישט טשעפּען. דעמאָלט זאָגט דער חסיד צו אים: „הייסט גיך פֿאַרמאַכן די טויערן פֿון שטאָט, כּדי דער מערדער זאָל דערווײַל נישט קענען אַנטלויפֿן". איז טאַקע אַזוי געשען. דערנאָך האָט דער חסיד גענומען און אָנגעשריבן אַ קמיע מיט הייליקע שמות און זי אַרײַנגעלייגט אין דער האַנט פֿון הרוג. איז געשען אַ נס און דער הרוג איז אויפֿגעשטאַנען תּחית־המתים און זיך גענומען אַרומקוקן נאָך זײַן רוצח. ער האָט אים באַלד דערזען, ווי ער באַהאַלט זיך הינטער אַן אַנדערן. איז ער צוגעלאָפֿן צו אים און געזאָגט: „דו, רוצח איינער!

דו האָסט מיך דערהרגעט, ווײַל דו האָסט געוואָלט האָבן אַליין די גנבֿה. דו ביסט צוגעגאַנגען צו מיר און דערלאַנגט אַ זעץ איבערן קאָפּ מיטן האַמער, אַז איך בין אַנידערגעפֿאַלן אויפֿן אָרט אַ טויטער אינעם אַלקער״. מען האָט באַלד דעם רוצח אײַנגעזעצט אין דער תּפֿיסה און דערנאָך פֿאַרמשפּט צום טויט, און אים טאַקע מקיים פּסק געווען. זאָגט דער חסיד צום ראש־עירן: „זעט איר, אויב איך וואָלט אײַך נישט געווען אָפּגעהאַלטן, וואָלט מען פֿאַרגאָסן אַ סך אומשולדיק בלוט״. ענטפֿערט אים דער ראש־עירן: „איר זײַט כּשר גערעכט. דערפֿאַר טאַקע, טײַערער רבי, זײַט מיר דאָס מוחל, עס וועט שוין אַזוינס ווידער נישט פֿאָרקומען. איך זאָג אײַך צו, אַז מהיום והלאה וועל איך תּמיד מיך באַמִיען צו ערשט צו מאַכן אַ גענויע חקירה ודרישה, כּדי צו דערגיין דעם ריינעם אמת״.

דער הרוג האָט געהאַט אַ סך רײַכע פֿרײַנד, האָבן זיי געבעטן דעם חסיד, אַז ער זאָל אים לאָזן לעבן און זיי וועלן אים דערפֿאַר מטיבֿ זײַן. אָבער דער חסיד האָט זיי דאָס אָפּגעזאָגט, מחמת ער האָט דאָס נישט געטאָרט טאָן. ער האָט באַלד אַרויסגענומען די קמיע פֿונעם הרוג, וואָס איז באַלד אַנידערגעפֿאַלן אַ טויטער. דער ראש־עירן האָט דערנאָך געטאָן אַ סך גוטס דעם חסיד.

מ״ב קע״א. — בריל, ג׳ 34. — שבחים, ז׳ 64. — פּ״גל עקסעמפּלאַ, ז׳ 245, ג׳ 339. — מאָטיוו: דער קדוש, רבי יודאַ, דעקט־אויף אַ מוראדיק פֿאַרברעכן. אַן ענלעכער מאָטיוו אין טאָמפּסאָנס אינדעקס 1817 D.

## 53 רבי יודאַ דעקט־אויף די גנבֿה פֿון דוכּוס׳ אוצר

אַ מעשׂה שהיה. עס איז אַ מאָל געווען אַ מעכטיקער דוכּוס, איז ער געווען גוט צו ייִדן. און געהאַט האָט ער זײַנעם אַ ייִד, אַן איש מהימן, וועמען ער האָט אָנפֿאַרטרויט די שליסלען פֿון זײַנע אוצרות, אַזוי אָפּט ווי ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. אַ טייל

זאָגן, עס איז געווען רבי אפֿרים און אַ טייל ווידער זאָגן, אַז עס איז געווען רבי שמואל. ויהי היום און דער דוכּוס איז, ווי זײַן שטייגער, אַוועקגעפֿאָרן פֿון דער היים און איבערגעלאָזט די שליסלען בײַ דעם ייִד, אַז ער זאָל גוט אַכטונג געבן אויף זײַן אוצר. מאַכט זיך אַ מעשׂה, אַז בײַ נאַכט זײַנען גנבֿים אַרײַן אינעם אוצר פֿון דוכּוס און צוגענומען פֿון דאָרט אַלצדינג, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. צווישן דער באַנדע גנבֿים זײַנען אויך געווען עטלעכע ראָטמענער פֿון דער שטאָט. צו מאָרגנס, אַז דער רבי איז געקומען, ווי זײַן שטייגער, קאָנטראָלירן דעם אוצר און איז אַרײַן אין דער געוועלביקער קאַמער, האָט ער דערזען דעם בראָך. די קאַמער איז געווען אויסגעליידיקט, מחמת די גנבֿים האָבן געהאַט אַלץ צוגענומען. איז אים דעריבער באַפֿאַלן אַ גרויסער פּחד, ווי מען קען זיך דאָס גאָר לײַכט אויסמאָלן. איז ער דעריבער באַלד אַוועק צו רבי יודאַ חסיד, צו פֿרעגן בײַ אים אַן עצה וואָס צו טאָן, כּדי צוריק צו באַקומען די גנבֿה. האָט ער דאָך מורא געהאַט, אַז ווען דער דוכּוס וועט אַהיים קומען, וועט ער אים חושד זײַן אין דער גנבֿה און אים, חלילה, צונעמען דאָס חיות. האָט ער, נעבעך, פֿאַר גרויס צער אויסגעגאָסן זײַן ביטער האַרץ פֿאַר רבי יודאַן, ווי מען קען זיך דאָס לײַכט פֿאָרשטעלן. דעמאָלט האָט צו אים רבי יודאַ געזאָגט: „קום מיט מיר", און בשעת מעשׂה אים צוגעפֿירט צו אַ פֿענצטער. „קוק פֿון דאַנען אַרויס — האָט ער אים געזאָגט — און טו נאָר דאָס, וואָס איך וועל דיך הייסן". נעמט דער חסיד און זאָגט־אַרויס אַ שם און פֿרעגט בײַם רבין: „זאָגט, וואָס זעט איר איצט?" — היות ווי דאָס פֿענצטער איז געווען זייער הויך, האָט מען פֿון דאָרט געקענט זען זייער ווײַט ביז איבער די פֿרײַע פֿעלדער אַרום דער שטאָט. ענטפֿערט אים דער רבי: „איך זע בפֿירוש, ווי דאָס חדר, אין וועלכן מיר געפֿינען זיך איצט, האָט זיך שטאַרק אַ הייב געטאָן, אַזוי אַז איך קען פֿרײַ אַריבערקוקן איבער די דעכער פֿון דער שטאָט". פֿרעגט אים דער חסיד ווידער אַ מאָל: „וואָס זעסטו איצט?" — ענטפֿערט אים דער רבי: „איך זע ווי די גנבֿים האַלטן די גנבֿה אין זייערע

הענט". זאָגט צו אים דער חסיד ווידער: „גיב אַכטונג, ווּהין זיי טראָגן־אַוועק די גנבֿה". ענטפֿערט דער רבי: „איך זע, ווי זיי פּרוּוון צו פֿאַרגראָבן די גנבֿה אין דער ערד, נעמען זי אָבער ווידער פֿון דאָרטן אַרויס, אַ פּנים זיי קענען נישט קומען צו דער דעה, וואָס מיט דעם צו טאָן". זאָגט ווײַטער דער חסיד צום רבין: „קוק זיך איצט נאָך בעסער אײַן און זע, ווּהין זיי גייען פֿאָרט אַוועק מיט דער גנבֿה". ענטפֿערט אים דער רבי: „איצט נעמען זיי די גנבֿה און גייען מיט איר אַרײַן אינעם הויז פֿון אַ שמיד. אַ טייל פֿון דער חבֿרה נעמען זיך צום פֿאַרשמועסן דעם שמיד, בכדי ער זאָל נישט זען וואָס די אַנדערע טוען, בשעת די אַנדערע פֿאַרגראָבן דעם צוגעגנבֿעטן אוצר אינעם פֿערדשטאַל און פֿאַרדעקן אים מיט אַ קופּע פֿערדמיסט". זאָגט דער חסיד פֿון דאָס נײַ: „האָסטו דיך גענוי אײַנגעקוקט, ווי זיי האָבן אויסבאַהאַלטן די גנבֿה און ועסטו אויך וויסן אויף זיכער, ווו דאָס הויז געפֿינט זיך? מאַך דיר אַ סימן, כּדי דו זאָלסט קענען דאָרט אַהינקומען. אַצינד זײַ דיך נישט מער מצער, מחמת זיי וועלן שוין ישט זײַן ביכולת אַוועקצוטראָגן פֿון דאָרט די גנבֿה אָן דײַן רצון. על־כּן, טו ווײַטער גאָר נישט, נײַערט דאָס, וואָס איך וועל דיך הייסן. ווען דער דוכּוס וועט אַהיים קומען, גיי צו אים און וואַרף דיך פֿאַר זײַנע פֿיס. דערצייל אים די גאַנצע מעשׂה און בעט בײַ אים, אַז ער זאָל אויף דיר רחמנות האָבן און דיך, חלילה, נישט באַשטראָפֿן אומשולדיקערהייט".

האָט דער רבי אַזוי געטאָן ווי דער חסיד האָט אים געהייסן. ער האָט צוגעוואַרט ביז דער דוכּוס איז צוריקגעקומען פֿון זײַן נסיעה, דערנאָך אַוועק צו אים, זיך אַנידערגעוואָרפֿן צו זײַנע פֿיס און אים הייס געבעטן, אַזוי ווי דער חסיד האָט אים געעצהט. דערויף האָט דער דוכּוס צו אים געזאָגט: „שטיי־אויף און לאָז מיך הערן די צרה, וואָס איז דיך באַפֿאַלן. דו זאָלסט געפֿינען לײַטזעליקייט אין מײַנע אויגן". אַזוי האָט דער רבי דערציילט דעם דוכּוס אַלץ, ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען מיט דער גנבֿה. פֿרעגט אים דער דוכּוס: „ווייסט אפֿשר וויפֿל גנבֿים זיי זײַנען, ווער זיי זײַנען

און פֿון וואַנען זיי גענומען זיך, און צי עס געפֿינען זיך צווישן זיי אויך אַוועלכע עס איז שטאַטמענטשן?״ — ענטפֿערט אים דער רבי: „אַדוני, איך קען זיי אַלעמען. איך ווייס אַפֿילו ווהין זיי האָבן אַהינגעטראָגן די גנבֿה״. זאָגט צו אים דער דוכּוס: „ליבער מײַס־טער, אויב דו ווייסט יאָ, וווּ די גנבֿה איז באַהאַלטן, טאָ נעם אַ צאָל פֿון מײַנע וואַכלײַט מיט דיר און גיי אַהינצו, נעם־אַרויס בשתיקה די גנבֿה און לייג אַלץ צוריק אויף זײַן פֿריִערדיקן פּלאַץ״. ענט־פֿערט אים דער רבי: „נײַן, מײַן ליבער האַר, זײַט אַזוי גוט און לאָזט קודם־כּל תּפֿסענען די גנבֿים און שטעלט זיי פֿאַר אַ גע־ריכט. אויב זיי וועלן זיך מודה זײַן אין דער גנבֿה, טוט מיט זיי אַזוי ווי זיי האָבן זיך פֿאַרדינט, מחמת אויב זיי וועלן נישט באַקו־מען די פֿאַרדינטע שטראָף, בין איך זיכער, אַז זיי וועלן איבער־חזרן אַזאַ מעשׂה־רע מאָרגן. איר וועט זיך פֿון זיי פּשוט נישט קע־נען אויסהיטן, ווײַל איר האָט דאָ צו טאָן מיט חשובֿע, מעכטיקע בירגערס פֿון דער שטאָט״. זאָגט דער דוכּוס צו אים: „מײַן ליבער מײַסטער, איר זײַט כּשר גערעכט. מיר וועלן טאָקע באַשטראָפֿן די גנבֿים אַזוי ווי זיי האָבן זיך דאָס פֿאַרדינט, אָבער זאָגט מיר נאָר קודם־כּל, ווער זיי זײַנען״. האָט דער רבי זיי אַלעמען אָנגערופֿן בײַ די נעמען, איינעם נאָכן אַנדערן.

הקיצור, דער דוכּוס האָט געשיקט און רופֿט־צונויף אַלע שטאָט־לײַט און בתוכם טאַקע אויך די גנבֿים. ער האָט דאָס געטאָן מיט הכמה, מחמת אויב ער וואָלט נאָר געוועזן געשיקט רופֿן צו זיך די גנבֿים, וואָלטן זיי מסתּמא תּיכּף פֿאַרשטאַנען וועגן וואָס עס גייט דאָ און אפֿשר גאָר בײַ צײַטנס געמאַכט פּליטה. אַז אַלע האָבן זיך שוין געהאַט פֿאַרזאַמלט בײַם דוכּוס, זאָגט ער צום רבין: „ליבער מײַסטער, איצט גייט און נעמט אַ צאָל פֿון מײַנע וואַכלײַט און ברענגט מיר אַהער בשתיקה די גנבֿה. דערווײַל וועל איך די לײַט האַלטן בײַ מיר, כּדי אָפּצוּוווענדן יעדן חשד. דערנאָך וועלן מיר שוין מיט זיי ריידן קלאָרע דיבורים״. האָט דער רבי אַזוי געטאָן און בשתיקה געבראַכט צום דוכּוס די גנבֿה, וואָס די גנבֿים האָבן גע־

האָט אויסבאַהאַלטן. דעמאָלט ווענדט זיך צו זיי דער דוכּוס און זאָגט מיט רוגזה: „איצט, איר אויסוואָרפן און רשעים, זאָלן די וואָס האָבן צוגעגנבֿעט בײַ מיר דאָס זילבער און גאָלד אַפּיר־קומען און זיך אַנידערשטעלן פֿאַר אַלעמען. איך ווייס אַקוראַט ווער עס זײַנען די גנבֿים געווען". דעמאָלט האָבן די אמתע גנבֿים נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי זיך צו שטעלן, אַזוי ווי דער דוכּוס האָט געהייסן, מחמת עס איז געווען פֿאַר אַלעמען קלאָר ווער זיי זײַנען. הכּלל, זאָגט דער דוכּוס צו די איבעריקע שטאָטלײַט, אַז זיי זאָלן משפּטן די גנבֿים, היות ווי זיי זײַנען געווען נישט־געטרײַ צו אים און אַרויסגעטראָגן פֿון זײַן אוצר זײַן האָב־און־גוטס, כּדי דערנאָך צו קענען מאַכן אַ בילבול אויף אָט דעם ייִד, וואָס איז געווען דער טרײַער שליסל־האַלטער פֿונעם אוצר. הקיצור, מען האָט די גנבֿים פֿאַרמשפּט צו תּליה און מען האָט זיי טאַקע באַלד מקיים פּסק געווען. אויף אַזאַ אופֿן איז דער פֿרומער רבי ניצול געוואָרן פֿון אַ זיכערן טויט, ווי עס שטייט אין פּסוק „צדיק מצרה נחלץ ויבֿא רשע תּחתּיו" (משלי יא, ח׳), וואָס איז דער טײַטש, דער צדיק ווערט ניצול פֿון אַל דאָס בייז און עס קומט דער רשע אויף זײַן אָרט, ווי עס איז טאַקע דאָ געשען.

מ״ב קע״ב. — בריל, ג׳ 32. — שבחים, ז׳ 65. — מאָטיוו: דער צדיק זעט אַלצדינג פֿאָרויס. אין דער אינטערנאַציאָנאַלער מעשה, מאָטיוו־אינד׳, D 1817.0.1.2.

## 54 סודות התורה און קפיצת הדרך

אַ מעשׂה. אין דער שטאָט מײַנץ האָט אַ מאָל געלעבט אַ גרויסער צדיק מיטן נאָמען רבי אַמנון, און געהאַט האָט ער אַ זון, וואָס האָט געהייסן רבי אליעזר. פֿאַר זײַן פּטירה האָט רבי אַמנון צוואה געטאָן זײַן זון, אַז ער זאָל קיין מאָל נישט אַריבערגיין דעם טײַך, וואָס הייסט דונײַ. האָט זיך אָבער דער רבי אליעזר געהאַט אַ סך

אָנגעהערט פֿון רבי יודאַ חסיד און זײַן דרך, און איז ממש אויסגעגאַנגען זיך מיט אים צו זען און צו לערנען תּורה פֿון אים. אַגבֿ, איז אויך רבי יודאַ געווען זײַנער אַ ווײַטער קרובֿ. הקיצור, אין אַ שיינעם העלן טאָג האָט זיך רבי אליעזר געלאָזט אין וועג אַרײַן צו רבי יודאַן קיין רעגנסבורג. ער האָט אָבער געמוזט אַריבערגיין דעם דונײַ און אַזוי אַרום האָט ער פֿאַרשוועכט די צוואה פֿון זײַן פֿאָטער. אַז ער איז אַרײַנגעקומען צו רבי יודאַן, האָט אים דער חסיד געגעבן שלום און זאָגט צו אים: „דעם אמת געזאָגט האָב איך דיר נישט באַדאַרפֿט געבן קיין שלום עליכם, מחמת דו האָסט עובֿר געווען אויף דײַן טאַטנס צוואה. אויב איך האָב דיר יאָ געגעבן שלום, איז דאָס נאָר צוליב דעם כּבֿוד פֿון דײַן טאַטן“. האָט זיך רבי אליעזר מיט די דאָזיקע ווערטער גאָר שטאַרק דערשראָקן און געהאַט גרויס עגמת־נפֿש.

דערווײַל איז רבי אליעזר פֿאַרבליבן בײַ רבי יודאַ חסיד גאָר אַ לאַנגע צײַט. האָט ער דאָך בדעה געהאַט פֿון אים צו לערנען סתרי־תּורה, כּוונות און יחודים. אָבער דער חסיד האָט אים די גאַנצע צײַט מדחה געווען און מיט אים גאָר נישט געלערנט. אין צווישן איז אַדורכגעגאַנגען אַ גאַנצער זמן און רבי אליעזר האָט אַלץ נאָך נישט געהאַט באַקומען פֿון רבי יודאַן די נייטיקע הדרכה. האָט ער דערפֿון געהאַט גרויס חלישת־הדעת. איז ער דאָך אַהערגעקומען אַזאַ ווײַטן וועג, אָפּגעזעסן אַ שטיק צײַט און צום סוף גאָר נישט אויפֿגעטאָן און גאָר נישט געלערנט. אַז עס איז אָנגעקומען דער ערבֿ פּסח, איז רבי אליעזרס צער געוואָרן נאָך גרעסער. עס האָט אים פֿאַרקלעמט זײַן האַרץ און זײַנע מחשבֿות זײַנען געווען פֿול מיט עצבֿות. האָט ער זיך געטראַכט: „אָט קומט דער יום־טובֿ, ווען יעדער ייִד ריכט־אָפּ דעם סדר בײַ זיך אין דער היים, און דאָ בין איך פֿאַרוואָרפֿן אין דער פֿרעמד, אָנגעלענט בײַ אַ פֿרעמדן טיש. האָב איך דאָך געהאָפֿט צו זײַן יום־טובֿ מיט מײַנע בני־בית און אין צווישן בין איך שוין אַוועק פֿון דער היים גאַנצע דרײַ זמנים. זיי וועלן אַפֿילו נישט וויסן, ווו מײַן געביין איז אַהינגעקומען“. אַזוי טראַכטנדיק, איז ער

געוואָרן בײַ זיך אַלץ מער געפֿאַלן, און דאָס נישט נאָר דערפֿאַר, וואָס ער איז אַזוי לאַנג גע־ונד אין דער פֿרעמד, נאָר טאַקע מחמת דעם וואָס ער האָט נאָך גאָר נישט באַוויזן צו לערנען.

רבי יודאַ חסיד האָט געזען דעם צער פֿון זײַן אורח און גאַנץ גוט געוווסט די סיבה דערפֿון. ער האָט אים דאָס אַלץ אָפּגעטאָן צו־להכעיס, מחמת ער האָט עובֿר געווען אויף דער צוואה פֿון זײַן פֿאָטער. אָבער אין יענעם טאָג זאָגט צו אים דער חסיד, ממש כּלאַחר יד: „עס איז ניכּר, אַז דו ביסט דיך שטאַרק מצער, און די סיבה דערפֿון איז מיר נישט געבליבן פֿאַרהוילן. מסתּמא וואָלטסטו וועלן זײַן צו יום־טובֿ אין דער היים, בײַ דײַן ווײַב און קינדער, און אָפּריכטן מיט זיי דעם סדר אַזוי ווי עס פּירט זיך". ענטפֿערט אים רבי אליעזר: „יאָ, אַוודאי וואָלט איך דאָס געוואָלט, אויב דאָס וואָלט נאָר מעגלעך געווען מיט גאָטס ווילן. אָבער דאָס איז דאָך שוין נישט מעגלעך. איז דאָך שוין הײַנט ערבֿ פּסח און טאַקע צו שפּעט אַהיים צו קומען אויף יום־טובֿ". זאָגט צו אים דער חסיד: „וואָס וואָלטסטו מיר געגעבן, אויב איך וואָלט דיך נאָך הײַנט געבראַכט אַהיים, טאַקע נאָך פֿאַר יום־טובֿ?" איז רבי אליעזר פֿון אָט די דאָזיקע רייד געוואָרן נאָך טרויעריקער, און ער מאַכט צום חסיד: „אײַ, רבי, איר מאַכט דאָך פּשוט חוזק פֿון מיר!" — ענטפֿערט אים דער חסיד: „חלילה, איך מיין דאָס גאַנץ ערנסט". זאָגט צו אים רבי אליעזר: „איך וואָלט דערפֿאַר אַוועקגעגעבן אַלץ וואָס איך פֿאַרמאָג, מחמת איך קען מיר גאָר נישט אויסמאָלן קיין גרעסערע שׂמחה ווי צו זײַן יום־טובֿ אין דער היים בײַ מײַן ליב ווײַב און קינד". מאַכט צו אים דער חסיד: „עס ווערט שפּעט, מען מוז גיין באַקן מצות. דערנאָך וועל איך זען, צי דו וועסט נאָך קענען אַהיים קומען בײַ צײַטנס אויף יום־טובֿ". האָט זיך רבי אליעזר אין האַרץ זייער געחידושט איבער די אויסטערלישע רייד פֿון חסיד, אָבער ער האָט געשוויגן און גאָר נישט געזאָגט.

באַלד איז רבי יודאַ צוזאַמען מיט רבי אליעזרן אַוועק באַקן מצות. אַז זיי האָבן אַרויסגענומען די מצות פֿון אויוון, מאַכט דער

חסיד צו רבי אליעזרן: „קום אַהער און נעם אַ פֿריש־געבאַקענע מצה און טו זי אַרײַן אין דײַן בוזעם־קעשענע. איך וואָלט וועלן, אַז דו זאָלסט זי נאָך ברענגען אַהיים וואַרעמערהייט“. אַז רבי אליעזר האָט דאָס געהערט, האָט ער בײַ זיך אין האַרצן געלאַכט, אָבער בשעת מעשׂה זיך גענומען גרייטן אין וועג אַרײַן. האָט אים דער חסיד אַרײַנגעשטעקט אַ וואַרעמע מצה אין בוזעם־קעשענע און מיט אים אַרויס אויפֿן פֿרײַען פֿעלד. אָבער רבי אליעזר איז אַלץ נאָך געווען פֿאַראומערט, מחמת ער האָט ביז איצט גאָר נישט געלערנט פֿון רבי יודאַן, און צום סוף שיקט ער אים אַהיים מיט ליידיקע הענט. דער חסיד האָט באַמערקט זײַן צער, מאַכט ער צו אים: „איך ווייס זייער גוט, אַז דו ביסט אויסן געווען צו לערנען בײַ מיר סתרי־תורה“. ענטפֿערט אים רבי אליעזר: „יאָ, צוליב דעם בין איך דאָך אייגנט־לעך אַהערגעקומען“. זאָגט צו אים דער חסיד: „אַליבא דאמת, וואָלט איך נישט געטאָרט לערנען מיט דיר, היות ווי דו האָסט עובֿר גע־ווען אויף דײַן טאַטנס צוואה. אָבער אין זכות פֿון דײַן הייליקן טאַטן, וואָס איז געווען מײַנער אַ קרובֿ און דערצו נאָך אַ גרויסער ירא־שמים, וועל איך פֿאָרט עפּעס מיט דיר לערנען“.

אַזוי ריידנדיק, האָט רבי יודאַ גענומען דעם שטעקן, וואָס ער האָט גראָד געהאַלטן אין דער האַנט, און מיט אים אַרײַנגעצייכנט אויפֿן זאַמד עטלעכע הייליקע שמות. דערנאָך וועגדט ער זיך צו רבי אליעזר און זאָגט: „ליבער רבי אליעזר, לייען אָט דאָס איבער, וואָס איך האָב אָקערשט אויפֿגעשריבן“. ווי באַלד ער האָט געהאַט איבערגעלייענט דאָס געשריפֿטס, האָט ער געהאַט די גרויסע התג־לות און פּונקט אַזוי פֿיל געקענט ווי רבי יודאַ. דערנאָך האָט אָבער רבי יודאַ די שמות ווידער אויסגעמעקט און צוגעדעקט מיטן זאַמד. תּוך כּדי דיבור האָט רבי אליעזר ווידער געהאַט אַלץ פֿאַרגעסן. דער חסיד האָט דאָס אַלץ איבערגעחזרט פֿולע דרײַ מאָל נאָך אַנאַנד, גע־שריבן שמות אין זאַמד און דערנאָך ווידער אויסגעמעקט. האָט רבי אליעזר זיך שטאַרק מצער געווען, מחמת ער האָט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט געלערנט, גאָר גיך פֿאַרגעסן. צום פֿערטן מאָל האָט דער

חסיד ווידער אָנגעשריבן אויפֿן זאַמד די הייליקע שמות און דערנאָך געהייסן רבי אליעזרן אָפּצולעקן מיט דער צונג. האָט רבי אליעזר אַזוי געטאָן ווי דער חסיד האָט אים געהייסן. קוים האָט ער געהאַט אַראָפּגעשלונגען די שמות פֿון זאַמד, האָט ער געקענט אַלע סתרי־תורה, פּונקט אַזוי ווי רבי יודאַ חסיד, און שוין גאָר נישט מער נישט פֿאַרגעסן.

אַזוי באַלד ווי רבי אליעזר האָט זיך געהאַט אויסגעלערנט אַלע חכמות בײַ זײַן רבין, האָט ער גענומען פֿון אים רשות אַוועקצוגיין. דער חסיד האָט אים געבענטשט און רבי אליעזר האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, אַן אויפֿגערוימטער און אַ פֿריילעכער, מחמת ער האָט געהאַט בטחון אין די רייד פֿונעם חסיד, אַז ער וועט נאָך אַהיים קומען פֿאַר יום־טובֿ. פֿאַרן אַוועקגיין האָט אים דער חסיד געבענטשט מיט דער ברכה פֿון די כּהנים און דערנאָך אַרויסגעזאָגט אַ שם, אַזוי אַז רבי אליעזר האָט באַלד דערזען מײַנץ, וווהין ער איז אין גיכן אָנגעקומען.

אַז דער עולם איז ערבֿ יום־טובֿ פֿאַר נאַכט געגאַנגען אין שול אַרײַן, האָבן זיי דערזען רבי אליעזרן און אים געגעבן שלום. זיי האָבן דווקא געוואָלט וויסן, ווו ער איז געווען די לעצטע נאַכט, מחמת עס פּאַסט זיך דאָך נישט פֿאַר אַ תּלמיד־חכם צו זײַן אונטערוועגנס ערבֿ שבת צי ערבֿ יום־טובֿ. זאָגט צו זיי רבי אליעזר: „ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך נאָך הײַנט בײַ טאָג געווען אין רעגנסבורג בײַ רבי יודאַ חסיד און אים געהאָלפֿן באַקן מצות. אַ סימן האָט איר, אַז איך האָב נאָך אין בוזעם־קעשענע אַ וואַרעמע מצה, וואָס דער חסיד האָט מיר מיטגעגעבן פֿאַר מײַן ווײַב״. ער האָט אויך איבערגעגעבן קהל אַ בריוו, וואָס דער חסיד האָט געשריבן צו זיי. גרויס איז געווען די פֿרייד פֿון זײַן ווײַב און קינד, וואָס ער איז בשלום געקומען אַהיים. איז דאָס אויך געווען אַ גרויסער נס, וואָס ער איז אַזוי שנעל אָנגעקומען צו זיך אַהיים.

מ״ב, קע״ג. — בריל, נ׳ 21. — שבחים, ז׳ 66. — צום מאָטיוו פֿון „קפיצת הדרך״ פֿ״גל מאָט׳ אינד׳, D. 1521 און D 1521.2. טיפּן 328.

## 55 דער שטעקן וואָס האָט געבליט

אַ מעשׂה שהיה. עס איז אַ מאָל געווען אַ משומד, אַ גרויסער רשע. האָט ער מיט זײַן רשעות גורם געווען, אַז עס זאָלן אומקומען אַ סך פֿון אַחינו בני־ישׂראל. אַזוי האָט ער זיך געפֿירט אַ לאַנגע צײַט. מיט אַ מאָל האָט ער באַקומען אַ הרהור־תּשובֿה און איז אַוועק צו רבי יודאַ חסיד און אים געבעטן, אַז ער זאָל אים אַרויסגעבן אַ תּשובֿה אויף די שווערע זינד, וואָס ער האָט געטאָן די גאַנצע יאָרן. ער האָט פֿאַרציילט דעם חסיד די גרויסע עבֿירות, אויף וואָס ער האָט עובֿר געווען אין משך פֿון דער צײַט זינט ער האָט זיך אָפּגעשמדט. אַז דער חסיד האָט אויסגעהערט די אַלע מעשׂים רעים, וואָס דער משומד האָט אָפּגעטאָן אין זײַן לעבן, האָט ער נישט געוואָלט אים אַרויסגעבן קיין תּשובֿה. „דײַנע זינד זײַנען צו גרויס", האָט ער אים געזאָגט. גראָד האָט דער חסיד דעמאָלט געשניצט אַ שטעקן, מאַכט ער צום משומד: „זעסטו, פּונקט אַזוי ווייניק ווי אָט דער שטעקן אין מײַן האַנט קען ווידער ווערן גרין, אַז עס זאָלן אַרויסשפּראָצן אויף אים גרינע בלעטלעך, אַזוי ווייניק קענסטו האָפֿן אויף סליחה און כּפּרה. וואָס פֿאַר אַ תּשובֿה קען איך דיר שוין אַרויסגעבן?" — איז דער משומד אַוועק פֿון חסיד און זאָגט צו זיך: „אויב דער חסיד וויל מיר בשום אופֿן נישט אַרויסגעבן קיין תּשובֿה, טאָ וועל איך איצט אָפּטאָן נאָך ערגערע מעשׂים ווי ביז אַצינד".

נישט לאַנג דערנאָך האָט רבי יודאַ דערזען, ווי דער שטעקן איז מיט אַ מאָל געוואָרן גרין און זיך באַדעקט מיט פֿרישע בלעטלעך. האָט זיך דער חסיד שטאַרק געחידושט און דערמאָנט אין זײַנע ווערטער צום משומד. טראַכט ער זיך, אַ פּנים דער משומד קען דאָך נאָך אָפּקומען פֿאַר זײַנע זינד, והאָ ראַיה, דער שטעקן איז פֿאָרט געוואָרן גרין. ער שיקט, על־כּן, רופֿן דעם משומד און זאָגט צו אים: „איך האָב דיר אַנומלט נישט געוואָלט אַרויסגעבן קיין תּשובֿה, ווײַל איך האָב מיר געטראַכט, אַז פּונקט אַזוי ווייניק ווי דער שטעקן קען ווידער ווערן גרין און אָנהייבן שפּראָצן בלעט־

לעך, אַזוי ווייניק וועסטו האָבן מחילה פֿאַר דײַנע שלעכטע מעשׂים. איצט אָבער איז דער שטעקן ווידער געוואָרן גרין און עס האָבן גענומען שפּראָצן אויף אים פֿרישע בלעטלעך. הײַנט, אויב דיר איז געשען אַזאַ נס, מסתּמא האָסטו אַ מאָל אין דײַן לעבן געטאָן עפּעס גוטס, אַז דו קענסט נאָך פֿון דעסט וועגן האָפֿן אויף פֿאַרגעבונג פֿאַר דײַנע מיאוסע מעשׂים. זאָג זשע מיר, עלעהיי זאָלסטו האָבן אַזוינס געטאָן אין דײַן לעבן, אַז איך זאָל דיר קענען אַרויסגעבן אַ תּשובֿה, וואָס אויב דו וועסט זי אָפּהיטן, וועט זי זיכער מכפּר זײַן אויף אַלץ". ענטפֿערט אים דער משומד: איך מוז מיך מודה זײַן, טײַערער רבי, אַז זינט איך האָב מיך געשמדט האָב איך קיין ייִד קיין שום גוטס נישט געטאָן. אַדרבא, ווי ווײַט איך האָב נאָר געקענט האָב איך ייִדן אָנגעטאָן געברענטע צרות, ביז אויף איין איינציק מאָל, און געטראָפֿן האָט זיך אָט וואָס. איך בין אַ מאָל געקומען אין אַ שטאָט אַרײַן, וווּ עס האָבן געוווינט אַ סך ייִדן. די שטאָטלײַט זײַנען אָבער געווען גרויסע שׂונאי־ישׂראל און נאָר געטראַכט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פֿון די ייִדן. האָבן זיי אָבער נישט געוווּסט, ווי אַזוי דאָס צו טאָן. על־כּן, האָבן זיי אויסגעטראַכט אויף די ייִדן אַ שקר־בילבול. זיי האָבן אונטערגעוואָרפֿן אַ ייִד אַ פּגר פֿון אַ ממזר און דערנאָך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די יהודים האָבן געקוילעט דעם ממזר. באַלד איז געקומען אַ צונויפֿגעלאַף פֿון די גאָיעס, יונג און אַלט, און האָבן געוואָלט מאַכן אַ גזירה און אויסשעכטן אַלע ייִדן. אינעם שטאָטראָט איז אָבער געזעסן אַ יועץ, אַ גרויסער חשובֿ בײַם מלכות, וואָס איז געווען גוט צו ייִדן. האָט ער צו דעם אָנגעלאָפֿענעם המון געזאָגט: „אײַלט זיך נישט צו פֿאַרגיסן אומשולדיק בלוט. לאָמיר צו ערשט חוקר ודורש זײַן די מעשׂה און אויסגעפֿינען צי די ייִדן ברויכן גאָר אויף אַן אמת אונדזער בלוט. ווער איר אפֿשר פֿרעגן, ווי אַזוי זאָלן מיר דאָס דערגיין? טאָ וויל איך אײַך זאָגן. אָט געפֿינט זיך דאָ צווישן אונדז אײנער אַ משומד. אים וועלן מיר פֿרעגן; ער וועט דאָך דאָס געוויס וויסן. זאָגט ער, אַז די ייִדן ניצן אונדזער בלוט, דעמאָלט וועט דאָס זײַן למעלה פֿון יעדן ספֿק, אַז

זיי האָבן אַזוי געטאָן מיטן ממזר. באם, אויב ער זאָגט אַז ניין, אַז זיי ניצן נישט קיין קריסטלעך בלוט, טאָ האָבן זיי אָט די מעשׂה נבֿלה אויך נישט געטאָן און זײַנען ריין פֿון זינד. פֿאַר וואָס זאָלן מיר באמת פֿאַרגיסן אומשולדיק בלוט? עס וואָלט דאָך געווען אַ פֿאַרברעך און אַ רציחה אַזוינס צו טאָן. אויב איר זײַט אָבער גע־רעכט מיט אײַער חשד, טאָ וועט אײַך קיינער נישט פֿאַרווערן נקמה צו נעמען און אַלע יִדן ממיתן". אַז די שטאָטמענטשן האָבן גע־הערט די דאָזיקע רייד, האָבן זיי געשיקט נאָך מיר און מיך באַ־שווירן מיט כּל המיני שבֿועות און חרמות, אַז איך זאָל זיי זאָגן דעם ריינעם אמת, צי די יִדן ניצן אויף אַן אמת קריסטלעך בלוט, מחמת אַזאַ מיאוסע מעשׂה איז דאָ געשען מיטן ממזר. האָב איך זיי צוגעשווירן אויפֿן נאמנות און געזאָגט, אַז מען טוט די יִדן אַ גרוי־סע עוולה מיט אָט דעם נאַרישן בילבול. דאָס האָב איך זיי באַוויזן מיט אַ סך טעמים, אַז דער חשד איז ממש שקר וכזב. איך האָב מיט זיי אײַנגעטענהט און געזאָגט: „קוקט זיך אײַן. כּידוע, מוזן יִדן ווייקן יעדן שטיקל פֿלייש און דערנאָך אויסזאַלצן, כּדי דאָס בלוט זאָל אַרויס פֿונעם פֿלייש. אַזוי שטייט שוין אין זייער תּורה, אַז זיי טאָרן נישט עסן קיין בלוט. זיי מוזן אויך אַזוי שעכטן די בהמה, אַז דאָס דם זאָל אין גאַנצן אויסרינען. הײַנט, ווי קען דאָס גאָר געמאָלט זײַן, אַז זיי זאָלן ניצן מענטשלעך בלוט?" — אַז די שטאָט־לײַט האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי געזאָגט פּה־אחד „אויב דאָס איז יאָ אַזוי, טאָ זאָל קיין יִד קיין שום שלעכטס נישט געשען". מיט דעם איז טאַקע די גזירה בטל געוואָרן און עס איז געקומען אַ ישועה פֿאַר כּל ישׂראל. וואָלט איך אָבער געווען אַרויפֿגעוואָרפֿן די שולד אויף די יִדן, וואָלט דאָס גאָיעס געווען זיי חס ושלום אויסגעקוי־לעט. נמצא, אַז איך האָב מציל געווען אַ גאַנצע עדה יִדן פֿון טויט, און דאָס איז טאַקע די שענסטע זאַך, וואָס איך האָב געטאָן ווען עס איז אין מײַן גאַנצן לעבן!" — זאָגט דערויף דער חסיד: „יאָ, דאָס איז באמת געווען איינע פֿון די שענסטע מעשׂים!" — דערנאָך האָט

דער חסיד אים אַרויסגעגעבן אַ תשובֿה, וואָס דער משומד האָט אָפּ־גערהיט מיט אַלע פּרטים און איז געוואָרן אַ פֿרומער, ערלעכער ייִד.

מ״ב, קע״ח. — בריל, ג׳ 19. — שבחים, ז׳ 73. — מעשה אין דער מוסר־ליט׳, ז׳ 12. — דער מאָטיוו אינעם אינטערנאַציאָנאַלן פֿאָלקלאָר: מאָ־טיוו־אינד׳, F 971.1. — טיפּן 756.

## 56 די חתונה מיט אַ שד

אַ מעשׂה. אין די טעג פֿון רבי יודאַ חסיד האָט געלעבט אַ שׂר, אַ גרויסער עושר און אַ גרויסער מיוחס. אָפּגעשטאַמט האָט ער פֿון לויטער שׂרים און מלכים. זײַן עשירות איז ממש געווען אין לשער, איידלשטיינער און פּערל לרובֿ. דער זעלביקער שׂר האָט געהאַט אַן איינציקע טאָכטער, אַ גרויסע יפֿה־פֿיה, וואָס ער האָט געוואָלט חתו־נה מאַכן נאָר פֿאַר איינעם, וואָס איז אַזוי רײַך ווי ער. צום סוף האָט ער גאָר געמיינט, אַז ער וועט שוין אפֿשר קיין מאָל נישט גע־פֿינען קיין פּאַסיקן זיווג פֿאַר זײַן טאָכטער, וואָס זאָל אויסנעמען בײַ אים מיט זײַן גרויס עשירות. מאַכט זיך, אַז אַ מאָל האָט זיך צו אים באַוויזן אַ שד, זאָל אונדז גאָט אויסהיטן, וואָס האָט זיך געהאַט פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ שיינעם יונגן מאַן, ממש אַ בן־מלך. אַז ער איז אָנגעקומען צום שׂר, האָט ער מיטגעבראַכט די טײַערסטע חפֿצים, כּל המינים איידלשטיינער און פּערל, וואָס די וועלט האָט אַזוינס נאָך נישט געזען. דערצו נאָך געלט לרובֿ. ער איז אַרײַן צום שׂר און זאָגט צו אים אָט וואָס: „גנעדיקער האַר! איך האָב געהערט, אַז איר האָט אַן איינציקע טאָכטער, אָבער איר ווילט זי נאָר אויסגעבן פֿאַר איינעם, וואָס איז אַזוי רײַך ווי איר און שטאַמט באַגלײַך אָפּ פֿון אַזאַ שיינעם יחוס ווי איר“. אויף דעם ענטפֿערט אים דער שׂר: „יאָ, עס איז אמת, וואָס איר האָט געהערט“. זאָגט צו אים דער שד: „אויב אַזוי, טאָ גיט זי מיר פֿאַר אַ ווײַב, ווײַל איך בין בפֿירוש אַזוי רײַך און קום־אַרויס פֿון אַזאַ געהויבענעם יחוס ווי איר. אויב איר

ווילט מיר נישט גלייבן, בעט איך אײַך, קומט מיט מיר, אַזוי וועל איך אײַך ווײַזן אַזעלכע טײַערע חפצים, וואָס קיין שענערע האָט איר באַשטימט אין אײַער לעבן נאָך קיין מאָל נישט געזען: איידלשטיי־נער, פּערל און ממון לרוב. דאָס אַלץ איז טאַקע מײַן".

איז דער שׂר אַוועק מיטן שד. האָט אים יענער געוויזן אין אַ חדר מיוחד אַלצדינג ווי ער האָט אים געהאַט פֿאַרציילט. עס האָט טאַקע גאָר נישט געפֿעלט. רופֿט זיך אָן דער שד צום שׂר: „דאָס אַלץ האָב איך מיט מיר דאָ אַהער געבראַכט. אָבער דאָס איז נאָר אַ מקצת מן המקצת פֿון דעם, וואָס איך וועל געבן אײַער טאָכטער ווען איך וועל זי נעמען פֿאַר אַ ווײַב און זי אַוועקפֿירן צו מיר אַהיים. דעמאָלט וועט זי ערשט זען אַן עשירות. מחמת איך בין אַ קיניג, וואָס איז מעכטיקער פֿון אַלע אַנדערע קיניגן אויף דער וועלט. איך האָף, אַז מען זעט מיך אָן אין מײַן גרויס עשירות, ווער איך בין און וואָס פֿאַר אַן אָדם חשובֿ איך בין. איך גלייב נישט, אַז עס איז דאָ אויף דער וועלט אַן אַנדערער מעכטיקער פּרינץ, וואָס פֿאַרמאָגט אַזוי פֿיל, וויפֿל איך האָב אײַך אָט דאָ שוין געוויזן, שוין אָפּגערעדט דערפֿון, וואָס עס געפֿינט זיך נאָך בײַ מיר אין דער היים. אויך אין מײַן געשטאַלט קענט איר זען, אַז איך בין אַ בן־מלך. דעריבער, גנעדיקער האַר, זאָגט מיר טאַקע באַלד, צי איר האָט בדעה מיר צו געבן אײַער טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב". אויף דעם פֿרעגט אים דער שׂר: „זאָגט מיר לכל הפּחות, פֿון וואַנען זײַט איר, מײַן ליבער האַר, ווי הייסט אײַער קיניגרײַך און ווו געפֿינט עס זיך?" — אָבער דער שד איז געווען צו קלוג פֿאַר דעם שׂר. ער האָט אים אַזוי לאַנג פֿאַר־דרייט דעם קאָפּ, ביז ער איז מסכּים געווען אים צו געבן זײַן טאָכ־טער פֿאַר אַ ווײַב.

דעמאָלט האָט דער שׂר געלאָזט אויסרופֿן איבערן גאַנצן לאַנד, אַז ער גייט חתונה מאַכן זײַן טאָכטער און פֿאַרבעט אַלעמען אויף דער שׂמחה. און געווען איז דאָס שוין איין מאָל אַ חתונה! מען האָט געהוליעט און זיך געלאָזט ווילגיין. דער עולם געסט האָט געהאַט גרויס הנאה פֿון די כּל המינים פֿאַרווײַלונגען, אָנגעהויבן מיט טענץ

און שפּרינגען, און אויסגעלאָזט מיט שטעכן און טורנירן, ווי עס איז דער שטייגער בײַ אַזוינע ס׳גאַל קיניגלעכע שׂמחות.

נאָך דער חתונה זאָגט דער שד, וואָס איז געוואָרן דער איידעם פֿונעם שׂר, צו זײַן שווער: „ליבער שווער, איצט וואָלט איך געוואָלט אַהיימפֿאָרן. גיט מיר רשות צו ציִען אין מײַן לאַנד צוזאַמען מיט מײַן ליב ווײַב, מחמת איך האָב מײַן פֿאָלק צוגעזאָגט, אַז איך וועל מיך נישט לאַנג זאַמען". איז דאָס דעם שׂר נישט געווען צום האַרצן און ער האָט אים דעריבער געבעטן צו פֿאַרבלײַבן כאָטש נאָך אַ ביסל בײַ אים מיט דער טאָכטער. דער איידעם האָט אָבער דערפֿון נישט געוואָלט הערן. ער האָט געטענהט, אַז ער האָט מורא, טאָמער וועט ער האָבן אַ גרויסן היזק, אויב ער וועט אַוועקבלײַבן צו לאַנג פֿון זײַן מדינה. אַז דער שׂר האָט געזען, אַז עס וועט אים גאָר נישט העלפֿן, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל צו אַ צאָל פֿון זײַנע ריי־טערס, זיי זאָלן באַגלייטן דעם איידעם אויף זײַן וועג אַהיים. זײַנען צוזאַמען מיט די רײַטערס אויף זייערע שיינע פֿערד אויך מיטגע־גאַנגען אַ סך פֿוסגייערס. דער שׂר האָט אויך געהאַט אַן אַלטן לוטע־שפּילער, וואָס איז אַגבֿ געווען אַ גרויסער מומחה אויף פֿאַרשיידענע כּלי־זמר, איז ער אויך מיטגעגאַנגען מיטן שד, מחמת ער האָט גע־וואָלט אָנקוקן דאָס ווײַטע לאַנד. הקיצור, מיט אָט דעם גאַנצן הויז־געזינד, מיט האַרן און פֿוסגייערס און מיט גרויס כּבֿוד, האָבן זיך אַלע געלאָזט אין וועג אַרײַן. אויך דער אַלטער שׂר און זײַן ווײַב, די שׂרטע, האָבן זיי אַרויסבאַגלייט אַ שטיק וועגס. צום סוף האָבן זיי גענומען רשות פֿון אַנאַנד און זיך געזעגנט מיט גרויס געוויין. דער שׂר איז דערנאָך אַוועק צו זיך אַהיים און דער שד מיט זײַן ווײַב מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע האָבן ממשיך געווען זייער וועג, אַ נסיעה פֿון דרײַ טעג.

נאָך די דרײַ טעג נסיעה זײַנען זיי אָנגעקומען צו אַ גרויסער און שיינער שטאָט. דעמאָלט זאָגט דער שד צו זײַנע באַגלייטערס, אַז זיי זאָלן אַהיימגיין, מחמת ער האָט נישט געוואָלט, אַז זיי זאָלן מיט אים אין שטאָט אַרײַן. האָבן זיי אים אָבער אַזוי לאַנג מפּציר

געווען, ביז ער האָט זיי נאָכגעגעבן און זאָגט צו זיי: „מילא, איך וועל אײַך אָנטאָן דאָס פֿאַרגעניגן און אײַך אַרײַנפֿירן אין שטאָט, מחמת איר זײַט מיט מיר אַזוי געטרײַ מיטגערייטן אין אַ ווײַט, פֿרעמד לאַנד. איך וועל אײַך אויך ווידער לאָזן בשלום אַהיים ציִען. אויבֿ איר וואָלט מיר נישט אַרויסגעוויזן אַזוי פֿיל געטרײַשאַפֿט, וואָלט איך אײַך אַלעמען געוועזן געניזוקט". דעמאָלט האָט ער זיי דערציילט דעם אמת, אַז ער איז אַ שד, און אַז דער שׂר האָט זיך אַ פּנים פֿאַרזינדיקט מיט זײַן טאָכטער. ער האָט זיך געהאַלטן גרויס און זי נישט געוואָלט חתונה מאַכן פֿאַר קיינעם, וואָס איז נישט אַזוי חשובֿ און רײַך ווי ער. אַז דאָס הויזגעזינד פֿונעם שׂר האָט דאָס דערהערט, האָבן זיי זיך אַלע שטאַרק דערשראָקן. פֿאַר גרויס אימה איז די יונגע פֿרוי אַוועקגעפֿאַלן אין חלשות און געבליבן ליגן ווי אַ טויטע, מחמת זי האָט אימת־המוות געציטערט פֿאַר איר לעבן. אָבער זי האָט צו איר גרויס ווייטיק נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה און געמוזט מיטגיין מיט איר מאַן, דעם שד. ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז זי וואָלט ליבערשט צוריק אַהיימגעגאַנגען מיט איר געזינד, נאָר דאָס האָט זי באין אופֿן נישט געקענט טאָן. דערפֿאַר טאַקע האָט איצט דער שד געהייסן דעם געזינד אַהיימגיין. זאָגן זיי צו אים: „ווי זאָלן מיר גאָר אַזוינס דערציילן אונדזער האַר? ער וועט דאָך אונדז פּשוט נישט וועלן גלויבן. גיט אונדז דעריבער אַ סימן, וואָס מיר זאָלן איבערגעבן אונדזער האַר". ענטפֿערט זיי דער שד: „אָט דאָס וועט זײַן אײַער סימן. אַהער זײַט איר מיט מיר געריטן בלויז דרײַ טעג. אויף צוריק וועט אײַך דער זעלביקער וועג נעמען גאַנצע דרײַ וואָכן, אַזוי אַרום וועט אײַער האַר גלויבן, אַז אַ שד האָט אײַך געפֿירט". באין ברירה, האָבן זיי איצט געמוזט נעמען רשות פֿונעם שד און זיך געזעגנט מיט גרויס געוויין. די ביטערע יללות האָבן גאָר נישט געהאַט קיין סוף. נאָך דרײַ וואָכן, זײַנען זיי אָנגעקומען אַהיים און האָבן דערציילט דעם שׂר אַלץ, וואָס האָט זיך מיט זיי געטראָפֿן, און אַז זײַן איידעם איז, רחמנא־ליצלן, אַ שד. מען קען זיך גאָר לײַכט אויסמאָלן דעם צער און יסורים פֿון די עלטערן, אַז

זיי האָבן דאָס געהערט. פֿון גרויס צרות זײַנען זיי בײדע באַלד געשטאָרבן.

דער אַלטער לוטע־שפּילער איז אָבער מיטגעריטן אין שטאָט אַרײַן מיט זײַן יונגער האַריגטע און איר מאַן. דאָרטן האָבן געװוינט בלויז שדים, זאָל אונדז גאָט אָפּהיטן. דער שד האָט דערנאָך אָפּגעלעבט מיט זײַן װײַב גאַנצע דרײַ יאָר. תּחילת פֿון פֿערטן יאָר זאָגט ער צו איר בזה הלשון: „פֿעדער דיך, מײַן װײַב, און קום איצט מיט מיר. עס איז געקומען דײַן צײַט, אַז דו מוזסט שטאַרבן". האָט זי, נעבעך, געמוזט מיטגיין מיט אים, און דער אַלטער לוטע־שפּילער איז געטרײַ נאָכגעגאַנגען. האָט זי דער שד צוגעפֿירט צו דער סאַמע טיר פֿון גיהנום און דאָרט איבערגעגעבן זײַן שיין װײַב אין די הענט פֿון בייזע רוחות, װאָס פֿאַרדאַרבן די מענטשן און װאָס מען רופֿט־אָן מלאַכי־חבלה. די יונגע פֿרוי איז אַרײַן אין גיהנום און איר מאַן, דער שד, איז װידער אַװעק צו זיך, אין דער שדים־שטאָט. דער לוטע־שפּילער איז אָבער געבליבן שטיין פֿון דרויסן און נאָר אַרײַנגעקוקט אין גיהנום. דאָרט האָט ער דערזען אַן אַנדערן לוטע־שפּילער, װעמען ער האָט געקענט נאָך פֿון פֿריִער, בשעת זיי זײַנען געװען אַלטע חבֿרים. זאָגט אונדזער לוטע־שפּילער צו יענעם: „זאָג מיר, מײַן ליבער פֿרײַנד, װאָס טוסטו אין גיהנום?" — ענטפֿערט אים יענער: „זעסטו נישט, אַז איך שפּיל אויף אַ לוטע אין גיהנום? אָבער זײַ געװאָרנט, גיי נישט מיט מיט דער פֿרוי, מיט װעלכער דו ביסט דאָ אַהער געקומען, מחמת װי באַלד דו װעסט נאָר צו איר גענענען, װעסטו שוין מוזן דאָ פֿאַרבלײַבן. זי איז געװאָרן איבערגעגעבן אין די הענט פֿון די נישט־גוטע. גיי דערפֿאַר נישט צו צו איר". זאָגט דער לוטע־שפּילער, װאָס איז געשטאַנען פֿון דרויסן, צו יענעם װאָס איז געשטאַנען פֿון אינעװײניק: „ליבער, זאָג מיר, װי אַזוי ביסטו נישט געװאָרן פֿאַרברענט, הגם דו ביסט אין גיהנום? װײסן מיר דאָך, אַז טאָמער קומט אַ מענטש אַרײַן אין גיהנום, װערט ער תּיכף פֿאַרברענט. מסתּמא האָסטו אַ מאָל געטאָן עפּעס גוטס, װאָס אין דעם זכות האָט דאָס פֿײַער פֿון

גיהנום נישט קיין שליטה אויף דיר״. ענטפֿערט אים יענער: „איך ווייס באמת נישט, וואָס פֿאַר אַ גוטס איך האָב געטאָן אַ מאָל אין מײַן לעבן, אַחוץ אפֿשר וואָס איך פֿלעג שפּילן אויף ייִדישע חתונות און געמאַכט, אַזוי אַרום, דעם עולם פֿריילעך״. טראַכט זיך דער לוטע־שפּילער, וואָס איז געשטאַנען פֿון דרויסן, און מאַכט אַ קל־וחומר: מה־דאָך, אַז איינער וואָס האָט אַ מאָל געשפּילט פֿאַר ייִדן אויף דער לוטע און זיי געמאַכט פֿריילעך, איז נישט געוואָרן פֿאַרברענט פֿון פֿײַער פֿון גיהנום, הײַנט ערשט ווען ער איז אין גאַנצן אַ ייִד. קומט ער דאָך זיכער נישט אַרײַן אין גיהנום! על־כּן זאָגט ער צו יענעם: „ליבער, גיב מיר אַן עצה, ווי אַזוי זאָל איך אַרויסקומען פֿון דאַנען און גיב מיר אויך אַ סימן, אַז איך האָב מיט דיר גערעדט. אויב גאָט ברוך־הוא וועט מיט מיר טאָן אַ חסד און מיר אומקערן בשלום צווישן מענטשן, וועל איך זיי קענען אַלצדינג איבערגעבן, וואָס דו האָסט מיר דאָ דערציילט און מען וועט מיר דאָס גלייבן״. זאָגט יענער צו אים: „גרייך מיר דײַן האַנט און ריר מיך אָן מיט דײַן קליינעם פֿינגער, אַזוי וועסטו דערלעבן גאָר אַ גרויס ווונדער״. אַזוי באַלד ווי יענער האָט אים נאָר אָנגערירט מיט זײַן פֿינגער, האָט זיך זײַן פֿינגער אָנגעצונדן און געברענט, אַז מען האָט שוין נישט מער געקענט אויסלעשן. האָט אים דער ברענענדיקער פֿינגער גע־לויכטן דעם גאַנצן וועג און אים געוויזן ווו צו גיין. אומעטום, ווו דער לוטע־שפּילער איז אָנגעקומען, האָט ער זיך נאָכגעפֿרעגט אויף ייִדן. צום סוף איז ער אָנגעקומען אין אַ שטאָט, ווו עס האָבן געוווינט אַ סך ייִדן. האָט ער זיי געבעטן אים מגייר צו זײַן. האָבן זיי אים געענטפֿערט: „גיי צו רבי יודאַ חסיד וועט ער דיך מגייר זײַן״.

הכּלל, דער אַלטער לוטע־שפּילער איז פֿון זיי אַוועק און זיך געלאָזט אויפֿן וועג קיין רעגנסבורג, צו רבי יודאַ חסיד. בשעת ער איז נאָך געווען דרײַ מײַל ווײַט פֿון דער שטאָט, האָט מען דעם חסיד מן השמים מגלה געווען, אַז אַזאַ איינער וועט צו אים קומען. האָט דער חסיד געזאָגט צו זײַנע בחורים: „איך שמעק דאָס פֿײַער פֿון גיהנום. אָט וועט דאָ איינער, אַ גוי, קומען און אויף מיר פֿרעגן.

זאָגט אים, אַז איך בין נישט אין דער היים, אָבער פֿרעגט אים וואָס ער וויל. אויב ער זאָגט, ער וויל זיך מגייר זײַן, זײַט אים באַלד מגייר, כּדי צו פֿאַרטרײַבן דעם שלעכטן ריח פֿון גיהנום". נישט לאַנג דערנאָך איז דער לוטע־שפּילער אָנגעקומען אין רעגנסבורג און זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ די בחורים אויף רבי יודאַן. האָבן זיי אים געזאָגט, אַז ער איז גראָד נישטאָ אין שטוב און קען אים דעריבער ניט זען. דערציילט ער אַז ער וויל זיך מגייר זײַן. האָבן די בחורים אים מגייר געווען אין אַ חדר מיוחד, אַזוי ווי דער חסיד האָט זיי געהייסן. פֿון אָט דער רגע אָן האָט זיך דאָס פֿײַער פֿון גיהנום אויף זײַן פֿינגער פֿאַרלאָשן און עס האָט נישט מער געשלאָגן מיט דעם שלעכטן ריח פֿון גיהנום. ערשט דעמאָלט איז אַרײַנגעקומען דער חסיד און געטראָפֿן דעם לוטע־שפּילער זיצן אין זײַן שטוב. האָט אים רבי יודאַ געפֿרעגט, וואָס עס איז זײַן מסחר און פֿון וואַנען ער האָט גענומען דאָס פֿײַער פֿון גיהנום. האָט ער דעם חסיד דערציילט די גאַנצע מעשׂה, וואָס עס האָט זיך געטראָפֿן מיטן שׂר און זײַן טאָכטער. דער חסיד האָט מיט אים דערנאָך געלערנט תּורה און ער איז געוואָרן גאָר אַ פֿרומער ייִד.

מ"ב, קע"ט. — שבחים, ד' 75 א"וו. — נישטאָ בײַ ברילן. — מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ מעשׂה בתוך מעשׂה, מיט אַ צאָל אינטערנאַציאָנאַלע מאָטיוון. אַ פֿאַרשפּרייטער מאָטיוו: די געמישטע חתונה פֿון מענטש און שד, נסיעות אויף יענער וועלט. — דער עונש־מאָטיוו איבער גאַווה פֿון אַ מענטש: אויף געוויסע מענטשן האָט דאָס פֿײַער פֿון גיהנום נישט קיין שליטה. שדים, נאָכן פֿאָלקסגלויבן, לעבן און זײַנען זיך נוהג ווי מענטשן. — דערצו נאָך מאָטיוו־אינד', F 471.2.0.1. און E 752.1.2.1.

## 57 אליהו הנביא ביים יידישן

אַ מעשׂה. עס איז געשען אין די טעג פֿון רבי יודאַ חסיד. אין דער שטאָט רעגנסבורג איז אַ מאָל געבוירן געוואָרן אַ קינד, וואָס מ'איז געגאַנגען ייִדישן. איז פֿאַר צײַטנס געווען אַ מנהג, אַז בעת

מען האָט דאָס קינד אַרײַנגעטראָגן אין דער שול צו דער ברית־מילה, איז גאַנץ קהל אויפֿגעשטאַנען פֿון זייערע ערטער און הויך אויסגערופֿן „ברוך הבא״ לכבֿוד אליהו הנבֿיא, וואָס איז געווייִנלעך אַרײַנגעקומען צוזאַמען מיטן קינד. דערפֿאַר טאַקע שטעלט מען אויך אַוועק בײַ דער ברית־מילה צוויי שטולן נעבן אַנאַנד, פֿון וואָס איינער איז דער כּסא אליהו. דאָס מאָל איז אָבער רבי יודאַ נישט אויפֿגעשטאַנען מקבל פּנים זײַן דאָס קינד, און בשעת כּל קהל האָט אויסגערופֿן „ברוך הבא״, האָט רבי יודאַ געשוויגן. די סיבה דערפֿון איז אָבער געווען, וואָס דער חסיד האָט נישט געזען אליהו הנבֿיאן אַרײַנקומען צוזאַמען מיטן קינד, ווי דאָס איז תּמיד געווען זײַן שטייגער. האָט זיך דער עולם טאַקע שטאַרק געחידושט און אים געפֿרעגט פֿאַר וואָס ער האָט אַזוי מבֿייש געווען דאָס קינד. ענטפֿערט דער חסיד: „עס איז דערפֿאַר, ווײַל איך האָב נישט געזען אליהו הנבֿיא אַרײַנקומען מיטן קינד און זיך אַוועקזעצן אויפֿן שטול, וואָס איז געשטאַנען אָנגעברייט פֿאַר אים. עפּעס איז דאָ נישט אַזוי גלאַטיק״. דערנאָך דרייט ער זיך אויס צום עולם און זאָגט צו זיי: „אַדרבא, קוקט־אַרויס דאָרטן פֿון יענעם פֿענצטער, וועט איר זען, ווי עס זיצט אליהו הנבֿיא אין דער געשטאַלט פֿון אַן אַלטן מאַן מיט אַ לאַנגער באָרד, וואָס איז ווײַס ווי שניי, און איז מתפּלל. דעמאָלט האָט אים דער עולם געבעטן, אַז ער זאָל מגלה זײַן די סיבה, פֿאַר וואָס אליהו הנבֿיא האָט זיך דאָס מאָל נישט באַוויזן צוזאַמען מיטן קינד און זיך נישט אַוועקגעזעצט אויף זײַן שטול, אַזוי ווי עס איז תּמיד זײַן שטייגער. האָט זיי דער חסיד געענטפֿערט: „איר זאָלט וויסן, אַז דאָס קינד וועט אַ מאָל איבערלעבן אַ בייזע שעה און וועט זיך ווערן מיט געוואַלט שמדן. דערפֿאַר טאַקע וויל אליהו הנבֿיא נישט זיצן בײַ זײַן ברית־מילה״.

מ״ב, ק״פּ. (ב. אָן אַ נומער). בריל, ג׳ 20. — שבחים, ז׳ 81 א״וו. — מאָטיוון: דער רוח־הקודש פֿונעם צדיק. — אליהו הנבֿיא קומט צו דער ברית־מילה. — אַ רואה ואינו נראה. — דער כּסא של אליהו.

## 58 דער טויער־היטער פון רעגנסבורג

אַ מעשׂה שהיה. אין די טעג פֿון רבי יודאַ חסיד איז אין רעגנסבורג געווען אַ טויער־היטער אַ גרויסער רשע, אַ גוי. אַלע מאָל, ווען אין שטאָט איז נפֿטר געוואָרן אַ ייִד און מען האָט אים אַרויסגעטראָגן צו קבֿורה דורכן שטאָטטויער, האָט דער טויער־וועכטער גענומען אויף צו־להכעיס רוישיק קלינגען מיט די טויער־גלאָקן.

ויהי היום, און רבי יודאַ איז קראַנק געוואָרן און געווען אַ נוטה למות. האָט ער צונויפֿגערופֿן צו זיך אַהיים כּל הקהל און צו זיי אַזוי געזאָגט: „ליבע, רבותי, איך ליג דאָ אין גאָטס האַנט און וועל מסתּמא באַלד אַוועקגיין פֿון דער וועלט. וויל איך אײַך אָבער געבן אַ סימן, איר זאָלט וויסן, אַז איך בין אַ בן־עולם־הבא. און דאָס איז דער סימן: אַז מען וועט מיך אַרויסטראָגן צו קבֿורה דורכן שטאָט־טויער און דער מרושעדיקער גוי וועט אָנהייבן, ווי זײַן שטייגער איז, צו קלינגען מיט די גלאָקן, וועט באותו רגע דאָס טויער אײַנ־פֿאַלן, אַזוי אַז מען וועט נישט קענען מיך אַרויסטראָגן דורך אָט דעם טויער. ווען דאָס וועט געשען, זאָלט איר וויסן זײַן, בין איך שוין אין גן־עדן".

אַז דער חסיד איז, בעוונותינו הרבים, נפֿטר געוואָרן און מען האָט גענומען דעם בר־מינן אַרויסטראָגן דורכן טויער פֿון דער שטאָט, האָט דער מנובֿלדיקער טויער־היטער אָנגעהויבן קלינגען מיט די גלאָקן. איז אָבער געשען אַ נס, אַז דאָס טויער איז אײַנגע־פֿאַלן און דערשלאָגן אויף טויט דעם טויער־היטער, אַזוי אַז מען האָט נישט געקענט אַרויסטראָגן די מיטה מיטן חסיד דורכן טויער.

אַז די מעשׂה איז נישט קיין אויסגעטראַכטע, קענט איר זיך אַליין איבערצײַגן. פֿאָרט אָקערשט אַריבער קיין רעגנסבורג און איר וועט דאָס אַלץ אַליין זען און וועגן דעם הערן, וואָרעם מען האָט דאָס דאָזיקע טויער עד־היום נישט געקענט מער אויפֿבויען. יאָ, אָפֿט האָט מען געפּרוּווט דאָס צו טאָן, אָבער ווי באַלד מען האָט דאָס

טויער ווידער אויפֿגעשטעלט, איז עס באַלד ווידער אײַנגעפֿאַלן. עס האָט שוין נישט מער געהאַט קיין תּקומה.

מ״ב קפ״ג. (ב., קנ״ח). — בריל, ג׳ 36. — שבחים, ז׳ 84. — מאָטיוו: די הייליקייט פֿון צדיק נאָכן טויט. — דער גילגול פֿון דעו רעגנסבורגער מסורה קיין מזרח־אייראָפּע (אָסטראָה).

## 59 רשי און דער דוכוס גאָטפֿריד

אַ מעשׂה, וואָס איז געשען אין די טעג פֿון רשין. רשי, וואָס מאַכט אין ראשי־תּיבֿות רבי שלמה יצחקי, האָט געשטאַמט פֿון צרפֿת, אָבער שפּעטער געלעבט אין דער שטאָט וואָרמס. דאָ האָט ער געהאַט זײַן בית־המדרש, ווו עס איז געשטאַנען אַן אָרון־קודש און עס איז געווען אין איינעם אַ בית־הכּנסת, וואָס הייסט נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג די רשי־שול. אין אַמאָליקע צײַטן פֿלעגט דער עולם דאָרטן פּראַווען אָדער אַ סעודת־ערבֿ־ראש־חודש אָדער אַ יום־כּיפּור־קטן, און שׂמחת־תּורה האָבן די בחורים דאָרט געדאַוונט און גע־מאַכט הקפֿות. געווען איז דאָס טאַקע אַן אַלטער מנהג לזכּרון פֿון רשין.

עס איז געווען אין יענע טעג, בשעת דער דוכּוס פֿון לאָטע־רינגען, וואָס מען האָט גערופֿן גאָטפֿריד פֿון ליאָן, האָט זיך גע־גרייט צו ציִען מיט זײַנע חיילות קיין ירושלים, מלחמה צו האַלטן מיט די ישמעאלים. ער איז געווען אַ מעכטיקער דוכּוס, אַ היציקער איש־מלחמה, אָבער אויך אַ גרויסער אַכזר און אַ דם־שׂונא ייִדן. האָט דער דאָזיקער דוכּוס געטאָן הערן אַ סך פֿון רשיס חכמה, וואָס האָט געשמט ווײַט און ברייט, אַזוי אַז סײַ יהודים און סײַ, להבֿדיל, גויִים האָבן אים געפֿאָלגט און געטאָן אַלץ, וואָס רשי האָט געהייסן. די וועלט האָט אויך געהאַלטן רשין פֿאַר אַ נבֿיא, וואָס ער איז אויך אין דער אמתן געווען. האָט, על־כּן, דער דוכּוס געשיקט רופֿן צו זיך רשין, ווײַל ער האָט געוואָלט זיך שואל עצה זײַן מיט אים. אָבער

רשי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גיין, מחמת ער האָט גוט געוווּסט, וואָס פֿאַר אַ רשע דער דוכּוס איז. אַז דער דוכּוס האָט געזען, רשי וויל נישט קומען, איז ער געוואָרן מלא חמה אויף אים, דעם נבֿזהדיקן ייִד, וואָס פֿאָלגט נישט זײַן באַפֿעל. נישט לאַנג געטראַכט, האָט זיך דער דוכּוס מיט אַ מחנה ריטערס געלאָזט אין וועג אַרײַן און אָנגעקומען קיין וואָרמס צו רשיס הויז. ווי פֿאַרחידושט איז ער אָבער געוואָרן, ווען ער האָט געפֿונען אַלע טירן אינעם הויז אָפֿן און איבער די טישן, אין די חדרים, זײַנען געלעגן די ספֿרים פֿונאַנדערגעשפּרייט און צעעפֿנט. אין ערגעץ האָט ער אָבער נישט געקענט זען קיין לעבעדיקן נפֿש. דעמאָלט האָט דער דוכּוס גענומען רופֿן אויפֿן קול: „שלמה, שלמה ווּ ביסטו?“ — ענטפֿערט אים רשי: „וואָס באַגערט מײַן האַר?“ — זאָגט צו אים דער דוכּוס: „שלמה, ווּ ביסטו?“ ענטפֿערט אים ווידער רשי: „אָט דאָ בין איך, מײַן האַר!“ — אַזוי אָפֿט ווי דער דוכּוס האָט אים גערופֿן, האָט רשי אים אָפּגעענטפֿערט, אָבער ער האָט אים נישט געקענט זען. איז דער שׂר געוואָרן דערפֿון שטאַרק נתפּעל און זיך דאָס באַין אופֿן נישט געקענט דערקלערן. צום סוף איז ער אַרויסגעגאַנגען פֿון בית־המדרש און אויף דער גאַס געפֿרעגט בײַ די לײַט: „זאָגט מיר, ווווינט דאָ אַ ייִד?“ — גראָד איז אָנגעקומען איינער פֿון רשיס תּלמידים, פֿרעגט אים דער דוכּוס: „איז דאָס רשיס דירה?“ — ענטפֿערט אים דער תּלמיד: „יאָ, ער איז מײַן רבי“. מאַכט צו אים דער דוכּוס: „גיי אַרײַן און זאָג דײַן רבין, אַז ער זאָל אַרויסקומען צו מיר. איך טו אַ שבֿועה, אַז עס וועט אים, חלילה, נישט פּאַסירן קיין שום שלעכטס“.

אַז רשי האָט דאָס געהערט, איז ער אַרויס צום דוכּוס און אַנידערגעפֿאַלן צו זײַנע פֿיס. אָבער דער דוכּוס האָט אים געהייסן אויפֿשטיין און צו אים געזאָגט: „ערשט איצט האָב איך געזען, וואָס פֿאַר אַ געטלעכער מענטש דו ביסט. איך וועל דיר דעריבער זאָגן, צוליב וואָס איך בין צו דיר אַהערגעקומען. איך וויל מיט דיר זיך אַן עצה האַלטן מכּוח אַ געהויבענעם ענין, וואָס איך האָב בדעה אַדורכצופֿירן. איך האָב גרייט גרויסע חיילות פֿון פֿוספֿאָלק און רײַ־

טערס, מיט וואָס איך וויל אײַננעמען ירושלים. אין דער שטאָט עקרון האָב איך נאָך ווײַטערדיקע זיבן טויזנט רײַטערס. האָף איך צו גאָט, אַז איך וועל קענען דערלאַנגען די ישמעאלים, וואָס האַלטן ירושלים, אַזאַ טויטקלאַפּ, אַז זיי זאָלן שוין נישט מער קענען אויפֿהייבן זייערע קעפּ. על־כּן, בעט איך דיך, לאָז מיר הערן דײַן מיין, אָבער זאָג מיר אַלץ, וואָס דו טראַכטסט. דו האָסט נישט פֿאַר וואָס מורא צו האָבן, צי דו וועסט מיר זאָגן עפּעס גוטס אָדער עפּעס שלעכטס. אַזוי ווי דו וועסט מיר ראָטן, אַזוי וועל איך טאָן, מחמת איך ווייס, אַז דו ביסט אַ האַלבער נבֿיא און קענסט פֿאָרויסזאָגן, ווי עס וועט מיר גיין אין דער מלחמה. על־כּן, בעט איך דיך נאָך אַ מאָל, זאָג מיר דעם ריינעם אמת, צי איך וועל מצליח זײַן אין דער מלחמה צי נישט". מאַכט צו אים רשי תּוך כּדי דיבור: „מײַן האַר, איך וועל דיר זאָגן דעם ריינעם אמת. פֿון אָנהייב וועסטו זייער באַגליקן, דו וועסט אײַננעמען די שטאָט ירושלים און דאָרט קיניגן דרײַ טעג, אָבער אויפֿן פֿערטן טאָג וועלן דיך די ישמעאלים ווידער פֿאַרטרײַבן. דו וועסט אַנטלויפֿן און דאָס רובֿ פֿון דײַנע חיילות וועלן ווערן צעשלאָגן. די וואָס וועלן איבערבלײַבן פֿון דער שווערד וועלן אומקומען אונטערוועגנס. דער סוף וועט זײַן, אַז דו וועסט צוריקקומען אין דײַן שטאָט מיט דרײַ מאַן און אַ קאָפּ פֿון אַ פֿערד. טו זשע ווי דו ווילסט. וואָס איך האָב געהאַט דיר צו זאָגן, האָב איך דיר געזאָגט". אַז דער דוכּוס האָט דערהערט די רייד פֿון רשין, האָט ער געהאַט גרויס עגמת־נפֿש און מאַכט צו רשין: „עס קען זײַן, אַז דו ביסט גערעכט און עס וועט אַזוי זײַן ווי דו זאָגסט. אָבער דאָס זאָג איך דיר יאָ צו, אויב איך וועל בשלום אַהיימקומען פֿון דער מלחמה מיט פֿיר לײַט, טאָ וועל איך געבן פֿאַר די הינט דײַן פֿלייש צו פֿרעסן און וועל נקמה נעמען אין אַלע ייִדן פֿון צרפֿת".

הקיצור, דער דוכּוס איז אַוועק אין דער מלחמה מיט אַלע זײַנע חיילות און עס האָט מיט אים אַלץ אַזוי געטראָפֿן ווי רשי האָט געהאַט פֿאָרויסגעזאָגט. נאָך לאַנגע וואָגלענישן איז ער אַהיימ־

געקומען מיט דריי מענער און דריי פֿערד, אַחוץ אים און זיין אייגן פֿערד, וואָס זיינען געווען פֿיר. עס איז אין צווישן געהאַט אַריבער אַ שטיק צייט, מחמת די מלחמה אַליין האָט געדויערט אַן ערך פֿיר יאָר.

אַז דער דוכּוס האָט זיך געפֿונען אויפֿן וועג אַהיים, האָט ער זיך פּלוצעם דערמאָנט אין רשיס ווערטער, וואָס האָט אים געווארנט, אַז ער וועט צוריקקומען מיט דריי פֿערד, בשעת אין דער אמתן זיינען גאָר געווען פֿיר פֿערד. האָט ער דעריבער בדעה געהאַט זיך ביטער נוקם צו זיין אין רשין און אים נאָך, חס ושלום, דערהרגענען. האָט ער אים נישט צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט קומען צוריק מיט פֿיר פֿערד, וועט ער רשיס פֿלייש געבן צו פֿרעסן פֿאַר די הינט? האָבן מיר דאָך אָבער אַ גרויסן גאָט! ווייסן מיר דאָך, אַז גאָט ברוך־הוא צעשטערט די בייזע מחשבֿות פֿון די רשעים. איז טאַקע געשען אַ נס: אַזוי באַלד ווי דער דוכּוס איז אַריינגעריטן אין שטאָט דורכן טויער, איז אַראָפּגעפֿאַלן אַ שטיין פֿונעם טויער־געזימס אויפֿן קאָפּ פֿון איינעם פֿון די פֿערד און דערשלאָגן צום טויט. האָט זיך דער דוכּוס דערפֿון זייער דערשראָקן און זיך מודה געווען, אַז רשי האָט אים געזאָגט דעם אמת, אַז ער וועט נישט אָנקומען אין זיין מקום מיט פֿיר פֿערד.

איידער ער איז אַוועק צו זיך אַהיים, האָט דער דוכּוס געוואָלט אַריינגיין צו רשין, זיך פֿאַר אים פֿאַרנייגן און בוקן, און אים באַדאַנקען פֿאַר זיינע נבֿיאות. אָבער ווען ער איז צוגעקומען צו רשיס הויז, איז שוין רשי, בעוונותינו הרבים, נסתלק געווען. אַז דער דוכּוס האָט געהערט פֿון רשיס פּטירה, האָט ער שטאַרק געטרויערט נאָך אים, ווי עס פּאַסט זיך טאַקע פֿאַר אַזאַ גרויסן נפֿטר. אונדזער האַר זאָל אונדז לאָזן געניסן זיין זכות צוזאַמען מיט כּל ישׂראל. אָמן.

מ״ב קפ״ד. (ב. קפ״ג). אָן מקור. — שלשלת הקבלה, ל״ח. — ממקור ישראל, קפ״ו. — מאָטיוו: דער צדיק זעט־פֿאָרויס, וואָס עס וועט זיין. נאָך העלדערן האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט איינער פֿון די ראָמאַנטישע לעגענדעס, וואָס וויל אונדז לאָזן הערן וועגן די באַציִונגען פֿון מיטלעלטערלעכע רבנים

מיט די שררות. אַגב מאַכט אונדזער מעשה אַ כראָנאָלאָגישן טעות, מחמת גאָטפריד פון בוליאָן איז גאָר געשטאָרבן אין ירושלים, פאַר רשין, וואָס איז נפטר געוואָרן אין טרואַ (טרוייש) אינעם יאָר 1105.

## 60 דער יידישער פויפס

אַ מעשה. עס האָט זיך געטראָפן אין די טעג פון רבי שמעון הגדול, וואָס האָט, כידוע, געוווינט אין דער שטאָט מײַנץ. מען ווייסט אַפילו נאָך, ווו עס איז געשטאַנען זײַן הויז מיט די דרײַ גרויסע שפּיגלען, אין וועלכע ער האָט געקענט זען אַלצדינג, וואָס עס איז פאָרגעקומען און וואָס עס וועט געשען. מען האָט זיך אַפילו נאָכדערציילט, אַז צוקאָפּנס פון זײַן קבֿר אויפן בית־החיים אין מײַנץ, האָט אַ שטיק צײַט אַרויסגעשפּרודלט אַ פרישער קוואַל וואַסער. הקיצור, רבי שמעון, וואָס איז געווען אַ גדול בישׂראל, האָט געהאַט אַ זון מיטן נאָמען אלחנן. אַז אלחנן איז נאָך געווען אַ קליין קינד, האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז די שבת־גויטע איז געקומען צו רבי שמעונען אין הויז אין אַ שבת אין דער פרי אײַנהייצן אין אויוון, אַזוי ווי עס איז תמיד געווען איר שטייגער. האָט זי דערנאָך גענומען דאָס קינד אויפן אָרעם און מיט אים אַרויס פון שטוב. דאָס דינסטמיידל, וואָס האָט זיך געפונען אין הויז, האָט זיך אין גאָר נישט אָנגעשטויסן, מחמת זי האָט געמיינט, אַז די גויטע וועט באַלד צוריקקומען מיטן קינד. הכּלל, בשעת דער עולם איז געווען אין שול בײַם דאַווגען, האָט די גויטע צוגענומען דאָס קינד, מיט אים אַוועק און דערנאָך עס געלאָזט אָפּשמדן. זי האָט געמיינט, אַז מיט דעם ברענגט זי איר גאָט אַ קרבן, מחמת פאַר צײַטנס האָבן די גויים אַ סך געהאַלטן פון אָפּשמדן יידישע קינדער.

אַז רבי שמעון הגדול איז געקומען פון דער שול נאָכן דאַווגען אַהיים, איז דאָס דינסטמיידל נישט געווען אין שטוב, היות ווי זי איז אין צווישן אַרויסגעלאָפן זוכן די גויע מיטן קינד, אָבער

זי נישט אָפּגעפֿונען. אַהיים קומענדיק, האָט רבי שמעון, על־כּן, נישט געפֿונען, נישט דאָס שטובמיידל און נישט דאָס קינד. מיט אַ מאָל איז דאָס מיידל געקומען צו לויפֿן און שטאַרק געשריִען. האָט זי רבי שמעון געפֿרעגט, וואָס איז די מעשׂה, פֿאַר וואָס שרייַט זי אַזוי, זאָגט זי: „ליבער רבי, די שבת־גויטע האָט, בעוונותינו הרבים, אַוועקגעטראָגן דאָס קינד און איך ווייס נישט וווהין זי איז מיט אים נעלם געוואָרן". האָבן זיי געלאָזט זוכן אומעטום דאָס קינד, אָבער אין קול ואין עונה, ממש ווי אין וואַסער אַרייַנגע־פֿאַלן. ווי מען קען זיך לייַכט פֿאָרשטעלן, איז דער צער פֿון די עלטערן געווען זייער גרויס. רבי שמעון האָט געפֿאַסט תּעניתים און געטרויערט נאָך זייַן ליב קינד. מען האָט אָבער געהאַט מן השמים פֿאַרהוילן פֿון אים, וווהין זייַן קינד איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן.

בינו לבֿינו איז דאָס ייִנגל נאָכן שמד אַרייַנגעקומען אין די הענט פֿון גלחים, וואָס האָבן גענומען אים דערציִען אויף זייַער שטייגער, ביז ער איז אויסגעוואַקסן מיט דער צייַט אַ גרויסער מלומד. האָט ער דאָך געהאַט אויף זיך זייַן פֿאָטערס קאָפּ און אין אים אין גאַנצן אַרייַנגעראָטן. איז טאַקע דער יונגער אלחנן גע־גאַנגען הלוך וגדול, פֿון איין אַקאַדעמיע צו אַן אַנדערער, ביז ער איז געקומען קיין רוים, ווו ער האָט ווייַטער געלערנט מיט גרויס התמדה אַ סך לשונות. טאַקע צוליב זייַנע גרויסע ידיעות און זייַן גרונטיקער בקיאות אין אַלע ענינים פֿון אמונה, איז ער דערנאָך געוואָרן אַ קאַרדינאַל. זייַן נאָמען האָט געקלונגען ווייַט און ברייט, ווי מען קען זיך דאָס גאָר נישט גענוג אָנדערציילן. פֿון טאָג צו טאָג איז געוואַקסן זייַן חשיבֿות. דערצו איז ער אויך נאָך געווען אַ גרויסער יפֿה־תּואר מיט אַ הדרת פּנים. סוף דבֿר, אַז דער פּויפּס פֿון רוים איז געשטאָרבן, איז דער יונגער אלחנן, צוליב זייַן חריפֿות, זייַנע גרונטיקע ידיעות און שפּראַך־קענטעניש, באַלד עולה לגדולה געווען און איז געוואָרן דער פּויפּס פֿון רוים. ער האָט אָבער גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ער קומט־אַרויס פֿון ייִדן און איז דער זון פֿון רבי שמעון פֿון מייַנץ. בדיעבֿד, איז ער אָבער פֿאַרבליבן

# איין מעשה בוך

העטויך פֿאר זינט מיט זיינר טאכֿטיר וויל ער זיא העט ביזונט וועלין
געבין · וויא נון דש שר הויך געזינט הורט דאש דא דער שראקין זיא
גרזער · אונ׳ דיא יונק פֿרויא דיא דער שראק אז אז זיא דא פֿאר טוט
לאג דען זיא גידוכֿט זיך דש קושט בון איין הלז דען זיא מושט וואל מיט
אים ציהן זיא ווער וואל ליבור מיט אירים געזינט ווידר איין הייאן געצוגן
עש מוכֿט אביר ניט גזיין · דא שפראך דער שד צום געזינט זיא
זאלטין ווידר איין הייאן ציהן · דא שפראכֿן זיא וויא זאלין מיר דען
זעלכֿיש ווידר אונזרין הערין זאגן אך ווערט ערש אונש ניט גלייבן
געבט אונש איין ווארצייכֿן דש מירש אונזרין הערן קענן זאגן · דא
שפראך דער שד צו ווארצייכֿן זייט איר מיט מיר דא העער אין דרייא
טאגן גריטן · אונ׳ איצונדר מישט איר וואל דרייא וואכֿין דריבר רייטן
דא ווערט אייער הער וואל גלייבן דש אייך איין שד געפֿירט האט · אלזו
מושטן זיא אורלב נעמן בון דעם שד אונ׳ צוגן מיט גרושן וויינן איין וועק
אונ׳ קאמן אין דרייא וואכֿין ערשט איין היים אונ׳ זאגטן דען שר וויא
עש אים ווער גנגנגן אויך דיא רייש אונ׳ וויא זיין איידם איין שד ווער
זא טריבן זיא איין גרושי יאמר דאש בון וואל צו גלאבן שטיט אונ׳ ביט צו
שרייבן שטיט דש זיא אירן טאכֿטיר אזו ביז העטן אויש געגעבן דש זיא
אלין בייד בור גרושים לייט אונ׳ ביקווערנוס שטורבן · בון רייט דער
אלט ליטן שלעגיר מיט איבן בֿורט ביז אין דער שטט דא וואכֿטן איידיל
שידים גוט צו בייא אונש איבן · אלזו וואכֿט דער שד מיט זיין וייב
דרייא יאר אין דער שטט אונ׳ אין דען פֿירדן יאר שפראך דער שד
ווידר זיין וייב וואל אויך מיט מיר דיין צייט אישט קומן דש דוא שטערבן
מושט אלזו מושט זיא מיט אים גן · אונ׳ דער גוט ליטן שלאגיר גינג אך
מיט זיא אלזו בֿירט זיא דער שד ביז אן דער טיר בֿון דען גיהנום אונ׳
איבר אנטווערט זיין היפּש וייב דען שידים דיא דא דיא לייט פֿאר
דערבן דיא מאן נענט דיא מלאכֿי חבלה אלז צוגן זיא דיא יונק פֿרויא
אין דש גיהינום אונ׳ דער שד גינג ווידר אין זיינר שטט צו דען אנדרן
שידים · דא זאך דער ליטן שלעגיר אין דאש גיהנום היניין אונ׳ זאך
דארטן אך איין ליטן שלעגיר זיצן אין גיהנום דען קענט ער דען זיא
וואַרן חבירים בייא איין נאנדור גוועזן · דא זאגט ער צו אים זאג מיר
ווארין ליבור געזעל ווש מאכֿשטו הינן אין גיהנום דא ענטפֿרט ער אין
ווידר זעלכֿשטו ניט דז איך שלאג אויך דיא ליט אין גיהנום אונ׳ שפראך
צו אים בייא לייב היט דיך דאש דוא ניט גישט בייא דיינן פֿרויאן דיא
דוא בישט מיט העער גקווין דען אלזו בלד דאש דוא צו איר גישט ווא
מושטו

רעפּראָדוקציע פון דער ערשטער באַזעלער אויסגאַבע (1602)

ווֹשטו אך היבן בלייבן דען זיא אישט בון איבור ליבֿרט גיווארדן דיא
שידים דער הלבן גיא דוא ניט צו איר · דא שפראך דער ליטן
שלענגיר ווידר דער ארוישר געשטבדן וואר צו דען דער דא אינן שטיט
ניבר זאגן איר ווארום בישטו ניט פֿאר ברענט דוא בישט דאך אין
גיהנום איך איין איינר פֿאר ברענט גליך ווען איינר אין דש גיהנום
קומט דוא ווישט דאך עפיש גוטש גיטאן האבן דאש דוא ניט גאנץ
פֿאר ברענט בישט · דא ענטפֿרט ער אים ווידר איך וויש ניקש
גוטש דאש איך אל איין טאג גיטאן האב אנדר דאש איך דיא יודן
אויף אירן הוך צייטן גישלאגן האב אונט האב זיא גאר פֿרליך געמאכט
דא גידאכט דער ליטן שלענגיר דער הרוישין אישט דער אישט
ניט פֿאר בר ברענט אין גיהנום וויל ער דיא יודן האט גישלאגן
אויף דיא ליטן אונט האט זיא פֿריליך געמאכט ווא האט דען אייביר
דער גאנץ אין יוד ווערט איך האלט דער זעלבין קומט צו מאל
ניט אין דאש גיהנום · אונט שפראך אך צו אין ליביר גיב מיר
איין גוטן ראט דאש איך ווידר איין הייאן קאן קומן אויף דען רעכטין
וועג אונט גיב מיר אך איין וואר צייכן דאש איך זעליש מיט דיר
גירעט האב היא דען ווען מיר גוט דער אלמעכטיג ווידר גליך גיבט דש
איך ווידר צו לייטן קום דא ווער איך דעבן זאגן ווא דוא מיט מיר גרעט
האשט דא ווערט מן מירש גלובן · דא שפראך ער צו אים גריך מיר
דיין ווינגאר הער אוב ריר איך מיט דיינן קלייבן ווינגאר אן זא ווערשטו
גאר גרוש וואנדר זעהן דא רירט ער אים אן דא ווארד דער פֿינגאר
גאנץ דער צייבט אוב ברענט אין אוב ער קאן אים ניט דער לעשן אוב
צייגט אין דען רעכטן וועג ווא ער הין גין זאלט · אלזו גינג ער ווידר בון
אין אביר דער פֿינגאר ברענט אים איבר איין קליינה וויל ווער אים
בון איין גאנץ גליד פֿאר בור ברענט · אלזו קאם ער ווידר אויף דען
רעכטן וועג אוב איודרן ווא ער הין קאם זא פֿראגט ער נאך יהודים
צום לעטשטן קאם ער אין איין שטאט דא זאשן פֿיל יהודים דרינן
דא וואלט ער האבן זיא זאלטן אין מניר זיין דא זאגטן זיא ווידר גיא דוא צו
רבי יהודא חסיד דער ווערט דיך מניר זיין אלזו גינג ער בון איבן אוב וואלט
אויף רעגנשבורג גין צו דעם חסיד אוב ווא ער נאך דרייא מייל קען
רעגנשבורג האט · דא קאם עש דען חסיד בנבואה איין וויא איין
זעליכר קעם · אוב זאגט ווידר זיין בחורים איך שמעק דש פֿייאר בון
דש גיהנום אוב דא ווערט איינר קומן דער אישט איין גיי דער ווערט
נאך מיר פֿרעגן זאגט איר אין איך בין ניט דער הייאן ער קאן ניט צו

בײַ די גויִים, מחמת עס איז אים דאָרט זייער גוט געגאַנגען, ווי מען קען זיך דאָס לײַכט אויסמאָלן. אָבער בײַ זיך אין האַרצן האָט ער אָפּט געטראַכט וועגן זײַן פֿאָטער און ווי אַזוי אים אַ מאָל אַראָפּ־צוברענגען צו זיך קיין רוים.

ויהי היום, און ער האָט געשריבן אַ בריוו צו דעם בישאָף פֿון מײַנץ — היות ווי פֿאַר אַ פּויפּס פֿון רוים זײַנען אַלע בישאָפֿן געשטאַנען אונטער אים — און אינעם בריוו האָט דער פּויפּס גוזר געווען, אַז מהיום והלאָה זאָלן ייִדן אין מײַנץ נישט מער טאָרן אָפּהיטן שבת און מל זײַן זייערע קינדער. אַפֿילו די כּשרע ייִדישע פֿרויען טאָרן נישט גיין צו קיין טבֿילה. דער פּויפּס האָט זיך גע־טראַכט בשעת מעשׂה, אַז ווען די גזירה וועט אָנקומען קיין מײַנץ, וועלן די דאָרטיקע ייִדן אַוועקשיקן קיין רוים זײַן פֿאָטער, אַז ער זאָל פּועלן בטל מאַכן די גזירה. און אַזוי איז טאַקע געווען.

אַז דער בריוו פֿון פּויפּס איז אָנגעקומען צום בישאָף פֿון מײַנץ, האָט ער תּיכף געלאָזט וויסן די ייִדן וועגן אָט דער גזירה. האָבן זיך די ייִדן גענומען משתּדל זײַן בײַם בישאָף, אַז ער זאָל בטל מאַכן די גזירה, אָבער אין דער אמתן האָט ער ווײַטער גאָר נישט געקענט טאָן. ער האָט זיי נאָר געוויזן דאָס כּתבֿ פֿון פּויפּס אין רוים און זיי געעצהט, אַז זיי זאָלן זיך משתּדל זײַן אין רוים גופֿא בײַם פּויפּס. עס איז זיך לײַכט אויסצומאָלן וואָס פֿאַר אַן עת־צרה דאָס איז געווען פֿאַר די ייִדן. זיי האָבן גענומען תּשובֿה טאָן, גע־פֿאַסט תּעניתים און געגעבן צדקה די אָרעמע לײַט, כּדי אָפּצושרײַען די בייזע גזירה. בינו לבֿינו האָבן זיי אויסגעקליבן רבי שמעון הגדול און צוויי אַנדערע רבנים, וועלכע זאָלן אין שליחות אַוועק־פֿאָרן קיין רוים זיך משתּדל זײַן בײַם פּויפּס, אפֿשר וועט גאָט ברוך־הוא אין זײַן גרויס דערבאַרעמדיקייט רחמנות האָבן אויף זײַן פֿאָלק און שיקן די ישועה. אָבער דערווײַל האָבן זיי ווײַטער גע־ייִדישט זייערע קינדער, מחמת זיי האָבן אויסגעפּועלט בײַ דעם בישאָף, אַז עס זאָל בלײַבן בסוד.

האָבן זיך, על־כּן, רבי שמעון און די צוויי רבנים אויפֿגעהויבן

און אַוועקגעפֿאָרן קיין רוים צו דעם פּויפּס. אַז זיי זײַנען אָנגעקומען אין רוים, האָבן זיי געלאָזט וויסן די ייִדן דערפֿון און זיך מיט זיי שואל עצה געווען וואָס צו טאָן. וואָס אַן אמת, האָבן די ייִדן פֿון רוים זיך שטאַרק געחידושט צו הערן וועגן אַזאַ גזירה. זיי האָבן געטענהט, אַז זינט מענטשן געדענקען איז נאָך אַזאַ גוטער פּויפּס אין רוים נישט געווען. ער קען ממש נישט לעבן אָן קיין ייִדן און האָט אַפֿילו בסוד אָפּט בײַ זיך ייִדן, וועלכע שפּילן מיט אים אַ מאָל אַ שאָך. אין דער אמתן האָבן זיי אַפֿילו גאָר נישט געהערט וועגן אַזאַ גזירה, און דעריבער איז גאָר מיגלעך, אַז זי קומט נישט פֿון פּויפּס, נאָר אפֿשר גאָר פֿונעם בישאָף. רבי שמעון האָט זיי אָבער געוויזן דאָס כּתבֿ פֿון פּויפּס מיט זײַן אייגענער חתימה, אַזוי אַז די ייִדן פֿון רוים האָבן שוין נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי זיך צו פֿאַרלאָזן אויף די שליחים פֿון מײַנץ. האָבן זיי געזאָגט: „מסתּמא האָבן זיך די ייִדן פֿון מײַנץ פֿאַרזינדיקט און דעריבער איז געקומען אויף זיי די דאָזיקע צרה". האָבן אויך די ייִדן פֿון רוים גענומען תּשובֿה טאָן, געפֿאַסט, תּפֿילה געטאָן און געגעבן צדקה. דערנאָך זײַנען די פּרנסים פֿון רוים אַוועק צום קאַרדינאַל, מיט וועם זיי זײַנען געווען באַקאַנט, כּדי זיך בײַ אים משתּדל צו זײַן, אַז מען זאָל בטל מאַכן די גזירה רעה. זאָגט צו זיי דער קאַרדינאַל: „אויף וויפֿל איך ווייס, איז דאָס כּתבֿ געשריבן געוואָרן פֿון פּויפּס אייגנהענטיק צום בישאָף, אַזוי אַז מיר וועלן דאָ גאָר נישט קענען קיין סך פּועלן". פֿון דעסט וועגן האָט ער צוגעזאָגט צו טאָן, וואָס ער וועט נאָר קענען. אין צווישן זאָלן די ייִדן דערלאַנגען אַ בקשה צום פּויפּס, און ער, דער קאַרדינאַל, וועט טאָן אַלץ, כּדי צו העלפֿן. האָבן די ייִדן טאַקע אַזוי געטאָן. זיי האָבן אָנגעגעבן אַ בקשה צום פּויפּס און, אַז ער האָט זי געלייענט, האָט ער דערפֿון גערדרונגען, ווי עס האַלט מיט דער זאַך, און דערויף באַפֿוילן, אַז די ייִדן זאָלן אַליין צו אים קומען.

הכּלל, רבי שמעון איז אַוועקגעגאַנגען צום אייבערשטן קאַרדינאַל, וואָס האָט וועגן דעם געמאָלדן דעם פּויפּס, זאָגנדיק אים,

אַז עס זײַנען געקומען די ייִדן פֿון מײַנץ, וואָס ווילן אים זען. האָט דער פּויפּס באַפֿוילן, אַז דער ראש פֿון דער דעלעגאַציע זאָל צו אים קומען. כּידוע איז טאַקע רבי שמעון געווען דער ראש פֿון די ייִדן און זײַן ווײַס בלענדיק פּנים איז געווען געגליכן צו אַ מלאך פֿון גאָט ברוך־הוא. אַרײַנקומענדיק צום פּויפּס, איז ער אַנידער־געפֿאַלן פֿאַר אים אויף זײַנע קני. גראָד דעמאָלט איז דער פּויפּס געזעסן און געשפּילט אַ שאָך מיט איינעם פֿון זײַנע קאַרדינאַלן. אַז ער האָט דערזען רבי שמעונען, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן. ער האָט אים געהייסן אויפֿשטיין און זיך אַנידערזעצן דערווײַל, ביז ער וועט פֿאַרטיק ווערן מיט דער פּאַרטיע שאָך. ער האָט טאַקע באַלד דערקענט זײַן פֿאָטער, אָבער זײַן פֿאָטער האָט אים נישט דערקענט. אַז דער פּויפּס האָט געהאַט פֿאַרענדיקט זײַן פּאַרטיע שאָך, פֿרעגט ער רבי שמעונען, וואָס עס איז זײַן באַגער. האָט אים רבי שמעון געענטפֿערט מיט אַ ביטער געוויין און זיך ווידער גע־וואָלט אַנידערוואַרפֿן פֿאַר דעם פּויפּס. האָט אָבער דער פּויפּס דאָס נישט דערלאָזט און זאָגט צו אים: „איך האָב שוין פֿאַרנומען פֿון דעם, וועגן וואָס עס גייט אײַך. עס זײַנען געקומען פֿון מײַנץ אויס־טערלישע בריוו, אַזוי אַז מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי אַרויסצולאָזן די דאָזיקע גזירה". אָבער באַלד האָט דער פּויפּס גענומען מיט אים שמועסן אין לערנען און אַרויסגעוויזן אַזוי פֿיל בקיאות און חריפֿות, אַז ער האָט שיִער נישט רבי שמעונען מנצח געווען, חס ושלום, אין לערנען. איז רבי שמעון געבליבן זיצן אַ פֿאַרבליפֿטער און זיך כּסדר געחידושט: פֿון וואַנען נעמט זיך אַזאַ לבֿ צווישן די גויִים? אַזוי זײַנען זיי בײדע פֿאַרבליבן צו־זאַמען כּמעט אַ האַלבן טאָג, ביז דער פּויפּס מאַכט צו אים: „מײַן ליבער רבי, איך זע בחוש, ווי גרויס עס איז דײַן לומדות און וואָס פֿאַר אַ שאַרפֿן קאָפּ דו האָסט. נישט אומזיסט האָבן די ייִדן דיך געשיקט אין שליחות צו מיר. איך האָב בײַ מיר כּסדר ייִדן, וואָס שפּילן מיט מיר שאָך. קום דו אויך אַהער און לאָמיר שפּילן אַ שאָך. דײַן שליחות וועט באַשטימט דערפֿון נישט לײַדן".

כידוע, איז רבי שמעון געווען אַ גרויסער אומן אין שאָכשפּיל, וואָס מען האָט זײַנס גלײַכן נישט געקענט געפינען אויף דער גאַנ־צער וועלט. פון דעסט וועגן האָט אים דער פּויפּס כּסדר געגעבן מאַט. האָט דאָס רבי שמעונען גוואַלדיק געחידושט. בשעת מעשׂה האָבן זיי אויך גערעדט אין ענינים פון אמונה און דער פּויפּס האָט אַרויסגעוויזן אַ סך בקיאות און גרויס באַהאַוונטקייט, פון וואָס רבי שמעון האָט פּשוט געשטוינט. צום סוף, אַז ער האָט ווידער אַ מאָל גענומען מיט אַ ווייַנעדיק קול בעטן בײַם פּויפּס אײַנזעעניש אויף ייִדן און אָפּשאַפן די בייזע גזירה, האָט זיך דער פּויפּס נישט גע־קענט לענגער אײַנהאַלטן און געבעטן אַלע קאַרדינאַלן, וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום אים, אַז זיי זאָלן אַרויסגיין. דעמאָלט איז ער גע־פאַלן רבי שמעונען אויפן האַלדז און אָנגעהויבן ביטער צו וויינען: „ליבער, אַלטער טאַטע! דערקענסטו מיך נישט?“ — ענטפערט אים רבי שמעון אַ פאַרחידושטער: „פון וואַנען זאָל איך דערקענען אײַ־ער קיניגלעכע גענאָד?“ — זאָגט דער פּויפּס: „ליבער, אַלטער טאַטע! האָסטו נישט פאַרלוירן אַ מאָל אַ זון?“ — אַז דער גדול האָט דאָס געהערט, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן און זאָגט: — „יאָ, עס איז אמת“. ענטפערט אים דער פּויפּס: „איך בין דאָס דײַן זון אלחנן, וואָס די שבת־גויעטע האָט צוגעגנבֿעט פון דײַן הויז. איבער וואָס פאַר אַן עבֿירה דאָס איז געשען אָדער ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען, דאָס ווייס איך נישט. מן הסתּם איז אַזוי געווען דער רצון פון השם יתעלה. האָב איך אַרויסגעגעבן די גזירה, מחמת איך האָב געוואָלט, אַז דו זאָלסט דאָ אַהערקומען, אַזוי ווי עס איז אין דער אמתן טאַקע געשען. איצט וויל איך אָבער פּטור ווערן פון דעם אַלעם און זוכן אַ תּיקון פאַר מײַן נשמה. דעריבער טאַקע וועל איך בטל מאַכן די גזירה“. ער האָט אים, על־כּן, מיט־געגעבן אַ גוט כּתבֿ צום בישאָף פון מײַנץ און אַזוי אַרום איז די גזירה ווידער בטל געוואָרן.

דערנאָך פרעגט אים דער זון: „ליבער פאָטער, אפשר קענסטו מיר זאָגן, ווי אַזוי איך קען האָבן אַ תּיקון און אָפּקומען פאַר מײַנע

זינד?״ — ענטפֿערט אים דער פֿאָטער: „ליבער זון, זאָרג דיך נישט. דו ביסט געווען אַן אונס, מחמת דו ביסט נאָך דעמאָלט געווען אַ קינד״. זאָגט ווײַטער דער זון: „אָבער, טײַערער פֿאָטער, איך בין דאָך אַזוי לאַנג פֿאַרבליבן צווישן גויִים, הגם איך האָב געוווּסט, אַז איך בין אַ ייִד, און האָב נישט חוזר בתשובֿה געווען. עס איז מיר געגאַנגען צו גוט, ווי דו זעסט, און די גוטע יאָרן זײַנען געווען אַ גוואַלדיקע מניעה, וואָס דערפֿאַר בין איך נישט פֿריִער צוריקגעקומען צו מײַן ייִדישקייט. גלייבסטו באמת, אַז איך קען נאָך באַקומען אַ תּיקון?״ — זאָגט צו אים דער פֿאָטער: „ליבער זון, דאָס טויער פֿון תּשובֿה איז נישט פֿאַרשלאָסן, דו קענסט נאָך תּשובֿה טאָן!״ — זאָגן אַ טייל, אַז רבי שמעון האָט שוין באַמערקט בשעת דעם שאָכשפּיל, אַז ער איז מזרע היהודים. הקיצור, דער פּויפּס זאָגט צו רבי שמעונען: „גיי־אַהיים בשלום און גאָט פֿון ישׂראל וועט זײַן מיט דיר. ברענג דאָס כּתבֿ צו דײַן בישאָף, אָבער דערצייל אים גאָר נישט וועגן מיר. אַזוי באַלד ווי מעגלעך וועל איך אַראָפּקומען צו דיר קיין מײַנץ. נאָר אײדער איך וועל אַוועק פֿון דאַנען, וויל איך פֿאַרשרײַבן לזכר עולם אַ צוואה, וואָס זאָל זײַן לטובֿת די ייִדן״.

הכּלל, רבי שמעון איז צוריקגעפֿאָרן צו די ייִדן פֿון מײַנץ און זיי געוויזן דאָס כּתבֿ פֿון פּויפּס, אַז די גזירה איז ברוך השם געוואָרן בטל. האָבן זיך אַלע שטאַרק דערפֿרייט מיט דער גוטער בשׂורה. זײַן ווײַב אָבער האָט ער דערציילט די גאַנצע מעשׂה, אַלצדינג ווי עס איז מיט אים געגאַנגען, און אַז דער פּויפּס איז זייער זון. אַז זי האָט דאָס געהערט, האָט זי זיך שטאַרק מצער געווען, אָבער רבי שמעון זאָגט צו איר: „זײַ דיך נישט מצער. אונדזער זון וועט בקרובֿ זײַן מיט אונדז״. באַלד דערנאָך האָט דער פּויפּס מחבר געווען אַ ספֿר קעגן זייער אמונה און עס באַהאַלטן אין איינעם פֿון די געוועלביקע חדרים פֿון זײַן פּאַלאַץ און איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַז ווער עס וועט זײַן אַ פּויפּס נאָך אים — זאָל אַרײַנקוקן אינעם דאָזיקן ספֿר. עס וואָלט געווען אין דער אמתן אַ

סך צו שרײַבן וועגן דעם, וואָס עס שטייט געשריבן אינעם דאָזיקן ספֿר, אָבער נישט דאָ איז דאָס אָרט דערפֿאַר.

אַ שטיקל צײַט שפּעטער האָט זיך דער פּויפּס אויפֿגעכאַפּט און איז אַוועק מיט אַ גרויסן אוצר געלט קיין מײַנץ און איז דאָרט ווידער אַריבער צום דת ישׂראל. אָבער אין סאַמע רוים האָט מען נישט געוווּסט, ווו ער איז אַהינגעקומען. אויף אָט דער מעשׂה נורא האָט רבי שמעון הגדול געמאַכט אַ יוצר „אלחנן נחלתו בנועם להשפר", וואָס מען זאָגט דעם צווייטן טאָג ראש־השנה אין אַלע קהילות קדושות. דעריבער זאָלט איר נישט מיינען, אַז דאָס איז אַן אויסגעטראַכטע מעשׂה. אַדרבא, עס איז זיכער אַזוי געשען ווי עס שטייט דאָ באַשריבן. פֿאַראַן אַ יש־אומרים, אַז רבי שמעון האָט דערקענט דעם זון אינעם אופֿן, ווי ער האָט געשפּילט שאָך. בשעת זײַן זון איז נאָך געווען אַ קליין ייִנגל, האָט ער אים געלערנט אַ גאַנג אין שאָך, וואָס ער האָט אים איבערגעחזרט, שפּילנדיק שאָך מיט זײַן פֿאָטער אין רוים. דעמאָלט האָט ער דערזען בחוש, אַז ער איז זײַן זון. השם יתברך זאָל אונדז מוחל זײַן אונדזערע עבֿירות אין זכות פֿון רבי שמעון הגדול. אָמן סלה.

מ"ב קפ"ח. (ב. קפ"ז). אָן מקור. — עס איז אַ סברא, אַז מיר האָבן אין אונדזער מעשׂה פֿון אַ ייִדישן פּויפּס צו טאָן מיט אַ פֿאַרייִדישטער ווערסיע פֿון אַ קריסטלעכער לעגענדע. פּ"גל אויך „געסטאַ ראָמאַנאָרום", נ' 81. — די מעשׂה פֿון אַ ייִדישן פּויפּס האָט זיך אויפֿגעהיט אין פֿאַרשיידענע רעצענזיעס און פֿון מ"ב אַריבער אין אַ העברעיִשער איבערזעצונג אין יעלינעקס בית המדרש ב. V. אַזוי, למשל, איז אין אונדזער מעשׂה דער פֿאָטער פֿון פּויפּס — רבי שמעון הגדול פֿון מײַנץ, בעת אין אַן אַנדערער רעצענזיע איז דער פֿאָטער ר' שלמה בן אדרת. אינעם אַראַבישן מעשׂה שעשועים (2, ז' 33) איז גאָר דער פֿאָטער שמעון קאַיאַראַ. — די ייִדישע מעשׂה האָט זיך מסתמא געוועבט אַרום דעם פּויפּס אַנאַקלעט II, וואָס איז געזעסן אויפֿן שטול פֿון הייליקן פּעטער אין רוים אין די יאָרן 1130—1138. ער האָט, אַ פּנים, אָפּגעשטאַמט פֿון דער משומדים־משפּחה אין רוים, די פּיערלעאָני. — דער מאָטיוו פֿונעם כּישוף־שפּיגל: מען קוקט אין שפּיגל און מען זעט, וואָס עס איז געשען אָדער וואָס עס וועט זײַן, איז שטאַרק פֿאַרשפּרייט אינעם פֿאָלקלאָר. — פּ"גל באָלטע אונד פּאָליווקאַ, 121, I, — צום מאָטיוו פּויפּס פּ"גל

אַן ענלעכן וואַריאַנט אין טיפּן 933. פֿ״גל. אויך מײַן מאַמר „צי קען מען אַנט־לויפֿן פֿון ייִדישן גורל?״, אין אונדזער קיום, פּאַריז, (נ׳ 82, 1968).

## 61 די מחלוקת מיטן רמב״ם

אַ מעשׂה שהיה. פֿאַר צײַטנס האָט געלעבט אַ גדול בישׂראל מיטן נאָמען רבי משה מײַמוני און געשמט פֿאַר אַ חכם מופֿלג, ווי מען קען דאָס אָפּלערנען פֿון זײַן ספֿר, וואָס הייסט מײַמוני, און נאָך אַ ריי אַנדערע ספֿרים, וואָס ער האָט געשריבן. דערצו איז ער אויך געווען גאָר אַ באַרימטער רופֿא. אין יענע טעג האָט ער אויך אָנגעשריבן אַ ספֿר, וואָס די וועלט האָט צוליב זײַן עמקות און שאַרפֿקייט נישט געקענט אַזוי לײַכט משׂיג זײַן. געלעבט האָט ער אין שפּאַניע. געווען זײַנען אָבער אַ סך רבנים, וואָס זײַנען נישט מסכּים געווען מיט זײַן שיטה און האָבן אים געהאַלטן פֿאַר אַן אַפּיקורס, אַ כּופֿר, רחמנא ליצלן, אַזאַ איינער וואָס איז נישט קיין ייִד און נישט קיין גוי, אָבער וואָס לערנט פּשט אין דער תּורה נאָך זײַן אייגענעם פֿאַרשטאַנד און נישט אַזוי ווי עס האָבן אונדז געלערנט די חכמים.

האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז די רבנים פֿון ספֿרד האָבן גע־שיקט אַ בריוו קיין מדינת אַשכּנז, ווו זיי זײַנען זיך מתרעם אויף רבי משה מײַמוני, אַז מען וואָלט אים באַדאַרפֿט אַרײַנלייגן אין חרם, מחמת ער איז אַ כּופֿר בעיקר. אַז די רבנים אין אַשכּנז האָבן באַקומען דעם בריוו, האָבן זיי צונויפֿגערופֿן אַן אַסיפֿה און געזאָגט אָט וואָס: „עס לייגט זיך גאָר נישט אויפֿן שׂכל, אַז דער דאָזיקער גדול בתּורה זאָל, חלילה, זײַן אַ כּופֿר, ווי די רבנים פֿון ספֿרד ווילן אונדז לאָזן הערן. איז ער דאָך כּל ימיו געווען אַ גרויסער ירא־שמים און אַן אָפּגעהיטענער ייִד״. האָבן זיי נאָך אַ לאַנגן שקלא וטריא באַשלאָסן אַרויסצושיקן צו רבנו משה קיין ספֿרד אַ שליח מיוחד, וואָס זאָל אויפֿן אָרט חוקר ודורש זײַן דעם ענין און אַגבֿ זיך באַקענען מיטן ספֿר און זײַן תּוכן, אפֿשר וועט ער אַזוי אַרום

קענען דערגיין שורש דבר און זען וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש ער איז. זײַנען די רבנים אַוועק צו איינעם, וואָס האָט געהייסן רבי מאיר, און אים דערציילט וועגן וואָס עס גייט זיי. זיי האָבן אים אויך געוויזן דאָס בריוול, וואָס די רבנים פון ספרד האָבן זיי געשיקט. זאָגן די רבנים צו רבי מאיר: „מיר זײַנען געקומען דיך בעטן. גיי אַהין צו אים ווי אונדזער שליח, מחמת דו וועסט זײַן בכּוח אויסצוגעפינען דעם אמת און דערגיין וואָס עס שטעקט אין אים". איז דאָך רבי מאיר אויך געווען אַ גדול בתורה און דערצו נאָך אַ האַלבער נביא.

זיי האָבן אַזוי לאַנג אײַנגעטענהט מיט רבי מאירן, ביז ער האָט מסכּים געווען צו דער שליחות. באַלד דערנאָך האָט ער זיך צונויפֿגעזאַמענ מיט אַ משרת געלאָזט אין וועג אַרײַן קיין שפּאַניע. בערך אַ האַלבע מײַל וועגס פון דער שטאָט, ווו עס האָט געוווינט רבי משה מײַמוני, זײַנען דיביידע נוסעים פאַרבײַגעגאַנגען אַ קוואַל מיט פרישן וואַסער. האָבן זיי זיך דאָרט אַנידערגעזעצט אָפּצורוען. זיי האָבן געגעסן און געטרונקען און זיך פּשוט מחיה געווען מיטן פרישן קוואַל וואַסער. זאַטע און אויסגערוטע זײַנען זיי דערנאָך ווײַטער געצויגן, אָבער אַוועקגייענדיק פון קוואַל האָט רבי מאיר פאַרגעסן אַ ספר, אין וועלכן ער האָט אונטערוועגס כּסדר אַרײַנ־געקוקט. אַז ער איז אָנגעקומען אין דער שטאָט אַרײַן, האָט ער זיך גענומען נאָכפרעגן, ווו עס וווינט רבי משה מײַמוני. האָט מען אים געוויזן דאָס הויז. צוגעקומען צום הויז, האָט רבי מאיר אָנגע־קלאַפּט אין דער טיר. האָט זיך אַ משרת באַוויזן אין אַ פענצטער און צו אים געזאָגט: „איצט קען מען נישט אַרײַנקומען. דער האַר האַלט גראָד בײַם עסן און וויל קיינעמען ניט זען. קומט שפּעטער ווידער!" — זאָגט רבי מאיר צום משרת: „איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דײַן האַר האַלט גראָד בײַם עסן, און אַ סימן וויל איך דיר געבן — ער עסט פונקט אייער צום מיטאָג". אַז דער משרת האָט דאָס געהערט, איז ער אַוועק צו זײַן האַר און זאָגט צו אים: „דרויסן שטייט איינער און קלאַפּט אין דער טיר. אַז איך האָב אים נישט

געוואָלט אַרײַנלאָזן, האָט ער מיר געגעבן אַ סימן, אַז איר עסט גראָד אייער צום מיטאָג״. זאָגט רבי משה צום משרת: „גיי אַהין און זאָג אים, אַז ער האָט געטראָפֿן, אַז איך עס אייער. אָבער ווי אַ סימן פֿון מיר זאָג אים, אַז ער האָט פֿאַרגעסן בײַם קוואַל, ווו ער איז אָקערשט געזעסן, זײַנס אַ ספֿר״. דעמאָלט האָט זיך רבי מאיר ערשט געכאַפּט, אַז ער האָט אויף אַן אמת איבערגעלאָזט דאָס ספֿר בײַם וואַסערקוואַל, מחמת ער האָט עס געזוכט און נישט געקענט געפֿינען. טראַכט זיך רבי מאיר: ער קען, אַ פּנים, מער פֿון מיר, אויב ער וויים דאָס אַלץ״. ער איז, על־כּן, גיך צוריקגעלאָפֿן צו דעם קוואַל און טאַקע געפֿונען זײַן ספֿר ליגן אין אַ גרוב, דאָרט ווו ער האָט געהאַט צו לעצט געלערנט. האָט ער גענומען דאָס ספֿר און איז באַלד ווידער צוריקגעגאַנגען צו רבי משהס הויז. איצט האָט מען אים תּיכף אַרײַנגעלאָזט. היות ווי עס איז אין צווישן געווען די צײַט פֿון נאַכטעסן, האָט רבי משה געהייסן זײַן משרת גרייטן צום טיש. באַלד איז דער משרת אַריינגעקומען און אַוועקגעשטעלט אויפֿן טיש אַ שיסל מיט געקעכטס, וואָס האָט אויסגעזען ווי הענט פֿון אַ מענטש. האָט רבי מאיר דערפֿון נישט געוואָלט טועם זײַן און געזאָגט, אַז ער פֿילט זיך, לא עליכם, נישט גוט און וועט דעריבער הײַנט גאָר נישט עסן. זאָגט צו אים רבי משה: „אויב אַזוי, וועט איר אפֿשר עפּעס טרינקען?״ — און ער רופֿט אַן אַנדערן משרת און זאָגט צו אים: „פּעטער, גיי און צאַפּ־אָפּ פֿון פֿאַס אַ קרוג פֿון דעם ווײַן, וואָס איך האָב פֿריִער געטרונ־קען״. טראַכט זיך רבי מאיר: פֿאַר וואָס זאָל גאָר פּעטער מיר אַרײַנברענגען דעם ווײַן? ער איז דאָך זיכער אַן ערל און מאַכט פֿון דעם ווײַן יין־נסך!״ — ווען פּעטער האָט אַוועקגעשטעלט דעם קרוג מיטן ווײַן אויפֿן טיש, בעט רבי משה רבי מאירן, אַז ער זאָל עפּעס טרינקען, היות ער האָט דאָך ביז איצט גאָר נישט טועם געווען בײַ אים. זאָגט רבי מאיר, אַז ער וועט גאָר נישט קענען טרינקען מחמת ער איז נישט מיט אַלעמען און פֿילט זיך נאָך שטאַרק מיד פֿון דעם לאַנגן וועג הײַנט בײַ טאָג. ער וועט זיך

ליבערשט לייגן שלאָפֿן. דעמאָלט זאָגט רבי משה צו אַ דריטן משרת אויפֿן קול: „שטיי־אויף באַלד אין דער פֿרי און דערשלאָג דעם אָקס, כּדי מיר זאָלן האָבן אַ שטיקל פֿריש פֿלייש לכּבֿוד אונ־דזער חשובֿן גאַסט, מחמת ער איז הײַנט נישט בקו־הבריאות". ווען רבי מאיר האָט דאָס אַלץ געהערט, טראַכט ער בײַ זיך: עס איז מסתּמא אַלץ אמת, וואָס די רבנים פֿון ספֿרד האָבן מודיע געווען קיין אַשכּנז וועגן רבי משהן. והאָ ראַיה, זײַנען דאָך זײַנע מעשׂים שטאַרק אויסטערליש און זײַן התנהגות גאָר ווילד, אַז מען קען דאָס ממש נישט תּופֿס זײַן.

צו מאָרגנס, ווען רבי מאיר איז אויפֿגעשטאַנען, האָט אים רבי משה אַרײַנגענומען צו זיך אין אַ חדר־מיוחד און מאַכט צו אים בזה הלשון: „מײַן טײַערער רבי מאיר, איך ווייס גאַנץ גוט צוליב וואָס דו ביסט געקומען קיין שפּאַניע און ווער עס האָט דיך אַהער־געשיקט. איך ווייס אויך אין וואָס די וועלט איז מיך חושד. אָבער לאָמיר דיר זאָגן, אַז מען טאָר קיינעמען נישט חושד זײַן כּל־זמן מען איז נישט זיכער, אַז עס איז אין דעם פֿאַראַן כאָטש אַ מקצת שבמקצת אמת. איך ווייס אויך גאַנץ גוט, פֿאַר וואָס דו האָסט נעכטן נישט געוואָלט בײַ מיר עפּעס עסן אָדער טרינקען. דו האָסט, אַ פּנים נישט געוואָלט עסן פֿונעם געקעכטס מחמת עס האָט אויס־געזען ווי די הענט פֿון אַ מענטש. אין דער אמתן אָבער איז דאָס אַזאַ מין קרויט, וואָס זעט־אויס ווי הענט פֿון אַ מענטש". און בשעת מעשׂה האָט אים רבי משה געוויזן דאָס קרויט. היות ער איז געווען אַ גרויסער רופֿא, איז ער אויך געווען אַ מומחה אין די פֿאַרשיידענע גרינסן און קרויטן, האָט ער געוווּסט, וואָס עס איז געזונט פֿאַר אַ מענטשן צו עסן. רבי משה האָט דערנאָך ווײַטער ממשיך געווען און געזאָגט: „דו האָסט אויך נישט געוואָלט טרינקען פֿון ווײַן, מחמת מײַן משרת הייסט פּעטער און האָסט דיר געטראַכט, אַז ער איז אַן ערל און דערפֿאַר איז דער ווײַן יין־נסך. וויל איך אָבער, דו זאָלסט וויסן, אַז הגם ער הייסט פּעטער, איז ער אָבער אַ זעלטן פֿרומער, אָפּגעהיטענער ייִד, ווי עס איז שווער אַזאַ איינעם

צו געפֿינען, און הייסן הייסט ער נאָך אַ גדול בתּורה". אַזוי ריידנ־דיק, האָט ער אויפֿגעמישט אַ גמרא און אים געוויזן אַ גרויסן מופֿלג בתּורה, וואָס האָט טאַקע געהייסן רבי פּעטער. „היינט, וואָס שייך דאָס פֿרישע פֿלייש, וואָס דו האָסט אַ חשש צו עסן, ווייל איך האָב געהייסן דערשלאָגן דעם אָקס און נישט שעכטן כּדין, טאָ וויל איך דיר דאָס אויך דערקלערן. דער אָקס איז געווען אַ בן־פּקועה (פּ״גל חולין סט, א׳), וואָס מיינט, אַז אויב מען געפֿינט אינעם בויך פֿון דער קו נאָך דער שחיטה אַ לעבעדיק קעלבל, דאַרף מען שפּעטער דאָס קעלבל ניט שעכטן נאָכן דין נאָך. די ברכה איבער דער שחיטה פֿון דער מוטער־קו איז אויך חל אויפֿן קאַלב און עס איז, אַזוי אָרום, כּשר אָן דער ברכה". רבי משה האָט נאָך מוסיף געווען אין זיין תּורה־שמועס מיט רבי מאירן אַ סך חידושים און בשעת מעשׂה זיך מתרעם געווען אויף זיינע חבֿרים אין ספֿרד, וועלכע האָבן אים פֿיינט און רודפֿן אים, מחמת זיי פֿאַרשטייען בעצם נישט דאָס ספֿר, וואָס ער האָט אָנגעשריבן. לסוף האָט נאָך רבי משה געלערנט מיט רבי מאירן אינעם ספֿר, וואָס הייסט מיימוני און איז פֿול מיט פּלאָ־דיקע חידושים. שוין פֿון אָט דעם ספֿר אַליין קען מען אָפּלערנען, וואָס פֿאַר אַ גדול בישׂראל רבי משה איז געווען. שטייט טאַקע גע־שריבן פֿון פֿאָרנט אין דער הקדמה צו זיין ספֿר, אַז פֿון משה רבינו ביז משה מיימוני איז שוין מער נישט אויפֿגעשטאַנען אַזאַ משה.

ווען רבי מאיר האָט דאָס אַלץ געהערט פֿון רבי משהן, האָט ער ביי אים מחילה געבעטן און רבי משה איז אים אַלץ מוחל גע־ווען. דערנאָך איז רבי מאיר פֿון אים אַוועק און אומעטום דער־ציילט, וואָס פֿאַר אַ גדול בישׂראל רבי משה איז, אַזוי ווי דאָס איז טאַקע געווען. רבי מאירס חבֿרים אָבער זיינען געוואָרן געשלאָגן אויף זייער לייב, מחמת זיי האָבן אים אומזיסט חושד געווען. האָבן מיר דאָך אַ כּלל, אַז „כּל החושד בכשרים לוקה בגופֿו" (יומא יט, ב׳), וואָס איז דער טייטש, אַז ווער עס איז חושד אַן אָדם כּשר ווערט געשלאָגן אויף זיין אייגן לייב, אַזוי ווי עס איז טאַקע דאָ געשען.

דערפֿאַר זאָל מען קיינעמען נישט חושד זײַן, אַזוי וועט יעדן זײַן באַשערט צו לעבן בשלום.

מ״ב ר״א. (ב. ר׳). — אויב גאַסטער (ז׳ 690 צום נ׳ 201) איז גערעכט, חייסן מיר נישט פון וואַנען די מעשה נעמט זיך. גאַסטערס הערה צו גינז־בערגס לעגענדן, V, ז׳ 50, נ׳ 148, איז אַ טעותדיקע, מחמת בײַ גינזבערגן הערט זיך וועגן אַ מין ווערוואָלף. זע ווײַטער נ׳ 81. — דער מאָטיוו פון אויס־געפינען די טבע פון אַ פלאַנץ, פ״גל מאָטיוו־אינד׳ H. 522.2.

## 62 דער שדים־געוועט

אַ מעשׂה. אין דער שטאָט פּאַריז, אין פֿראַנקרײַך, האָט אַ מאָל געלעבט איינער, וואָס האָט געהייסן רבי יחיאל. און געווען איז ער אַ ייִד אַ צדיק, אַ גרויסער ירא־שמים, וואָס האָט געדינט השם יתברך מיטן גאַנצן האַרצן. ער איז אויך געווען אַ בעל־מקובל און געזעסן יומם־ולילה און געלערנט. אַחוץ דעם איז ער געווען באַ־האַוונט אין חכמת־התכונה און עוסק געווען אין חקירה, ווי איר וועט דאָס נאָך ווײַטער הערן פֿון זײַנע וווּנדערלעכע מעשׂים. אין אָט דער שטאָט פּאַריז האָט דעמאָלט אויך געלעבט אַ גלח, דער פּרעלאַט פֿון דאָם, וואָס איז געווען אַ גרויסער מלומד און אַ פֿרו־מער, אַ גרויסער מאַמין. דער גלח ווי, להבֿדיל, רבי יחיאל זײַנען געווען נאָענט איינער צום אַנדערן.

ויהי היום און רבי יחיאל איז געזעסן בײַ נאַכט בײַ זיך אין שטוב און אַרײַנגעקוקט אין אַ ספֿר, ווי עס איז געווען זײַן שטייגער. מיט אַ מאָל האָט ער דערהערט אַ ווילד געשריי הינטער זײַן הויז. האָט ער זיך זייער דערשראָקן און גענומען לייענען קריאת־שמע ביז דאָס געשריי האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ מידער און אַן איבער־געשראָקענער איז ער אײַנגעשלאָפֿן איבערן ספֿר, אַזוי אַז ער האָט שוין נישט מער געהערט ווי דאָס געשריי האָט זיך ווידער אָנגע־הויבן.

איך וויל אײַך אָבער שוין אויסזאָגן דעם סוד, פֿון וואַנען דאָס געשריי האָט זיך גענומען. עס איז געקומען פֿון צוויי שדים, השם ישמרנו, וואָס האָבן זיך געהאַט גראָד געטראָפֿן אין רבי יחיאלס גאָרטן. פֿרעגט איין שד דעם אַנדערן, פֿאַר וואָס ער איז דווקא אַרײַנגעקומען איבעם הויז פֿון צדיק און איז נישט אַוועקגעגאַנגען צו אַן אַנדערן באַלעבאָס אין שטאָט. ענטפֿערט אים דער אַנדערער שד, ער האָט געהערט פֿון די מלאָכים, אַז עס איז נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט נאָך אַזאַ גרויסער צדיק מיט אַזוינע מעשׂים טובֿים ווי רבי יחיאל. „והאָ ראַיה“, האָט ער מוסיף געווען, „אָט זיצט ער גראָד איבער אַ ספֿר און לערנט, און אין זײַן זכות האָט די וועלט אַ קיום“. זאָגט דער אַנדערער שד צו אים: „איך קום אָקערשט פֿון גיהנום, ווו איך האָב געהערט, אַז דער גלח איז אויך אַ גרויסער מאַמין און קיינער איז נישט בכּוח אים אָפּצורײַדן פֿון זײַן אמונה, פּונקט אַזוי ווייניק ווי מען קען נישט אַראָפּפֿירן רבי יחיאלן פֿון זײַן הייליקן וועג. דאָס האָט אָבער דעם אַנדערן שד גאָר שטאַרק פֿאַרדראָסן, מחמת ער האָט דעם חסיד זייער פֿײַנט געהאַט. צום סוף האָבן זיך ביידע מיט אַנאַנדער געוועט אויף זייער לעבן. איין שד איז געווען אויפֿן צד פֿון חסיד — האָט ער זיך געוועט, אַז ער וועט פּועלן בײַם גלח צו ווערן אַ ייִד. אָבער דער גלח האָט אויך געהאַט אַ שטאַרקן צד אין דעם אַנדערן שד, וואָס האָט זיך געוועט, אַז ער וועט אַראָפּפֿירן דעם חסיד פֿון דרך הישר. זיי האָבן זיך געוועט בתּנאַי, אַז ווער עס וועט געווינען דאָס געוועט, דער זאָל דעם אַנדערן איבערשנײַדן דעם גאָרגל. הקיצור, איין שד איז אַוועק צום רבֿ און זיך בשעת מעשׂה פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ מלאך, און זאָגט צו אים: ליבער רבי, הקדוש ברוך־הוא האָט מיך געשיקט דיר צו זאָגן, אַז דו זאָלסט פֿאַרלייקענען דעם דת־משה און ווערן אַ גוי“. ער האָט זיך בשעת מעשׂה באַנוצט מיט לאַקריץ־זיסע ריידעלעך, כּדי דעם רבֿ צו איבערדברן, אַז ער זאָל זיך איבערקערן. וואָס אַן אמת, דער חסיד האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פֿון אָט די רייד, אָבער ער האָט תּיכּף פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ שד, און גענומען

פֿון אים גאָר שטאַרק אָפּחוזקן. צום סוף האָט ער משביע געווען דעם שד מיט כּל המינים קללות און חרמות, אַז ער האָט זיך באַלד פֿון אים אָפּגעטראָגן. אויף דער צווייטער נאַכט איז דער שד ווידער געקומען אין דער געשטאַלט פֿון אַן אַלטן מאַן, מכּלומרשט אליהו הנבֿיא, און האָט פֿון דאָס ניי אָנגעהויבן צו ריידן מיט דעם חסיד זיסע, ליבע ריידעלעך, אפֿשר וועט ער פֿאָרט קענען פֿאַרפֿירן דעם צדיק. אַז דאָס האָט אויך נישט געהאָלפֿן, איז ער אויף דער דריטער נאַכט געקומען פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ פֿרויען־צימער, אָבער ער האָט מיט דעם גאָר נישט אויסגעפֿירט. אַז רבי יחיאל האָט געזען, ווי גרויס עס איז דער נסיון, און אַז דער שד וויל אים אַלץ נישט אָפּלאָזן, האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק מורא צו קריגן, טאָמער האָט ער זיך מיט עפּעס פֿאַרזינדיקט און מען וויל אים פֿון הימל דערפֿאַר מעניש זיין. האָט ער אויף זיך מקבל געווען תּשובֿה צו טאָן. ער האָט געפֿאַסט תּעניתים און געגעבן צדקה צו אָרעמע לייט, אַזוי אַז זיין זוכן אַ תּיקון און נעמען אויף זיך אַ תּשובֿה האָט אַרויסגערופֿן אַ גרויסן חידוש ביי אַלעמען, וואָס האָבן אים געקענט און געוווסט, וואָס פֿאַר אַ קדוש וטהור ער איז געווען.

אַז דער שד האָט געזען, אַז דער זמן איז אַריבער און ער האָט גאָר נישט געקענט פּועלן ביי רבי יחיאלן, האָט ער אים סוף־כּל־סוף אָפּגעלאָזט. ער איז דערנאָך אַוועק צום אַנדערן שד און אים דערציילט אַלץ, אַזוי ווי עס האָט זיך מיט אים פֿאַרלאָפֿן. אַז דער אַנדערער שד האָט דאָס פֿאַרנומען, איז ער געוואָרן מלא שׂמחה, מחמת ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט בלייבן לעבן. זאָגט ער צו זיין חבֿר: „איצט וועל איך צוגיין צום גלח און זען, וואָס איך קען ביי אים פּועלן". ער איז אַוועקגעגאַנגען צו אים, אָנגעטאָן אין גאָר טייערע מלבושים. אין דעם צימער, ווו דער גלח איז געזעסן, האָבן געברענט אַ סך ליכט און אַרום אים זיינען געשטאַנען משרתים לרובֿ, ווי עס פֿירט זיך ביי די גרויסע האַרן. זאָגט אים דער שד: „הער מיך אויס, דו פּרעלאַט פֿון קלויסטער! גאָט האָט מיך צו דיר געשיקט, דיר אָנזאָגן, אַז דו ביסט שוין לאַנג גענוג געווען אַ נוצרי.

עס איז שוין צײַט, אַז דו זאָלסט ווערן אַ מאַמין אין תורת־משה און זיך לאָזן מל זײַן. אויב דו וועסט דאָס נישט טאָן, וועסטו האָבן אַ מיאוסן סוף, וועסט פֿאַרלירן אויף אייביק בײדע וועלטן און צום סוף אַרײַנפֿאַלן אין גיהנום". נישט לאַנג געטראַכט, נעמט ער און פֿירט אים אַוועק צום גיהנום און ווײַזט אים דאָרט אַ סך גויִים, וואָס צווישן זיי האָבן זיך געפֿונען סײַ זײַן פֿאָטער, מוטער און ברודער און אַ היפּשע צאָל אַנדערע לײַט, וואָס ער האָט געקענט בײַ זייער לעבן. אַז דער גלח האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך אָנגעהויבן בעטן רחמים בײַם שד, אַז ער זאָל אים אַרויסנעמען פֿון דאַנען אַזוי גיך ווי מעגלעך. ער וועט שוין זײַן גוט און פֿרום, און טאָן אַלץ, וואָס מען וועט אים נאָר הייסן. פֿון דאָרט האָט אים דער שד דערנאָך אַוועקגעפֿירט צום גן־עדן. דאָרט האָט ער געזען, ווי עס זיצן די צדיקים, איינער שײנענדיקער פֿון דעם אַנדערן. אַ סך פֿון זיי האָט ער אויך געקענט בײַם לעבן. דעמאָלט זאָגט דער גלח: „ווויל איז אײַך, וואָס איר האָט זוכה געווען דאָ צו זיצן אין גרויסער חשיבֿות און אייביקער צופֿרידנקייט". דערנאָך האָט ער דערזען מיט אַ מאָל בכבֿודיקע שטעט, וואָס זײַנען געווען ליידיק. פֿרעגט דער גלח: „פֿאַר וועם זײַנען זיי אָנגעברייט?" — ענטפֿערט אים דער שד: „זיי זײַנען אָנגעברייט פֿאַר די צדיקים, וואָס לעבן נאָך אויף דער וועלט. דעריבער, אויב דו וועסט דיך לאָזן מל זײַן און ווערן אַ ייִד, וועסטו אויך אַרײַנקומען אין גן־עדן אַרײַן". זאָגט דעמאָלט דער גלח צום שד: „אויב איך וואָלט דאָס געוווּסט אויף זיכער, וואָלט איך אויף אַן אמת געוואָרן אַ ייִד און מיך געלאָזט מל זײַן, כּדי זוכה צו זײַן צו עולם־הבא און צו קענען זיצן צוזאַמען מיט די איבעריקע צדי־קים". האָט דאָס דער שד מבֿטיח געווען דעם גלח און דער גלח איז מסכּים געווען צו ווערן אַ ייִד. נאָך דעם האָט דער שד אים אָפּגעפֿירט אַהיים. נאָך אַ שטיקל צײַט האָבן זיך ווידער די צוויי שדים געטראָפֿן אינעם גאָרטן פֿון רבי יחיאלן און געוואָלט וויסן, ווי עס האַלט מיט זייער געוועט. דעמאָלט זאָגט איין שד צו זײַן חבֿר: „איך האָב שוין בײַ דעם גלח געפּועלט, אַז ער וועט ווערן אַ ייִד". ענט־

פֿערט אים דער אַנדערער: „ניין, דערווײַל האָסטו אים נאָך נישט אין דײַן טאַש! איך גלייב נישט, אַז ער וועט דאָ אַלץ לאָזן שטיין און ליגן, אַוועק פֿון דאַנען און ווערן אַ ייִד״. אָבער אויף דער צווייטער נאַכט האָט זיך דער גלח מיישבֿ געווען, גענומען אַלע טײַערע חפֿצים און דאָס גאַנצע געלט און עס אַוועקגעטראָגן אין רבי יחיאלס הויז. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און געבעטן מען זאָל אים אַרײַנלאָזן. דער טײַערער רבי האָט אָבער מורא געהאַט אויפֿצועפֿענען די טיר, טאָמער וויל איינער אויף אים מאַכן אַ בילבול, מחמת ער איז געקומען אין מיטן דער נאַכט. אָבער דער גלח האָט אים גאָר שטאַרק געבעטן און אים מבֿטיח געווען, אַז ער האָט פֿאַר גאָר נישט וואָס מורא צו האָבן. ערשט דעמאָלט האָט ער אים אַרײַנגעלאָזט צו זיך. האָט אים דער גלח דערציילט דעם סוד, צוליב וואָס ער איז געקומען, און אים געבעטן, אַז ער זאָל אים העלפֿן אַנטלויפֿן פֿון דאַנען אין אַ שטאָט, ווו ער זאָל זיך קענען לאָזן ייִדישן. דערויף האָט אים רבי יחיאל אַליין געייִדישט און געלערנט תּורה מיט אים.

אַז די בײדע זײַנען געזעסן צוזאַמען אין יענער נאַכט, האָט רבי יחיאל געהערט, ווי איינער מאַכט אין הויז אַ ברכה איבער דער שחיטה. איז רבי יחיאל אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען מיטן פֿרומען גר און דערזען, ווי עס שטייען די צוויי שדים און איינער וויל שעכטן דעם אַנדערן. פֿרעגט רבי יחיאל, וואָס זיי טוען דאָ. דערציילן זיי אים די מעשׂה מיטן געוועט — ווער עס וועט קענען דעם אַנדערן אַראָפּפֿירן פֿון זײַן אמונה. „האָב איך געפּועלט בײַם גלח. אָבער יענער האָט אײַך בשום אופֿן נישט געקענט איבעררײדן. האָט ער פֿאַרשפּילט דאָס געוועט און דעריבער וויל איך אים איצט שעכטן״. אַז דער חסיד האָט דאָס געהערט, האָט ער אָפּגעגעבן אַ דאַנק און אַ שבֿח דעם בורא־עולם, וואָס ער האָט אים מציל געווען פֿון די הענט פֿונעם שׂטן. אויך דער גר איז געווען מלא שׂמחה, וואָס ער איז געוואָרן אַ ייִד, און געלויבט זײַן ליבן נאָמען דערפֿאַר. אָבער רבי יחיאל האָט נישט געוואָלט, אַז דער שד זאָל שעכטן זײַן חבֿר אין

זײַן גאָרטן. ער האָט אים געהייסן אַרויסגיין אויפֿן פֿעלד און דאָרט אים שעכטן.

לסוף האָט רבי יחיאל גענומען צוויי באַגלייבטע ייִדן, וואָס זײַנען צוזאַמען מיטן גר צדק באַלד אַוועקגעפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, אין גרויס פֿרייד און מיט אַ סך ממון. דער גר איז געוואָרן אַ פֿרומער ייִד און עוסק געווען אין דער תּורה. ער האָט גענומען אַ ווײַב און געהאַט מיט איר קינדער, וואָס זײַנען געווען זייער געראָטן און פֿרום. ער האָט זיי דערנאָך אויסגעגעבן אין נחת און אין פֿריידן, און איז נאָך לאַנגע יאָרן געשטאָרבן בשם טובֿ. און רבי יחיאל איז כּל ימיו געבליבן אַ פֿרומער און ערלעכער ייִד.

מ״ב ר״י. (ב. ר״ט). —מקור אומבאַקאַנט. — מאָטיוו: דער גלח שטייט נישט בײַ דעם נסיון פֿון זײַן אמונה. — די מעשה, ווי די ווײַטערדיקע, געהערט מסתמא צו דעם ציקל פֿון „ראָמאַנטישע לעגענדעס״ (ב. העללער) פֿון ייִדישן מיטל־עלטער. אויך רבי יחיאל, וויל אונדז די מעשה לאָזן הערן, איז געווען אַ קרוב צו דער גלחות און צום מלכות. — ר׳ יחיאל בן יוסף פֿון פּאַריז איז געווען באַקאַנט ווי אַ בעל־תּוספות און ראש־ישיבה פֿון פּאַריז, פֿון בערך 1224. ער האָט אויך געהאַט אַן עפֿנטלעכן ויכּוח וועגן תּלמוד מיטן משומד דונין אין יאָר 1240. נאָכן פֿאַרברענען דעם תּלמוד אינעם יאָר 1242, האָט זיך, זעט זיך אויס, די ישיבה פֿאַרמאַכט און ר׳ יחיאל איז עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל, וווּ ער איז נפֿטר געוואָרן בערך אין יאָר 1260.

## 63 דער נס פֿון דעם איילאַמפּ

אַ מעשׂה שהיה. כּידוע, איז רבי יחיאל געווען אַ חכם מחוכּם און אַ גרויסער מקובל. אין זײַן שטוב, וווּ ער איז געזעסן און געלערנט, האָט כּסדר געברענט אַן אייללאָמפּ. ער האָט זי אָנגעצונדן יעדן ערבֿ שבת און געברענט האָט זי אַ גאַנצע וואָך אָן אייל. באַלד האָט שוין די וועלט געקלונגען מיט אָט דעם נס, אַזוי אַז דער קיניג האָט געשיקט רופֿן רבי יחיאלן, און פֿרעגט אים, צי עס איז אמת,

וואָס ער האָט געהערט וועגן דעם לאָמפּ, וואָס זאָל ברענען אָן אײל. דער רבי האָט געלײקנט די גאַנצע מעשׂה, און געטאָן האָט ער דאָס מחמת גרויס ענִיוות, ווײַל ער האָט זיך נישט געוואָלט האַלטן גרויס. ער האָט אויך מורא געהאַט, טאָמער וועט מען אים האַלטן פֿאַר אַ מכשף. דער קיניג האָט אָבער געשוויגן און זיך געטראַכט, אַז ער וועט זיך דערווײַל נישט ווײַסנדיק מאַכן. אין דער אמתן אָבער האָט ער אין זיבעטן געהאַט זיך אַ מאָל אַליין אַרײַנצוכאַפּן צו רבי יחיאלן און זען מיט די אײגענע אויגן, צי די שמועה, וואָס מען דערציילט זיך, איז אמת צי נישט. ער האָט זיך דעריבער שואל עצה געווען מיט זײַנע יועצים און באַשלאָסן אַרײַנצוגיין צו רבי יחיאלן אין אַ מיטן וואָך בײַ נאַכט, כּדי אויסצוגעפֿינען דעם ריינעם אמת.

אין דער שטאָט פּאַריז האָט דעמאָלט געהערשט גרויס רשעות לגבי די ייִדן. עס איז דאָרט געווען אַ חבֿרה לאָבוסעס, וואָס האָבן רבי יחיאלן אָנגעטאָן אַ סך נגישות און כּסדר אויסגעטיילט כּל המינים צרות. זיי פֿלעגן יעדן אָוונט קלאַפּן אין דער טיר פֿון זײַן לערנשטוב, כּדי אים מצער צו זײַן און מבֿטל זײַן פֿון לערנען. האָט זיך אָבער דער חסיד אַן עצה געגעבן און אין זײַן גרויסער חכמה געפֿאַלן אויף אַ פֿאָרטל, אַז די אויסוואָרפֿן זאָלן אים נישט מער שטערן אין לערנען. ער האָט גענומען אַן אײַזערנעם נאָגל און אים אַרײַנגעהאַקט אין דער ערד. אַזוי באַלד ווי די חבֿרה לאָבוסעס האָט גענומען בײַ נאַכט קלאַפּן אין זײַן טיר, האָט ער קונציק אַ זעץ געטאָן מיט דעם האַק אין זײַן האַנט אויף דעם נאָגל. דעמאָלט איז דער פּאַרשוין אין דרויסן אַרײַנגעפֿאַלן אין דער ערד און דאָרט פֿאַרזונקען געוואָרן. די פּעולה דערפֿון קען מען זיך לײַכט אויסמאָלן.

אַז דער מלך איז איצט בכּבֿודו ובעצמו געקומען צו רבי יחיאלן און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, האָט רבי יחיאל, באַניצנדיק זיך מיט זײַן המצאה, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַמער אויפֿן נאָגל, אַזוי אַז אין דרויסן איז דער קיניג באַלד פֿאַרזונקען געוואָרן אין דער ערד, ממש ביז צו זײַנע לענדן. דעמאָלט האָט דער קיניג נאָך אַ מאָל אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, און רבי יחיאל האָט ווידער אַ מאָל אַ קלאַפּ

געטאָן אויפֿן נאָגל, היות ער האָט געמיינט, אַז דאָס זײַנען די אויס־וואָרפֿן, וואָס ווילן אים דווקא מצער זײַן. אָבער דער נאָגל איז דע־מאָלט אַרויסגעשפּרונגען אַ שטיקל וועגס אויף הינטערווײַלעכץ. אַז דער רבי האָט דאָס באַמערקט, איז אים באַפֿאַלן אַ מורא. ער האָט בײַ זיך געטראַכט: איך בין זיכער, אַז דאָס איז נישט קיין אַנדערער ווי דער מלך אַליין. האָט רבי יחיאל געשווינד אויפֿגעמאַכט די טיר, זיך טיף פֿאַרנייגט פֿאַרן מלך און אים געבעטן, ער זאָל אים מוחל זײַן, מחמת ער האָט נישט געוווּסט, אַז עס איז זײַן מאַיעסטעט דער קיניג. וואָרעם אַזוי באַלד ווי דער נאָגל איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון דער ערד, איז אויך דער קיניג אויפֿגעשטאַנען און אַרויס פֿון דאָרטן.

אַז די שׂרים און די דינערס פֿונעם קיניג האָבן געזען, וואָס עס האָט זיך געטראָפֿן מיטן מלך, האָבן זיי שטאַרק מורא געקראָגן, טאָ־מער וועט ער נאָך אין גאַנצן אַרײַנפֿאַלן אין דער ערד. דעריבער האָבן זיי געבעטן רבי יחיאלן אים צו העלפֿן, אַז דאָס זאָל שוין מער נישט פֿאָרקומען. האָט דער רבי, על־כּן, אַרײַנגעפֿירט דעם מלך צו זיך אין שטוב, אים אַוועקגעזעצט בײַם פֿײַער און געגעבן סאַמע מחיהדיקע רפֿואות, וואָס האָבן אים דערהאַלטן בײַם לעבן. דעמאָלט מאַכט דער רבי צום קיניג: „אַדוני מלך, זאָגט מיר — וואָס איז אײַער באַגער, צוליב וואָס איר זײַט געקומען אין מײַן הויז אין מיטן דער נאַכט? פֿאַרוואָר, דער קיניג ווייסט דאָך מסתּמא, אַז אַ ווינט ווייעט פֿאַר מײַן טיר און ווער עס וויל מיר טאָן עפּעס שלעכטס, דעם פֿאַר־שלינגט די ערד. אויב איך וואָלט נישט געווען אַרויסגעקומען צו דיר געשווינד, וואָלט דיך די ערד פֿאַרשלונגען אין גאַנצן". ענטפֿערט דער מלך: „איך בין שוין געווען כּמעט פֿאַרזונקען אין דער ערד, און וויל איז דיר, וואָס דו האָסט מיך בײַ צײַטנס אַרויסגעראַטע־וועט. איצט וויל איך דיר מוסר סוד זײַן, פֿאַר וואָס איך בין געקו־מען צו דיר. איך האָב געהערט אַ סך דערציילן פֿון דיר און דײַן חכמת־הכּישוף. האָב איך, אַגבֿ, געוואָלט אויך זען, ווי אַזוי אַ לאָמפּ ברענט בײַ דיר כּסדר אָן אייל". ענטפֿערט אים רבי יחיאל מיט ענִיוות: „זאָל מיך גאָט אָפּהיטן, אַז איך זאָל, חלילה, זײַן אַ כּישוף־

מאַכער! איך בין אָבער אַ ביסל בקי אין הוויות העולם און פֿאַרשטיי מיך אויך אויף געוויסע סגולות". און בשעת מעשׂה האָט ער דעם מלך געוויזן דעם לאָמפּ, וואָס ברענט אָן אייל. אין דער אמתן האָט דאָס ליכט אויסגעזען ווי מאַרטעל, וואָס זײַן שײַן איז פּונקט אַזוי העל ווי פֿון אייל. אַז דער מלך האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך שטאַרק פֿאַרחידושט. צום סוף האָט ער מיטגענומען רבי יחיאלן אין זײַן הויף און אים געמאַכט פֿאַר זײַן אייבערשטן יועץ. פֿון דע־מאָלט אָן האָט דער רבי געלעבט אין עשירות און אין פֿרייד, און דער מלך האָט אים געהאַלטן בכבֿוד גדול.

זײַנען אָבער געווען אין הויף אַ סך שׂרים און אַנדערע האַרן, וואָס האָבן רבי יחיאלן שטאַרק מקנא געווען. זײַנען זיי געפֿאַלן אויף אַ המצאה, זײַנען אַוועק צום קיניג און צו אים געזאָגט: „אַדוני מלך, ווי קענסטו פֿאַרטראָגן, אַז בײַ דיר אין הויף זיצט אַ ייִד, וואָס האַלט דיך פֿאַר אַ טמא? אויב דו רירסט־אָן דאָס גלאָז מיט ווײַן, וואָס ער טרינקט, וועט ער אים שוין מער נישט טרינקען, מכּל שכּן טרינ־קען מיט דיר פֿון איין גלאָז". האָט דער מלך געשוויגן און גאָר נישט געענטפֿערט דערויף.

ויהי היום און דער מלך האָט געגעבן רבי יחיאלן צו טרינקען ווײַן. זאָגט צו אים דער רבי: „איצט טאָר איך נישט טרינקען, אָבער איידער איך וועל אויפֿשטיין פֿון טיש וועל איך טרינקען. איר זאָלט דאָס זען מיט אײַערע אייגענע אויגן. גיט מיר נאָר אַ רגעלע צײַט". אַז עס איז געקומען די צײַט פֿאַרן קיניג זיך צו וואַשן די הענט נאָכן עסן, ווי עס איז געווען זײַן שטייגער, האָט מען אַוועקגע־שטעלט אַ גילדענע שיסל, ווו דער קיניג האָט זיך געוואַשן די הענט. באַלד דערנאָך האָט דער רבי גענומען די גילדענע שיסל און פֿאַר די אויגן פֿון קיניג און זײַנע שׂרים אויסגעטרונקען דאָס וואַסער. זאָגט דער רבי צו די שׂרים: „זעט איר, דאָס מעג איך יאָ טרינקען, אָבער דעם בעכער מיט ווײַן טאָר איך נישט טרינקען. דאָס האָט מיר די תּורה געאָסרט". אַז דער מלך האָט דאָס געזען, האָט ער רבי

יחיאלן נאָך מער ליב באַקומען, מחמת ער האָט נישט פֿאַרשעמט דאָס וואַסער, מיט וואָס ער האָט זיך געוואַשן די הענט.

מ״ב רי״א. (ב. ר״י). — שלשלת הקבלה, ג״ז, א״ב. — סדר הדורות, א, 110. — מאָטיוו: די פּלאַדיקע לאָמפּ וואָס ברענט אָן אייל. — וועגן דעם פּלאַדיקן ברענען פון אַ ליכט דערציילט אויך די גריכישע פאָלקס־מעשה. אַזאַ נס איז פאָרגעקומען אינעם טעמפּל פון דער געטין אַטענע אויף דער אַקראָ־פּאָליס. — אַהערצו געהערט אויך די מעשה פון נס־חנוכה, מיטן קריגל אייל. — אַ שפּעטערדיקע לעגענדע דערציילט אויך פון אַזאַ פּלאַדיק ליכט, פון ר׳ שלמה לוריא, דער רש״ל. פ״גל שם הגדולים, אונטער שלמה לוריא. — אינעם פאָלקלאָר איז אויך באַקאַנט דער מאָטיוו פונעם כישוף־ליכט D. 1662.2. און די וונדערלאָמפּ פון אַלאַדין, אין דער אַראַבישער מעשה. — אין דער ברעטאַ־נישער מעשה, למשל, רעדט זיך וועגן אַ בלוי ליכט, פ״גל באָלטע אונד פּאָ־ליווקאַ, 537, II. אין אונדזער מעשה באַניצט זיך דער דערציילער מיטן וואָרט „מארטל״, וואָס לייכט פונקט אַזוי העל ווי אייל. דער שלשלת הקבלה טייַטשט דאָס וואָרט „חומר שמאיר כמו שמן״, אַ שטאָף וואָס לייכט ווי אייל. — אין דער מעשה רעדט זיך וועגן „פּריצים״, וואָס האָבן מצער געווען ר׳ יחיאלן. — מאַכט גאַסטער אַ טעות און פאַרטייַטשט דאָס (ענגלישע איבערזעצונג, 2, ז׳ 511) „נאָבלמענער״ — אַדללייַט. אין דער אמתן מוז עס הייסן: ווילע יונגען, שקצים.

## 64 רבי אַמנון און דער „ונתנה תוקף״

אַ מעשׂה שהיה. פֿאַר צייַטנס האָט געלעבט אַ גרויסער צדיק מיטן נאָמען רבי אַמנון. אינעם הויף פֿון הגמון פֿון מייַנץ האָט מען אים געהאַלטן מיט גרויס חשיבֿות און אים אָנגעטאָן אַ סך כּבֿוד. איז ער טאַקע געווען אַ מושלם אַ ייִד, אַ גרויסער למדן, דערצו נאָך אַ שיינער עושר און אַ מיוחס. הקיצור, ער האָט געהאַט אַלע מעלות, וואָס אַ ייִד קען נאָר האָבן. דערפֿאַר טאַקע האָבן אים די גראַפֿן און האַרן, די שׂרים און פֿירשטן אַרויסגעוויזן אַ סך אַכפּערונג און גרויס ליבשאַפֿט. זיי האָבן זיך געערן מיט אים געחבֿרט און פֿון דעסט וועגן

איז אין ערגעץ נישט געווען זײַן גלײַכן אין פֿרומקייט און יראת־שמים.

ויהי היום, און רבי אַמנון איז גראָד געווען אין הויף פֿון הגמון, האָבן די שׂרים צו אים געזאָגט: „מײַסטער אַמנון, אויב דו וואָלטסט דיך געלאָזט שמדן, וואָלט דיך אונדזער פֿירשט און האַר געמאַכט צו דעם אייבערשטן פֿון זײַנע יועצים, מחמת ער האָט דיך ליב אַהבֿת נפֿש. מיר האָבן שוין אָפֿט גערעדט מיטן בישאָף וועגן דיר, אַז ער זאָל דיר געבן אַ בכּבֿודיקע שטעל, האָט ער תּמיד געענטפֿערט — אויב דו וועסט אָננעמען אונדזער אמונה, וועט ער דיר אָנטאָן נאָך מער כּבֿוד און דיך דערהייבן צו גאָר אַ הויכער שטעל אין זײַן קריסטלעכער מדינה. על־כּן ווילן מיר דיך בעטן, הער־אויס אונדז און נעם־אָן אונדזער גלויבן". רבי אַמנון האָט אָבער גאָר נישט געוואָלט דערפֿון הערן. אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען אַ שטיק צײַט, און רבי אַמנון איז אַלץ געבליבן פֿעסט בײַ זיך און זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. עס האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז איין מאָל האָט אים דער בישאָף גופֿא גאָר שטאַרק מפֿציר געווען, אַז ער זאָל זיך לאָזן שמדן. האָט אים דערויף רבי אַמנון געענטפֿערט: „איך וויל מיך מיישבֿ זײַן וועגן דעם און וועל אײַער פֿירשטלעכער גענאָד געבן אַ תּשובֿה אין דרײַ טעג אַרום". ער האָט דאָס אָבער נאָר גע־טאָן, ווײַל ער האָט געוואָלט מדחה זײַן דעם בישאָף, אַז ער זאָל אים לאָזן צו רו. אַז ער איז אָבער אַרויס פֿונעם בישאָף, האָט ער זיך גענומען באַדענקען, וואָס ער האָט דאָ געטאָן: אַז ער האָט גע־זאָגט דעם בישאָף, ער וועט זיך וועגן דעם ענין מיישבֿ זײַן, אַ פּנים, פֿאַראַן בײַ אים דער מינדסטער ספֿק, חלילה, אַז ער זאָל אויסבײַטן דאָס רענדל און גאָר ווערן אַ כּופֿר בעיקר. פֿון די מחשבֿות האָט ער געהאַט אַזוי פֿיל צער, אַז ער איז געקומען צו זיך אַהיים אַ פֿאַר־מרה־שחורהטער און אַ צעבראָכענער און זיך נישט געקענט באַ־רויִקן. זײַן ווײַב האָט אים געפֿרעגט, וואָס עס איז די מער מיט אים, וואָס ער האָט אַזוינס געטאָן, מחמת עס איז דאָך נישט געווען זײַן שטייגער צו זײַן אַזוי פֿאַרצערט. ער האָט אָבער קיינעמען נישט

גְעוואַלט דערציילן, און זאָגט צו זיך: איך וועל מוזן אין טרויער אַראָפּנידערן אין קבֿר אַרײַן, וועל אין ערגעץ נישט געפֿינען קיין מנוחה, ביז איך וועל נישט תּשובֿה טאָן אויף דער מיאוסער עבֿירה.

אויפֿן דריטן טאָג האָט דער בישאָף גְעשיקט אים פֿרעגן, ווי עס האַלט מיט זײַן ישובֿ־הדעת. האָט אים רבי אַמנון צוריקגעענט־פֿערט, אַז ער וויל נישט קומען און וויל נישט האָבן קיין שום מחז־קות מיט אים. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האָט דער הגמון געשיקט נאָך אים אַ צוויי־דרײַ מאָל, נאָר רבי אַמנון האָט זיך אַלץ אָפּגעזאָגט צו קומען. וואָס טוט דעמאָלט דער הגמון? ער לאָזט ברענגען צו זיך דעם צדיק מיט געוואַלט און זאָגט צו אים: „וואָס מיינסטו מיט דעם, וואָס דו האָסט דיך אָפּגעזאָגט צו קומען צו מיר, הגם איך האָב נאָך דיר געשיקט אַ דרײַ מאָל? האָסטו מיר דאָך צו־געזאָגט צו געבן אַן ענטפֿער תּוך ג׳ ימים אויף מײַן בקשה צו דיר! לכן, וויל איך איצט פֿון דיר האָבן אַ קלאָרע תּשובֿה“. ענטפֿערט אים דער צדיק: „איך קען אײַך נישט געבן קיין שום תּשובֿה אויף דעם, וואָס איר האָט פֿון מיר פֿאַרלאַנגט אָדער פֿאַרלאַנגט נאָך איצט. היות אָבער איך האָב אָן שיקול־הדעת אַרויסגערעדט מיט מײַן מויל, אַז איך וועל מיך מיישבֿ זײַן, איז דאָס געגליכן ווי איך וואָלט, חלילה, פֿאַרלייקנט גאָט ברוך־הוא, און דערפֿאַר וויל איך אַרויסגעבן איבער מיר מײַן אייגענעם משפּט. די צונג, וואָס האָט גערעדט מכּוח אַ ישובֿ־הדעת, זאָל מיר ווערן אַרויסגעשניטן“. בעצם האָט רבי אַמנון טאַקע בדעה געהאַט אויף אַזאַ אופֿן מקדש השם צו זײַן און תּשובֿה צו טאָן מיטן גאַנצן האַרצן. אָבער דער מרושעדיקער הגמון זאָגט צו אים: „דאָס משפּט, וואָס דו האָסט אַרויסגעגעבן איבער דיר, איז אונדז נישט צום האַרצן, מחמת די שטראָף איז צו גרינג. די צונג וואָס האָט דאָס אַרויסגערעדט, האָט געזאָגט דעם ריינעם אמת. אָבער די פֿיס, וואָס האָבן מײַן באַפֿעל נישט געפֿאָלגט און זײַנען נישט גלײַך געקומען צו מיר, זאָל מען דיר אָפּהאַקן. און אויך די אַנדערע גלידער פֿון דײַן לײַב וועט מען דיר סכּנותדיק פּײַניקן“. וכך הווה. דער הגמון האָט אין זײַן אַכזריות באַפֿוילן בײַ רבי אַמנונען אָפּצו־

שנײַדן די פּיס און דערנאָך די הענט, און בײַ יעדן אבֿר, וואָס מען האָט אים אָפּגעשניטן, האָט ער אים אַלץ געפֿרעגט, צי ער האָט משנה געווען זײַן דעה און וועט זיך פֿאַרט לאָזן שמדן. אָבער רבי אַמנון איז געבליבן שטאַנדהאַפֿטיק און זיך כּסדר געבעטן: „פּײַניקט מיך נאָך מער, מחמת איך האָב מיר דעם האַרבן עונש פֿאַרדינט מיט די ווערטער, וואָס איך האָב אַרויסגערעדט". אַז דער רשע האָט געהאַט אויסגעפֿירט זײַן ווילן און אָנגעטאָן רבי אַמנונען מוראדיקע יסורים, האָט ער באַפֿוילן, אַז מען זאָל דעם צעקאַליעטשעטן גוף פֿון צדיק אַרײַנלייגן אין אַ בעטל און דערנעבן זײַנע אָפּגעשניטענע גלידער און אים אין אַזאַ מעמד אַהיימשיקן צו זײַן פֿרוי און קינדער. איז דאָס אַזוי געשען. אַז זײַן ווײַב און קינדער האָבן אים דערזען, האָבן זיי ביטער געוויינט פֿאַר גרויס צרות. איר קענט זיך דאָס גוט פֿאָרשטעלן, ווי עס איז זיי געווען, נעבעך, אויפֿן האַרצן. רבי אַמנון האָט אָבער צו זיי געזאָגט: „מײַן ווײַב, איך האָב מיר דעם עונש פֿאַרדינט, מחמת איך האָב געוואָלט, חס ושלום, פֿאַרלייקענען דעם אין הימל. איך פֿאַרהאָף אָבער, אַז השם יתברך וועט מיר אין זײַן גרויס חסד מוחל זײַן מײַנע עבֿירות און איך וועל זוכה זײַן צו אַ חלק אויף עולם־הבא".

עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז באַלד דערנאָך איז געווען ראש־השנה. האָט רבי אַמנון געבעטן, מען זאָל אים מיט זײַן בעטל אַרײַנטראָגן אין דער הייליקער שול און אַוועקשטעלן נעבן דעם חזן. האָט מען אַזוי געטאָן. אַז דער חזן האָט געהאַלטן בײַ דער קדושה צו מוסף, זאָגט צו אים דער הייליקער רבי אַמנון: „וואַרט, איך וויל צו ערשט מקדש השם זײַן, איידער איך שטאַרב". האָט ער אָנגעהויבן און געזאָגט מיט גרויס דבֿקות „ונתנה תּוקף קדושת היום". אַז ער האָט געהאַט פֿאַרענדיקט דעם פּזמון, איז ער נעלם געוואָרן פֿון די אויגן פֿון די מתפּללים און קיינער האָט אים שוין נישט מער געזען, היות ווי גאָט ברוך־הוא האָט אים צוגענומען צו די אַנדערע צדיקים ותּמימים אינעם גן־עדן.

אויפֿן דריטן טאָג איז ער בײַ נאַכט געקומען צו חלום זײַן רבין,

רבי קלונימוס בן רבינו משולם, און אים געבעטן, אַז ער זאָל דעם „ונתנה תוקף“, וואָס ער האָט מחבר געווען, פֿאַרשפּרייטן אין אַלע קהילות, אומעטום ווו ייִדן וווינען. האָט ער דאָס אַזוי געטאָן. פֿון דאַנען נעמט זיך טאַקע דער מנהג, וואָס מיר זאָגן הײַנט אין אַלע מקומות ראש־השנה און יום־כּיפּור די תּפֿילה „ונתנה תוקף“ פֿון זײַנעט וועגן. גאָט ברוך־הוא זאָל אונדז אויך לאָזן געניסן דעם זכות פֿון דעם גרויסן צדיק.

מ״ב רי״ב. (ב., רי״א). — שלשלת הקבלה, נ״ו, ב. — נ״ז, א. — קידוש־השם־מאָטיוו. — מיר האָבן דאָ ווידער אַ מאָל אַ מיטלעלטערלעכע לעגענדע וועגן אַן אומבאַקאַנטער מאַרטירער־געשטאַלט פֿון דער צײַט פֿון די קרייץ־צוגן, מיטן גאַנצן קאָלאָריט פֿון יענע פֿינצטערע יאָרן. — צום ערשטן מאָל, דוכט זיך, באַווײַזט זיך די מעשה אין הגהות אשרי פֿון ר׳ ישראל פֿון קרעמס (בערך די ערשטע העלפֿט פֿון 14טן יאָרהונדערט). זײַן מקור איז געווען ר׳ יצחק בן משה פֿון ווין, „אור זרוע“ (13טער י״ה), וואָס האָט, אַ פּנים, גע־פֿונען די מסורה צווישן די כּתבים פֿון ר׳ אפרים בן יעקב פֿון באָן (בערך 12טער י״ה). שפּעטער באַווײַזט זיך די מעשה אין פֿאַרשיידענע מחזורים צו דער תּפֿילה ונתנה תוקף, צו ערשט אין כּתב־ידן און דערנאָך אין דרוק, סײַ אויף העברעיִש און סײַ אויף ייִדיש. די מעשה איז געווען שטאַרק פּאָפּולער בײַ ייִדן און איז אַרײַן אין דער ליטעראַטור. פּ״גל ש. פּרוגס עפּאָס. — נישט געקוקט אָבער אויף דעם ייִדישן קאָלאָריט און דער נוסחדיקייט פֿון אונדזער מעשה, האָבן מיר אפֿשר דאָ צו טאָן מיט אַ פֿרעמדן שטאָף, וואָס ייִדן האָבן שפּעטער מגייר געווען. אַן ענלעכן וואַריאַנט געפֿינען מיר אין דער קריסט־לעכער לעגענדע פֿון דעם מאַרטירער, דעם הייליקן עמעראַם פֿון רעגענסבורג. זע מעשה נ׳ 66, דער אָרון פֿון ר׳ עמרם.

## 65 דער וואָרמסער קברן און דאָס מת

אַ מעשׂה שהיה. אַ מאָל האָט געלעבט אין דער שטאָט וואָרמס אײנער, האָט ער געהייסן רבי בונעם. ער איז געווען אַ קובֿר־מתים. האָט זיך געמאַכט, אַז אין שטאָט איז געשטאָרבן אַן אַלטער מאַן און רבי בונעם האָט זיך מיט אים מתעסק געווען, ווי עס איז תּמיד

געווען זײַן שטייגער. אויף צו מאָרגנס, בשעת רבי בונעם איז געגאַנגען פֿאַר טאָגס אויפֿשליסן די שול, האָט ער באַמערקט, ווי עס שטייט אַ פֿאַרשוין אין תּכריכים פֿאַר דער שול און אויף זײַן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ קראַנץ. האָט רבי בונעם מורא באַקומען, מחמת ער האָט געמיינט, אַז עס איז אַ שד, און געוואָלט לויפֿן אויף צוריק. רופֿט אים צו דאָס מת אין די תּכריכים: „האָב נישט קיין מורא, קום־צו נענטער. דערקענסטו מיך נישט?" — ענטפֿערט רבי בונעם: „ביסטו נישט יענער, וואָס איך האָב ערשט נעכטן געבראַכט צו קבֿורה?" — זאָגט ער: „יאָ, איך בין דאָס דער". פֿרעגט אים ווידער רבי בונעם: „וואָס איז די מער, פֿאַר וואָס ביסטו צוריקגעקומען אויף דער וועלט און ווי גייט עס דיר אויף יענער וועלט?" — ענטפֿערט אים יענער: „מיר גייט דאָרט גאַנץ גוט. אין גן־עדן בין איך אַ גרויסער חשובֿ". חידושט זיך רבי בונעם און פֿרעגט ווידער: „ווי קומט דאָס? אויף דער וועלט האָט מען דיך דאָך געהאַלטן פֿאַר אַ גרויסן פּראָסטאַק! זאָג זשע מיר דעריבער, אין וואָס פֿאַר אַ זכות האַלט מען דיך דאָרט אַזוי בכּבֿוד?" — ענטפֿערט אים דאָס מת: „דאָס וויל איך דיר זאָגן. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס איך בין יעדן טאָג באַלד אין דער פֿרי אויפֿגעשטאַנען און געדאַוונט מיט גרויס כּוונה און געזאָגט די ברכות מיטן גאַנצן האַרצן. דערפֿאַר טאַקע האָב איך אויך זוכה געווען צו זאָגן די ברכות אין גן־עדן און מען האַלט מיך דאָרט זייער בכּבֿוד. אויב דו ווילסט מיר דאָס נישט גלייבן, טאָ גאַ דיר אַ סימן, אַז דו זאָלסט מיר גלייבן. נעכטן, אַז דו האָסט מיר אָנגעטאָן די תּכריכים, האָסטו מיר צעריסן אַן אַרבל". זאָגט צו אים רבי בונעם: „זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס פֿאַר אַ באַטײַט האָט דער קראַנץ אויף דײַן קאָפּ?" — זאָגט צו אים דאָס מת: „כּדי מיך אָפּצוהיטן פֿון די בייזע רוחות אויף דער וועלט, אַז זיי זאָלן מיך נישט קענען מזיק זײַן, מחמת דאָס זײַנען גאָר טײַערע, זעלטענע קרײַטעכצער פֿון גן־עדן, וואָס באַשירעמען פֿון אַל דאָס בייז". היות ווי דאָס מת האָט אים געזאָגט, אַז עס מוז זיך שעמען אויף יענער וועלט, בעת אַלע מתים גייען־אַרום אין גאַנצע קליידער,

וועט אים אויסקומען אַרומצולויפֿן אין אַ צעריסענעם בגד. האָט אים רבי בונעם פֿאַרריכט דעם אַרבל. צום סוף איז דאָס מת פֿאַרשוווּנדן.

על־כּן, זאָל יעדער איינער טאָן זײַן תּפֿילה מיט כּוונה, אַזוי וועט אים זײַן גוט און וווּיל אויף יענער וועלט. מען זאָל אויך אַכט־טונג געבן, אַז מען זאָל גאָר נישט פֿאַרגעסן בײַ אַ מת.

מ״ב רי״ד. (ב. רי״ג). — ספר הגן, (קראָקע, 1579), פּרק ו. — אור זרוע (זשיטאָמיר, 1862), הלכות שבת, פּרק מ״ב. — ספר חסידים, אויסגאַבע פֿון יהודה וויסטינעצקי, בערלין 1891, סימן תכ״ז, ז׳ 126. — כ״י פּאַריז Hebr. 589. — פ״גל אויך מײַן מאַמר אין ידע עם כרך י״א, ז׳ 60: מעשיות קודמות מ„מעשה־בוך״ ומחוצה לו. — מאָטיוון באַקאַנט אינעם פֿאָלקלאָר: דאָס מת פֿאַרלאַנגט פֿונעם קברן צו פֿאַרריכטן זײַנע צעריסענע תּכריכים. מאָטיוו־אינדי׳ E 261.2. — שמעקעוודיקע בלומען פֿון יענער וועלט. F 979.10 און E 631.1.

## 66 דער אָרון פֿון רבי עמרם

אַ מעשׂה שהיה. אַ טייל זאָגן, עס איז געשען אין מײַנץ און אַ טייל זאָגן — אין רעגנסבורג. עס האָט אַ מאָל דאָרט געלעבט אַ גוטער ייִד, אַ צדיק, וואָס האָט געהייסן רבי עמרם. געשטאַמט האָט ער פֿון מײַנץ אויפֿן ריין, אָבער אין זײַנע ייִנגערע יאָרן איז ער אַוועק קיין קעלן, ווּ ער האָט געשמט מיט זײַן גרויסער ישיבֿה. הגם ער איז געווען זייער צופֿרידן און הנאה געהאַט פֿון ווײַנען אין קעלן, פֿון דעסט וועגן האָט ער געוואָלט נאָכן טויט קומען צו קבֿורה אין מײַנץ און דאָרט ליגן בײַ זײַנע אָבֿות. אַז דער חסיד איז געוואָרן אַלט און קראַנק, האָט ער געשיקט רופֿן זײַנע תּלמידים און זאָגט צו זיי: „מײַנע ליבע תּלמידים, ווי איר זעט ליג איך דאָ אַ קראַנקער און אַ נוטה למות. איך פֿיל באַשײַמפּערלעך, אַז איך וועל באַלד שטאַרבן. דעריבער איז מײַן בקשה, אַז איר זאָלט מיך ברענגען צו קבֿורה בײַ מײַנע עלטערן אין מײַנץ״. ענטפֿערן אים די תּלמידים:

„הייליקער רבי, ווי קענען מיר דאָס טאָן, איז דאָך די סכּנה גרויס אַזוי ווײַט צו פֿירן״. זאָגט צו זיי רבי עמרם: „אויב אַזוי, טאָ וויל איך אײַך בעטן: נאָך מײַן פּטירה זאָלט איר מיך מטהר זײַן און לייגט מיך אַרײַן אין אַן אָרון, דערנאָך שטעלט־אַוועק דעם אָרון אויף אַ קליין שיפֿל אויפֿן ריין און לאָזט דאָס שיפֿל גיין פֿון זיך וווהין עס וויל״.

אַז רבי עמרם איז דערנאָך נפֿטר געוואָרן, האָבן אים זײַנע תּלמידים מטהר געווען און אים אַרײַנגעלייגט אין אַן אָרון אַזוי ווי ער האָט געהייסן. דערנאָך האָבן זיי אַרײַנגעשטעלט דעם אָרון אין אַ שיפֿל אויפֿן ריין. באַלד אָבער האָט דאָס שיפֿל גענומען שווימען גיך און קעגן שטראָם ביז עס איז אָנגעקומען קיין מײַנץ. אַז די שטאָטלײַט האָבן געזען דאָס גרויסע נס, ווי אַזוי אַ שיפֿל שווימט אויפֿן וואַסער פֿון זיך אַליין און קעגן דעם שטראָם, איז זיך צונױפֿ־געלאָפֿן אַ גרויסער עולם מיט מענטשן. אַז זיי האָבן דערזען דעם אָרון מיטן מת, האָבן זיי געזאָגט: „דאָס איז נישט אַזוי פּשוט. מסתּמא איז דאָס אַ גרויסער קדוש וטהור, וואָס וויל דאָ קומען צו קבֿורה״. אַזוי זײַנען די לײַט אַרויס צום שיפֿל און געוואָלט עס צונעמען, אָבער דאָס שיפֿל האָט זיך עפּעס נישט געלאָזט אָנכאַפּן און איז כּסדר געשווומען אויף צוריק. זײַנען די לײַט אַוועק פֿון דאָרט שטאַרק פֿאַרחידושטע און דערציילט די מעשׂה־פּלא דעם הגמון פֿון מײַנץ. דערויף איז באַלד די גאַנצע שטאָט געקומען צו לויפֿן, ייִדן, ווי להבֿדיל, גויים. אַז די ייִדן זײַנען צוגעקומען צום ברעג פֿון ריין, צו זען דעם גרויסן חידוש, איז דאָס שיפֿל צוגעשווומען צו זיי. אָבער בעת די גויים האָבן געוואָלט אַרויפֿלייגן אַ האַנט אויפֿן שיפֿל, איז עס כּסדר פֿון זיי אַוועקגעשווומען אויף הינטערווײַלעכן, ביז יעדער איינער האָט שוין געזען באַשײַמפּערלעך, אַז דאָס שיפֿל וויל צוקומען צו די ייִדן און נישט צו די גויים. דעמאָלט האָט דאָס גײַעס צוגערופֿן די ייִדן און זיי געזאָגט: „גייט־אַרײַן אין דעם שיפֿל און זעט, וואָס עס איז אין אים פֿאַראַן״. האָט זיך דאָס שיפֿל מיט אַ מאָל גענומען דערנענטערן צו די ייִדן. זײַנען די ייִדן טאַקע אַרײַן אינעם

שיפֿל, האָבן אויפֿגעמאַכט דעם אָרון און דערזען דאָרט ליגן אַ מת און דערנעבן אַ כּתבֿ, וואָס אין אים איז געשטאַנען אָט וואָס: „ליבע ברידער און פֿרײַנד, איר, יהודים פֿון ק״ק מײַנץ. זײַט וויסן, אַז איך, עמרם, בין איצט צו אײַך געקומען, מחמת איך בין געשטאָרבן אין קעלן און באַגער צו קומען צו קבֿורה בײַ מײַנע אָבֿות, וואָס ליגן אויך אין מײַנץ. אײַך אַלעמען אַ סך שלום און אַ לאַנג לעבן ווינטשט עמרם".

אַז די ייִדן האָבן דערזען דעם בריוו, האָבן זיי אַלע שטאַרק געטרויערט אויף דער גרויסער אַבֿידה פֿונעם צדיק און דערנאָך אַרויסגעטראָגן דעם אָרון אויף דער יבשה. אַז דאָס גױיִעס האָט דאָס געזען, האָבן זיי גענומען טרײַבן אַ סך עזותדיקייטן. זיי האָבן זיך געשטאַרקט איבער די ייִדן און זיי געשלאָגן מכּות רצח, אָבער פֿאָרט זײַנען זיי נישט געווען בכּוח צו רירן דעם אָרון פֿון אָרט. דעמאָלט האָט דער הגמון געהייסן, מען זאָל אַכטונג געבן, אַז די ייִדן זאָלן דעם אָרון פֿון דאַנען נישט אַוועקטראָגן. מען האָט באַלד געלאָזט אויפֿבויען אויף דעם אָרט אַ גוואַלדיק גרויסע תּפֿילה און דאָרט איז געבליבן שטיין דער אָרון מיט רבי עמרמען. די ייִדן האָבן אָבער נישט אָפּגעלאָזט. זיי האָבן זיך משתּדל געווען און מיט תּחנו־נים געבעטן, אַז מען זאָל זיי צוריקגעבן דעם אָרון. עס האָט אָבער גאָר נישט געהאָלפֿן, און בײַם הײַנטיקן טאָג הייסט די תּיפֿלה סאַנט עמרם. אַלע נאַכט אָבער איז רבי עמרם געקומען כּסדר צו חלום צו זײַנע תּלמידים און זיך געבעטן: „גייט אַהין און באַגראָבט מיך בײַ מײַנע עלטערן". אַז די בחורים האָבן דאָס געהערט, איז זיי באַפֿאַלן אַ גרויסער פּחד און האָבן זיך שטאַרק מצער געווען. זיי זײַנען דערנאָך אַוועק קיין מײַנץ און דאָרט אַראָפּגענומען אין דער נאַכט פֿון דער תּליה אַ גנבֿ, אים אָנגעטאָן תּכריכים, אַרויסגענומען רבי עמרם פֿון דער תּיפֿלה און אויף זײַן אָרט אַרײַנגעלייגט דעם בר־מינן פֿונעם גנבֿ. ערשט דערנאָך האָבן זיי קובֿר געווען רבי עמרם בײַ זײַנע אָבֿות. הקדוש ברוך־הוא האָט דערנאָך די ייִדן מציל גע־

וועט פֿון אַל דאָס בייז און די מעשׂה איז געבליבן אַ סוד ביזן היינטיקן טאָג.

מ״ב, רמ״ב. (ב. רמ״א). — שלשלת הקבלה (אַמסטערדאַם) כ״ז, ב. — קב הישר, קאַפּ׳ ו. — מאָטיוו: דער אָרון מיטן מת שווימט קעגן דעם שטראָם. — ר׳ עמרם אין אונדזער מעשה איז בלי ספק אַ לעגענדאַרישע געשטאַלט. די מסורה האָט, זעט זיך אויס, פאַרשיידענע וואַריאַנטן און שטאַמט פון אַ קריסטלעכן מקור, מסתמא פון דעם קריסטלעכן הייליקן עמעראַם, אַ מאַרטירער פונעם 7טן י״ה. בשעת אין אונדזער מעשה שווימט דאָס שיפל פון קעלן קיין מײַנץ קעגן שטראָם, שווימט אין דער קריסטלעכער סאַגאַ דער טויטער סאַנט עמעראַם אויף אַ שיפל, לענגויס דעם טײַך איזאַר און ווײַטער אויפן דונײַ קיין רעגנסבורג, וווּ ער קומט צו קבורה. האָט די יידישע מעשה געמאַכט פון דעם הייליקן עמעראַם אַ ייִד, ר׳ עמרם! בעצם האָבן מיר אויך דאָ צו טאָן מיט אַן עטיאָלאָגישער סאַגאַ, וואָס וויל דערציילן, ווי אַזוי עס איז אויסגעבויט געוואָרן אין מײַנץ די שיינע תיפלה „סאַנט עמעראַם״. אין פאָלקלאָר איז אויך באַקאַנט דער מאָטיוו פונעם שיפל, וואָס ענדערט זײַן גאַנג פון זיך אַליין T. 321.6. — אַן ענגלעכן וואַריאַנט פאַרעפנטלעכט בריל (יאַרביכערבאַנד 9, ז׳ 44) פון ר׳ אליעזר בן נתן. דאָ זאָל אָבער דאָס שיפל שווימען פון ווירצבורג קיין מײַנץ, הגם עס איז נישט פאַראַן קיין דירעקטער וועג אויפן וואַסער צווישן אָט די שטעט. אָבער אויף אַ מעשה פרעגט מען נישט קיין קשיא! די קריסטלעכע ליטעראַטור פון מיטלעלטער איז רײַך ביז גאָר אין אָט די מסורות. אַזוי, למשל, די מעשה מיטן בר־מינן פון בישאָף מאַטערנוס פון קעלן אָדער די מעשה־פלא פון קאַסאַנאָ (Cassano), וווּ עס איז געקומען צו קבורה דער בישאָף פון מײַלאַנד, דיאָניסיוס (אַרום יאָר 370). פ״גל גינטער, ז׳ 123.

אַ מעשׂה שהיה. אין ארץ־ישׂראל האָט אַמאָל געלעבט אַ ייִד אַן עושר. איז ער געגאַנגען אין גאָטס וועג און געווען גוט און פֿרום. ער איז געווען אַ גרויסער חכם און אַ רואה את הנולד. גע־ווּסט וואָס עס וועט זײַן. האָט אים דער מלך געמאַכט פֿאַר זײַן שני־למלך. אַ זון האָט ער געהאַט, האָט ער געהייסן רבי חנינאַ. איז ער געווען אַ גרויסער למדן און אַ בקי אין דער גאַנצער תּורה. אַז זײַן פֿאָטער איז געוואָרן אַלט און געהאַלטן בײַם שטאַרבן, האָט ער אַרײַנגערופֿן צו זיך זײַן זון און אים צוואה געטאָן, אַז ער זאָל זיצן יומם ולילה און לערנען אין דער הייליקער תּורה און טאָן מצוות און מעשׂים־טובֿים. „פֿאַרגעס נישט אין די אָרעמע לײַט!“, האָט אים זײַן פֿאָטער אָנגעזאָגט, „מחמת איך און דײַן מוטער וועלן שטאַרבן אין איין טאָג“. ער האָט אויך בינו לבֿינו געלאָזט וויסן זײַן זון, אַז דער לעצטער טאָג שבֿעה וועט אויספֿאַלן ערבֿ פּסח און דעריבער זאָל ער נישט לאַנג נוהג זײַן אַבֿלות. אַזוי באַלד ווי ער וועט אויפֿשטיין פֿון שבֿעה, זאָל ער אַרויסגיין אויפֿן מאַרק און דאָס, וואָס ער וועט צום ערשטן דערזען, זאָל ער תּיכּף קויפֿן, אַפֿילו ווען מען זאָל פֿאַרלאַנגען דערפֿאַר אַ סך געלט. אויב דאָס, וואָס ער וועט קויפֿן וועט זײַן אַ לעבעדיקע זאַך, וואָס מען מוז כאָווען, זאָל ער דאָס טאַקע בײַ זיך האַלטן און אויפֿהאָדעווען, מחמת עס וועט דערפֿון עפּעס גוטס פֿאַר אים אַרויסקומען. ער האָט אָבער אים נישט געזאָגט, וואָס דאָס וועט אַזוינס זײַן.

אַז דער זקן האָט געהאַט צוואה געטאָן זײַן זון, איז ער אין איינעם מיט דער מוטער אַוועקגעגאַנגען פֿון דער וועלט, פּונקט אַזוי ווי ער האָט דאָס געהאַט אים פֿאָרויסגעזאָגט. דער זון, רבי חנינא האָט געטאָן אַלצדינג, אַזוי ווי זײַן פֿאָטער האָט אים געבאָטן. אַז עס איז געקומען דער ערבֿ פּסח און ער איז אויפֿגע־שטאַנען פֿון דער שבֿעה, איז ער אַרויסגעגאַנגען אויפֿן מאַרק. דאָרט האָט ער געטראָפֿן אַן אַלטן מאַן, וואָס האָט געהאַט צו פֿאַרקויפֿן

אַ שײנע זילבערנע כּלי. האָט אים רבי חנינא געפֿרעגט: „זאָג מיר, מה יקר, װי טײַער איז אָט די כּלי?“ — ענטפֿערט אים דער אַלטער: „עס קאָסט אַכציק גילדן“. האָט אים רבי חנינא פֿאָרגעלײגט זעכציק גילדן. זאָגט אים דער אַלטער מאַן: „פֿאַר דאָס געלט גיב איך עס דיר נישט אַװעק“. צום סוף האָט ער פֿאָרט געקױפֿט, הגם עס איז געװען אַ יקרות טײַער. האָט ער דאָך געװאָלט מקײם זײַן די צװאה פֿון זײַן פֿאָטער.

אין דער ערשטער סדר־נאַכט האָט ער אַװעקגעשטעלט די כּלי בײַ זיך אױפֿן טיש. אַז ער האָט זי דערנאָך אױפֿגעמאַכט, האָט ער אינעװײניק געפֿונען אַ צװײטע כּלי און דערינען אַ פֿראָש, װאָס האָט גאָר פֿרײלעך אַרומגעטאַנצט און אַרומגעשפּרונגען. האָט ער דעם פֿראָש געגעבן צו עסן און צו טרינקען, אַזױ אַז בעת דער פּסח איז געװען אַריבער, איז דער פֿראָש שױן געװען אַזױ גרױס, אַז די כּלי איז שױן געװאָרן צו קלײן פֿאַר אים. האָט רבי חנינא גענומען און געמאַכט אַ קלײן שענקל און אַהין אַרײַנגעטאָן דעם פֿראָש. ער האָט אים נישט געקאַרגט קײן עסן און קײן טרינקען, ביז דאָס שענקל איז שױן אױך געװאָרן צו קלײן פֿאַר אים. דעמאָלט האָט ער אױסגעבױט פֿאַרן פֿראָש אַ קאַמער, כּדי ער זאָל זיך דאָרט פֿילן באַקװעם. ער האָט אים אַזױ לאַנג געקאָרמעט מיט די בעסטע און שענסטע מאַכלים, ביז ער האָט גאָר גיך געהאַט אױסגעגעבן אַלץ, װאָס ער האָט פֿאַרמאָגט. ער האָט דאָס אָבער געטאָן, כּדי מקײם צו זײַן דעם פֿאָטערס צװאה. צום סוף איז רבי חנינא געװאָרן בדיל הדל און שױן נישט מער געהאַט מיט װאָס זיך און זײַן װײַב מפֿרנס צו זײַן.

ויהי היום און רבי חנינא מיט זײַן װײַב זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין דער קאַמער צום פֿראָש און צו אים אַזױ געזאָגט: „ליבער פֿרײַנד, צו אונדזער גרױסן לײד קענען מיר דיך שױן נישט מער קאָרמען, מחמת מיר האָבן שױן נישט מער מיט װאָס. אַלץ, װאָס מיר האָבן פֿאַרמאָגט, האָבן מיר אױסגעגעבן פֿאַר דיר“. דעמאָלט עפֿנט דער פֿראָש אױף זײַן מױל און הײבט־אָן רײדן: „ליבער רבי

חנינא, זײַ זיך נישט מצער. היות ווי דו האָסט מיך געהאָדעוועט און מיר געגעבן צו עסן די גאַנצע צײַט, אַזוי קענסטו דיר עפּעס אויסבעטן בײַ מיר. זאָג נאָר, וואָס דײַן האַרץ באַגערט, און עס וועט דיר געגעבן ווערן". זאָגט צו אים רבי חנינא: „איך באַגער ווײַטער גאָר נישט, נאָר איין זאַך בעט איך דיך — לערן מיך אויס כּל התּורה כּולה". ענטפֿערט אים דער פֿראָש: „יאָ, דאָס זאָג איך דיר צו". און טאַקע באותו מעמד האָט ער אים אויסגעלערנט כּל התּורה כּולה און דערצו נאָך די שבֿעים לשונות. און געטאָן האָט ער דאָס אָט אַזוי: ער האָט גענומען אַ שטיק פּאַפּיר, דערויף אויפֿגעשריבן עטלעכע שמות און דערנאָך געהייסן רבי חנינאן דאָס אַראָפּשלינגען. אויף אַזאַ אופֿן האָט ער טאַקע באַלד געקענט די גאַנצע תּורה און די שבֿעים לשונות. ער האָט אַפֿילו געקענט פֿאַרשטיין דאָס לשון פֿון די חיות און פֿון די פֿייגל. דערנאָך ווענדט זיך דער פֿראָש צו רבי חנינאס ווײַב און זאָגט צו איר: „דו האָסט מיך אַזוי גוט באַהאַנדלט, אָבער איך האָב דיך דערפֿאַר נאָך מיט גאָר נישט באַלוינט. דעריבער וויל איך דיר אויך דײַן לוין געבן. אָבער איצט איז געקומען די צײַט, אַז איך זאָל מיך מיט אײַך געזעגענען, און איידער איך גיי־אַוועק פֿון אײַך וויל איך, אַז איר זאָלט מיך באַגלייטן ביז צום וואַלד אילני און דאָרט וועט איר ערשט זען, וואָס איך וועל אײַך אַוועקשענקען".

הכּלל, זיי זײַנען מיט אים אַוועק אין וואַלד אַרײַן און, אָנקומענדיק אַהין, האָט דער פֿראָש אַרויסגעלאָזט אַ הויך קוואַק־געשריי און צונויפֿגערופֿן אַלע חיות פֿון וואַלד. קוים האָט זיך זײַן קול דערהערט אין וואַלד, אַזוי האָבן זיך גענומען צונויפֿלויפֿן פֿון אַלע זײַטן אָן אַ שיעור חיות און עופֿות. האָט זיי דער פֿראָש באַפֿוילן, אַז יעדער איינער זאָל ברענגען אַזוי פֿיל אַבֿנים טובֿות און פּערל, וויפֿל ער קען נאָר טראָגן. דערצו זאָלן זיי אויך מיטברענגען כּל המינים רפֿואה־קרײַטעכצער און סגולה־וואָרצלען, מיט וואָס זי זאָל קענען היילן קראַנקע. בשעת מעשׂה האָט ער זי געלערנט די סגולות פֿון יעדער זאַך צו אַ קרענק און דערנאָך געהייסן דאָס

אַלץ אַהיימטראָגן אין רבי חנינאס הויז. אַז דער פֿראָש האָט שוין געהאַלטן בײַם אַוועקגיין, זאָגט ער צו זיי: „זאָל השם יתברך אײַך לײַטזעליקן און מטיבֿ זײַן פֿאַר אַל די אַרבעט און מי, וואָס איר האָט געהאַט מיט מיר. האָט איר דאָך אַפֿילו נישט געפֿרעגט ווער איך בין דאָס אַזוינס. אָבער איך וויל אײַך מגלה זײַן דעם סוד. איך בין אָדם הראשונס זון, וואָס ער האָט מיך געהאַט מיט לייליתן אין יענע הונדערט און דרײַסיק יאָר, ווען ער האָט זיך פּורש געווען פֿון חווהן. גאָט ברוך־הוא האָט מיר געגעבן רשות צו בײַטן מײַן געשטאַלט און מײַן אויסזען נאָך מײַן רצון". און מיט די דאָזיקע ווערטער האָט ער זיך מיט זיי געזעגנט און אַוועק זײַן וועג. רבי חנינא און זײַן ווײַב זײַנען דערנאָך צו זיך אַהיימגעגאַנגען און פֿון דעמאָלט אָן געלעבט אין עושר און אין כּבֿוד. ער האָט אויך נושׂא חן געווען אין די אויגן פֿונעם מלך, ווי זײַן פֿאָטער אַמאָל.

אין יענע טעג האָט געקיניגט איבער ישׂראל אַ מלך, אַ גרויסער רשע, וואָס האָט נישט געהאַט קיין ווײַב. זײַנען די עלטסטע פֿון ישׂראל געקומען צו אים און אים געבעטן, אַז ער זאָל נעמען אַ ווײַב פֿאַר אַ מלכּה, מחמת עס פּאַסט נישט פֿאַר אַ מלך צו זײַן אָן אַ פֿרוי. אין דער אמתן האָבן זיי געהאָפֿט, אַז אויב ער וועט נעמען אַ ווײַב, וועט ער בעסער ווערן און זײַן גוט און פֿרום. ענטפֿערט זיי דער מלך, אַז זיי זאָלן צוריקקומען אין אַכט טעג אַרום, וועט ער זיי געבן אַ תשובֿה. גראָד צו יענער צײַט האָט רבי חנינא געלערנט מיט זײַנע תּלמידים אַ שיעור אין הלכות עופֿות און געזאָגט אַ סך חידושים. מיט אַ מאָל איז אָנגעקומען צו פֿליִען אַ שוואַרצע קראָ, וואָס האָט תּפֿילה געטאָן צו גאָט ברוך־הוא, אַז ער זאָל רבי חנינאן באַהיטן פֿאַר דעם גרויסן נסיון, וואָס שטייט אים פֿאָר. האָט זיך רבי חנינא, וואָס האָט פֿאַרשטאַנען דאָס לשון פֿון די פֿייגל, שטאַרק געחידושט אויף די רייד פֿון דער קראָ. באַלד דערנאָך איז אָנגעקומען צו פֿליִען אַן אַנדער פֿויגל, וואָס האָט פּונקט אַזוי ווי דער ערשטער הויך געשריִען און געבעטן השם יתברך, אַז ער זאָל רחמנות האָבן אויף רבי חנינאן און אים מציל

זײַן פֿון דעם שווערן נסיון. ווייסן מיר דאָך גוט, אַז רבי חנינא האָט דאָס אַלץ פֿאַרשטאַנען, היות ווי דער פֿראָש האָט אים אויס־געלערנט דאָס לשון פֿון די חיות און פֿייגל, אַזוי ווי מיר האָבן אויבן געלייענט.

גראָד אין יענעם טאָג זײַנען די עלטסטע פֿון ישׂראל ווידער געקומען צום מלך, אַזוי ווי ער האָט זיי געהייסן, כּדי צו פֿאַרנעמען פֿון אים די צוגעזאָגטע תּשובֿה. בשעת זיי האָבן גערעדט מיטן מלך, איז מיט אַ מאָל אָנגעקומען צו פֿליִען אַ גרויסער פֿויגל, וואָס האָט געהאַט אין זײַן שנאָבל אַ לאַנגע גילדענע האָר, און זי אַרויפֿגע־וואָרפֿן אויפֿן אַקסל פֿון מלך. האָט זי דער מלך גענומען אין זײַן האַנט אַרײַן, זי גענוי באַטראַכט און דערזען, אַז די לענג פֿון דער האָר איז פּונקט ווי זײַן גרייס. זאָגט ער צו די עלטסטע פֿון ישׂראל, אַז ער וועט בשום אופֿן נישט נעמען קיין אַנדער ווײַב ווי נאָר די, צו וועלכער עס געהערט אָט די האָר, און בשעת מעשׂה באַפֿעלט ער זיי, אַז זיי זאָלן אַרויסגיין און אים ברענגען למען השם די פֿרוי, צו וועלכער עס געהערט אָט די האָר. אויב זיי וועלן דאָס נישט טאָן, וועט ער, חס ושלום, אומברענגען כּל ישׂראל. אַז די עלטסטע האָבן דערהערט אַזעלכע דיבורים, האָבן זיי זיך גאָר שטאַרק דער־שראָקן און נישט געוווּסט וואָס פֿאַר אַן עצה זיך צו געבן. עס זײַ־נען אָבער צווישן זיי געווען אַזעלכע לײַט, וואָס האָבן רבי חנינאן פֿײַנט געהאַט בתּכלית השׂנאה און אים פּשוט נישט פֿאַרגונען, וואָס ער איז אַזאַ חשובֿ בײַ דעם מלך. זײַנען זיי געפֿאַלן אויף אַ גע־דאַנק, ווי אַזוי זיך נוקם צו זײַן אין אים. האָבן זיי געזאָגט צום מלך: „אַדונינו המלך, אין דײַן גאַנץ מלכות איז נישטאָ קיין פּאַסי־קערער מענטש, וועלכער זאָל קענען אויספֿירן דעם ווילן פֿון מלך, ווי רבי חנינא, וואָס זײַן חכמה איז גרויס און ער ווייס אַ סך. ער וועט זיכער זײַן בכּוח אויסצוגעפֿינען ווו די פֿרוי מיט דער גיל־דענער האָר וווינט". למען האמת מוז געזאָגט ווערן, אַז מיט זייער שבֿח און דער קלוגער עצה זײַנען אָט די לײַט נישט אויסן געווען די טובֿה פֿון רבי חנינאן, נאָר אַדרבא אים אונטערשטעלן אַ פֿיסל,

אַז ער זאָל ווערן געשטרויכלט. וואָרעם, אויב ער וועט די מלכּה נישט געפֿינען, וועט אים דאָך דער מלך פֿײַנט באַקומען און זײַן גורל וועט דעמאָלט זײַן באַזיגלט. אַז דער מלך האָט געהערט די רייד פֿון זײַנע שׂרים, האָט ער געשיקט רופֿן רבי חנינאַן און אים באַפֿוילן אַרויסצוגיין איבער דער וועלט און זוכן פֿאַר אים די מלכּה. פֿאַרשטייט זיך, אַז רבי חנינא האָט נישט געקענט זיך אַנטקעגנשטעלן דעם רצון פֿון קעניג, מחמת ער האָט מורא געהאַט אימת־מוות פֿאַר זײַן צאָרן. ער האָט דעריבער נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי אָנצונעמען די שליחות. וואָס אַן אמת, האָט דער קעניג אים געוואָלט מיטגעבן אויפֿן וועג אַ מענטשן וואָס זאָל אים באַגלייטן, אָבער רבי חנינא האָט זיך דערפֿון אָפּגעזאָגט און געוואָלט ליבערשט גיין אַליין.

הקיצור, רבי חנינא איז אײדער וואָס און אײדער ווען צו זיך אַהיימגעגאַנגען. ער האָט זיך געזעגנט מיט זײַן ווײַב און קינדער און מיטגענומען צוועלף גילדן און דרײַ לאַבן ברויט צידה לדרך, און דערנאָך זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. זײַנע תּלמידים האָבן אים באַגלייט ביז הינטער דער שטאָט, פֿון וואַנען ער האָט זיי געהייסן צוריק גיין אַהיים. אַזוי האָט ער זיך געלאָזט גיין אַליין איבער וועגן און פֿעלדער, אָפּט אין אַ טיפֿן שניי, ביז ער איז אַ מידער אַנידערגעפֿאַלן אונטער אַ בוים און זיך גענומען אויסרוען. מיט אַ מאָל הערט ער, ווי אַ קראָ קלאָגט זיך, אַז זי האָט שוין גאַנצע דרײַ טעג גאָרנישט ניט גענומען אין מויל אַרײַן. אַז רבי חנינא האָט דאָס געהערט, איז ער צוגעגאַנגען צו דער קראָ און איר געגעבן אַ שטיק פֿון זײַן ברויט, פּשוט כּדי זי צו דערהאַלטן בײַם לעבן. אויפֿן צווייטן טאָג האָט רבי חנינא געהערט, ווי אַ הונט וואָיעט און באַקלאָגט זיך מיט אַ הינטיש געוויין, אַז שוין זעקס טעג האָט ער גאָרנישט ניט געגעסן. איז ווידער רבי חנינא צו אים צוגעגאַנגען און אים דערלאַנגט אַ שטיק פֿון זײַן ברויט, כּדי אים צו דערהאַלטן בײַם לעבן. צום סוף האָט שוין רבי חנינא אַליין נישט געהאַט קיין ביסן ברויט פֿאַר זיך צו עסן.

אויפֿן דריטן טאָג, אַז ער איז אַרויסגעקומען פֿון וואַלד, האָט אַ הייסע זון געשׂרפֿעט און ער איז צוגעקומען דערנאָך צו אַ שייר נער, גרינער לאָנקע, וווּ עס זײַנען געוואַקסן כּל המינים געשמאַקע קרײַטעכצער. ער האָט דערפֿון געגעסן און זיך פּשוט דערקוויקט. גייענדיק ווײַטער, איז ער צוגעקומען צו אַ גרויסן טײַך. זעט ער, ווי פֿישערס פֿישן אין וואַסער און האָבן בשעת מעשׂה געכאַפּט אַזאַ גרויסן פֿיש, אַז זיי זײַנען אַפֿילו נישט געווען בכּוח אים אַרויסצוציִען פֿון וואַסער. איז ער צוגעגאַנגען און זיי געהאָלפֿן אַרויסציִען דעם פֿיש אויף דער יבשה. איז דאָס געווען גאָר אַ גרויסער, שיינער פֿיש, וואָס רבי חנינא האָט בײַ זיי אָפּגעקויפֿט פֿאַר צוועלף גילדן. דערנאָך האָט ער גענומען דעם פֿיש און אים צוריק אַרײַנגעוואָרפֿן אין וואַסער. איז דער פֿיש געווען מלא שׂמחה, וואָס ער איז געוואָרן אויסגעלייזט פֿון די הענט פֿון זײַנע פֿאַנגערס.

פֿון דאַנען איז רבי חנינא ווײַטער געגאַנגען, ביז ער האָט דערזען פֿאַר זיך ליגן אַ שטאָט. איז ער אַהינצו אַרײַן. גראָד איז דאָס געווען די שטאָט, ווו די מלכּה פֿון דער גילדענער האָר האָט געלעבט. האָט רבי חנינא אַזוי לאַנג זיך נאָכגעפֿרעגט, ביז ער איז געוווּיר געוואָרן, ווו די מלכּה וווינט. אַז ער איז אָנגעקומען פֿאַר איר הויז, האָט זי גראָד אַרויסגעקוקט פֿון פֿענצטער און דערזען, ווי רבי חנינא שטייט פֿאַרן טויער. זי האָט אים באַלד דער־קענט, וואָס פֿאַר אַ חכם און מושלם ער איז, און געזאָגט צו אירע יועצים: „אונטן שטייט איינער, וואָס איז אַ גרויסער חכם; גייט־אַראָפּ און ברענגט אים אַרויף צו מיר". האָבן זיי אַזוי געטאָן. אַז רבי חנינא איז געשטאַנען פֿאַר דער מלכּה, האָט ער גערעדט צו איר מיט גרויס אָפּשײַ און דרך־ארץ, ווי מען באַדאַרף ריידן צו אַ מלכּה. ער האָט איר טאַקע דערציילט וועגן זײַן שליחות און מוסיף געווען, אַז טאָמער זי וועט נישט וועלן נעמען דעם קעניג פֿאַר אַ מאַן, דעמאָלט איז גרויס די סכּנה, אַז אַלע ייִדן זאָלן, חלילה, אויס־געהרגעט ווערן. דערויף האָט אים די מלכּה געענטפֿערט: „איך האָב פֿאַרנומען דײַנע רייד און בין גרייט מיט דיר מיטצוגיין, כּדי

מציל צו זײַן די ייִדן פֿון פֿאַרלענדונג. איך ווייס אָבער, וואָס פֿאַר אַ גרויסער חכם דו ביסט, וויל איך דיך דעריבער בעטן, אַז דו זאָלסט פֿאַר מיר טאָן צוויי זאַכן. אויב דו וועסט זיי אויספֿירן, וועל איך מיט דיר מיטגיין, אויב ניש — נישט. דאָס איז מײַן תּנאַי. מײַן ערשטער ווונטש איז, אַז דו זאָלסט מיר ברענגען צוויי קריגלעך מיט וואַסער: איין קריגל מיט וואַסער פֿון גן־עדן און דאָס אַנדערע פֿון גיהנום. ווען דו האָסט דאָס פֿאַר מיר באַזאָרגט, וועל איך דיר דעמאָלט זאָגן, וואָס דו זאָלסט נאָך פֿאַר מיר טאָן". בײַ זיך האָט זי אָבער געטראַכט, אַז סײַ ווי וועט ער נישט באַוויַזן אויסצופֿירן די שליחות מיט דעם וואַסער, מחמת דאָס איז פּשוט געווען אוממעגלעך, ווי דער אמת איז טאַקע געווען. אַז רבי חנינא האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן גאָר טרויעריק. די מלכּה האָט אָבער צו אים געזאָגט: „אַוודאי איז די האָר געקומען פֿון מיר. איך ווייס נאָך אַקוראַט, ווי דאָס איז צוגעגאַנגען. אַ מאָל האָב איך געצוואָגן אין מײַן גאָרטן דעם קאָפּ. איז אָנגעקומען אַ פֿויגל און מיר אַרויסגעצויגן אַ האָר. דעריבער טאַקע פֿעדער דיך אויסצופֿירן מײַן בקשה, אַזוי וועל איך מיטגיין מיט דיר ווי דו האָסט מיך געבעטן". וואָס האָט, נעבעך, געקענט רבי חנינא טאָן? מיט אַ שווער האַרץ איז ער אַרויסגעגאַנגען פֿאַר דער טיר און תּפֿילה געטאָן צו השם יתברך, אַז ער זאָל זיך דערבאַרעמען און אים העלפֿן צו באַקומען דאָס וואַסער, כּדי טאַקע אויף אַזאַ אופֿן מציל צו זײַן דאָס ביסל ייִדן פֿון דער גרויסער סכּנה. ווייס דאָך איין גאָט, אַז ער האָט זיך געלאָזט אין אַזאַ וויַטן וועג, פֿול מיט סכּנות און יסורים, און זאָל ער גאָר איצט צוריקגיין מיט ליידיקע הענט? און ווי ער גיסט אַזוי אויס זײַן ביטער געמיט פֿאַרן בורא־עולם, קומט מיט אַ מאָל צו פֿליִען אַ קראָ. און געווען איז דאָס די זעלביקע קראָ, וואָס האָט גאַנצע דרײַ טעג געהאַט נישט געגעסן און רבי חנינא האָט זיך אויף איר דערבאַרעמט און געשפּײַזט פֿון זײַן ברויט. רופֿט די קראָ רבי חנינאן בײַ זײַן נאָמען און זאָגט צו אים: „ליבער רבי, דערקענט איר מיך נישט? איך בין דאָך דער פֿויגל,

וואָס איר האָט געקאָרמעט מיט אײַער ברויט אין וואַלד. איך האָב פֿאַרנומען אײַער װײגעשריי וועגן דעם וואַסער און איך וויל אײַך העלפֿן. בינדט מיר אָן צוויי קריגלעך אויף מײַנע פֿליגלען, אַזוי וועל איך אַוועקפֿליִען און אײַך ברענגען דאָס וואַסער, וואָס איר דאַרפֿט האָבן, כּדי צו קענען מציל זײַן די ייִדן פֿון דער בייזער גזירה". אַז רבי חנינא האָט דאָס געהערט, איז ער געוואָרן מלא שׂמחה. ער האָט, על־כּן, אָנגעבונדן דעם פֿויגל פֿון ביידע זײַטן צו איין קריגל, אַזוי ווי דער פֿויגל האָט געוואָלט. באַלד איז דער פֿויגל אַוועקגעפֿלויגן אין גיהנום און דאָרט אָנגעפֿולט דאָס אײנע קריגל מיט זודיקן וואַסער, אָבער מחמת דער גרויסער היץ פֿון גיהנום האָט ער זיך אָפּגעסמאַליעט זײַנע פֿעדערן. גיך איז ער אָבער פֿון דאַנען אַוועקגעפֿלויגן צו דעם טײַך, וואָס פֿליסט־אַרויס פֿון גן־עדן און זיך דאָרט אָפּגעטובֿלט. דערפֿון זײַנען זײַנע פֿעדערן געוואָרן אַזוי ווי פֿריִער און ער איז געהיילט געוואָרן. דערנאָך האָט ער אָנגעשעפּט דאָס אַנדערע קריגל מיטן גן־עדן־וואַסער און איז מיט גרויס פֿרייד אַוועקגעפֿלויגן צוריק צו רבי חנינאן, כּדי אים איבערצוגעבן די צוויי קריגלעך מיט דעם אויסבאַדונגענעם וואַסער. רבי חנינא איז דערנאָך אַרײַן צו דער מלכּה און גוט אויפֿגעלייגט איר צוגעטראָגן די קריגלעך מיט וואַסער. זאָגט צו אים די מלכּה: „איך וויל צו ערשט זען, אויב דאָס וואַסער איז טאַקע עכט און נישט געפֿעלשט". זי האָט דערויף גענומען דאָס קריגל מיט וואַסער פֿון גיהנום און מיט דעם באַשפּריצט די האַנט — איז זי שיִער נישט פֿאַרברענט געוואָרן. האָט זי אויף גיך גענומען דאָס וואַסער פֿון גן־עדן און מיט דעם אײַנגעשמירט די האַנט — איז זי באַלד געוואָרן אַזוי ווי פֿריִער. אויף אַזאַ אופֿן האָט זי דערקענט, אַז רבי חנינא האָט זי נישט אָפּגענאַרט, און אַז די וואַסערן זײַנען עכט. דעמאָלט ווענדט זי זיך ווידער אַ מאָל צו רבי חנינאן און זאָגט: „איצונדער וויל איך דיך בעטן אויסצופֿירן פֿאַר מיר אַ צווייטע שליחות: אַמאָל בין איך געפֿאָרן אויפֿן ים, איז מיר אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער האַנט אַ גילדן רינגל מיט אַן אבן־טובֿ און אַרײַן אין ים.

אויב דו וועסט קענען מיר אָפּזוכן דאָס רינגל, וועל איך מיט דיר גיין וווהין דו וועסט נאָר וועלן". אָבער בשעת מעשׂה האָט זי זיך געטראַכט, אַז סײַ ווי וועט ער דאָס נישט באַוויזן צו געפֿינען. אָבער השם יתברך אין זײַן גרויסער דערבאַרעמדיקייט האָט אים אויך דאָס מאָל נישט פֿאַרלאָזט און אים ווידער געהאָלפֿן.

מיט אַ טיפֿן אומעט אין האַרצן איז איצט רבי חנינא אַרויס הינטער דער שטאָט, זיך אַוועקגעשטעלט בײַם טײַך און הייס תּפֿילה געטאָן צו גאָט ברוך־הוא. מיט אַ מאָל איז אָנגעקומען דער גרויסער פֿיש, וואָס רבי חנינא האָט געהאַט אויסגעקויפֿט פֿון די פֿישערס, און מאַכט צו אים: „מײַן ליבער רבי, דערקענט איר מיך נישט? איך בין דאָך דער פֿיש, וואָס איר האָט אַ מאָל אויסגעלייזט פֿון די הענט פֿון די פֿישערס. זאָגט, וואָס איר באַגערט, און איך וועל אײַך דאָס טאָן". זאָגט צו אים רבי חנינא: „איך מוז האָבן דאָס פֿינגערל, וואָס די מלכּה האָט אַ מאָל פֿאַרלוירן אין ים". גאָר גיך איז דער גוטער פֿיש אַוועק צום לוויתן און דערציילט אים די גאַנצע מעשׂה, ווי אַזוי אָט דער מענטש האָט אים אַמאָל גערעטעוועט זײַן לעבן בעת די פֿישערס האָבן אים געכאַפּט. אַצינד איז דער מענטש אין אַן עת־צרה, איז ער געקומען צו אים מיט דער בקשה: די מלכּה האָט פֿאַרלוירן אין ים אַ טײַער רינגל, וויל ער דאָס זוכן און עס צוריקגעבן דער מלכּה. „על־כּן, איז מײַן בקשה צו אײַך, אַדוני מלך, העלפֿט רבי חנינאן צו פֿאַרשאַפֿן דאָס רינגל". באַלד האָט טאַקע דער לוויתן צונויפֿגערופֿן אַלע פֿיש פֿון ים הגדול און זיי בײַ חרם געפֿרעגט, ווער עס האָט אַראָפּגעשלונגען דאָס רינגל — דער זאָל עס תּיכף אָפּגעבן. נו, האָט זיך געיאַוועט אַ פֿיש און האָט דאָס רינגל אויסגעשפּיגן. האָט דער גרויסער פֿיש גענומען דאָס רינגל און געבראַכט צו רבי חנינאן און עס אויסגעשפּיגן אויף דער יבשה. מיט אַ מאָל איז געקומען צו לויפֿן אַ וואַלד־חזיר, צוגעכאַפּט דאָס רינגל און עס אַראָפּגעשלונגען. האָט רבי חנינא ווידער אַ מאָל אָנגעהויבן פֿאַר גרויס צער צו וויינען און צו שרײַען צו השם יתברך, אַז ער זאָל אים העלפֿן. האָט זיך

פלוצעם געיאַוועט דער הונט, וואָס ער האָט געהאַט געקאָרמעט מיט זײַן ברויט אין וואַלד, און זאָגט צו אים: „ליבער רבי, דער־קענט איר מיך נישט?‟ — ענטפֿערט רבי חנינא: „ניין‟. זאָגט ווײַטער דער הונט: „איך בין דאָס דער הונט, וואָס איר האָט אים געשפּײַזט אין וואַלד מיט אײַער רעפֿטל ברויט. איך בין איצט געקומען אײַך צו דינען מיט וואָס איר ווילט נאָר‟. זאָגט צו אים רבי חנינא: „דו ביסט מיר אויף אַן אמת איצט זייער אָנגעלייגט. איך האָב דאָ פֿאַרלוירן אַ רינגל, איז געקומען דער וואַלד־חזיר און עס אַראָפּגעשלונגען‟. נישט לאַנג געטראַכט, האָט דער הונט גענומען נאָכיאָגן דעם חזיר, אים געפּאַקט און צעריסן אויף שטי־קער, אַזוי אַרום האָט רבי חנינא ווידער געפֿונען דאָס רינגל און איז מיט דעם באַלד אַוועק צו דער מלכּה. אַז די מלכּה האָט דאָס דערזען, האָט זי זיך גוואַלדיק דערשראָקן, ווײַל זי האָט אַפֿילו גאָר נישט געחלומט, אַז ער וועט איר קענען אָפּברענגען דאָס רינגל. זאָגט זי צו אים דעמאָלט: „איך האָב דיר צוגעזאָגט, אַז אויב דו וועסט אויספֿירן מײַנע צוויי שליחותן, וועל איך מיט דיר מיט־ציִען. דו האָסט דײַנס געטאָן, דעריבער וויל איך אויך מײַן וואָרט האַלטן און גיין מיט דיר‟. און אַזוי האָט זי זיך צוזאַמען מיט אירע יועצים געלאָזט אין וועג אַרײַן צו דעם מלך פֿון ישׂראל.

אַז דער מלך האָט זיי דערזען, איז זי אים גאָר שטאַרק געפֿעלן געוואָרן. ער האָט געשיקט רבי חנינאַן, אַז ער זאָל אַלעמען פֿאַר־בעטן אויף דער חתונה. אַז די שׂרים פֿון מלך האָבן געזען, ווי רבי חנינא האָט באַגליקט אין זײַן שליחות און איז ווידער געוואָרן אַ בן־בית בײַם מלך, האָבן זיי פֿאַרטראַכט אַ פּלאַן, ווי אַזוי אים אָפּצורוימען פֿון וועג. זיי האָבן אים, מחמת גרויס קנאה, אָפּגע־וואַרט אין אַ שטיל געסל און דערהרגעט. אַז די מלכּה האָט דערפֿון געהערט, האָט זי זיך גאָר שטאַרק דערשראָקן. זי איז גיך אַוועק צו דעם אָרט, ווו דער הרוג איז געלעגן, און געלאָזט וויסן, אַז ער איז גאָר נישט טויט. זי האָט אויף גיך גענומען דאָס וואַסער פֿון גן־עדן און אים מיט דעם באַשפּריצט, אַזוי אַז ער איז גע־

וואָרן ווידער לעבעדיק, ווי קיין מאָל גאָר נישט. האָט זיך דער מלך מיט זײַנע שׂרים גאָר שטאַרק געחידושט, ווי אַזוי די מלכּה האָט אים פֿאָרט געקענט מחיה מתים זײַן. זאָגט דעמאָלט דער קעניג: „איך וועל חתונה האָבן מיט דער מלכּה, נאָר בתּנאי, זי זאָל מיך צו ערשט דערהרגענען און דערנאָך מחיה מתים זײַן“. זאָגט צו אים די מלכּה: „מײַן ליבער הער קעניג, איך בעט אײַך, טוט דאָס נישט, מחמת די סכּנה איז גרויס. אויב איך בין שוין יאָ בכּוח אײנעם מחיה מתים צו זײַן, איז דאָס נאָר אַזעלכן וואָס איז אַ צדיק גמור און אַ גרויסער ירא־שמים“. עס האָבן אָבער גאָר נישט געהאָלפֿן קיין טענות און מענות. דער קעניג איז באַשטאַנען אויף זײַנס און האָט דעריבער געהייסן אײנעם פֿון זײַנע דינערס, אַז ער זאָל אים דערהרגענען. וואָס טוט דעמאָלט די מלכּה? זי האָט גענומען דאָס וואַסער פֿון גיהנום און אַרויפֿגעגאָסן אויף אים, איז פֿון אים געוואָרן איטל אַש און שטויב. ווענדט זי זיך דערנאָך צו די שׂרים פֿון מלך און זאָגט: „אַדרבא, זעט אַליין, מײַנע ליבע האַרן! וואָלט דער מלך געווען אויף אַן אמת פֿרום, וואָלט ער גע־וואָרן ווידער לעבעדיק. אָבער ווי איך זע, איז ער טאַקע געווען אַ רשע גמור“. אַז די חכמים פֿון מלך האָבן זיך אַרומגעקוקט און געזען, וואָס פֿאַר אַ גרויסער חכם און צדיק רבי חנינא איז, האָבן זיי צווישן זיך געהאַלטן אַן עצה און דערנאָך באַשלאָסן פּה־אחד, אים צו מאַכן פֿאַר אַ מלך איבער ישׂראל. היות ווי זײַן ווײַב איז אים אין צווישן געהאַט געשטאָרבן, האָבן זיי אים געגעבן די מלכּה פֿאַר אַ ווײַב און ער האָט געמשפּט ישׂראל אַ סך יאָרן. דער היוצא לנו מזה איז, אַז היות ער האָט גוט אויסגעפֿירט זיין שליחות, האָט ער זיך כּשר פֿאַרדינט די מלכּה מיט דער גילדענער האָר פֿאַר אַ ווײַב.

מ״ב קמ״ג. — אָן מקור. — אוצר מדרשים, ז׳ 344. — רעווי, נ׳ 8. עקסעמפּלא, נ׳ CCCV, העבר׳ טעקסט. — לעגענדן V, ז׳ 148, נ׳ 49. — גרינבוים, 407 א״וו. אין העברעיִשן טעקסט הייסט דער העלד פֿון דער מעשה יוחנן און אין מ״ב חנינא. דאָרט איז עס אַן עקדיש (עקרב) און דאָ אַ פֿראָש.

אין דער מעשה פלא האָבן מיר אַ געזעמל פון מאָטיוון, וואָס זײַנען שטאַרק פאַרשפרייט אינעם אינטערנאַציאָנאַלן פאָלקלאָר. לאָמיר דאָ דערמאָנען עט־לעכע פון אַ ריי. די דאַנקשאַפט פון חיות. H 346 און B 399 - B.350. דאָס לשון פון חיות און פייגל, וואָס דער מענטש לערנט. D 217. כל התורה כולה און דערצו די שבעים לשונות. די מלכה מיט דער גילדערנער האָר. די שווערע אויפגאַבעס פאַרן העלד. קריגלעך מיט וואַסער פון גן־עדן און גיהנום. פ״גל אויך מאָטיוו B 571 און N 785. דאָס אָפזוכן אינעם וואַסער דעם פאַרלוירענעם רינג. פ״גל מאָטיוו־אינד׳ B 548.2. דער פאַרכישופטער פראָש, וואָס איז גאָר דער זון פון אָדם הראשונען. אפשר האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַן איבערבלײַב פון אַן אַלטן מיטאָס, וואָס דערציילט ווי אָדם הראשון האָט געלעבט מיט ליליתן, די מלכה פון די רוחות, בעת ער האָט זיך געהאַט פורש געווען פון חוהן. פ״גל אויך, מיטלים, „ר׳ חנינא און דער פראָש״, די גאָל־דענע קייט, נ׳ 54; בעל־דמיון (נחום שטיף), „מעשה פון דעם פרומען רב חנינא״, מאָסקווע 1917. — צו מקורים: א. ב. רבן־סירא, נ׳ 1. — צו מאָטיוון: פייגל וואָס זאָגן פאָרויס די צוקונפט פון אַ מענטש

## 68 די עבודה־זרה אין אַ בוים

אַ מעשה. אַ מאָל איז געווען אַ גאָטפאָרכטיקער ייִד, האָט ער געהאַט אַ שיין שטיק פעלד. איז דאָרט געשטאַנען אַ מעכטיקער בוים, צו וועלכן די גויִים האָבן, משמעות, געדינט און געמאַכט דערפון אַן עבודה־זרה. זיי האָבן אים כסדר געבראַכט טײַערע מתנות און געלט. אָבער וואָס דער פרומער באַלעבאָס האָט געהאַט פאַרזייט אויפן פעלד, האָבן די געצן־דינערס צעטראָטן מיט זייערע פיס. אַ מאָל מאַכט ער צו זײַן ווײַב: „ווי קומט דאָס, וואָס אונדזער פעלד טראָגט אַזוי ווייניק פרוכט, הגם מיר באַאַרבעטן עס און באַמיסטיקן עס מיט אַזוי פיל פלײַס?״

ויהי היום, בעת דער פרומער באַלעבאָס איז אַרויס אויף אַ שפּאַציר אויפן פעלד, האָט ער באַמערקט, ווי די גויִים שפּילן און טאַנצן אַרום דעם בוים. האָט ער בײַ זיך געטראַכט: איצט פאַר־שטיי איך שוין, פאַר וואָס דאָס פעלד איז אַזוי מוראדיק צעשע־דיקט. איז ער אַוועק אַהיים, גענומען אַ האַק און געוואָלט מיט דעם

אָפּהאַקן דעם בוים. דערציילט ער, אַגבֿ, זײַן ווײַב, וואָס ער האָט בדעה צו טאָן. זאָגט צו אים דאָס ווײַב: „מײַן ליבער מאַן, אויב עס איז אַזוי ווי דו זאָגסט, גיי און האַק־אָפּ דעם בוים, כּדי דאָס ביסל קאָרן פֿון פֿעלד זאָל מער נישט ווערן צעטראָטן. האָט דער מאַן גענומען די האַק און אַרויס אויפֿן פֿעלד צום בוים. מיט אַ מאָל זאָגט דער בוים צו אים (דאָס איז געווען דער בעל־דבֿר אַליין, וואָס האָט אַזוי גערעדט): „ליבער, פֿאַרשוין מיך און לאָז מיך שטיין, דערפֿאַר וועסטו פֿון מיר באַקומען יעדן פֿרימאָרגן דרײַ גילדן". טראַכט זיך דער פֿרומער באַלעבאָס: „דרײַ גילדן יעדן טאָג — דאָס קען מען באמת נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. איך וועל דערפֿאַר לאָזן שטיין דעם בוים". ער איז, על־כּן, ווידער געגאַנגען צו זיך אַהיים, טראַכטנדיק אַז מסתּמא האָט אים השם יתבּרך באַשערט אַזאַ ווילדע מציאה. אַז ער איז אַהיים געקומען, האָט ער דערציילט זײַן ווײַב, וואָס עס האָט זיך מיט אים פֿאַר־לאָפֿן און וואָס דער בוים האָט צו אים געזאָגט. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס ווײַב זײַנס איז געווען מיט דעם זייער צופֿרידן. און זיי ביידע האָבן זיך גאָר שטאַרק געפֿרייט מיט דער דאָזיקער באַ־שערטקייט.

הכּלל, דער פֿרומער איז יעדן טאָג אַרויס אויפֿן פֿעלד און דאָרט געפֿונען זײַנע דרײַ גילדן, אַזוי אַז מהיום והלאה האָט ער שוין נישט מער אַכטונג געגעבן אויף דער תּבֿואה פֿון פֿעלד און זי געלאָזט מכלה זײַן. ער האָט אָבער נישט געוווּסט, אַז די געצן־דינערס האָבן געמאַכט פֿון זײַן בוים אַן עבֿודה־זרה. דער פֿרומער איז געוואָרן מיט דער צײַט זייער רײַך, ווי מען קען דאָס אַפֿילו גאָר נישט דערציילן. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ סך קנעכט און דינסט־מיידן, בהמות, הײַזער און שײַערס לרובֿ. נישט לאַנג דערנאָך האָבן אָנגעהויבן צו שטאַרבן די קינדער פֿון דעם פֿרומען. האָט ער זיך דאָס גענומען שטאַרק צום האַרצן און טראַכט בײַ זיך: „רבונו של עולם, פֿאַר וואָס פֿאַר אַ זינד ביסטו מיך מעניש אַזוי אומברחמ־נותדיק?" — האָט ער דאָך געהאַלטן, אַז ער איז זייער גאָטפֿאָרכ־

טיק, און ער איז דאָס אויך געווען אויף אַן אמת. ער האָט זיך אָבער נישט משער געווען, אַז ער האָט זיך פֿאַרזינדיקט מיטן בוים, וואָס איז געווען, אָן זײַן וויסן, אַן עבֿודה־זרה.

אין איין שיינעם העלן טאָג, בשעת דער פֿרומער האָט גע־שפּאַצירט אויף זײַן פֿעלד, האָט ער געזען, ווי די גויים וואַרפֿן־אַרײַן געלט אינעם בוים. האָט ער ערשט דעמאָלט דערפֿון אָפּגע־לערנט, אַז זיי דינען צום בוים ווי אַן עבֿודה־זרה. האָט ער זיך דעמאָלט געטראַכט: מסתּמא האָב איך מיך פֿאַרזינדיקט מיטן בוים, והאָ ראַיה, אָט זײַנען מיר מײַנע קינדער אַוועק פֿון דער וועלט. זאָגט ער צו זיך: „רבונו של עולם, דו ביסט גערעכט און דײַן משפּט איז גערעכט. איך וועל שוין אויף גאָר נישט קוקן און אָפּ־האַקן דעם בוים, אַפֿילו ווען ער זאָל מיר שוין וועלן געבן יעדן טאָג טויזנט גילדן". הקיצור, דער פֿרומער איז באַלד אַוועק צו זיך אַהיים, גענומען אַ האַק אין זײַן האַנט און אַרויסגעלאָפֿן צום בוים און אָנגעהויבן אים אָפּהאַקן. בעט זיך דער בוים בײַ אים: „ליבער, פֿאַר וואָס ווילסטו מיך דווקא אָפּהאַקן? באַקומסטו דאָך פֿון מיר יעדן טאָג אַזוי פֿיל געלט?" — אָבער דער פֿרומער האָט זיך נישט געקערט אין די ווערטער און דעם בוים אַלץ ווײַטער געהאַקט. זאָגט צו אים דער בוים ווידער: „ליבער, לאָז מיך שטיין און דערפֿאַר וועסטו בײַ מיר געפֿינען יעדן טאָג צען גילדן". ענט־פֿערט אים דער פֿרומער: „איך וועל דיר בײַ קיין שום אופֿן נישט לאָזן שטיין, אַפֿילו ווען דו זאָלסט מיר שענקען יעדן טאָג טויזנט גילדן". אַז דער שד, וואָס האָט געוווינט אינעם בוים, האָט געזען, אַז עס וועט שוין אים גאָר נישט מער העלפֿן, און אַז דער פֿרומער וועט שוין דעם בוים ניט שאַנעווען, איז ער מיט אַ מאָל אַרויס־געפֿלויגן פֿון דאָרט.

דער פֿרומער איז דערנאָך אַוועק צו די סנהדרין און בײַ זיי געפֿרעגט, ווי אַזוי ער זאָל זיך נוהג זײַן מיט דעם געלט, וואָס ער האָט באַקומען פֿון דער עבֿודה־זרה, מחמת ער האָט נישט געוואָלט האָבן קיין הנאה דערפֿון. האָבן אים די סנהדרין געזאָגט, אַז ער

זאָל נעמען אַלצדינג, וואָס ער האָט זיך אײַנגעשאַפּט מיטן געלט פֿון בוים, און ווידער פֿאַרקויפֿן, און דערנאָך אָפּטראָגן דאָס צום בוים. האָט דער פֿרומער מאַן אַזוי געטאָן. ער האָט אָפּגעבראַכט דאָס געלט און עס באַגראָבן טיף אונטערן בוים אין דער ערד. דערנאָך האָט ער געאַקערט דעם גאַנצן באָדן און ווידער פֿון דאָס נײַ פֿאַרזייט זײַן פֿעלד. האָט ער געהאַט אַ ברכה אין זײַן תּבֿואה און דאָס זעלביקע יאָר אַראָפּגענומען הונדערט מאָס קאָרן. אויף אַזאַ אופֿן איז אים מן השמים באַשערט געווען צו האָבן אַ סך גוטס און ער איז נתעשר געוואָרן. פֿון דעסט וועגן האָט ער זיך מלכתּחילה געהאַט פֿאַרזינדיקט און מחמת דעם זײַנען טאַקע זײַנע קינדער פֿרי אַוועק פֿון דער וועלט.

דערפֿאַר, איר ליבע לײַט, לאָזט אײַך נישט פֿון דער עבֿודה־זרה פֿאַרפֿירן, ווען זי וועט אַפֿילו אײַער בײַטל גוט שמירן, ווײַל זי טוט עס, אַז אַ ייִד זאָל די וועלט פֿאַרלירן. אָבער השם יתברך קען אים צושיקן, אַז ער זאָל באַגליקן, אויב ער וועט נאָר דערצו ראוי זײַן.

מ״ב ק״צ. (ב. קפ״ט). — חיבור מגושיות, 15. עקסעמפּלאַ, ז׳ 236, ג׳ 307. — מאָטיוו: עשירות דורך אַ שד. מאָטיוו־אינד׳ N. 699.5. און טיפּן נ׳ 1168 b (אַן אינדישער מאָטיוו).

## 69 די צוואה פֿון אַ פֿאָטער

אַ מעשׂה שהיה. עס האָט אַמאָל געלעבט אַ ייִד אַ צדיק, האָט ער געהאַט אַ זון. אַז עס איז געקומען זײַן צײַט אַוועקצוגיין פֿון דער וועלט, האָט ער געזאָגט צו זײַן זון: „ליבער זון, דער מענטש געפֿינט זיך אין ברוך־הואס האַנט און עס איז איצט געקומען מײַן צײַט צו שטאַרבן. וויל איך דיך בעטן, דו זאָלסט נאָך מײַן טויט אַרויסגיין יעדן טאָג צום טײַך און אַרײַנוואַרפֿן אַ שטיק ברויט פֿאַר די פֿיש. איך ווייס, אַז צום סוף וועט דאָס זײַן פֿון דײַן טובֿה

װעגן". האָט דער זון מיט טרערן אין די אױגן דאָס צוגעזאָגט זײַן פֿאָטער, און זאָגט דערנאָך צו אים: „טײַערער טאַטע, איך גלייב נישט, אַז דו װעסט, חלילה, אַזוי שנעל שטאַרבן, אָבער דאָס װאָס דו האָסט מיר באַפֿוילן, װעל איך, אם־ירצה־השם, תּמיד האַלטן, װי שװער דאָס זאָל נישט אַ מאָל זײַן פֿאַר מיר, מחמת דו האָסט עס מיר געבאָטן". הקיצור, דער צדיק איז באַלד דערנאָך נפֿטר געװאָרן און די גאַנצע שטאָט האָט נאָך אים געטרויערט, מחמת ער איז געװען אַ גרױסער, ערלעכער ייִד. אַז די שבֿעה איז אַריבער, איז דער זון אױפֿגעשטאַנען און איז כּסדר אַװעק יעדן טאָג צום װאַסער און דאָרט אַרײַנגעװאָרפֿן אַ שטיק ברויט, אַזױ װי זײַן פֿאָטער האָט אים די צװאה געמאַכט.

אין װאַסער איז אָבער געװען אַן אומדערזעטלעכער פֿיש, װאָס האָט אױפֿגעפֿרעסן דאָס גאַנצע ברויט, װאָס דער יונגער מאַן האָט דאָרט אַרײַנגעװאָרפֿן. אױב אײנער פֿון די קלענערע פֿיש האָט זיך דערנענטערט און אױך געװאָלט כאַפּן אַ ביסן ברויט, האָט אים דער גרױסער פֿיש נישט צוגעלאָזט. אױף אַזאַ אופֿן איז טאַקע דער פֿיש געװאָרן צום סוף אַלץ גרעסער און פֿעטער פֿון דעם פֿרישן ברויט, װאָס עס האָט אים צוגעװאָרפֿן דער יונגער מאַן אױף דער יבשה. אַז די קלענערע פֿיש האָבן געזען, זײ קענען גאָר נישט פֿועלן בײַ דעם גרױסן פֿיש, זײַנען זײ אַלע אַװעק צום לװיתן, װאָס איז דאָך, װי עס שטײט געשריבן אין די הײליקע ספֿרים, דער מלך איבער אַלע פֿיש, און זײ האָבן זיך פֿאַר אים באַקלאָגט, און זאָגן צו אים בזה הלשון: „אַדוני מלך, אױב דו װעסט אַזױ געדולדיק צוקוקן און דערלאָזן אָט די אױסטערלישע מעשׂים פֿון דעם גרױסן פֿיש, װעט דער סוף זײַן, אַז ער װעט נאָך װערן אַזױ גרױס און שטאַרק װי דו, קיניג. דעריבער בעטן מיר דיך, אַז דו זאָלסט, למען השם, אים דאָס פֿאַרװערן!" — אַזױ באַלד װי דער מלך פֿון די פֿיש האָט געהערט די שמועה, זאָגט ער צו די פֿיש: „גײט אַהין, דאָרטן װוּ דער מענטש שטעלט זיך אַװעק יעדן טאָג אַרײַנצוװאַרפֿן אַ שטיק ברויט, און גראָבט אונטער אים אױס אַ גרוב, אַז ער זאָל

דאָרט אַרײַנפֿאַלן. דערנאָך זאָגט דעם גרויסן פֿיש, ער זאָל אײַך העלפֿן אַהערברענגען דעם חבֿרה־מאַן". אַז די קלענערע פֿיש האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי זיך גאָר שטאַרק דערפֿרייט. זיי האָבן געהאַפּט, אַז אויף אַזאַ אופֿן וועט באַלד קומען אַ סוף צו די ווילדע שטיק פֿון דעם גרויסן פֿיש. הכּלל, זיי זײַנען אַוועק צום גרויסן פֿיש און אים איבערגעגעבן וואָרט בײַ וואָרט, וואָס דער מלך האָט באַפֿוילן, און אַז ער מוז צוהעלפֿן כאַפּן דעם מענטש. אַז דער פֿיש האָט דאָס געהערט, האָט ער זיך דערפֿון שטאַרק מצער געווען, מחמת דער מענטש האָט אים דאָך אַזוי רחמנותדיק געקאָרמעט. אָבער עס האָט אים גאָר נישט געהאָלפֿן און געמוזט סוף־כּל־סוף פֿאָלגן דאָס געבאָט פֿון מלך.

הקיצור, זיי זײַנען אַוועק צום באָרטן פֿון ים און אויסגעגראָבן אַ גרוב אויף דעם אָרט, וווּ דער מענטש פֿלעגט זיך אַוועקשטעלן, אַזוי ווי דער מלך האָט זיי געהייסן. אַז דער יונגער מאַן איז ווי־דער אַ מאָל געקומען צום וואַסער, ווי עס איז געווען זײַן שטיי־גער, איז ער מיט אַ מאָל דאָרט אַרײַנגעפֿאַלן. איז אָנגעקומען דער גרויסער פֿיש און אים אײַנגעשלונגען, דערנאָך מיט אים צוגע־שוווּמען צום מלך און דאָרט אים ווידער אויסגעשפּיגן, און דער מלך האָט אים ווידער אײַנגעשלונגען. האָט דער מענטש אָנגעהויבן ביטער צו וויינען: פֿאַר וואָס קומט עס אים אַזאַ שווערע שטראָף? האָט ער דאָך נאָר אָפּגעהיט דעם פֿאָטערס צוואה! הייבט־אָן דער מלך און זאָגט צו אים: „זאָג מיר, כ׳לעבן, וואָס ביסטו אויסן געווען מיט דעם, וואָס דו קומסט יעדן טאָג צום וואַסער און וואַרפֿסט־אַרײַן ברויט און פֿאַשעסט אַ פֿיש?" — ענטפֿערט אים דער מענטש: „אַדוני מלך, איך היט מיט דעם אָפּ מײַן פֿאָטערס צוואה", און ער דערציילט בשעת מעשׂה, ווי אַזוי זײַן פֿאָטער האָט אים אַ צוואה געמאַכט, אַז ער זאָל יעדן טאָג אַרײַנוואַרפֿן אין וואַסער אַ שטיק ברויט און אַז צום סוף וועט ער אָפּנעמען דערפֿאַר זײַן שׂכר. איצט אָבער פֿאַרשטייט ער נישט מיט וואָס ער האָט זיך אַזוי פֿאַרזינדיקט, אַז ער איז, נעבעך, אַרײַנגעפֿאַלן אין וואַסער. אַז דער מלך האָט

געהערט די ווערטער, זאָגט ער צו אים: „זינט דו האָסט אַזוי גע־טריַי אָפּגעהיט די צוואה פֿון דיַין טאַטן, זאָלסטו דערפֿאַר באַקומען דיַין באַלוינונג. איך וועל דיך בשׂכר זה אויסלערנען די שבֿעים לשונות". הכּלל, באַלד דערנאָך האָט ער אים אויסגעלערנט די שבֿעים לשונות, און אים אויסגעשפּיגן אויף דער יבשה. ער איז אָבער גע־ווען אַזוי שוואַך און מיד, אַז ער האָט זיך אַנידערגעלייגט אונטער אַ בוים און איז איַינגעשלאָפֿן. גראָד האָט זיך געטראָפֿן, אַז אויף דעם בוים זיַינען געזעסן צוויי שוואַרצע קראָען, אַ פֿאָטער מיט זיַין קליינעם זון. זאָגט דער יונגער צו זיַין פֿאָטער: „איך האָב גרויס חשק אויסצופּיקן אַן אויג ביַים מענטש, וואָס ליגט דאָרטן", מחמת ער האָט געמיינט, אַז ער איז טויט. וואָרנט די אַנדערע קראָ איר זון: „הער מיך און ריר דיך נישט צו צום מענטש, מחמת ער מאַכט זיך נאָר שלאָפֿן; אין דער אמתן איז ער וואַך און וועט דיך כאַפּן און דערנאָך נאָך טויטן". זאָגט די יונגע קראָ: „ווייס איך וואָס. איך האָב קיין מורא נישט, איך וועל פּרוּוון און זען, וואָס עס וועט זיַין". אָבער ווי מיר האָבן שוין געהערט, האָט דער דאָזיקער מענטש גע־קענט אַלע לשונות און אויך פֿאַרשטאַנען, וואָס עס האָבן גערעדט צווישן זיך די צוויי קראָען.

אַזוי באַלד ווי די קראָ איז אַרויפֿגעפֿלויגן אויפֿן מענטש און געוואָלט אים אויסשטעכן די אויגן, האָט ער זי שנעל אַ כאַפּ גע־טאָן מיט זיַין האַנט און געוואָלט טויטן. הייבט די אַנדערע קראָ אָן צו שריַיען: „אוי, אַ שיינע, ריינע כּפּרה אויף דיר! האָב איך דיך נישט געוואָרנט, אַז דאָס וועט זיַין דיַין סוף? אָבער דו האָסט מיך נישט געוואָלט האָרכן". דערנאָך ווענדט זי זיך צום מענטש און זאָגט אים: „ליבער, לאָז מיר אָפּ מיַין עופֿעלע, דערפֿאַר וועל איך דיר אָפּגילטן. איך וועל דיר וויַיזן, ווו עס ליגט באַהאַלטן אַן אוצר, אַ מטמון מיט געלט, אַזוי אַז דו וועסט זיַין ריַיך און גליקלעך!" — ענטפֿערט דער מענטש: „אויב דו וועסט מיר אָנוויַיזן דאָס אָרט, ווו עס ליגט דער אוצר, וועל איך דיר לאָזן גיין דיַין זון". זאָגט די קראָ: „אָט דאָרט אונטער יענעם בוים. גיי אַהין און גראָב אונטער

דעם בוים, אַזוי וועסטו געפֿינען גרויס עשירות און האָבן אַ סך מזל״. איז דער מענטש אַוועק צו דעם אָנגעוויזענעם בוים און האָט גענומען גראָבן און געפֿינט טאַקע אַ גרויסן אוצר, וואָס איז געווען אין לשער. ערשט דעמאָלט האָט ער אָפּגעלאָזן די קראָ. טראַכט זיך דער מענטש: „אויב גאָט ברוך־הוא האָט מיר געהאָלפֿן און איך האָב זוכה געווען צו אַזאַ עשירות, טאָ וועל איך מיר דאָ אויפֿן אָרט אויפֿבויען אַ שיין הויז״. האָט ער אַזוי געטאָן. ער האָט זיך אויפֿגעבויט אַ שיין הויז, געקויפֿט פֿעלדער און אײַנגעהאַנדלט פֿאַר זיך משרתים און קנעכט. דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט און ער איז געוואָרן אַ גרויסער עושר, וואָס דאָס לאָזט זיך גאָר נישט דער־ציילן מיט ווערטער.

דאָס אַלץ האָט אים דער אין הימל באַשערט, ווײַל ער האָט אָפּגעהיט די צוואה פֿון זײַן פֿאָטער. דערפֿאַר, ליבע לײַט, זעט וואָס די מעשׂה באַטײַט. האַלט אײַנער דאָס געבאָט פֿון זײַנע עלטערן, וועט ער דערלעבן צום סוף אַ סך גוטס, ווי דאָס האָט טאַקע פּאַ־סירט מיט דעם מענטש. אויף דעם וועלן מיר אַלע אָמן זאָגן.

מ״ב קצ״ד. (ב. קצ״ג). אָן מקור. — מדרש עשרת הדיברות, ה, א׳, — עקסעמפּלאַ, ז׳ 253, ג׳ 381. — א. ב. דבן סירא (שטיינשנײַדער) 4 b. — מאָטיוון: דער העלד איז מקיים די צוואה פֿון זײַן פֿאָטער: „שלח לחמך על פּני המים״ (קוהלת, י״א, א׳). — די דאַנקשאַפֿט פֿון די פֿיש: די שבֿעים לשו־נות. לויתן, דער מלך פֿון די פֿיש. — פֿ״גל אויך מאָט׳ אינד׳, B 61. דאָס לשון פֿון די פֿייגל און די באַלוינונג פֿון העלד. פֿ״גל אויך Q 99. - Q 10. - H 346. צום סוף פֿון דער מעשׂה האָבן מיר נאָך אַ פֿרומען מוסר־השכל, ווי אַזוי אָפּ־צוהיטן דאָס געבאָט פֿון די עלטערן.

## 70 די כלה וואָס איז מגין אויף איר חתן

אַ מעשׂה. אַמאָל איז געווען אײנער, האָט ער געהייסן רבי ראובֿן. ער איז געווען אַ גרויסער צדיק און טאָג־און־נאַכט געזעסן און געלערנט תּורה. זײַן תּפֿילה איז געווען אָנגענומען בײַ גאָט

ברוך־הוא ווי אַ קרבן־עולה. איז אַ מאָל געווען, חלילה, אַ בייזע גזירה אויף ייִדן, האָט זי ראובֿן מבֿטל געמאַכט מיטן כּוח פֿון זײַן תּפֿילה. ער האָט אָבער מער נישט געהאַט ווי אַן איינציקן זון, וואָס איז געווען אַ מושלם מיט אַלע מעלות. אַ מאָל קומט צו גיין דער מלאך־המוות צו רבי ראובֿן און זאָגט אים: „גאָט ברוך־הוא שיקט מיך צו דיר, דיר אָנצוזאָגן, אַז עס איז געקומען די צײַט, דײַן זון זאָל אַוועקגיין פֿון דער וועלט". זאָגט דער פֿרומער רבי ראובֿן: „קיין שום ילוד אישה קען נישט גאָט ברוך־הוא קיין דעה זאָגן וואָס צו טאָן. אָבער איין זאַך וויל איך דיך בעטן: לאָז מיך, איידער וואָס און איידער ווען, אים חתונה מאַכן, און דערנאָך קענסטו טאָן וואָס דו ווילסט. איך וואָלט וועלן דערלעבן צו פֿירן מײַן זון צו דער חופּה". ענטפֿערט אים דער מלאך־המוות: „דאָס זאָג איך דיר צו, אַז דו וועסט פֿירן דײַן זון צו דער חופּה". סײַ ווי איז דער צדיק אַוועק פֿון אים אַ טרויעריקער, אָבער האָט באַלד פֿאַרקנסט זײַן זון און אָפּגעשמועסט דעם זמן־חתונה אויף פֿיר וואָכן אַרום. האָבן זיך טאַקע די שטאָטלײַט שטאַרק געחידושט, פֿאַר וואָס ער וויל אַזוי גיך שטעלן אַ חופּה מיט זײַן איינציקן זון.

אין צווישן האָט דער צדיק אַרויסגעשיקט זײַן זון, דעם חתן, אַז ער זאָל פֿאַרבעטן עטלעכע חשובֿע לײַט צו קומען צו דער חתו־נה. אונטערוועגנס האָט אים באַגעגנט אליהו הנבֿיא און זאָגט צו אים: „מײַן ליבער זון, וווּהין גייסטו דאָס איצט?" ענטפֿערט אים דער חתן: „איך גיי פֿאַרבעטן די געסט אויף מײַן חתונה". זאָגט צו אים ווידער אליהו הנבֿיא: „ווייסטו נישט, אַז דו מוזסט גאָר שטאַרבן פֿאַר דער חופּה? עס איז געקומען דײַן צײַט אַוועקצוגיין פֿון דער וועלט און דעריבער וויל גאָט ברוך־הוא צונעמען בײַ דיר די נשמה". ענטפֿערט אים דער חתן: „אויב דאָס איז דער רצון פֿון דעם אין הימל, אַזוי וויל איך דאָס מקבל זײַן באַהבֿה. בין איך דאָך נישט בעסער פֿאַר אונדזערע אָבֿות אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ, וואָס האָבן דאָך אויך געמוזט שטאַרבן". זאָגט צו אים אליהו: „איך וועל דיר געבן אַן עצה טובֿה, ווי דו זאָלסט דיך פֿאַרהאַלטן. אויף דער

חתונה. בעת דער עולם געסט וועט זיך אַוועקזעצן אַרום די טישן, זעץ דיך צו זיי צו, אָבער עס נישט און טרינק גאָר נישט, נאָר זיץ מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. אַזוי באַלד ווי דו וועסט נאָר דערזען אַן אורח אַרײַנקומען מיט אַ בלויזן קאָפּ און צעשויבערטע האָר, אָנגעטאָן אין צעריסענע, האַלב געלאַטעטע מלבושים, זאָלסטו תיכף אויפֿשטיין פֿון דײַן אָרט. גיי אים אַנטקעגן, פֿאַרנייג דיך פֿאַר אים און ווײַז אים אַרויס אַ סך פֿרײַנדשאַפֿט; זעץ אים אַוועק אויבן אָן צווישן די אָנגעזעענע לײַט, וואָס זיצן בײַם טיש. אויב ער זאָל נישט וועלן זיצן אויבן אָן, זעץ דיך נעבן אים, ווו ער וועט זיך אַנידערזעצן, און טו אים אָן אַ סך כּבֿוד. היט דיך און פֿאַרגעס נישט דאָס, וואָס איך הייס דיר טאָן". מיט די דאָזיקע ווערטער איז דער גוטער, האַרציקער אליהו הנבֿיא פֿון אים אַוועק און דער זון האָט אים צוגעזאָגט צו פֿאָלגן זײַנע רייד.

דער חתן איז ווײַטער אָנגעגאַנגען מיט זײַן פֿאָטערס שליחות צו פֿאַרבעטן די געסט אויף דער חתונה, ווי קיין מאָל גאָר נישט, און האָט אויף זיך גאָר נישט געלאָזט דערקענען, אַז ער ווייס פֿון עפּעס, אַז עס איז ווער עס איז בײַ אים געווען. אַז ער האָט געהאַט פֿאַרענדיקט זײַן שליחות, איז ער אַוועק צו זײַן פֿאָטער אַהיים און זאָגט צו אים: „ליבער פֿאָטער, איך האָב אַלץ אַזוי געטאָן ווי דו האָסט מיר באַפֿוילן". דער פֿאָטער האָט באַלד געמאַכט אַלע צוגרייטונגען צו דער חתונה, וואָס האָט געזאָלט אין גיכן פֿאָרקומען. אַז עס איז געקומען די צײַט פֿון דער חתונה און דער עולם איז געזעסן בײַ די טישן אַ פֿריילעכער און אַן אויפֿגערוימטער, געגעסן און געטרונקען, איז דער חתן געזעסן נעבן זיי אַן אומעטיקער און אַ פֿאַרזאָרגטער. אָבער קיינער פֿון די געסט האָט נישט געוווּסט די סיבה פֿון זײַן אומרו. מיט אַ מאָל עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן אַן אורח אין צעריסענע קליידער און מיטן בלויזן קאָפּ, אויסזעענדיק ווי אַ פֿאַרוואָרלאָזטער מדינה־גייער. דאָס איז טאַקע געווען דער מלאך־המוות אַליין, וואָס האָט זיך געהאַט פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ בעטלער — פּונקט אַזוי ווי אליהו האָט דאָס געהאַט פֿאָרויס־

געזאָגט. אַז דער חתן האָט אים דערזען, האָט ער תּיכף פֿאַרשטאַ־
נען ווער עס איז אָט דער משונהדיקער פֿאַרשוין. איז ער טאַקע גיך
אויפֿגעשטאַנען פֿון זײַן אָרט און אים אַנטקעגנגעגאַנגען. ער האָט
אים אָנגענומען פֿאַר אַ האַנט און מאַכט צו אים: „קומט מיט מיר,
מײַן האַר, און זעצט אײַך אויבן אָן". האָט אָבער דער אויסטערלי־
טער פֿרעמדער דאָס נישט געוואָלט. אַזוי האָט דער חתן גענומען
דעם אָפּגעריסענעם בעטלער און אים אַוועקגעזעצט נעבן זיך און אים
בשעת מעשׂה אונטערגעטראָגן פֿון אַל דאָס גוטס, געשמאַקע מאַכ־
לים און פֿײַנע געטראַנקען. ער האָט כּסדר אַכטונג געגעבן, אַז דער
משונהדיקער אורח זאָל עסן און זיך לאָזן ווױלגיין. אַזוי אַרום האָט
דער חתן אַלץ געטאָן ווי אליהו האָט אים געהייסן. וואָס אָן אמת,
דער עולם פֿאַרבעטענע געסט האָט זיך שטאַרק געחידושט, וואָס
דער חתן איז אַזוי מקרבֿ דעם דאָזיקן אָפּגעריסענעם אָרעמאַן און
איז אים מכבד מיט כּל טובֿ. דער חתן איז אָבער בשעת מעשׂה
געווען אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט פּשוט נישט געקענט אַרויס־
ריידן קיין איין וואָרט. הייבט־אָן דער פֿרעמדער און זאָגט צו אים:
„מײַן ליבער זון, איך וויל דיך עפּעס פֿרעגן. אַז דו גייסט בויען אַ
הויז און באַדאַרפֿסט האָבן שטרוי צו דעם ליים, פֿון וואַנען וועסטו
נעמען דאָס שטרוי?" — ענטפֿערט אים דער חתן: „איך וועל דע־
מאָלט אַוועק צו דעם מאַן אין שײַער און קויפֿן פֿון אים דאָס שטרוי,
וואָס ער מאַכט". פֿרעגט אים יענער ווײַטער: „וואָס וועסטו אָבער
טאָן דעמאָלט, ווען דו האָסט שוין פֿאַרנוצט דאָס שטרוי און דער
מאַן פֿון שײַער קומט און פֿאַרלאַנגט צוריק זײַן שטרוי. ווי אַזוי
וועסטו אים דאָס צוריקגעבן?" — ענטפֿערט אים דער חתן: „איך
וועל אים פֿאַר זײַן שטרוי גוט באַצאָלן אָדער אים דערפֿאַר געבן אַן
אַנדער שטרוי". פֿרעגט דער פֿרעמדער ווײַטער: „וואָס וועסטו אָבער
טאָן, ווען יענער וועט נישט וועלן נעמען קיין אַנדער שטרוי, נאָר
באַשטיין אויף דעם, אַז מען זאָל אים צוריקגעבן דווקא דאָס שטרוי,
וואָס ער האָט דיר געגעבן. וואָס וואָלטסטו דעמאָלט מיט אים
מאַכן?" — ענטפֿערט דער חתן: „דעמאָלט וועל איך מוזן צעקלאַפּן

דאָס ליים און אַרויסנעמען פֿון דאָרט דאָס שטרוי, כּדי יענער זאָל אויף אַזאַ אופֿן צוריקבאַקומען זײַן שטרוי". זאָגט דעמאָלט צו אים דער פֿרעמדער: „גאָט ברוך־הוא איז דאָס דער מאַן פֿונעם שײַער. דאָס שטרוי איז די נשמה פֿון אַ מענטש און איך בין דער מלאך־המוות. דער אייבערשטער וויל צוריק אָפּנעמען דאָס שטרוי, וואָס ער האָט דיר געגעבן, און וויל נישט האָבן קיין אַנדער שטרוי. איך בין, על־כּן, געקומען פֿון גאָט ברוך־הואס וועגן אָפּצונעמען בײַ דיר די נשמה".

אַז דער עולם האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן. אָבער דער חתן האָט זיך נישט פֿאַרלוירן. ער האָט זיך געשטאַרקט און זאָגט צום מלאך־המוות: „אויב דאָס איז באמת אַזוי, אַז גאָט ברוך־הוא וויל בײַ מיר צונעמען די נשמה, טאָ גיב מיר רשות, אַז איך זאָל אַרײַנגיין צו מײַנע טאַטע־מאַמע און צו מײַן ליבער כּלה און זיך מיט זיי געזעגענען. דערנאָך וועל איך גוטוויליק שטאַרבן". זאָגט צו אים דער מלאך־המוות: „גוט, איך בין מסכּים. גיי צו זיי אַרײַן און טו ווי דו ווילסט". האָט זיך דער חתן אויפֿגעהויבן און איז אַרײַנגעגאַנגען צו זײַנע טאַטע־מאַמע און געזעגנט זיך מיט זיי מיט גרויס געוויין. האָט זיך דער פֿאָטער אַוועקגעשטעלט תּפֿילה טאָן צו גאָט ברוך־הוא און בשעת מעשׂה איז דער חתן אַרײַן צו זײַן כּלה, כּדי זיך אויך מיט איר צו געזעגענען. פֿרעגט זי בײַ אים: „זאָג מיר, ווער וויל דאָס צונעמען בײַ דיר די נשמה?" — ענטפֿערט איר דער חתן: „דער מלאך־המוות איז דאָ און וויל מיך טויטן". און ער קושט זי און האַלדזט זי מיט גרויס געוויין. דעמאָלט זאָגט די כּלה צו אים: „בלײַב דו דאָ, איך וועל אַרײַנגיין צום מלאך־המוות". הכּלל, זי איז צו אים אַרײַן און זאָגט צו אים: „ביסטו דאָס יענער, וואָס איז געקומען טויטן מײַן מאַן?" — ענטפֿערט ער איר: „יאָ, איך בין דאָס דער". זאָגט צו אים די כּלה: „אויב אַזוי, וויל איך דיך בעטן, גיי־צוריק צו גאָט ברוך־הוא און זאָג אים, אַז עס שטייט געשריבן אין דער הייליקער תּורה, אַז אַ מאַן, וואָס נעמט אַ ווײַב, זאָל זײַן פֿרײַ פֿון אַלצדינג

אַ גאַנץ יאָר, כּדי ער זאָל זיך פֿרייען מיטן ווײַב, וואָס ער האָט גענומען (דבֿרים כד, ה׳). הײַנט, צי וויל, חס ושלום, גאָט ברוך־הוא פֿאַרלייקענען זײַן אייגענע תּורה?״ — אַז דער מלאך־המוות האָט געהערט די טענה, האָט ער באַקומען גרויס רחמנות אויף זיי און איז אַוועק צום בורא־עולם און זיך אָנגענומען פֿאַרן חתן. אויך אַנדערע מלאָכים האָבן געבעטן רחמים. בינו לבֿינו האָט אויך דער פֿאָטער פֿון חתן הייס תּפֿילה געטאָן, אַזוי אַז גאָט ברוך־הוא האָט דערהערט די תּפֿילה און זיך דערבאַרעמט אויף דעם חתן. מען האָט אים מן השמים פֿאַרלענגערט זײַן לעבן, זיבן יאָר אַקעגן די שבֿעת ימי המשתּה. אויף דעם איז געזאָגט געוואָרן דער פּסוק (תּהילים, קמה, י״ט): דער אייבערשטער טוט דעם ווילן פֿון די וואָס פֿאָרכטן אים און די וואָס רופֿן אים פֿון גאַנצן האַרצן — זיי העלפֿט ער אין זייער צרה.

מ״ב קצ״ה. (ב. קצ״ד). — חיבור מעשיות, א׳. — מדרש עשרת הדיברות (יעלינעק), חלק א׳, ז׳ 83. — אַ וואַריאַנט. פּ״גל תנחומא, האזינו, ח׳. — עקסעמפּלא, ז׳ 215, נ׳ 139. — מאָטיוו: די שליטה פון מלאך־המוות. אליהו הנביא דער העלפער אין אַן עת־צרה. די תפילה פון צדיק איז מבטל דעם גזר־דין. די כלה איז מלמד־זכות אויפן חתן און ראַטעוועט אים זײַן לעבן: Tobit-Motif.

## 71 דער קרוג מיט האָניק

אַ מעשה שהיה. אין די טעג פֿון שאול המלך האָט געלעבט אַ מאַן אַ זקן, וואָס האָט געהאַט אַ ווײַב אַ יפֿה־פֿיה און אַ גרויסע עשירה. אַז איר אַלטער מאַן איז געשטאָרבן, האָט זי געטרויערט נאָך אים אַ לאַנגע צײַט. היות ווי זי איז אָבער געווען אַ גרויסע שיינקייט, האָט דער שׂר פֿון דער מדינה געוואָרפֿן אויף איר אַן אויג און געוואָלט זי נעמען צו זיך מיט כּוח. אָבער די פֿרומע, גאָטפֿאָרכטיקע פֿרוי האָט בשום אופֿן נישט געוואָלט אָנטאָן קיין

חרפות איר מאַן נאָך זײַן טויט. נאָר מורא האָבנדיק פֿאַרן שׂר, האָט זי זיך מיישבֿ געווען און אַרײַנגעטאָן די העלפֿט פֿון איר געלט אין אַ קרוג. דערנאָך האָט זי פֿון אויבן אויף אַרײַנגעשאָטן אינעם קרוג צו ביסלעך האָניק, כּדי מען זאָל נישט אָנזען, אַז אונטן איז פֿאַראַן געלד. דעם קרוג האָט זי אַהינגעטראָגן צו איינעם, וועמען זי האָט זייער גוט געקענט און וואָס איז נאָך געווען, אַגבֿ, איר מאַנס אַ קרובֿ. פֿאַר עדים, וואָס זאָלן עדות זאָגן, האָט זי דעם קרוג איבערגעגעבן דעם מאַן צו באַהאַלטן און דערנאָך אַוועקגעפֿאָרן פֿון דער מדינה, כּדי אויף אַזאַ אופֿן פּטור צו ווערן פֿונעם שׂר. נישט לאַנג דערנאָך האָט זיך געמאַכט, אַז דער שׂר פֿון דער מדינה איז געשטאָרבן. אַז די פֿרומע פֿרוי האָט דערפֿון געהערט, איז זי ווידער אַוועק צוריק אין איר היימשטאָט. עס האָט אָבער גראָד דעמאָלט פּאַסירט, אַז דער מאַן, בײַ וועם זי האָט איבערגעלאָזט איר פּקדון, האָט חתונה געמאַכט זײַנס אַ זון. פּונקט האָט ער באַדאַרפֿט האָבן אַ ביסל האָניק, איז ער צוגעגאַנגען צו דעם קרוג פֿון דער פֿרוי אַרויסצונעמען פֿון דאָרט, וואָס ער באַדאַרף. האָט ער אויסגעפֿונען, אַז אונטער דעם האָניק ליגט גאָר געלד. האָט ער זיך נישט לאַנג מיישבֿ געווען און אַרויסגענומען פֿון דאָרט דאָס געלט און אָנגעפֿולט דעם קרוג מיט לויטער האָניק. אַז די פֿרוי איז דערנאָך געקומען אָפּנעמען איר פּקדון, האָט דער מאַן געזאָגט צו איר: „גיי און ברענג מיר די צוויי עדים, וואָס אין זייער בײַזײַן האָסטו מיר איבערגעגעבן דעם קרוג. אַזוי וועל איך דיר אים צוריקגעבן“. וכך הווה. זי איז אַוועק און געבראַכט די צוויי עדים און אָפּגענומען דעם פּקדון. אַזוי באַלד ווי זי איז אַהיים געקומען מיטן קרוג, האָט זי געוואָלט אויסגעפֿינען, צי דאָס געלט איז נאָך דאָרטן בנמצא. ווי גרויס איז אָבער געווען איר שרעק, ווען זי האָט דאָרט געפֿונען לויטער האָניק און דאָס געלד האָט געפֿעלט. האָט, נעבעך, די פֿרוי פֿאַר גרויס יסורים אָנגעהויבן ביטער צו וויינען און צו שרײַען. זי איז דערנאָך אַוועק צום שופֿט פֿון שטאָט און געלאָזט יענעם לאַדענען צו אַ דין־תּורה. פֿרעגט דער שופֿט די פֿרוי: „האָסטו

עדים: אַז דו האָסט דעם אָנגעקלאָגטן געגעבן צו באַהאַלטן אַ קרוג מיט גאָלד?״ — ענטפֿערט די פֿרוי: „די עדים, מײַן ליבער האַר, וואָס זײַנען געווען דערבײַ, וויסן נאָר פֿון האָניק, וואָס איז געווען אין קרוג״. זאָגט צו איר דער שופֿט: „מײַן ליבע טאָכטער, אויב אַזוי, ווי קאָן איך דיר העלפֿן? גיי ליבערשט פֿאַר דעם קעניג שאול, זאָל ער דיר העלפֿן״. הכּלל, זי איז אַוועק צום קעניג שאול און זיך פֿאַר אים באַקלאָגט אויף דער גזילה פֿון דעם מענטש. האָט דער קעניג געשיקט רופֿן די סנהדרין. זאָגן די סנהדרין צו דער פֿרוי: „האָסטו עדות דערויף, אַז דו האָסט אים געגעבן צו באַהאַלטן דעם קרוג מיט גאָלד?״ — ענטפֿערט די פֿרוי: „ניין. אויף דעם גאָלד האָב איך נישט קיין עדות, ווײַל איך האָב דאָס אַלץ געטאָן מיט קאָפּ, כּדי אונדזער שׂר זאָל נישט געוויר ווערן, אַז איך פֿאַרמאָג אַזוי פֿיל גאָלד, אַנישט וואָלט ער דאָך דאָס בײַ מיר צוגענומען אָן דין און אָן משפּט״. ענטפֿערן די סנהדרין: „טײַערע טאָכטער, מיר האָבן נישט קיין רשות צו משפּטן אין ישׂראל, אויב עס זײַנען נישטאָ קיין עדים דערויף, מחמת מיר קענען דאָך נישט אַרויס־געבן קיין פּסק־דין אויפֿן סמך פֿון דעם, וואָס אײנער טראַכט בײַ זיך אין האַרצן״. איז די פֿרומע פֿרוי אַוועק פֿון די סנהדרין מיט אַ צעוויטיקט האַרץ און כּסדר געוויינט און ביטער געשריִען. באַ־געגנט זי דוד המלך, וואָס איז דעמאָלט געווען נאָך זייער יונג, האָט געפּאַשעט די שאָף און זיך געשפּילט מיט די קינדער. אַז ער האָט געהערט, ווי די פֿרוי וויינט אַזוי שטאַרק, פֿרעגט ער זי פֿאַר וואָס זי וויינט אַזוי. דערציילט זי אים די גאַנצע מעשׂה, וואָס עס האָט זיך מיט איר פֿאַרלאָפֿן, און אַז זי האָט זיך געלאָדן פֿאַרן קעניג און פֿאַר די סנהדרין, אָבער זיי האָבן איר גאָר נישט געקענט העלפֿן, אַז זי זאָל קאָנען אָפּנעמען איר פֿאַרמעגן. זאָגט צו איר דוד: „מײַן עצה איז, גיי־אַוועק צום קעניג און בעט אים, אַז ער זאָל מיר געבן רשות צו משפּטן. דעמאָלט וועל איך קענען אויפֿדעקן דעם אמת און באַווײַזן, אַז דו ביסט גערעכט״. הקיצור, די גוטע פֿרוי איז ווידער אַ מאָל אַוועקגעלאָפֿן צום קעניג און זאָגט צו אים:

„אַדוני מלך, אָט האָב איך געפֿונען אַ יונגן בחור, וואָס וועט קענען אַרויסגעבן אַ פּסק, אַז יעדער זאָל קענען אײַנזען דעם ריינעם אמת". ענטפֿערט איר דער מלך: „מײַן טאָכטער, אויב דו האָסט אַזאַ איינעם, גיי און ברענג אים אַהער צו מיר". האָט די פֿרוי, על־כּן, אַרײַנגערופֿן דעם יונגן בחור צו שאול המלך. זאָגט צו אים דער מלך: „דוד, ביסטו דאָס דער יונג, וואָס נעמט זיך אונטער צו פּסקענען דעם דין־תּורה און אַרויסצוברענגען דעם ריינעם אמת?" — ענטפֿערט דוד: „אַדוני מלך, אויב דו וועסט מיר געבן רשות, טאָ פֿאַרהאָף איך צו השם יתברך, אַז איך וועל דאָס קענען באַווײַזן". זאָגט צו אים שאול: „אויב אַזוי, טאָ גיי מיט איר, מײַן ליבער, און העלף דער גוטער פֿרוי, מחמת זי איז אין אַ גרויסער צרה און העלפֿן קען איר קיינער ניט".

דעמאָלט איז דוד אַוועק מיט דער פֿרוי אין איר הויז און זאָגט צו איר: „נעמט־אַרויס דעם קרוג, וואָס איר האָט אַוועקגעגעבן צו באַהאַלטן יענעם מאַן". אַז די פֿרוי האָט אַזוי געטאָן, פֿרעגט זי דוד: „דערקענט איר אויך דעם קרוג? זײַט איר זיכער, אַז דאָס איז דער אמתער קרוג, וואָס איר האָט אַוועקגעגעבן?" — ענטפֿערט אים די פֿרוי: „יאָ, מײַן האַר. דאָס איז דער קרוג. איך דערקען אים זייער גוט". דערנאָך, ווענדנדיק זיך צו דעם מאַן, וואָס האָט געהאַלטן בײַ זיך דעם פּקדון, פֿרעגט ער: „איז דאָס דער קרוג, וואָס די פֿרוי האָט אײַך געגעבן צו באַהאַלטן?" — ענטפֿערט ער: „יאָ, מײַן האַר, זינט דעמאָלט האָב איך בײַ מיר ניט געהאַט קיין אַנדערן קרוג". זאָגט דעמאָלט דוד: „גייט און ברענגט מיר אַרײַן אַ ליידיקן קרוג". זײַנען זיי אַוועק און אים געבראַכט אַ ליידיקן קרוג. דעמאָלט נעמט דוד און ליידיקט־אויס דעם פֿולן קרוג מיט האָניק אינעם לערן קרוג און דערנאָך נעמט ער דעם קרוג, ווו עס איז געווען דער האָניק, און צעברעכט אים פֿאַר אַלעמענס אויגן אויף קליינע שטיקער. זוכט ער טאַקע צווישן די שטיקער און געפֿינט צווישן זיי אַ שאַרבן, צו וואָס עס האָבן נאָך געקלעפּט צוויי גאָלדשטיקלעך. אַז דוד האָט דאָס געזען, זאָגט ער צו כּל הקהל: „אָט קענט איר זען,

ווי גערעכט די פֿרוי איז מיט איר טענה. זי האָט טאַקע געזאָגט דעם ריינעם אמת!" — דערנאָך זאָגט ער צו דעם מאַן: „איצט גיי אַהיים און גיב איר צוריק דאָס גאַנצע געלט, וואָס דו האָסט ביי איר צוגענומען. איצט קען יעדער זען באַשײַמפּערלעך, אַז דו האָסט אויסגעליידיקט דעם קרוג און צוגענומען דאָס געלט".

אַז כל ישׂראל האָבן געזען די חכמה פֿון דודן, זיינען זיי געווען גוואַלדיק פֿאַרחידושט און געוווסט, אַז אויף דודן רוט דער גײַסט פֿון נבֿואה, מחמת ער איז געווען אַזוי באַהאַוונט אין אַלץ. גאָט ברוך־הוא זאָל אונדז אַלעמען לאָזן פֿון זײַן זכות געניסן און אונדז שיקן משיחן. אָמן סלה.

מ"ב קצ"ט. (ב. קצ"ח). — משלים של שלמה, ה', אין יעלינעקס בית־המדרש, חלק ד' 150—151. — אוצר מדרשים, ז' 533. — עקסעמפּלאַ, ז' 259, נ' 403. — אַ ווײַט פֿאַרשפּרייטער מאָטיוו וועגן דער גרויסער קלוגשאַפֿט פֿונעם יונגן דוד אָדער שלמה. אַ דאַנק זײַן חכמה געלינגט אים אָפּצונעמען די גזילה, וואָס ער גיט־אָפּ דער פֿרוי. צום סוף פֿון דער מעשה דער נוסח־דיקער פּזמון: „גאָט זאָל אונדז אַלעמען לאָזן זײַן (דודס) זכות געניסן און אונדז שיקן משיחן".

דער מאָטיוו פֿון אײַנלייגן אָדער געבן צו באַהאַלטן געלט בײַ יענעם (פּ"גל נ' 17) איז אינטערנאַציאָנאַל ווײַט פֿאַרשפּרייט. צום סוף איז עס על־פּי רוב דער יונגער, פּיקחותדיקער שופט דער וואָס געפֿינט־אויס דעם אמת. דערצו נאָך: דער „שושנה"־מאָטיוו („שושנה און די זקנים") און J 1153.1. זען אויך: מאַרמאָרשטיין

A. Marmorstein, Das Motiv von veruntreuten Depositum in der juedischen Volkskunde, Monatschrift fuer die Wissenschaft des Judentums, 1934, I, 183 ff.

## 72 די אומגעטריישאַפֿט פֿון אַ פֿרוי

אַ מעשׂה. אין די טעג פֿון שלמה המלך איז אַ מאָל אַ בחור אַוועק פֿון טבֿריה אין אַ שטאָט, וואָס האָט געהייסן ביתּר, כּדי צו לערנען תּורה. דער בחור איז נאָך געווען גאָר יונג און דערצו זייער

אַ שיינער. האָט אים אַ מאָל געזען די טאָכטער פֿון אַ באַלעבאָס אין ביתּר און ער איז איר גאָר שטאַרק געפֿעלן געוואָרן. האָט זי געזאָגט צו איר פֿאָטער: „גיב מיר דעם בחור פֿאַר אַ מאַן". איז דער פֿאָטער אַוועקגעגאַנגען צו דעם בחור און זאָגט צו אים: „אויב דו ווילסט חתונה האָבן, וועל איך דיר געבן מײַן טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב". האָט דער בחור מסכּים געווען און איז מיט דעם פֿאָטער אַהיים געגאַנגען און אויפֿן אָרט מקדש געווען די בתולה. מען האָט געשטעלט אַ חופּה און דערנאָך איז ער מיט זײַן יונג ווײַב אַוועק צו זיך אַהיים, ווו זיי האָבן געלעבט אין נחת און אין פֿריידן אַ גאַנץ יאָר.

אַז דאָס יאָר איז אַריבער, מאַכט זײַן ווײַב צו אים: „מײַן האַרציקער, ליבער מאַן, איך וויל דיך עפּעס בעטן. לאָמיר ווידער אַ מאָל אַהיים ציִען צו מײַן פֿאָטער און מוטער, לאָמיר זען, וואָס זיי מאַכן". אַז ער האָט דאָס געהערט, האָט ער גענומען צוויי פֿערד. אויף איינעם האָט ער אַרויפֿגעזעצט זײַן ווײַב און אויף דעם אַנדערן האָט ער אויפֿגעלאָדן גוטע, זאַפֿטיקע פּירות, מאכלדיקע שפּײַזן און געטראַנקען און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. אין מיטן וועג זײַנען זיי באַפֿאַלן גזלנים. צווישן זיי האָט דאָס ווײַב באַמערקט אַ גזלן, וואָס איז איר זייער געפֿעלן. אָבער בינו לבֿינו האָבן די גזלנים גענומען געפֿאַנגען דעם מאַן מיט זײַן ווײַב. דעם מאַן האָבן זיי צוגעבונדן צו אַ בוים און פֿאַר זײַנע אויגן געטריבן מיאוסע שטיק מיט זײַן ווײַב. אָפּגעטאָן די מעשׂה־רע, האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט און גענומען עסן און טרינקען. דער אָרעמער בחור, צוגעבונדן צו אַ בוים, האָט געמוזט, נעבעך, צוקוקן און זיך נישט געקענט רירן פֿון אָרט. אַז זיי האָבן זיך געהאַט גוט אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען, האָבן זיי זיך אַלע מיט אַנאַנד געלייגט שלאָפֿן, אונטערלייגנדיק זיך די לאָגלען מיט ווײַן אונטער די קעפּ. מיט אַ מאָל איז אָנגעקומען אַ שלאַנג, געטרונקען פֿון ווײַן און דאָרט אַרײַנגעשפּיגן סם־המוות. דאָס אַלץ האָט דער בחור געזען. נישט לאַנג דערנאָך האָט איינער פֿון דער חבֿרה גזלנים אויפֿגעוואַכט און געטרונקען פֿונעם לאָגל

און ער איז באַלד אַוועקגעפֿאַלן און געבליבן ליגן אַ טויטער. אַזוי איז אויך געשען מיט די איבעריקע גזלנים, ביז זיי זײַנען אַלע געווען טויט.

אַז דער מאַן האָט געזען דאָס גרויסע נס, האָט ער געדאַנקט גאָט ברוך־הוא, וואָס האָט אים באַשירעמט פֿון אַזאַ מיתה־משונה. דערנאָך ווענדט ער זיך צו זײַן ווײַב און זאָגט: „מײַן טײַער, ליב ווײַב! באַפֿרײַ מיך פֿון דעם בוים און נעם־אַראָפּ די שטריק פֿון מײַן לײַב". ענטפֿערט זי אים: „איצט האָב איך מורא פֿאַר דיר, טאָמער וועסטו מיך וועלן הרגענען, אויב איך וועל דיך אויפֿבינדן". האָט ער אַ שבֿועה געגעבן, אַז ער וועט זי נישט טשעפּען. איז זי צוגעגאַנגען צו איינעם פֿון די גזלנים, צו זען אויב ער זשיפּעט נאָך. ער איז אָבער געלעגן אַ טויטער, ווי אַ קלאָץ. דעמאָלט האָט זי גיך אויפֿגעשניטן די שטריק און באַפֿרײַט איר מאַן. אַזוי האָבן זיי איצט געצויגן אַהיים צו איר פֿאָטער.

אַז דער פֿאָטער האָט געהערט, זײַן ליבע טאָכטער איז אַהיימגעקומען מיט איר מאַן, האָט ער זיך זייער דערפֿרייט און צוגעגרייט אַ סעודה כּיד המלך, מיט אַ סך עסן און טרינקען. זאָגט צו אים דער איידעם: „מײַן ליבער שווער, איך וועל קיין זאַך נישט עסן און נישט טרינקען, איידער איך וועל אײַך נישט דערציילן, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אונדז אונטערוועגנס". און אַזוי דערציילט ער זײַן שווער די גאַנצע מעשׂה ווי זײַן ווײַב האָט זיך אויפֿגעפֿירט מיט דעם גזלן. וואָס האָט אָבער געטאָן דער גוטער פֿאָטער? ער איז אַרײַן אין אַזאַ כּעס, אַז ער האָט אויפֿן אָרט געטויט זײַן טאָכטער. אויף דעם האָט שלמה המלך, עליו השלום, געזאָגט (קהלת ז, כ"ח): „ואשה בכל אלה לא מצאתי", וואָס איז דער טײַטש, „און אַ געטרײַ ווײַב צווישן די אַלע האָב איך נישט געפֿונען".

מ"ב קצ"ז. (ב. קצ"ו). — משלים של שלמה, יעליגעק, בית המדרש, IV, 146. — אוצר מדרשים, 531. — עקסעמפּלא, ז' 258, נ' 401. — מאָטיוו: מען קען אַ פֿרוי נישט געטרויען, וואָס איז זיך סומך אויף אַ פּסוק אין קוהלת ז', כ"ח. — וואַריאַנטן פֿון דעם מאָטיוו פֿאַראַן אין דער אינדישער,

אַראַבישער און מיטל־עלטערלעכער קריסטלעכער ליטעראַטור. פּ״גל פּאַנטשאַ־טאַנטראַ I, 436—461, טויזנט און איין נאַכט II, ז׳ 292, געסטאַ ראָמאַנאָרום, נ׳ 56. — מאָטיוו־אינד׳ K 2213 און טיפּן A 883.

## 73 ר׳ אַבֿרהם דער סטאָליער

אַ מעשׂה שהיה. אַמאָל איז געווען אַ ייִד אַן עושר, וואָס האָט געוווינט אין דער נאָענט פֿון ירושלים. ויהי היום, און עס איז צו אים געקומען צו גיין אַ גוי מיט אַ משכּון צו לײַען דערויף געלט. זאָגט דער עושר צו זײַן ווײַב, אַז זי זאָל אַרויפֿגיין אין דער קאַמער און אַרויסנעמען דאָס געלט פֿונעם קאַסטן. די גוטע פֿרוי איז אַרויפֿגעגאַנגען, כּדי אַרויסצונעמען דאָס געלט, אָבער בשעת זי האָט אויפֿגעמאַכט דעם קאַסטן, האָט זי געהערט ווי אַ שטים רופֿט צו איר: „לאָז דאָס געלט ליגן, עס איז נישט דײַנס”. אַז די פֿרוי האָט דאָס געהערט, האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקן און איז שנעל אַראָפּגעלאָפֿן צו איר מאַן און דערציילט אים, וואָס עס האָט אָקערשט מיט איר געטראָפֿן. זאָל ער דאָך בעסער אַליין אַרויפֿגיין און אַרויסנעמען דאָס געלט. נישט לאַנג געטראַכט, איז דער מאַן אַרויף אין דער קאַמער און געוואָלט אַרויסנעמען דאָס געלט פֿונעם קאַסטן. הערט ער אַ שטים, וואָס זאָגט: „ריר נישט אָן דאָס געלט, עס געהערט נישט דיר!” — אַז דער מאַן האָט דאָס געהערט, האָט ער זיך אויך שטאַרק דערשראָקן, אָבער צום סוף זיך געמאַכט האַרץ און זאָגט צו דער שטים: „אויב עס איז נישט מײַנס, טאָ זאָג מיר אָקערשט צו וועם דאָס געלט געהערט”. ענטפֿערט אים די שטים: „אויב דו ווילסט שוין יאָ וויסן, טאָ זאָג איך עס דיר. עס איז דאָס געלט פֿון ר׳ אַבֿרהם סטאָליער פֿון ירושלים”. טראַכט זיך דער גוטער מאַן: „אַז דאָס געלט איז נישט מײַנס, וויל איך עס טאַקע נישט לענגער באַהאַלטן”. הקיצור, ער נעמט דאָס גאַנצע פֿאַרמעג, גאָלד און זילבער און פֿאַרשיידענע טײַערע חפֿצים און אַנטיקן, מאַכט אַ לאָך אין אַ בוים, וואָס איז געשטאַנען אין זײַן גאָרטן, און טוט דאָס

אַלץ דאָרטן אַרײַן. ער האָט דאָס אַזוי געלאָזט, און מקבל געווען באַהבֿה די שטראָף, וואָס גאָט ברוך־הוא האָט אָנגעשיקט אויף אים.

נישט לאַנג דערנאָך האָט זיך געטראָפֿן, אַז עס איז געגאַנגען אַ רעגן אַ מבול, וואָס האָט פֿאַרפֿלייצט אַ סך הײַזער און מיטגע־ריסן ביימער און אויך דעם בוים, וווהין אונדזער גוטער מאַן האָט געהאַט אַרײַנגעלייגט זײַן גאַנץ פֿאַרמעג. אַ פֿישער אויפֿן וואַסער האָט דערזען דעם בוים שווימען, האָט ער זיך געטראַכט: דאָס איז אַ שיינער בוים און אַ טישלער קען דערפֿון מאַכן אַ סך שיינע, גע־ראָטענע כּלים. איך וועל אים, על־כּן, אַרויפֿנעמען קיין ירושלים. דאָרטן קען איך אַ ייִדן, ר׳ אַבֿרהם סטאָליער, וואָס וועט מיר מס־תּמא באַצאָלן דערפֿאַר אַ גוטן פּרײַז. אַז דער פֿישער איז מיט זײַ־נע פֿיש אָנגעקומען קיין ירושלים ערבֿ שבת, איז דעמאָלט גראָד ר׳ אַבֿרהם סטאָליער אַרויס אין גאַס, כּדי צו קויפֿן פֿיש אויף שבת. זאָגט צו אים דער פֿישער: „ר׳ אַבֿרהם, בײַ מיר אין דער היים האָב איך אַ שיינעם בוים, וואָס איך האָב אַרויסגעשלעפּט פֿון וואַ־סער. דאָס געהילץ וואָלט געווען גאָר גוט פֿאַר דיר. דו וואָלטסט געקענט דערפֿון מאַכן די פּאַסיקע כּלים". אַזוי איז ר׳ אַבֿרהם מיט אים אַהיים געגאַנגען, אָנגעקוקט דעם בוים, וואָס איז אים וווּיל געפֿעלן, און דערנאָך אים געלאָזט צו זיך אַהיים טראָגן. אַז ער האָט זיך גענומען צו צעשפּאַלטן דעם בוים, האָט ער דאָרטן געפֿו־נען אַן אוצר מיט טײַערע זאַכן, אַלצדינג וואָס יענער גוטער מאַן האָט געהאַט אַרײַנגעלייגט. האָט זיך ר׳ אַבֿרהם שטאַרק דערפֿרייט מיט דער מזלדיקער מציאה, מיט וואָס גאָט ברוך־הוא האָט אים באַגליקט.

נישט לאַנג דערנאָך האָט זיך געטראָפֿן, אַז דער גוטער מאַן, צו וועם עס האָט אַמאָל געהערט דאָס גאַנצע געלט, איז געוואָרן שטאַרק פֿאַראָרעמט און געקומען ממש עד כּיכּר־לחם. דער דלות איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך געמוזט אַרויסלאָזן איבער דער מדינה. ויהי היום, זאָגט ער אַ מאָל, נעבעך, צו זײַן פֿאַרצרהט ווײַב: „ליב ווײַב, לאָמיר זיך ביידע לאָזן אין וועג אַרײַן און זען,

צי אונדזער געלט איז טאַקע דערגאַנגען קיין ירושלים, אַזוי ווי די שטים האָט אונדז געוואָרנט". האָבן זיי זיך ביידע אויפֿגעהויבן און זײַנען אַוועק קיין ירושלים צו ר׳ אַבֿרהם דעם סטאָליער, און זיך געמאַכט אַזוי, אַז זיי וויסן פֿון גאָר נישט. אין אַ פֿרײַטיק זײַנען זיי אָנגעקומען צו ר׳ אַבֿרהמען אין הויז און ער איז גראָד געווען פֿאַרנומען מיטן מאַכן אַ גרויס שפּילוואַרג פֿאַר זײַן זון. כּידוע, איז מען זיך דאָך נוהג, אַז מען שטעלט־אַוועק אויפֿן טיש שיינע זילבערנע בעכערס לכּבֿוד שבת. אַזוי האָט אויך ר׳ אַבֿרהם געטאָן. אַז די גוטע פֿרוי מיט איר מאַן האָבן דערזען, אַז אַלע זייערע טײַערע כּלים שטייען אויפֿן טיש, האָבן זיי ביידע אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. אַז ר׳ אַבֿרהמס ווײַב האָט דאָס געזען, האָט זי זיי געפֿרעגט פֿאַר וואָס זיי וויינען אַזוי שטאַרק, אָבער זיי האָבן איר נישט געוואָלט אויסזאָגן דעם סוד. זאָגט צו זיי די כּשרע פֿרוי: „מסתּמא האָט איר דאָך עפּעס אַ סיבה פֿאַר וואָס איר וויינט". זי האָט זיי אַזוי לאַנג מפֿציר געווען, ביז זיי האָבן איר דערציילט די גאַנצע מעשׂה, און אַז די שיינע כּלים, וואָס שטייען אויפֿן טיש, זײַנען אַמאָל געווען זייערע. זיי האָבן איר אויך דערציילט די מעשׂה מיטן געלט און פֿון דער שטים, און ווי אַזוי דער בוים האָט דאָס אַלץ אַוועקגעטראָגן. האָבן זיי פּשוט געוואָלט אויסגעפֿינען, וואָס עס איז אין דער אמתן דערפֿון געוואָרן און איצט האָבן זיי געזען אַלע זייערע טײַערע כּלים און חפֿצים שטיין בײַ איר אויפֿן טיש, אַזוי ווי די שטים האָט זיי פֿאָרויסגעזאָגט. אַז די פֿרוי האָט געהערט די רייד, זאָגט זי צו זיי: „מײַנע ליבע לײַט, זײַט אײַך נישט מצער, עס איז דאָך איצט שבת. אויב די זאַכן זײַנען געווען אײַערע, טאָ וועלן מיר זיי אײַך אָפּגעבן. מיר האָבן, ברוך השם, גענוג און דאַרפֿן נישט יענעמס". ענטפֿערן איר די אָרעמע מענטשן: „חלילה. מיר וועלן גאָר נישט צוריקנעמען. אויב דאָס געלט וואָלט געווען אונדז באַשערט, וואָלט די שטים פֿון הימל אונדז נישט געווען אָנגעזאָגט דאָס, וואָס זי האָט געזאָגט. זעען מיר דאָך דערפֿון באַשײַמפּערלעך, אַז דאָס איז טאַקע אײַך באַשערט און דעריבער ווילן מיר גאָר נישט דערפֿון

האָבן, ווײַל מיר האָבן זיך פֿאַרזינדיקט פֿאַר גאָט ברוך־הוא". און מיט דעם זײַנען זיי אַנטשוויגן געוואָרן. די פֿרוי האָט דערנאָך דאָס אַלץ דערציילט איר מאַן ר' אַבֿרהם און פֿאַר לויטער רחמנות האָבן זיי נאָך שבת געבאַקן אַ פֿײַנעם קוכן, וואָס זיי האָבן געוואָלט מיטגעבן די צוויי אָרעמע לײַט אויפֿן וועג. אַרײַנגעטאָן אינעם קוכן האָט מען פֿון אַל דאָס גוטס, פֿון האָניק און כּל המינים שמעקעוודיקע געווירצן, און דערצו נאָך פֿיר הונדערט רענדלעך. זיי האָבן דאָס געטאָן אַזוי איידל, אַז קיינער זאָל זיך וועגן דעם גאָר נישט דערוויסן. האָט ר' אַבֿרהם זיך געטראַכט: „מיר וועלן זיי מיטגעבן דעם דאָזיקן פֿײַנעם קוכן און, ווען זיי וועלן אונטערוועגנס אים אויפֿשנײַדן, וועלן זיי דאָרטן געפֿינען די פֿיר הונדערט רענדלעך". אַז דיביידע אורחים האָבן זיך געגרייט זונטיק אין דער פֿרי אין וועג אַרײַן האָבן זיי זיך געזעגנט מיט טרערן אין די אויגן פֿון ר' אַבֿרהמען און זײַן ווײַב. ר' אַבֿרהם האָט זיי נאָך געוואָלט מיטגעבן אַ ביסל געלט אויפֿן וועג, אָבער זיי האָבן דערפֿון גאָר נישט געוואָלט הערן. צום סוף האָבן זיי געגעבן די צוויי אורחים דעם קוכן און צו זיי געזאָגט: „נעמט־מיט דעם קוכן אויפֿן וועג, ער וועט אײַך באַשטימט צו נוץ קומען. אויב איר וועט הונגעריק זײַן, שנײַדט־אָפּ אַ שטיק און דערקוויקט מיט דעם אײַער האַרץ". די אָרעמע פֿרוי האָט אַפֿילו נישט געוואָלט נעמען דעם קוכן, אָבער ר' אַבֿרהמס ווײַב האָט זיך בײַ איר אַזוי לאַנג אײַנגעבעטן, ביז זי איז באַשטאַנען אים מיטצונעמען. און זיי האָבן זיך געלאָזט בשלום אין זייער וועג אַרײַן.

אונטערוועגנס זײַנען זיי אָנגעקומען אין אַ שטאָט, ווו אַ מוכסן האָט פֿאַרלאַנגט פֿון זיי דעם שטאָטאָפּצאָל. האָבן זיי אָבער נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן. זאָגן זיי צום מוכסן: „מיר האָבן נישט קיין גראָשן געלט אין טאַש, נעמט דעריבער צו דעם קוכן פֿאַר אַן אָפּצאָל". זאָגט צו זיי דער מוכסן: „כּ'לעבן, דער קוכן וועט מיר שטאַרק צו נוץ קומען. איך וועל אים אַוועקגעבן פֿאַר אַ דרשה־געשאַנק צו ר' אַבֿרהם סטאָליער פֿון ירושלים צו דער חתונה פֿון זײַן

זון. דאָס וועט בײַ אים זײַן שטאַרק אָנגעלייגט". הכלל, דער מוכסן האָט צוגענומען דעם קוכן און זיי געלאָזט ווײַטער גיין בשלום. דער־נאָך האָט דער מוכסן גענומען דעם קוכן און מיט אים אַוועק קיין ירושלים און שענקט אים ר' אַבֿרהמען. אַזוי אַרום האָט ר' אַבֿרהם צוריקבאַקומען דעם קוכן מיטן גאַנצן געלט. אויף דעם זאָגט דער פּסוק: „לי הכּסף ולי הזהבֿ אָמר ד' צבֿאות" (חגי ב, ח'), וואָס איז דער טײַטש: צו מיר געהערט דאָס זילבער און צו מיר געהערט דאָס גאָלד, זאָגט גאָט דער אַלמעכטיקער, געלויבט איז זײַן הייליקער נאָמען.

אָבער יענץ פֿאָרפֿאָלק איז געשטאָרבן אין גרויסער אָרעמקייט, מחמת זיי האָבן נישט געגעבן קיין צדקה. דערפֿאַר האָט זיי גאָט באַשטראָפֿט. דעריבער, ווער עס וויל אײַנזאַמלען זײַן געלט, אַז עס זאָל נישט ווערן פֿאַרשטונקען, דער זאָל טאָן מיט דעם אַ סך צדקה, אַזוי וועט זײַן פֿאַרמעג האָבן אַ האַפֿט. און להיפּוך, אויב איינער זאַלצט נישט אײַן זײַן געלט און גיט דערפֿון נישט קיין צדקה, בײַ אים וועט זײַן געלט נישט פֿאַרבלײַבן. עס וועט אים אַזוי גיין, ווי עס איז געגאַנגען מיט די דאָזיקע צוויי לײַט. אַ סך בעסער זאָל עס אונדז גיין.

מ"ב ר"ג. (ב. ר"ב). — ועקסעמפּלאַ ז' 265, נ' 423. — חיים שוואַרצבוים, ז' 269, ווײַזט־אָן אויף אַ העברעיִשן וואַריאַנט אין נפלאים מעשיך (1955), זז' 78—81. העללער, דצ"ו, טיפּן A 745. — פּ"גל אויך גרינבוים, ז' 430 א"וו. — מאָטיוו: דאָס געלט קומט־צוריק צו וועם עס האָט אַמאָל געהערט. דער עונש פֿאַר נישט געבן צדקה. דערפֿאַר איז דער מוסר־השכּל פֿון דער מעשה, אַז מען זאָל געבן צדקה בּיד רחבה. — פּ"גל נאָך Boccacio, Decameron, X, 1.

## 74 אַ בילבול אויף אַן אומשולדיקער פֿרוי

אַ מעשׂה. עס איז אַ מאָל געשען מיט אײנעם, וואָס איז אַרויסגעפֿאָרן פֿון דער הײם צו האַנדלען אין דער פֿרעמד. זײַן ווײַב האָט ער אָנגעטרויט זײַן ברודער און אים גאָר שטאַרק געבעטן, אַז ער זאָל אויף איר אַכטונג געבן, עס זאָל איר, חלילה, קײן בײז נישט פּאַסירן און עס זאָל איר אויך גאָר נישט פֿעלן, מחמת ער האָט געוווּסט, וואָס פֿאַר אַ טײַערע, כּשרע פֿרוי זי איז. דער ברודער האָט צוגעזאָגט אַלצדינג צו טאָן, אַזוי ווי עס פּאַסט טאַקע פֿאַר אַ שוואָגער.

אַז דער מאַן האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף זײַנע נסיעות, האָט דער ברודער אַרײַנגענומען צו זיך זײַן ווײַב און איר אָפּגעגעבן בײַ זיך אין הויז אַ באַזונדערע שטוב. דער שוואָגער איז געוואָרן אַן אָפּטער אַרײַנגײער בײַ זײַן שוועגערין און אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָל איר גאָר נישט פֿעלן. צו אַלע אירע מעלות איז די פֿרוי געווען נאָך זײער אַ שײנע און אַ גרויסע צנועה. אָבער עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז איר שוואָגער האָט געוואָרפֿן אויף איר אַן אויג. אַרײַנגײענדיק צו איר אַ מאָל אין שטוב, מאַכט ער צו איר: „מײַן טײַערע שוועגערין, זײַ גוט צו מיר און טו מיר מײַן ווילן, אַזוי וועל איך אויך טאָן אַלצדינג, וואָס דו וועסט נאָר פֿאַרלאַנגען פֿון מיר". ענטפֿערט אים די כּשרע פֿרוי: „מען טאָר וועגן אַזוינס אַפֿילו נישט רײדן. אַ פֿרוי, וואָס איז מזנה מיט אַן אַנדערן מאַן, פֿאַרלײקנט גאָט ברוך־הוא און איר אײגענעם מאַן. פֿאַר וואָס זאָל איך דאָס אָפּטאָן אַזאַ מיאוסע זאַך? ווײסטו דאָך גאַנץ גוט, אַז מיר בײדע וועלן דעמאָלט פֿאַרלירן אונדזער חלק עולם־הבא. ווי קענסטו גאָר פֿון מיר אַזוינס פֿאַרלאַנגען, בפֿרט אַז דו ווײסט, אַז דײַן ברודער האָט מיך דיר אָנפֿאַרטרויט, מיך צו באַהיטן און באַשיצן? ווי קענסטו אַפֿילו גאָר טראַכטן וועגן אַזאַ מעשׂה־רע? געדענק, אַז די תּורה האָט מיך דיר געאַסרט כּל־זמן דײַן ברודער לעבט. זאָגט דאָך די הײליקע תּורה, אַז ווער עס איז מזנה מיט זײַן חבֿרס ווײַב, ווערט געשלאָגן

מיט צרעת און קומט נישט אַרויס פֿון גיהנום". האָט דאָס מאָל איר שוואָגער זיך צוגעהערט צו אירע רייד און זי אָפּגעלאָזט. ער פֿלעגט אָבער אַלץ ווײַטער אַרײַנגיין צו איר יעדן טאָג צו זען, אַז עס זאָל איר גאָר נישט פֿעלן.

ויהי היום, און דער שוואָגער האָט אַרויסגעשיקט זײַן משרת צו ברענגען וואַסער פֿון גאַס און בשעת מעשׂה איז ער אַרײַן צו זײַן שוועגערין און זי געוואָלט מאַנס זײַן. די כּשרע פֿרוי האָט אָנגעהויבן צו שרײַען אויפֿן קול, אָבער עס איז אין הויז קיינער נישט געווען, וואָס זאָל זי הערן. זי האָט זיך אָבער געווערט מיט אַלע כּוחות, אַזוי אַז ער האָט בײַ איר גאָר נישט געקענט פּועלן און זי דערפֿאַר אָפּגעלאָזט. אַ נקמה־דאָרשטיקער, איז ער אַרויס אויף דער גאַס און גענומען צוויי פֿאַלשע עדות, וואָס זאָלן מעיד זײַן, אַז זיי האָבן געזען, ווי די פֿרוי האָט מזנה געווען מיט איינעם, אַ יונגן בחור, בשעת איר מאַן איז נישטאָ אין דער היים. זײַנען די צוויי פֿאַלשע עדים אַוועק צום בית־דין און עדות געזאָגט, אַז זיי האָבן געזען די פֿרוי ליגן מיט אַ יונגן מאַן. האָט דאָס בית־דין געשיקט רופֿן די פֿרוי און פֿרעגט זי: „היתּכן, ווי אַזוי האָט זי, אַן אשת־איש, געקענט אָפּטאָן אַזאַ מיאוסע מעשׂה?" — און בשעת מעשׂה זײַנען די צוויי פֿאַלשע עדים געשטאַנען דערבײַ און איר דאָס געזאָגט אין פּנים אַרײַן. ענטפֿערט דערויף די פֿרוי, אַז דאָס, וואָס די עדים זאָגן, איז שקר וכזב, אַן אויסגעטראַכטע מעשׂה, און אַז דער אמת וועט סוף־כּל־סוף פֿאָרט אַ מאָל אַרויסקומען. בינו לבֿינו דערציילט זי דעם בית־דין די מעשׂה מיט איר שוואָגער, ווי ער האָט זי געוואָלט מאַנס זײַן. זאָגן די עדים: „וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט דײַן שוואָגער? מיר זאָגן נאָר עדות וועגן דעם, וואָס מיר האָבן אַליין געזען". האָט דאָס בית־דין נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי זי צו פֿאַרמשפּטן צו סקילה. מען האָט זי באַלד דערנאָך אַרויסגעפֿירט הינטער דער שטאָט צום סקילה־פּלאַץ און זי דאָרט פֿאַרשטיינט. זי איז אָבער געבליבן ליגן אַ לעבעדיקע אונטער דער קופּע שטיינער גאַנצע דרײַ טעג.

אויפֿן דריטן טאָג איז גראָד איינער, וואָס איז געקומען פֿון אַ ווײַט לאַנד און געפֿירט זײַן זון קיין ירושלים צו לערנען תּורה, פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם הויפֿן שטיינער און זיך דאָרט אַנידערגעזעצט אָפּצורוען פֿון וועג. היות ווי עס איז שוין געווען נאָענט צו שקיעה און זיי האָבן מורא געהאַט, אַז זיי וועלן שוין נישט באַווײַזן צו דערגיין קיין ירושלים איידער עס ווערט נאַכט, האָבן זיי באַשלאָסן דאָ איבערצונעכטיקן. עס פֿאַרשטייט זיך, זיי האָבן גאָר נישט געוווּסט, אַז עס ליגט ווער אונטער די שטיינער. בײַ נאַכט האָבן זיי געהערט אַ שוואַך קרעכצנדיק קול, וואָס האָט שטיל געשעפּטשעט: „ווײ איז מיר, מען האָט מיר פֿאַרשטיינט פֿאַר גאָר נישט. אַלץ צוליב לשון הרע. אַזאַ מוראדיקן טויט האָב איך מיר באמת נישט פֿאַרדינט“. אַז דער פֿרעמדער האָט דאָס געהערט, איז ער אויפֿגעשטאַנען פֿון זײַן געלעגער און גענומען אָפּרוימען די שטיינער, כּדי צו זען ווער עס ליגט דאָרטן און רעדט אויף אַזאַ לשון. ער האָט אַזוי לאַנג אָפּגערייניקט די שטיינער, ביז ער האָט געפֿונען די פֿרוי אַ לעבעדיקע. פֿרעגט ער זי: „ליבע פֿרוי, וואָס איז די מעשׂה, פֿאַר וואָס האָט מען דיך פֿאַרמשפּט צו סקילה?“ — דערציילט זי אים, וואָס עס האָט זיך מיט איר פֿאַרלאָפֿן און ווי די געדונגענע עדים האָבן אויף איר מוצא שם־רע געווען. דערנאָך פֿרעגט זי דעם מאַן, וווהין ער האָט בדעה צו גיין מיטן ייִנגל. ענטפֿערט ער איר, אַז ער פֿירט אים קיין ירושלים לערנען תּורה. זאָגט זי צו אים: „אויב דו וועסט מיך מיטנעמען אַהיים צו דיר, אַזוי וועל איך לערנען מיט דײַן זון תּורה, נבֿיאים און כּתובֿים“. פֿרעגט זי דער מאַן: „קענסטו באמת לערנען? אויב אַזוי, וויל איך דיך נעמען מיט מיר אַהיים“. ענטפֿערט אים די פֿרוי: „יאָ, איך קען גוט די תּורה“. איז דער מאַן, בעזרת השם, צוריק אַהיים געגאַנגען און מיט זיך מיטגענומען די פֿרוי. אָנקומענדיק בשלום אַהיים, האָט ער פֿאַר איר אויסגעבויט אַ באַזונדערע שטוב, אַ תּחום־שבת פֿון שטאָט, ווו זי זאָל לעבן במנוחה און קיינער זאָל זי נישט מבֿטל

זײַן פֿון לערנען. ער האָט איר אויך געדונגען אַ משרת, וואָס זאָל איר ברענגען צו עסן און צו טרינקען.

ויהי היום, און עס האָט זיך געמאַכט, אַז אויך דער משרת האָט געוואָרפֿן אַן אויג אויף דער פֿרוי און זי געוואָלט פֿאַרפֿירן. אָבער די פֿרוי האָט גאָר נישט געוואָלט הערן דערפֿון און זאָגט צו אים: „זאָל מיך גאָט אָפּהיטן פֿון צו טאָן אַזאַ מיאוסע עבֿירה. איך בין אַן אשת־איש און מיט גאָטס הילף וועט מײַן מאַן באַלד צוריקקומען צו מיר". איז דער משרת געוואָרן אין כּעס, געכאַפּט אַ שווערד און זי געוואָלט דערהרגענען. האָט דאָס ייִנגל, מיט וועם זי האָט גראָד געלערנט, זיך געוואָרפֿן אויף דעם משרת, כּדי זי צו באַשיצן, אָבער דער משרת האָט איינס און צוויי גאָר דערהרגעט דאָס ייִנגל מיטן שאַרף פֿון זײַן שווערד. אַז דער משרת האָט געזען, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, איז ער שנעל אַנטלאָפֿן אין אַ ווילדן וואַלד אַרײַן. איז געקומען אַ לייב פֿון זײַן ליבן נאָמען און אים פֿאַרצוקט. דאָס האָט אים גאָט ברוך־הוא צוגעשיקט זײַן עונש פֿאַר זײַן גרויסע עבֿירה. אַז די פֿרומע פֿרוי האָט געזען, ווי איר תּלמיד איז געבליבן, נעבעך, איבער איר געהרגעט געוואָרן, איז זי אויך אַנטלאָפֿן, הגם זי איז געווען אין גאַנצן אומשולדיק. זי האָט פּשוט נישט געקענט צוזען דעם צער פֿון פֿאָטער און מוטער איבער זייער קינד. איז די פֿרוי געגאַנגען איבער וועגן און שטעגן, ביז זי איז אָנגעקומען צום באָרטן פֿון ים. מיט אַ מאָל קומט־אָן אַ שיף מיט סאַמע גזלנים. אַז זיי האָבן דערזען די שיינע פֿרוי, האָבן זיי זי געפֿאַנגען און אַוועקגעפֿירט מיט זיך. וואָס טוט אָבער גאָט ברוך־הוא? ער שיקט אַ שטורעם אויפֿן ים, וואָס האָט שיִער נישט צעבראָכן די שיף. האָבן די שיפֿלײַט געשריִען אויפֿן קול און זאָגן: „עס איז נישט אַנדערש ווי גאָט צאָרנט אונדז. לאָמיר דעריבער וואַרפֿן גורל און אויף וועם עס וועט פֿאַלן דער גורל — דעם וועלן מיר אַרײַנוואַרפֿן אין ים אַרײַן. זעען מיר דאָך באַשײַמפּערלעך, אַז דער שטורעם איז נאָר אונדז אויסן, מחמת די איבעריקע שיפֿן האָבן אַ לײַכטן ווינט און פֿאַר זיי שײַנט די זון, נאָר אונדז איז באַשערט אַזאַ ביטער

וועטער. מסתמא האָט זיך ווער פֿון אונדז שוועד פֿאַרזינדיקט״. האָבן זיי גענומען און געוואָרפֿן גורל. איז דער גורל געפֿאַלן אויף דער גוטער פֿרוי. האָבן זיך די שיפֿלײַט געפֿרעגט: „זאָג אונדז, מיר בעטן דיך, וואָס איז דײַן טאָן, אַז גאָט צאָרנט אַזוי איבער דיר? האָבן מיר מורא, אַז איבער דיר וועלן מיר אַלע דערטרונקען ווערן אינעם ים״. ענטפֿערט זיי די פֿרוי: „איך בין אַן ייִדישקע און גלייב אין גאָט דעם אַלמעכטיקן, וואָס האָט באַשאַפֿן הימל און ערד״. און אַזוי האָט די פֿרוי דערציילט די שיפֿלײַט אַלע אירע איבער־לעבענישן, אַלצדינג וואָס עס איז מיט איר פֿאָרגעקומען פֿון אָנהייב ביזן סוף. האָבן די שיפֿלײַט אויף איר גרויס רחמנות געהאַט און זי נישט געוואָלט אַרײַנוואַרפֿן אין ים. זיי האָבן אויפֿגעהויבן זייערע הענט צו דעם אין הימל און תּפֿילה געטאָן — אַז ער זאָל זיי אָפּהיטן פֿון אַל דאָס בייז און זיי זאָלן נישט דאַרפֿן אַרײַנוואַרפֿן די דאָזיקע ביטער געשטראָפֿטע פֿרוי אין ים אַרײַן. האָט גאָט ברוך־הוא דער־הערט זייער געבעט און דער ים איז געוואָרן רויִק. זײַנען זיי צוגע־פֿאָרן צו דער יבשה און דאָרט אַרויסגעזעצט די גוטע פֿרוי. אויף אַזאַ אופֿן איז זי ניצול געוואָרן פֿון אַ צרה און די שיפֿלײַט האָבן זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן.

אונדזער גוטע פֿרוי האָט כּסדר אַרויסגעוויזן אַ סך שטאַנד־האַפֿטיקייט און קיין מאָל נישט פֿאַרלוירן איר בטחון אין דעם אין הימל — געלויבט זײַן נאָמען — און אַזוי האָט זי אויך איצט געטאָן. זי איז פֿאַרבליבן בײַם באָרטן פֿון ים און דאָרט זיך אויפֿ־געשטעלט אַ בײַדל, ווו זי זאָל קענען וווינען. האָט איר גאָט ברוך־הוא באַוויזן זײַן חסד און געלאָזט דאָרט וואַקסן געשמאַקע, מחיה־דיקע קרײַטעכצער, וואָס זײַנען געווען גוט פֿאַר רפֿואות און וואָס זי האָט אין איין וועגס געקענט עסן, כּדי צו שטילן איר הונגער. השם יתברך האָט איר אויך געגעבן לײַטזעליקייט אין די אויגן פֿון מענטשן און חכמה אין איר האַרץ, אַזוי אַז זי האָט געקענט היילן כּל המינים מצורעים און אַנדערע חולאים. הקיצור, עס האָט נישט לאַנג געדויערט און זי האָט באַקומען אין די ווײַטסטע מקומות אַ

שם פֿון אַ גרויסן רופֿא, וואָס קען היילן יעדע מענטשלעכע חולאת. האָבן זיך חולאים מיט פֿאַרשיידענע שלאַפֿקייטן אַוועקגעלאָזט צו איר, אַז זי זאָל זיי היילן. מיט גאָסט הילף האָט זי טאַקע פֿאַרשטאַנען צו געבן יעדן איינעם די נייטיקע רפֿואה. מיט דער צײַט איז די פֿרוי געוואָרן זייער רײַך. זי האָט זיך אײַנגעשאַפֿט אַ סך פֿעטע קי און קעלבער, משרתים און דינסטמיידן, פֿערד, רינדער און שאָף.

הײַנט, בשעת די גוטע פֿרוי האָט געהאַט אויסצושטיין אַזוי פֿיל געברענטע צרות און געליטן שווערע יסורים, ווי איר האָט אָקערשט דאָ געלייענט, איז אין צווישן איר אייגענער מאַן צוריקגעקומען מיט זײַן סחורה פֿון זײַנע נסיעות איבער פֿרעמדע לענדער. אין דער שטיל האָט ער געהאַפֿט אָנצוטרעפֿן אין דער היים זײַן געטרײַ, פֿרום ווײַב, געהאַלטן אין גרויס כּבֿוד פֿון זײַן ברודער. אַז ער האָט זי נישט געפֿונען אין דער היים, פֿרעגט ער זײַן ברודער, ווו זי איז אַהינגעקומען. ענטפֿערט אים זײַן ברודער: „ווו זאָל זי זײַן? דאָרט, ווו עס געהערן אַלע אַנדערע זונות. זי האָט ווידערגעשפּעניקט גאָט דעם אַלמעכטיקן, מזנה געווען מיט אַ יונגן בחור, אויף וואָס צוויי עדים האָבן עדות געזאָגט, אַזוי אַז מען האָט זי באַלד דערנאָך פֿאַרשטיינט". אַז דער מאַן האָט דאָס געהערט, האָט ער זייער געטרויערט אויף זײַן ווײַב, מחמת ער האָט אין דער אמתן אַזוינס פֿון איר נישט דערוואַרט. זאָגט ער טאַקע צו זײַן ברודער: „זאָג וואָס דו ווילסט, נאָר איך קען דאָס פֿאָרט נישט גלייבן. איז זי דאָך געווען אַ פֿרומע און כּשרע ייִדישע פֿרוי. אָבער וואָס קען איך טאָן, אַז עס זײַנען פֿאַראַן בעוונותינו הרבים צוויי עדים, וואָס האָבן זי געזען אין איר שאַנד?" — און דער מאַן האָט חדשים לאַנג געטרויערט נאָך זײַן פֿרוי און זיך נישט געקענט טרייסטן. אָבער גאָט ברוך־הוא, וואָס ווייס דעם אמת און שטראָפֿט דעם מענטש נאָך זײַנע מעשׂים, האָט געשלאָגן מיט אַ צרעת די צוויי עדים און דעם ברודער, ווײַל זיי האָבן אָפּגעטאָן אַזאַ מיאוסע עבֿירה לגבי דער פֿרומער פֿרוי. אַז זיי זײַנען שוין געווען מצורע אַ לענגערע צײַט, זאָגט איינער פֿון זיי צום אַנדערן: „מיר האָבן געהערט, אַז דאָרטן,

בײַם באָרטן פֿון ים, וווינט אַ ייִדישע פֿרוי וואָס היילט צרעתן. לאָמיר דעריבער אַהינציִען צו איר, אפֿשר וועט גאָט העלפֿן און זי וועט אונדז קענען היילן". האָבן זיי, על־כּן, באַשלאָסן זיך צו לאָזן אין וועג אַרײַן צו אָט דער רופֿאטע.

אַז דער מאַן פֿון דער פֿרוי וואָס מען האָט פֿאַרשטיינט האָט זיך דערפֿון דערוווּסט, זאָגט ער צו זיי: „איך קען מיר סײַ ווי סײַ נישט געפֿינען קיין אָרט אין דער היים איבער מײַן גרויס אומגליק, וועל איך דערפֿאַר מיט אײַך מיטגיין. אפֿשר וועל איך אַזוי אַרום גיכער פֿאַרגעסן מײַן גרויסן צער". האָבן זיי זיך זאַלבע פֿערט געלאָזט אין וועג אַרײַן צו דער גוטער פֿרוי. אָנקומענדיק דאָרט, האָט די גוטע פֿרוי באַלד דערקענט אַלע פֿיר, אָבער זי האָט זיך נישט געגעבן צו דערקענען. פֿרעגט זי זיי: „פֿון וואַנען קומט איר און וואָס איז אײַער באַגער?" — ענטפֿערן זיי: „מיר האָבן געהערט פֿון דײַן גרויסער חכמה אין רפֿואה, זײַנען מיר צו דיר געקומען, אפֿשר וועסטו אונדז קענען היילן. ווילן מיר דיך בעטן, דו זאָלסט אונדז העלפֿן, און מיר וועלן דיר אָפּגילטן מיט אַ סך זילבער און גאָלד פֿאַר דײַן חסד, אויב עס וועט דיר נאָר געראָטן אונדז אויסצוהיילן". מאַכט צו זיי די פֿרוי: „אַוודאי זע איך, אַז איר זײַט מצורעים, אָבער איך זע אויך, אַז גאָט האָט אײַך נישט אומזיסט געשטראָפֿט. האָט איר זיך דאָך מסתּמא שווער פֿאַרזינדיקט און דאָס איז דער עונש דערפֿאַר. איך קען אײַך אָבער נאָר דעמאָלט העלפֿן, אויב איר וועט זיך מודה זײַן אין אײַערע זינד". ווייסן מיר דאָך, אַז השם יתברך שטראָפֿט אַ מענטש מיט צרעת, ווען ער האָט עובֿר געווען אויף אַ גרויסער עבֿירה". האָבן זיי דעמאָלט אָנגעהויבן צו דערציילן אַ טייל פֿון זייערע עבֿירות. מאַכט צו זיי די פֿרוי: „דאָס איז דאָך נישט אַלץ, וואָס איר האָט אָפּגעטאָן — דער אין הימל שטראָפֿט נישט אַ מענטש מיט צרעת פֿאַר קליינע עבֿירות. על־כּן, אויב איר וועט נישט אויסזאָגן דעם גאַנצן אמת, וועל איך אײַך נישט קענען העלפֿן און איר קענט ווידער אַהיימפֿאָרן געזונטערהייט". ווי עס פֿאַרשטייט זיך, איז זי אָבער אין דער אמתן

אויסן געווען, אַז איר מאַן זאָל פֿאַרגעמען פֿון זייער אייגן מויל די געמיינע בילבולים, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסגעטראַכט אויף איר. און אַזוי איז טאַקע געשען.

אַז די רשעים האָבן געזען, עס וועט זיי גאָר נישט העלפֿן, און אַז זיי וועלן מוזן אויסזאָגן דעם ריינעם אמת, האָבן זיי גענומען דערציילן, אין בייזיין פֿון מאַן, אַלצדינג, ווי שלעכט זיי האָבן זיך אויפֿגעפֿירט לגבי אַ געוויסער פֿרוי און זי באַעוולט. עס איז זיי אַפֿילו נישט איינגעפֿאַלן, אַז דאָס איז די פֿרוי, אויף וועלכער זיי האָבן געהאַט אויסגעטראַכט אַ שקר־בילבול. איצט האָבן זיי זיך אָבער מודה געווען, אַז זיי האָבן פֿאַלש עדות געזאָגט און אויף אַזאַ אופֿן גורם געווען, אַז מען זאָל זי פֿאַרמשפּטן צו סקילה, וואָס איז געווען אַ גרויסע רציחה. אַז די פֿרוי האָט דערהערט דעם ווידוי פֿונעם מויל פֿון די רשעים, זאָגט זי צו זיי: „איר האָט זיך גאָר שווער פֿאַרזינדיקט. איך שווער ביי זיין ליבן נאָמען, אַז איך וועל אייך נישט היילן, מחמת אַלע רפֿואות אין דער וועלט קענען אייך נישט מער העלפֿן, היות גאָט ברוך־הוא איז נישט קיין בשׂר־ודם, וואָס זאָל, חלילה, משקר זיין. האָט ער דאָך אַליין געזאָגט משה רבינון: „זאָלסט נישט אַרומגיין מיט רכילות צווישן דיין פֿאָלק“ (ויקרא יט, ט״ז). און נאָך מער, עס שטייט דאָך געשריבן אין דער תורה „דו זאָלסט ניט שטיין רויִק ביי דעם בלוט פֿון דיין חבֿר“ (דאָרט). ווייסן מיר דאָך, אַז לשון־הרע פֿירט צו רציחה. על־כּן, זייט וויסן, איר רשעים, אַז איך בין דאָס די פֿרוי, וואָס איר האָט באַרעדט און אָפּגעגעבן פֿאַלשע עדות און מיט דעם גורם געווען, אַז מען זאָל מיך אומשולדיקערהייט פֿאַרמשפּטן צו סקילה. אָבער גאָט ברוך־הוא, אין זיין גרויסער דערבאַרעמונג, האָט מיך מציל געווען פֿון אייערע הענט, מחמת ער ווייס אַלץ, וואָס עס טוט זיך אינעם האַרץ פֿון אַ מענטש, און דאָס פֿאַרהוילענע קומט סוף־כּל־סוף אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין. איר, רשעים, וועט, על־כּן, פֿאַרבלייבן מצורע אייער גאַנץ לעבן און איר וועט אַפֿילו נישט קענען אָפּקומען פֿאַר אייערע זינד אויף יענער וועלט.

אַז איר מאַן האָט פֿאַרנומען די דאָזיקע רייד פֿון זײַן פֿרוי, האָט ער אָפּגעגעבן אַ שבֿח צום בורא־עולם פֿאַר דעם גרויסן חסד, וואָס ער האָט אים באַוויזן און אים ווידער באַשערט זײַן אייגן ווײַב. זאָגט ער צו איר איצט: „איך האָב די געמיינע ליגנס איבער דיר טאַקע נישט געוואָלט גלייבן, הגם איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה און געמוזט אײַנגיין אויף די עדות פֿון די פֿאַלשע עדים". פֿון אַלע זײַטן האָט דער עולם איצט אָפּגעהוזקט פֿון די פֿאַלשע עדים און זיי זײַנען שוין אַזוי פֿאַרבליבן קרעציק זייער גאַנץ לעבן. דער מאַן אָבער איז פֿון איצט אָן פֿאַרבליבן בײַ זײַן ווײַב און האָט מיט איר געלעבט אין הרחבֿה און גרויס עשירות.

השם יתברך האָט אָבער אויך געהאָלפֿן יענעם מאַן, וואָס זײַן זון איז דערהרגעט געוואָרן איבער דער פֿרוי. ער האָט זיך דערבאַרעמט איבער אים, אים אויפֿגעריכט און באַשערט אַן אַנדערן זון, וואָס האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ און געוואָרן מיט דער צײַט אַ גרויסער תּלמיד־חכם. דעריבער, איר ליבע לײַט, פֿון דער מעשׂה קענט איר אָפּלערנען, וואָס פֿאַר אַ גרויסע עבֿירה עס איז רכילות און לשון־הרע. איבער זייער מוצא שם־רע זײַן און פֿאַלשע עדות, זײַנען זיי באַשטראָפֿט געוואָרן מיט קרעץ און געבליבן מצורע זייער גאַנץ לעבן. ווער עס וויל אָבער זײַן גאָטפֿאָרכטיק, דער זאָל אָפּהיטן זײַן צונג פֿון זאָגן ליגנס, ווי עס שטייט אין פּסוק (משלי כא, כ"ג): „ווער עס היט אָפּ זײַן צונג און מויל, באַהיט זײַן לײַב פֿון לייד און איז זוכה צו אייביקער פֿרייד". דאָס שווער איך אײַך בײַ מײַן נאמנות, סײַ דעם מאַנספּאַרשוין און סײַ דער מויד.

מ"ב ר"ד. (ב. ר"ג). — עקסעמפּלאַ, ז' 195, נ' CCCIV און ז' 237, נ' 313. — רעווי, באַנד 33, ז' 234 א"וו. אוצר מדרשים, ז' 343. — מאָטיוו: Genofeva-Motif. — ענלעך אויך די מעשה פֿון דער גוטער פלאָרענטינאַ פֿון רוים. — די אומשולדיקע פרוי — צום סוף קומט פאָרט דער אמת אַרויס. — די קרײַטעכצער וואָס היילן מצורעים. — די עבֿירה פֿון רכילות און איר האַרבער עונש. מאָטיוו־אינדעקס: „רכילות און אַ שקר־בילבול" א"וו. K 2100 H. טיפּ A 883. — די פּרוכט וואָס היילט, טיפּ 613. — פ"גל אויך גרינבוים, ז' 430 א"וו.

## 75 דער אויסגעלאָסענער בן־מלך

אַ מעשׂה שהיה. אַ מאָל איז געווען אַ מלך, האָט ער געהאַט אַן איינציקן זון. האָט אָבער דער מלך זײַן זון קיין מאָל נישט אַרויסגעשיקט אין דער וועלט אַרײַן צו לערנען חכמה און גוטע זיטן, ווי עס איז געווען דער מנהג בײַ אַנדערע גרויסע שׂררות און מלכים. ער האָט זײַן זון אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, אַז ער האָט ממש נישט געוואָלט אים קיין שום בן־אָדם אָנגעטרויען. איז דערפֿאַר דער בחור אויפֿגעוואַקסן ווי אַ היימיש קעלבל, אַ גרויסער זולל־וסובא. מאַכט זיך, אַז אַ מאָל זײַנען געקומען צום מלך חשובֿע געסט פֿון דער פֿרעמד. אַז זיי זײַנען געזעסן מיט אים בײַם טיש, פֿרעגן זיי אים, הלמאַי ער לאָזט ניט זיצן צוזאַמען מיט זיי בײַם טיש זײַן זון, וועמען זיי וואָלטן גערן געזען. זאָגט צו זיי דער קעניג: „מײַנע ליבע פֿרײַנד! וואָס וועט איר שוין זען בײַ אים? איך האָב אים קיין מאָל נישט אַוועקגעלאָזט פֿון מיר, אַז ער זאָל לערנען, ווי מען פֿירט זיך אויף בײַם הויף. דעריבער פּאַסט מיר ממש נישט, אַז ער זאָל זיצן בײַם טיש, בשעת עס זײַנען דאָ פֿרעמדע געסט". אָבער די שׂרים זײַנען פֿאָרט באַשטאַנען, אַז ער זאָל זיצן מיט זיי בײַם טיש. האָט אים זײַן פֿאָטער געהייסן אַרײַנקומען און זיך אַוועקזעצן נעבן זיי. קוים האָט ער זיך אַנידערגעזעצט בײַם טיש, האָט ער באַלד אָנגעהויבן צו פֿרעסן און צו זויפֿן, ממש מעשׂה בהמה. די שׂרים האָבן תּיכף געזען וואָס פֿאַר אַ בריאה דאָס איז און האָבן געוואָלט וואָס גיכער פֿון אים פּטור ווערן, הגם אַרויסגעוויזן האָבן זיי דאָס נישט צו קיינעם. אַז דער מלך האָט באַמערקט, ווי די שׂרים קענען נישט פֿאַרטראָגן די מיאוסע מינעס פֿון זײַן זון, טראַכט ער זיך: וואָס טוט מען פֿאָרט מיט מײַן זון? מיט אַ מאָל האָט ער זיך דערמאָנט אין זײַן אַלטן שטאַלמײַסטער, וואָס איז אַ גרויסער חכם. אים וועט ער אַוועקגעבן זײַן זון, אַז ער זאָל פֿון אים מאַכן אַ לײַט. מיט אים וועט ער אַרויסשיקן זײַן זון אין דער וועלט אַרײַן, אַז ער זאָל לערנען תּרבות און גוטע מאַנירן. געלט

וועט זיי נישט פֿעלן. על־כּן, האָט ער געשיקט רופֿן דעם שטאָל־מײַסטער און זאָגט צו אים: „מײַן ליבער, געטרײַער שטאָלמײַסטער! איך האָב צו דיר אַ בקשה. איך וויל, דו זאָלסט נעמען מײַן זון און מיט אים אַרויסגיין אין דער וועלט, כּדי ער זאָל זען, וואָס עס טוט זיך אין לעבן און לערנען ווי זיך אויפֿצופֿירן. געלט אויף דער נסיעה וועל איך אײַך נישט קאַרגן, אַבי ער זאָל קענען לערנען לעבן־שטייגער און התנהגות". דער געטרײַער שטאָלמײַסטער האָט דעם מלך נישט געקענט מעיז פּנים זײַן און האָט אים דעריבער צוגעזאָגט, אַז ער וועט אַלץ טאָן, וואָס ער וועט נאָר קענען. הקיצור, דער מלך האָט געלאָזט אָנזאָטלען צוויי פֿערד, אַרײַנגעטאָן גענוג געלט אין זייער בײַטל און זיי אַוועקגעשיקט אין וועג אַרײַן.

זיי זײַנען געריטן אַ שטיק צײַט, ביז זיי זײַנען אָנגעקומען אין אַ שטאָט פֿון אַ צווייטן מלך און אײַנגעשטאַנען בײַ איינעם פֿון זײַנע יועצים. אַז דער יועץ פֿון מלך האָט געהערט, וואָס פֿאַר אַ וויכטיקע האַרן עס האַלטן זיך אויף בײַ אים אין הויז, איז ער צו זיי אַרײַן, זיי באַגריסט און אויסגעפֿרעגט ווער זיי זײַנען און פֿון וואַנען זיי קומען. האָבן זיי אים געענטפֿערט, אַז זיי קומען פֿון פֿאַמערן. דעמאָלט איז דער יועץ אַוועק צום מלך און אים איבערגעגעבן, אַז עס שטייען־אײַן בײַ אים אין הויז צוויי מעכטיקע פּריצים פֿון פֿאַמערן. האָט דער מלך אים געהייסן, אַז ער זאָל זיי מיטברענגען אין אָוונט צום נאַכטעסן. האָט ער אַזוי געטאָן, ווי דער מלך האָט געהייסן. ער האָט זײַנע צוויי געסט געבראַכט אין הויף צום נאַכטעסן און צוזאַמען זיך געזעצט צום קעניגלעכן טיש צו דער סעודה.

כּידוע, איז עס אַ מנהג, אַז מען גיט יעדן גאַסט אַ טעלער מיט ברויט, אויף וואָס ער זאָל עסן. נאָכן אָפּעסן רוימט מען ווידער אַראָפּ די טעלערס און, וואָס עס איז איבעריק געבליבן, גיט מען אַוועק פֿאַר אָרעמע לײַט. אָבער אַזוי באַלד ווי דער בן־מלך האָט באַקומען דעם טעלער מיט ברויט, האָט ער זיך צוגעכאַפּט דערצו ווי אַ פֿרעסער און אַלץ מיט אַ מאָל אויפֿגעגעסן. האָט זיך דער

שטאַלמײַסטער מיט דעם זייער געשעמט און די שׂרים, וואָס זײַנען געזעסן בײַם קעניגלעכן טיש, האָבן פֿאַרחידושט געקוקט אויפֿן בן־מלך און נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. דעמאָלט האָט דער שטאַל־מײַסטער אַרויסגענומען פֿון זײַן בײַטל עטלעכע גילדענע רענדלעך און זיי צוגעוואָרפֿן די אָרעמע לײַט. אַז די שׂרים האָבן דאָס געזען, האָבן זיי געמיינט, אַז דער בן־מלך האָט דאָס בכיוון געטאָן, כּדי ער זאָל קענען געבן אַ סך צדקה די אָרעמע לײַט. פֿון איצט אָן האָט זיך דער בן־מלך געלאָזט לערנען פֿונעם שטאַלמײַסטער, ווי זיך צו פֿירן און נישט צו זײַן אַזאַ זולל וסובֿא.

זיי זײַנען דערנאָך ווײַטער געריטן און אָנגעקומען אין אַ שלאָס, ווו עס האָט אויך געוווינט אַ קעניג. אַז זיי זײַנען געזעסן מיט די הויף־שׂרים בײַם קעניגלעכן טיש און געווען גאָר אויפֿגערוימט, זאָגט דער קעניג צו זיי: „אײַך ליבע האַרן, וואָס איר זײַט פֿאַרזאַמלט דאָ, וויל איך בעטן, אַז איטלעכער פֿון אײַך זאָל דערציילן אַ מעשׂה פֿון עפּעס אַן אינטערעסאַנטער איבערלעבעניש, וואָס האָט זיך מיט אים געטראָפֿן, כּדי אונדז אַלעמען צו פֿאַרווײַלן, אַזוי ווי עס פֿירט זיך בײַ שׂרים און מלכים, וואָס איעדער גאַסט אַמוזירט דעם עולם מיט אַ שיינער מעשׂה. אַז דער שטאַלמײַסטער האָט דאָס געהערט, טראַכט ער זיך: וואָס וועט מײַן בן־מלך קענען דערציילן? ער איז דאָך אין גאָר נישט געניט און אין זײַן גאַנץ לעבן נישט אַרויס־געפֿאָרן פֿון דער היים. איז זיך דער שטאַלמײַסטער מיישבֿ, נעמט דעם בן־מלך אַוועק אין אַ זײַט און זאָגט צו אים: „פֿאַרנעם מײַנע ריידי! איצט וועט יעדער איינער דערציילן זײַנס אַ מעשׂה. וואָס וועסטו דערציילן? דו ווייסט דאָך גאָר נישט, ווײַל דו ביסט נישט אַרויסגעקומען פֿון דער היים אין דער וועלט אַרײַן. פֿאָלג מיך דע־ריבער און איך וועל דיך לערנען, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פֿון אָט דער אָנשיקעניש. גיי־צוריק צום טיש און בשעת די איבעריקע שׂרים וועלן מאַכן מיט דיר אַ לחיים, וועל איך אויך אַזוי טאָן. דע־מאָלט זאָג צו מיר: „מײַן ליבער האַר שטאַלמײַסטער! ווילט איר מיך דווקא נאָך מער אָנשיכּורן? איך האָב שוין געטרונקען גענוג

לחיימס". דערנאָך לאָז־אַראָפּ דײַן קאָפּ אויף דײַן אָרעם און מאַך דיך שלאָפֿן. אַזוי וועלן זיי אַלע דיך לאָזן ליגן און דו וועסט פֿאַרשפּאָרן צו דערציילן אַ מעשׂה". האָט טאַקע דער בן־מלך אַזוי געטאָן. ער איז צוריקגעגאַנגען צום טיש און, אַז זיי זײַנען אַלע געזעסן, האָבן זיי געשמאַק מיט אים געטרונקען זייערע לחיימס און אים דווקא געוואָלט אָנשיכּורן. איז דער שטאַלמײַסטער אויפֿגעשטאַנען און געוואָלט מיט אים אויסטרינקען אַ פֿרישע כּוסע. זאָגט צו אים דער בן־מלך: „מײַן האַר שטאַלמײַסטער, מיינט איר נישט, אַז איך האָב שוין גענוג געכּוסעט, וואָס איר ווילט, איך זאָל נאָך מאַכן אויך מיט אײַך אַ לחיים?" — פֿון דעסט וועגן האָט ער אים צו ליב געטאָן און אויסגעטרונקען אַ פֿרישן לחיים. אָבער אַזוי באַלד ווי ער האָט געהאַט אויסגעטרונקען דעם לחיים, האָט ער געלאָזט אַראָפּפֿאַלן דעם קאָפּ אויפֿן אַקסל און זיך געמאַכט שלאָפֿנדיק. זעענדיק, אַז ער איז אײַנגעשלאָפֿן, האָט דאָס שטאַרק פֿאַרדראָסן די שׂרים און זיי האָבן געזאָגט: „קומט, לאָמיר אים צוריק אויפֿוועקן". זאָגט דער שטאַלמײַסטער צו זיי: „לאָזט אים אָפּ. ער איז טויט־שיכּור. לאָמיר איבערלאָזן אונדזער קאַטאָוועס אויף אַן אַנדער מאָל". אויף אַזאַ אופֿן איז דער בן־מלך פּטור געוואָרן פֿון אַן עול און אויף צו מאָרגנס האָט ער זיך ווידער מיטן שטאַלמײַסטער געלאָזט אין וועג אַרײַן. רײַטנדיק אַזוי, זײַנען זיי אָנגעקומען אויף אַן אָרט, ווו עס איז געשטאַנען אַ מיל צו שלײַפֿן דימענטן און אבֿנים טובֿות. דאָרט האָט אויך געוווינט גאָר אַ מעכטיקער גראַף, וועלכער האָט געהאַט דרײַ שיינע טעכטער, וואָס זייערס גלײַכן האָט מען אין ערגעץ נישט געקענט געפֿינען. אַז דער בן־מלך האָט זיי דערבליקט, איז ער געוואָרן אין גאַנצן אַ פֿאַרקאָכטער און געוואָלט פֿירן מיט זיי אַ ליבע. ער האָט מיט איינער פֿון זיי געוואָלט חתונה האָבן. דער גראַף האָט אים אָבער נישט געוואָלט האָבן פֿאַר קיין איידעם.

מאַכט זיך גראָד, אַז עס האָט זיך געשטעלט אַ יאַריד נישט ווײַט פֿון גראַפֿס פּאַלאַץ. זײַנען אָנגעקומען אויפֿן יאַריד אַ סך פֿרעמ־

דע סוחרים מיט זייערע סחורות. צווישן זיי איז געווען אַ סוחר, וואָס האָט געהאַט צו פֿאַרקויפֿן דרײַ טײַערע גאָרפֿונקל־שטיינער. אַז דער בן־מלך האָט דאָס געזען, האָט ער שטאַרק חשק געהאַט צו די שטיינער, אָבער נישט געוווּסט ווי אַזוי זיי צו באַקומען, מחמת ער האָט נישט געהאַט גענוג געלט דערצו. איז ער געפֿאַלן אויף אַ המצאה. ער האָט זיך געמאַכט אַ נאַרנקלייד פֿון כּלערליי פֿאַרבן און זאָגט צום שטאַלמײַסטער: „איר וועט באַלד זען, ווי איך וועל אַרויסבאַקומען די גאָרפֿונקל־שטיינער פֿון דעם חבֿרה־מאַן. אָט קוקט זיך צו, ווי איך טו־אָן אויף מײַנע קעניגלעכע מלבושים די קליידער פֿון אַ לץ. באַלד וועט איר אויך זען, ווי איך וועל אַרײַנ־נעמען אין מײַן האַנט די דרײַ שטיינער און מיך אָנהייבן מיט אים צו דינגען. דערנאָך וועל איך צושלאָגן דעם מקח. און בשעת דער סוחר וועט צוריק פֿאַרלאַנגען די שטיינער, זאָלט איר שטיין נעבן מיר און קומט מיר צו הילף. פֿרעגט דעם סוחר, אויב איך האָב נישט ערלעך געקויפֿט די שטיינער און זאָגט צו אים: „מיט וועם, מיינסטו, האָסטו דאָ צו טאָן, מיט אַ נאַר אָדער אַ האַר? דו זעסט דאָך שוין אַליין וואָס פֿאַר אַ פֿויגל דאָס איז!" — הקיצור, דער בן־מלך איז אַוועק צום סוחר אין די קליידער פֿון אַ לץ, נעמט אין זײַן האַנט די דרײַ שטיינער און מאַכט צו אים: „זאָגט מיר, מײַן האַר, וויפֿל ווילט איר האָבן פֿאַר די שטיינער?" — ענטפֿערט אים דער סוחר: „הונדערט גילדן", מחמת ער האָט געמיינט, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ לץ. זאָגט דער בן־מלך: „מײַן האַר, פֿאַרקויפֿט זיי מיר פֿאַר צען גילדן, מחמת דער פּרײַז, וואָס איר פֿאַרלאַנגט, איז צו טײַער". ענטפֿערט אים דער סוחר מיט אַ לצנות: „גוט, אָבער ציילט מיר געשווינד אויף די מטבע און די שטיינער זײַנען אײַערע". דער בן־מלך האָט נישט לאַנג געטראַכט, אויסגעציילט געשווינד די צען גילדן און געוואָלט אַוועקגיין מיט די שטיינער. לאָזט אים אָבער דער סוחר נישט אָפּ. ער האָט געמאַכט אַ גוואַלד און שרײַט: „אײַ, איר דאַרט, אַזוי האָב איך דאָס נישט געמיינט. איר גלייבט דאָך אַליין נישט, אַז איך וועל אײַך אַוועקגעבן אָט די

שטיינער פֿאַר אַזאַ פּרײַז. זיי זײַנען דאָך ווערט אַן עשירות״. דעמאָלט האָט דער לץ אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די נאַרנקליידער, בלײַבט שטיין אין זײַנע קעניגלעכע בגדים און זאָגט צו דעם סוחר: „זעסטו נישט מיט וועם דו האָסט דאָ צו טאָן און וועם דו האָסט פֿאַרקויפֿט די שטיינער — צו אַ נאַר אָדער אַ האַר? לאָז מיר בעסער די שטיינער, מחמת איך האָב זיי ערלעך פֿון דיר געקויפֿט, אַנישט וועסטו מיך האָבן צו געדענקען״. אין דעם איז אָנגעקומען דער שטאַלמײַסטער מיט אַ סך באַגלייטערס, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פֿון פּאַלאַץ און זאָגט: „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ געשריי מיט מײַן האַר און פּרינץ?״ — און בשעת מעשׂה נעמט ער מיט כּוח אַוועקשלעפּן דעם בן־מלך פֿונעם סוחר. דער עולם, וואָס איז געשטאַנען אַרום, בעט זיך: „לאָזט זיי צו רו. זאָלן די בײדע צדדים קומען צו אַ יושרדיקן הסכּם״. האָט דער שטאַלמײַסטער אײַנגעוויליקט און, אַז די אַנדערע שׂרים האָבן געהערט, וואָס דאָ איז פֿאָרגעפֿאַלן, האָבן זיי געטענהט: „דער בן־מלך האָט ערלעך געקויפֿט די שטיינער און על־פּי דין געהערן זיי צו אים״. הקיצור, נאָך לאַנגע רײַסענישן און דינגענישן איז מען אַוועק צו אַ שופֿט, וואָס האָט געפּסקנט, אַז דער מקח איז אַ מקח און אַז די שטיינער געהערן צום בן־מלך, וואָס האָט זיי געקויפֿט פֿאַר צען גילדן. אָבער פֿון יושר וועגן און כּדי דער סוחר זאָל נישט האָבן קיין צו גרויסן היזק, איז כּדאַי, אַז דער בן־מלך זאָל אים צוצאָלן ווײַטערדיקע צוויי טויזנט גילדן. ווען דער סוחר האָט געהערט דעם פּסק־דין, האָט ער אָנגעהויבן צו שרײַען, אַז דאָס איז פּשוטע גזילה. האָבן די שׂרים, וואָס זײַנען געזעסן בײַם משפּט געזאָגט: „וואָס האָסטו פֿאַר אַ טענות? האָט דער בן־מלך נישט גענוג געטאָן פֿאַר דיר? אין דער אמתן איז ער נישט מחויבֿ דיר נאָך עפּעס צו געבן. זײַ, על־כּן, נישט קיין נאַר, נעם וואָס מען גיט דיר און טראָג דיך אָפּ פֿון דאַנען״. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער בן־מלך איז געוואָרן מלא שׂמחה. זײַן מזל האָט אים צוגעשפּילט און ער איז געוואָרן אי רײַך און אי גליקלעך, בעת דער אָרעמער סוחר האָט געהאַט גרויס עגמת־נפֿש און צער דערפֿון.

איצט האָט דער בן־מלך נאָר געטראַכט, ווי אַזוי ער זאָל אָנקריגן אײנע פֿון דעם גראַפֿס טעכטער. צוזאַמען מיט זײַן שטאָלמײַסטער האָט ער זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן און איז נאָך אַ שטיקל צײַט ווידער צוריקגעקומען אין דעם פּאַלאַץ פֿון גראַף. דאָרט האָט מען אים אָפּגעגעבן אַ באַזונדערע שטוב, ווו ער זאָל שלאָפֿן. די טײַערע גאָרפֿונקל־שטײנער האָט ער געהאַלטן בײַ זיך צו באַלײַכטן זײַן שטוב. אַ מאָל איז ער אַרויס מיט זײַן שטאַלמײַסטער אויף אַ שפּאַציר און בשעת מעשׂה זײַנען די טעכטער פֿון גראַף אַרײַן אין זײַן שטוב און דערזען די הערלעכע שטײנער, וואָס האָבן ממש פֿאַרכּישופֿט זײער האַרץ, אַזוי אַז זײ האָבן גרײַלעך זײ געוואָלט האָבן. אַז דער בן־מלך מיט זײַן באַגלײטער זײַנען דערנאָך צוריקגעקומען פֿונעם שפּאַציר, האָבן זײ תּיכּף דערשמעקט, אַז עס איז עמעצער געווען אין צווישן אין דער שטוב. זײ האָבן זיך אָבער גאָר נישט ווייסנדיק געמאַכט. באַלד זײַנען אָבער די דרײַ טעכטער פֿון גראַף געקומען צו דעם בן־מלך און זאָגן צו אים: „אַדוני מלך, אויב איר וועט איטלעכן פֿון אונדז געבן אַ שטײן, וועט יעדע פֿון אונדז באַזונדער שפּילן מיט אײַך אַ שעה אין בעט דאָס פֿרויענשפּיל, אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זײַן פֿאַר אַזאַ שײנע מתּנה“. און זײ זײַנען באַלד מושווה געוואָרן איבער דעם עסק, אַז יעדע פֿון זײ זאָל שפּילן אַ שעה צײַט מיטן בן־מלך. איז די עלטסטע טאָכטער אַרײַן צו דעם מאַן אין טורעמגלאָק און זאָגט צו אים: „איך וויל, אַז דו זאָלסט צוויי מאָל נאָך אַנאַנד קלינגען מיטן גלאָק, מחמת איך גרײט מיך צו שפּילן אַ שעה צײַט דאָס פֿרויענשפּיל מיטן בן־מלך. גיב זשע דעריבער גוט אַכטונג, אַז אַזוי באַלד ווי איך וועל אַרײַן צו אים אין בעט, זאָלסטו אויסקלינגען די שעה און באַלד ־דערנאָך די אַנדערע שעה, דעמאָלט וועל איך ווידער אַרויס פֿון בעט. גיב אָבער אַכטונג, אַז ער זאָל מיך נישט אָפּנאַרן, נאָר מיר געבן די אמתע מתּנה. דעמאָלט קלינג מיטן גלאָק און איך וועל מיר האָבן כּשר פֿאַרדינט מײַן געלט“. באַלד דערנאָך איז זי אַרײַן צום בן־מלך אין זײַן שטוב. דער מאַן אינעם טורעמגלאָק האָט געקענט

קלאָר זען, ווי זי קריכט־אַרײַן צו אים אין בעט און שפּילט מיט אים דאָס פֿרוינשפּיל. אַזוי באַלד אָבער ווי ער האָט באַמערקט, אַז דער בן־מלך וויל איר געבן אַ פֿאַלשע גאָב, האָט ער שנעל געלאָזט אויסקלינגען די שעה. זאָגט די טאָכטער צום בן־מלך: „איך האָב מיר כּשר פֿאַרדינט מײַן חלק. די שעה איז פֿאַרבײַ און דער גלאָק האָט געקלונגען. גיב מיר, על־כּן, דעם גאָרפֿונקל־שטיין, ווי דו האָסט מיר צוגעזאָגט". אַזוי האָט ער איר אים געגעבן. איז זי פֿון אים שנעל אַוועקגעלאָפֿן צו אירע שוועסטערס און זיי דערציילט, ווי אַזוי זי האָט זיך פֿאַרדינט דעם שטיין. האָבן אויך די בײדע שוועסטערס פּונקט אַזוי אָפּגערעדט מיטן מאַן אין טורעמגלאָק, ווי די עלטסטע האָט געטאָן. די מיטלסטע שוועסטער האָט דעם שטיין אויך אויף אַזאַ אופֿן באַקומען. אָבער ווען עס איז געקומען צו דער ייִנגסטער שוועסטער און זי האָט אויך געוואָלט שנעל אַרויס פֿון בעט, ווי נאָר עס האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פֿון גלאָק אינעם טורעם, האָט זי דער בן־מלך אָנגעכאַפּט און איר דערלאַנגט אַ פֿאַלשע גאָב, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט. ערשט דערנאָך האָט ער איר געגעבן פֿאַר אַ מתּנה דעם ריכטיקן גאָרפֿונקל־שטיין. איז זי דערנאָך אַוועק צו אירע שוועסטערס און דערציילט זיי אַלצדינג, וואָס עס האָט מיט איר פּאַסירט. ענטפֿערן זיי איר: „עס שאַדט דיר גאָר נישט, דו האָסט געזאָלט אַזוי טאָן ווי מיר האָבן געטאָן!" — דער בן־מלך איז אָבער דערנאָך אַוועק צו די אַנדערע צוויי שוועסטערס און זאָגט צו זיי: „שלאָפֿט מיט מיר אָדער גיט מיר אָפּ די שטיינער". האָבן זיי מסכּים געווען צו דעם עסק און זײַנען בײַ אים געלעגן. אַז ער האָט זיך געהאַט מיט זיי אָפּגעפּאַרטיקט, זאָגט ער דערנאָך צו אַלע דרײַ שוועסטערס: „איצטער גיט מיר אָפּ די שטיינער, אַנישט וועל איך דערציילן די גאַנצע מעשׂה אײַער פֿאָטער. דעם גראַף". און היות זיי האָבן שטאַרק מורא געהאַט פֿאַר זייער פֿאָטער, האָבן זיי אַלע דרײַ אים אָפּגעגעבן די גאָרפֿונקל־שטיינער. הקיצור, די ייִנגסטע טאָכטער איז אָבער געוואָרן טראָגעדיק און איר פּנים איז געווען זייער בלאַס, ווי מען קען זיך דאָס לײַכט פֿאָר־

שטעלן, אַז דער פֿאָטער האָט דאָס באַמערקט, פֿרעגט ער זי: „מײַן ליבע טאָכטער, וואָס איז די מער מיט דיר? פֿאַר וואָס זעסטו אויס אַזוי בלאַס? ביסטו דאָך תּמיד געווען די שענסטע פֿון מײַנע טעכטער“. האָט זי דעם פֿאָטער אויסגעזאָגט דעם סוד, וואָס עס האָט מיט איר פּאַסירט. זאָגט צו איר דער פֿאָטער: „הגם דו ביסט געוואָרן מעוברת פֿון אים, וויל איך אָבער פֿאָרט נישט, אַז דו זאָלסט אים נעמען פֿאַר אַ מאַן“. אַז די ייִנגסטע טאָכטער האָט געהערט פֿון איר פֿאָטער, אַז ער וועט איר נישט לאָזן חתונה האָבן מיטן בן־מלך, האָט זי זיך דאָס גענומען שטאַרק צום האַרצן. זי איז אַוועק צום בן־מלך און אים דערציילט מיט גרויס האַרצווייטיק, וואָס דער פֿאָטער האָט איר געזאָגט, היות זי האָט אים באמת זייער ליב געהאַט. אויך דער פּרינץ האָט געהאַט דערפֿון גרויס צער, מחמת ער האָט די טאָכטער פֿון גראַף געהאַט זייער האָלד. ער האָט אָבער נישט געוווּסט ווי אַזוי בײַצוקומען די מניעות. האָט ער געהאַט אַ ייִשובֿ־הדעת מיטן שטאַלמײַסטער. זאָגט יענער צו אים: „איך וועל דיר געבן אַן עצה טובֿה וואָס צו טאָן. גיי און נעם איינעם פֿון די גאָרפֿונקל־שטיינער, מאַך אויף אים אַ קריצעלע, וואָס מען קען קוים דערזען מיטן אויג, און גיי־אַרײַן צום גראַף און זאָג צו אים אָט וואָס: „ליבער גראַף, איך וויל בעטן בײַ אײַער גנאָד אַ טובֿה. לאָזט מיר בויערן אין אײַער מיל אַ לאָך אין מײַן גאָרפֿונקל־שטיין. איך ווייס, אַז זיי וועלן דיר דעם שטיין קאַליע מאַכן, אָבער דו וועסט דערנאָך האָבן די ברירה צו לאָזן שאַצן דעם שטיין אַזוי הויך, ווי דו וועסט נאָר אַליין וועלן. דער גראַף וועט נישט האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן דעם היזק און ער וועט מוזן טאָן וואָס דו פֿאַרלאַנגסט“. האָט דער בן־מלך אַוועקגעטראָגן צום גראַף דעם שטיין און צו אים אַזוי גערעדט, ווי דער שטאַלמײַסטער האָט אים געהייסן. נעמט דער גראַף דעם שטיין און שיקט אים אין דער מיל אַרײַן און באַפֿעלט, אַז זיי זאָלן זײַן אָפּגעהיט מיטן שטיין און נישט מאַכן דערנעבן קיין לאָך, כּדי נישט צו באַשעדיקן דעם שטיין. דער מילמײַסטער האָט צוגענומען דעם שטיין און צוגעזאָגט, אַז

ער וועט אַלץ טאָן אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זײַן, מחמת ער איז געווען זיכער, אַז ער קען גוט די מלאכה און וועט, על־כּן, דעם שטיין נישט קאַליע מאַכן. ער האָט גענומען דעם שטיין און אים איבערגעגעבן צו אײנעם פֿון זײַנע מיל־אַרבעטערס און אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל אויסבויערן אַ לאָך אין שטיין און זײַן געוואָרנט אים נישט אָפּצוקלאָגן. בינו לבֿינו איז דער מײַסטער אַרויס אויפֿן פֿעלד אויף אַ שפּאַציר און בשעת מעשׂה האָבן זיך די אַרבעטערס גענומען צו דער מלאכה. אָבער בײַם בויערן אַ לאָך איז דער שטיין צעבראָכן געוואָרן אין סאַמע מיטן. אַז די אַרבעטערס האָבן געזען, וואָס עס איז דאָ פֿאָרגעקומען, האָבן זיי שנעל געמאַכט פליטה, מחמת זיי האָבן גאָר נישט אַזוי פֿיל פֿאַרמאָגט צו באַצאָלן פֿאַרן שאָדן. און ווען דער גראַף האָט געשיקט אָפּנעמען דעם שטיין, האָט זײַן משרת דאָרטן קײנעם נישט געפֿונען.

בינו לבֿינו איז אויך דער מײַסטער פֿון דער מיל צוריקגעקומען פֿון זײַן שפּאַציר און דעם גראַפֿס משרת האָט בײַ אים געבעטן דעם שטיין. האָט זיך דער מײַסטער גענומען אַרומקוקן און געזען, אַז עס איז קײנער נישטאָ אין דער מיל. דעמאָלט האָט ער אַליין אָנגעהויבן זוכן דעם שטיין און דערזען, ווי ער ליגט צעבראָכן אויף שטיקער. האָט ער גענומען די שטיקער און זיי אַוועקגעגעבן דעם משרת און אַליין אויך געמאַכט פליטה, מחמת ער האָט גאָר נישט געהאַט אַזוי פֿיל צו באַצאָלן פֿאַרן שטיין. דער משרת ווידער, האָט אַוועקגעטראָגן די פּיצלעך שטײנער צום גראַף.

אַז דער גראַף האָט דערזען דעם בראָך, האָט ער זיך מוראדיק דערשראָקן און פּשוט נישט געוווּסט וואָס פֿאַר אַ תּשובֿה צו געבן דעם בן־מלך. אין צווישן איז אויך אָנגעקומען דער בן־מלך און געוואָלט זען, צי דער שטיין איז ריכטיק געמאַכט געוואָרן. זאָגט צו אים דער גראַף: „הויך געשעצטער הער קעניג, איך קען אײַך נישט פֿאַרשווײַגן וואָס עס איז געשען. אײַער שטיין איז צעבראָכן געוואָרן אין סאַמע מיטן“. האָט דער גראַף אָנגעהויבן ביטער צו וויינען און צו שרײַען און זאָגט צום בן־מלך: „איך ווייס גאָר נישט,

ווי אַזוי אײַך צו באַצאָלן פֿאַר דעם טײַערן שטיין", און בשעת מעשׂה האָט ער זיך געריסן די האָר פֿון קאָפּ, פֿאַר גרויס צער. זאָגט צו אים דער בן־מלך: „האָט פֿון דעם נישט קיין יסורים. עס קען גאָר געמאָלט זײַן, אַז מיר וועלן קענען קומען צו אַן אויסגלײַך. גיט מיר אײַער ייִנגסטע טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב און איך בין אײַך מוחל דעם שטיין". אַז דער גראַף האָט געהערט די ווערטער פֿונעם בן־מלך, איז ער געווען שטאַרק צופֿרידן, וואָס ער קען באַצאָלן מיט זײַן ייִנגסטער טאָכטער פֿאַר דעם טײַערן שטיין. און אַזוי האָט ער באַלד אויסגעגעבן זײַן טאָכטער פֿאַרן בן־מלך. מען האָט געפּראַוועט אַ שיינע חתונה און בײַם טיש האָט יעדער איינער פֿון די געסט דערציילט אַן אויסטערלישע מעשׂה, וואָס האָט זיך מיט אים געטראָפֿן. האָט אויך דער בן־מלך גענומען דערציילן זײַן ערשטע אַוואַנטורע: „אַ מאָל בין איך געגאַנגען איבער אַ פֿעלד און דערזען דרײַ שיינע, ווײַסע טויבן. איינע פֿון זיי איז געווען גאָר ווײַס. האָב איך אויף איינער פֿון די טויבן געצילט מיט מײַן פֿײַל, אָבער זי נישט געטראָפֿן. האָב איך ז'ערנאָך געצילט אויף דער צווייטער טויב און זי שיִער נישט געטראָפֿן. צום סוף האָט איך געשאָסן מיט מײַן פֿײַל אויף דער דריטער און די פֿײַל האָט זי געטראָפֿן צווישן די פֿליגל, אַזוי אַז דער בויך איז בײַ איר געשוואָלן געוואָרן". אַז דער עולם האָט געהערט דעם דאָזיקן משל, האָבן זיך אַלע גאָר שטאַרק צעלאַכט, ווײַל זיי האָבן אַלע פֿאַרשטאַנען, וואָס דער בן־מלך איז אויסן געווען מיט זײַן מעשׂה שהיה. זײַנען זיי אַלע געווען גאָר פֿריילעך און אויפֿגערוימט. און אויף אַזאַ אופֿן האָט דער יונגער בן־מלך באַקומען די שיינע טאָכטער פֿון גראַף פֿאַר אַ ווײַב און האָט מיט איר דערנאָך געלעבט אין גליק און אין פֿריידן.

מ"ב ר"ח. ( ב. ר"ז). — מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פֿאַבליאָ, אַ פֿאַרשײַט, הוזק־מעשׂהלע וואָס וויל אַמוזירן. די מעשׂה איז מסתמא אַריבערגעגאַנגען פֿון אַ דײַטשישן מקור אינעם מעשׂה־בוך און האָט נישט אויפֿצווײַזן קיין איין כאַראַקטעריסטישן ייִדישן שטריך. דער שטאַלמײַסטער, וואָס באַגלייט דעם בן־מלך אויף זײַנע נסיעות, זאָגט טאַקע, אַז זיי קומען פֿון פֿאַמערן.

האָבן מיר אפשר אין דעם אַן אַסמכתא אויפֿן דײַטשישן מקור. צום סוף פֿון דער מעשה דערציילט דער בן־מלך אַ משל, וואָס איז שוין מיט זײַנע אָנצוהערענישן ווײַט פֿון צניעות. — לאָמיר נאָך דערמאָנען אַ וואַריאַנט אינעם ספר כפתור ופרח „בן המלך הרעבתן" פ"ט, א', וואָס דער מחבר האָט אַרויסגענומען פֿון איומה כנדגלות. — בנוגע די מאָטיוון פֿון אונדזער מעשה — פ"גל, למשל, יטיפּן 883 און די מעשה ג' 24 אין Il Pentcmerone פֿון G. Basile.

## 76 „אַ פֿויגל פֿון הימל וועט אַוועקטראָגן דאָס קול"

אַ מעשה שהיה. אַ מאָל איז אַ ייִד געגאַנגען אונטערוועגנס, איז אים באַפֿאַלן אַ גזלן און בײַ אים צוגענומען אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געהאַט. אַז ער האָט פֿון אים אַלץ צוגענומען, זאָגט צו אים דער גזלן: „אַצינד וועל איך דיך הרגענען, מחמת אויב איך וועל דיך לאָזן לעבן, וועסטו מיך גיין פֿאַרמסרן פֿאַרן שופֿט און דער סוף וועט זײַן, אַז מען וועט מיך הענגען. דעריבער וועל איך דיך ליבערשט דערהרגענען, דעמאָלט בין איך זיכער, אַז עס וועט מיר גאָר נישט פּאַסירן". זאָגט צו אים דער ייִד מיט אויגן פֿול אימה: „ליבער, איך בעט דיך, האָב רחמנות און לאָז מיך לעבן. איך זאָג דיר צו, איך וועל קיינעמען נישט אויסזאָגן, אַז דו האָסט מיר באַראַבעוועט. און דאָס זאָג איך דיר נאָך צו: אויב דו וועסט פֿאַרגיסן אומשולדיק בלוט און מיך הרגענען, אַזוי וועלן דיך פֿאַרמסרן די פֿייגל, וואָס פֿליִען־אַרום אין דער לופֿט, און ערשט דעמאָלט וועסטו האָבן אַ מיאוסן סוף". זאָגט צו אים דער גזלן: „ווי איך זע, מאַכסטו גאָר חוזק פֿון מיר". ענטפֿערט אים דער ייִד: „חלילה, אַז איך זאָל וועלן חוזק מאַכן פֿון דיר! שטייט דאָך בפֿירוש געשריבן אין אונדזער תּורה (קהלת י, כ'): „עוף השמים יוליך את הקול", וואָס איז דער טײַטש, אַ פֿויגל פֿון הימל וועט אַוועקטראָגן דאָס קול. די פֿייגל, וואָס פֿליִען־אַרום צווישן הימל און ערד, זיי וועלן אויסזאָגן דעם אמת. זעסטו אָט דעם פֿויגל, וואָס זיצט אויף יענעם בוים? —

ער וועט עס אויסזאָגן". אַ טייל זאָגן גאָר, אַז אַ מלאך פֿון הימל, וואָס הייסט עוף, טראָגט־אַוועק דאָס קול פֿון פֿאַרברעך. איז דער גזלן געוואָרן מלא כּעס אויפֿן ייִדן און זאָגט צו אים: „צום סוף מאַכסטו נאָך פּשוט חוזק פֿון מיר!", און ער איז אויפֿגעשטאַנען און אים דערהרגעט, השם ישמרנו.

דער גזלן האָט באַלד גענומען ווײַטער וואַנדערן און אונטערוועגנס איז ער אַרײַן אין אַ גאַסטהויז, און זיך באַשטעלט צו עסן און צו טרינקען. דער בעל־אַכסניה האָט אים אַוועקגעשטעלט אַ שיסל מיט פֿייגל. אַז ער האָט דערזען די פֿייגל, האָט ער אָנגעהויבן גאָר שטאַרק צו לאַכן. אַז דער בעל־אַכסניה, וואָס איז גראָד געשטאַנען בײַם טיש, האָט געזען ווי זײַן גאַסט לאַכט אַזוי הויך, פֿרעגט ער אים: „וואָס איז די מעשׂה, וואָס דו האָסט דיך עפּעס אַזוי פֿונאַנדערגעלאַכט? אויב דו לאַכסט אַזוי שטאַרק צו דיר אַליין, איז דאָך מסתּמא דיר עפּעס אַ גרויסע חכמה אײַנגעפֿאַלן. זאָג זשע מיר דעריבער פֿאַר וואָס דו לאַכסט אַזוי?" — האָט זיך דער רוצח געטראַכט: וועם גייט דאָס שוין אָן, וואָס איז געשען מיט אַ ייִדן? און ער דערציילט דעם באַלעבאָס די גאַנצע מעשׂה מיטן ייִד, ווי יענער האָט פֿון אים חוזק געמאַכט און געזאָגט, אַז די פֿייגל אין דער לופֿטן וועלן אים פֿאַרמסרן. איצט, אַז ער האָט געזען די פֿייגל אין דער שיסל, האָט ער געמוזט צו זיך לאַכן. טראַכט זיך דער באַלעבאָס, אַז דער ייִד האָט אים טאַקע געזאָגט דעם ריינעם אמת. אויב ער האָט דערהרגעט דעם ייִד, מסתּמא האָט ער שוין אָפּגעטאָן נאָך אַנדערע רציחות און ער איז אַן אמתער רוצח. עס איז, על־כּן, מײַן חובֿ אַזאַ מעשׂה־רע גישט צו פֿאַרשווײַגן. הקיצור, ער איז באותו מעמד אַוועק צום ראש־עירן און דערציילט אים, וואָס פֿאַר אַ גאַסט ער האָט בײַ זיך אין שטוב און וואָס פֿאַר אַ רציחה ער איז באַגאַנגען. זאָגט צו אים דערויף דער ראש־עירן, אַז ער זאָל צוריקגיין צו זיך אַהיים, מחמת ער וועט באַלד צוקומען צו אים. איז דער באַלעבאָס ווידער אַרײַן צו זיך אין שטוב, זיך אַוועקגעזעצט בײַם גאַסט און אים פֿאַרשמועסט אַ ווײַל. נאָך אַ פֿערטל שעה איז אַנ־

געקומען דער ראש־עירן מיט אַ סך וואַכלײַט און אַרומגערינגלט דאָס הויז. ער איז דערנאָך אַרײַן מיט דרײַ פֿון זײַנע לײַט און זאָגט צום רוצח: „גיב זיך אונטער!" — הערנדיק די ווערטער, האָט זיך דער רוצח שטאַרק דערשראָקן, אַז ער איז שיִער נישט אַנידערגעפֿאַלן אַ טויטער. הקיצור, זיי האָבן אים גענומען און אים אַרײַנגעוואָרפֿן אין תּפֿיסה. און מען האָט אים אַזוי לאַנג מענה געווען, ביז ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט דערהרגעט דעם ייִדן און אויך נאָך אָפּגעטאָן אַ סך אַנדערע רציחות. מען האָט אים פֿאַר־משפּט פֿאַר אַ רוצח און דערנאָך גערעדערט. אַזוי אַרום איז מקוים געוואָרן, וואָס דער ייִד האָט געזאָגט, אַז די פֿייגל פֿון הימל וועלן אויסזאָגן זײַן רציחה.

מ"ב רי"ח, (ב. רי"ז). — גרינבוים, ז' 431 א"וו. — עקסעמפּלאַ, ז' 265, נ' 431. — דער באַקאַנטער Ibycus־מאָטיוו. די פֿייגל פֿון הימל זאָגן־אויס דעם סוד וועגן דעם הרוג. — מאָטיוו: דער אמת קומט תּמיד אַרויס. טיפּן 780 און 781. — פּ"גל אויך גרים, „מערכען" נ' 115 און באָלטע אונד פּאָליווקאַ, באַנד 2, ז' 531. מאָטיוו־אינד' B 131.1 און D 1715 און N 271.1. טיפּן 960. — הגם אונדזער מעשהלע דערציילט פֿון אַ ייִדן, וואָס אַ רוצח (בײַ גרים — אַ וואַנדער־געזעל) דערהרגעט אַ ייִד), נעמט בײַ אים אַלץ צו און דערנאָך קוילעט ער אים, איז דאָס צו אונדז געקומען פֿון אַ פֿרעמדן, דײַטשישן מקור. דער איינציקער ייִדישער שטריך פֿונעם מעשהלע איז זײַן פֿרומער נוסח מיטן „השם ישמרנו" און דער ציטאַט פֿון קוהלת י', כ'. — שלשלת הקבלה דערציילט די מעשה גאָר פֿון שלמה אבן גבירול.

## 77 דער שכר פֿאַר נישט וועלן שווערן

אַ מאָל איז געווען אַן עושר, וואָס האָט קיין מאָל אין זײַן לעבן נישט געטאָן שווערן. אַז עס איז געקומען זײַן צײַט צו שטאַרבן, האָט ער אַרײַנגערופֿן זײַנע קינדער און זיי אַ צוואה געמאַכט, אַז זיי זאָלן קיין מאָל ניט שווערן, אַפֿילו נישט אויף אַן אמת. און ער איז מוסיף: „זײַט וויסן, אַז מײַן גאַנץ עשירות קומט מיר דערפֿון,

וואָס איך האָב קיין מאָל נישט געגעבן קיין שבֿועה אין מײַן לעבן און דערפֿאַר האָט מיר גאָט ברוך־הוא צוגעשיקט ברכה און הצלחה אין אַלצדינג, וואָס איך האָב געטאָן". האָבן אים די זין צוגעזאָגט מקיים צו זײַן זײַן צוואה, ווי ער האָט זיי געבעטן. אַז דער עושר איז דערנאָך געשטאָרבן, האָבן זיך די קינדער געטיילט מיט דער ירושה און קיינער פֿון זיי איז נישט אָנגעקומען צו קיין שבֿועה. צום סוף איז יעדער איינער אַוועק אויף זײַן וועג, אַחוץ איין זון, וואָס איז געבליבן וווינען אינעם פֿאָטערס הויז.

אין יענער שטאָט זײַנען אָבער געווען געמיינע יונגען, וואָס האָבן געהערט פֿון דעם פֿאָטערס צוואה, אַז ער זאָל קיין מאָל נישט טאָן קיין שבֿועה. איז איינער פֿון זיי געקומען צו גיין צו דעם זון און געמאָנט בײַ אים טויזנט גילדן, וואָס דער פֿאָטער איז אים כלומרשט געבליבן שולדיק. דער זון האָט, פֿאַרשטייט זיך, אָפּגעלייקנט די גאַנצע מעשׂה שטיין און בײַן. אָבער ווען דער שופֿט האָט פֿאַרלאַנגט פֿון אים אַ שבֿועה, אַז ער ווייס פֿון גאָר נישט, האָט ער זיך געטראַכט: טאָמער שווער איך, וועל איך מבֿייש זײַן דעם טאַטנס צוואה. איז שוין קראַנטער איך זאָל ניט שווערן און אים געבן דאָס געלט און אויף אַזאַ אופֿן אָפּהיטן מײַן פֿאָטערס צוואה. האָט ער דעם חבֿרה־מאַן געסילוקט, הגם ער האָט געקענט אויף אַן אמת שווערן און פּטור זײַן. הײַנט, ווען די אַנדערע שטאָט־שקצים האָבן געהערט, אַז דער זון וויל בפֿירוש ניט שווערן, זײַנען זיי געקומען צו אים מיט נײַע טענות און געמאָנט אַ סך געלט, וואָס איז נישט געשטויגן און נישט געפֿלויגן. הקיצור, די דאָזיקע יונגאַטשעס האָבן בײַ אים אויסגענאַרט אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געהאַט. האָבן זיך דערנאָך באַוויזן אַנדערע שווינדלערס, וואָס האָבן אים געלאָדן צום בית־דין, אַז עס קומט זיי געלט בײַ זײַן פֿאָטער. האָט דאָס בית־דין פֿאַרלאַנגט פֿון זיי אַ שבֿועה און דערנאָך געפּסקנט, אַז ער מוז באַצאָלן דעם חובֿ. האָט אָבער אונדזער טײַערער מאַן שוין מער נישט געהאַט מיט וואָס צו סילוקן, האָט מען אים פֿאַרשפּאַרט אין תּפֿיסה.

האָט אָבער אונדזער גוטער מאַן געהאַט אַ געטרײַ און פֿרום װײַב, אַ גרויסע יפֿה־פֿיה. האָט זי אַלצדינג מקבל באַהבֿה געװען פֿון זײַן ליבן נאָמען װעגן, נאָר צוליב איר אַמאָליקער עשירות און גדולה האָט זי זיך איצט געשעמט אָנצוקומען צו צדקה. זי איז ליבער געװאָרן אַ װעשערין און געװאַשן גרעט פֿאַר פֿרעמדע לײַט. װאָס זי האָט נאָר פֿאַרדינט מיט איר פּראַצע, האָט זי אַװעקגע־טראָגן פֿאַר איר מאַן אין תּפֿיסה און מיטן רעשט זיך און אירע קינדער מפֿרנס געװען. אַ מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז די כּשרע פֿרוי איז געשטאַנען בײַם ברעג פֿון טײַך און געװאַשן גרעט. איז מיט אַ מאָל אָנגעקומען צו פֿאָרן אַ שיף און דער שיף־קאַפּיטאַן זאָגט צו דער פֿרוי: „אפֿשר װאָלטסטו געװאָלט אויך װאַשן מײַנע גרעט?״
— זאָגט די גוטע פֿרוי צו אים: „יאָ, פֿאַר װאָס נישט?״ — דער אמת איז געװען, אַז דער קאַפּיטאַן האָט געװאָרפֿן אויף איר אַן אויג און האָט נאָך איר זייער געגלוסט. פֿרעגט ער זי, װער זי איז. דער־ציילט זי אים די גאַנצע מעשׂה, װי אַזוי לײדאַקעס האָבן באַשװינ־דלט איר מאַן און צוגענומען פֿון אים זייער גאַנץ פֿאַרמעגן און װאָס פֿאַר אַ שלעכטס עס האָבן זיי אָפּגעטאָן זייערע שכנים. זאָגט דעמאָלט דער קאַפּיטאַן צו איר: „נאַ דיר אַ רענדל און װאַש מיר אויס שיין מײַן העמד״. האָט די גוטע פֿרוי גענומען דאָס רענדל און אַלצדינג, װאָס זי האָט נאָך געהאַט פֿאַרדינט, און גײט אַהין און לייזט־אויס איר מאַן פֿון דער תּפֿיסה. דערנאָך איז זי אַװעק אָפּצוברענגען דעם קאַפּיטאַן דאָס העמד. אַזוי באַלד אָבער װי זי איז נאָר אַרויף אויף דער שיף, איז די שיף צוזאַמען מיט איר אַװעקגעשװוּמען אין מרחקים.

אַז די קינדער האָבן געזען, װי מען האָט בײַ זיי צוגענומען די מאַמע, האָבן זיי אָנגעהויבן שטאַרק צו װיינען, װי מען קען זיך דאָס לײַכט פֿאָרשטעלן. זיי זײַנען טאַקע גיך אַהיימגעלאָפֿן און דער־ציילט זייער פֿאָטער, אַז מען האָט מיט געװאַלט אַװעקגעפֿירט זייער מאַמע אויף דער שיף. בשעת דער מאַן האָט געהערט די דאָזיקע שלעכטע בשׂורה, האָט ער אויפֿגעהויבן זײַנע הענט צום הימל, גע־

לויבט השם יתברך און געבעטן, אַז ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף אים און זײַנע קלײנע קינדערלעך. דער אומגליקלעכער טאַטע האָט איצט גענומען זײַנע קלײנע קינדער בײַ דער האַנט און זיך געלאָזט מיט זיי אין וועג אַרײַן. זיי האָבן אַזוי געוואַנדערט אַ שטיק וועגס ביז זיי זײַנען צוגעקומען צו אַ טײַך, נישט ווײַט פֿון ים. איז אָבער דאָרטן נישט געווען קיין שיפֿל, וואָס זאָל זיי אַריבערזעצן אויף דער אַנדער זײַט. האָט דער פֿאָטער אויסגעטאָן זײַנע קלײדער און גענומען אַריבערשווימען מיט די קינדער אויפֿן אַנדערן ברעג וואַסער. דאָס וואַסער האָט אָבער אַזוי שטאַרק געשטראָמט, אַז ער איז מיט די קינדער שיִער נישט דערטרונקען געוואָרן. אָבער גאָט ברוך־הוא איז דאָך דערבאַרעמדיק, האָט ער זיי צוגעשיקט אַ קלײן שיפֿעלע, וואָס האָט זיי אַריבערגענומען אויף דער אַנדער זײַט, פֿון וואַנען זיי זײַנען דערנאָך אָנגעקומען אין אַ מקום, וווּ עס האָבן געוווינט אַ סך ייִדן. האָבן זיי זיך דערבאַרעמט אויף דעם פֿאָטער און אים איבערגעגעבן צו פּאַשען זייער שאָף, מחמת זיי האָבן גראָד דעמאָלט נישט געהאַט קיין פּאַסטעך. האָט ער אַ מאָל איבערגעלאָזט די קינדער אַכטונג צו געבן אויף די שאָף בײַם באָרטן פֿון ים. איז מיט אַ מאָל אָנגעקומען די שיף, אין וועלכער עס האָט זיך געפֿונען די מוטער פֿון די קינדער, און צוגעראַבעוועט די קינדער און מיט זיי אַוועקגעשווומען אַרויס צום ים.

אַ מאָל, בעת דער טאַטע פֿון די קינדער האָט געהיט די שאָף פֿון די שטאָטלײַט, האָט ער זיך פֿאַרטראַכט וועגן זײַן פֿינצטערן גורל, וועגן זײַן אַמאָליקער עשירות, וואָס די אויסוואָרפֿן האָבן בײַ אים אומברחמנותדיק צוגענומען, און ווי ער האָט אויף אַזאַ מוראדיקן אופֿן פֿאַרלוירן סײַ זײַן ווײַב און סײַ די קינדער, אַז ער איז אַראָפּגעקומען אויף אַזאַ מדרגה, וואָס ער מוז איצט זײַן אַ פּאַסטעך בײַ אַנדערע. אַזוי טראַכטנדיק, איז ער געגאַנגען אַרויף־און־אַראָפּ בײַם ברעג פֿון טײַך און אויף איין מאָל דערזען אַ סך מענטשלעכע פּגרים, וואָס שלאַנגען און עקדישן האָבן זיי געביסן צום טויט. האָט ער זיך געטראַכט: „אײדער אַזאַ לעבן איז שוין קראַנטער צו

שטאַרבן. הלוואַי וואָלטן מיך די שלאַנגען און עקדישן צעביסן אויף טויט!" — האָט ער בדעה געהאַט זיך צו דערטרינקען אין וואַסער, כּדי פּטור צו ווערן פֿון אָט דעם ביטערן לעבן.

פּלוצעם האָט ער פֿאַרנומען אַ בת־קול פֿון הימל, וואָס האָט געזאָגט: „גיי דאָרט אַהין און גראָב אונטער יענעם בוים, אַזוי וועסטו געפֿינען אַ גרויסן אוצר מיט געלט, וואָס ליגט דאָרטן אַנגעגרייט פֿאַר דיר, מחמת דו האָסט אָפּגעהיט דײַן פֿאָטערס צוואה מיט אַזוי פֿיל מסירת־נפֿש". ער איז טאַקע באַלד אַוועק צו דעם בוים און אָנגעהויבן דאָרטן צו גראָבן. און ער האָט טאַקע געפֿונען אַן אוצר מיט געלט, וואָס לאָזט זיך גאָר נישט אָפּשאַצן. פֿאַרשטייט זיך, אַז זײַן שׂמחה איז געווען גרויס און ער האָט געלויבט גאָט ברוך־הוא פֿאַר דעם חסד, וואָס האָט אים נישט פֿאַרלאָזט און אים געהאָלפֿן אין זײַן אָרעמקייט. האָט ער אויך געהאָפֿט, אַז הקדוש ברוך־הוא וועט אים אויך ווײַטער העלפֿן צוריק צו באַקומען זײַן ווײַב און קינדער, אויב זיי זײַנען נאָר בײַם לעבן. באַלד דערנאָך איז ער אַוועק צום מלך פֿון יענעם לאַנד און געפּועלט, אַז מען זאָל אים דערלויבן אויפֿצובויען אַ נײַ הויז בײַם סאַמע באָרטן פֿון ים און אַרויפֿלייגן אויף יעדער שיף, וואָס וועט דאָרט אָנקומען, אַ שטײַער, וואָס זאָל גיין אינעם אוצר פֿון מלך. אויף אַזאַ אופֿן האָבן זיך אַלע שיפֿן געמוזט אָפּשטעלן און צאָלן דעם שטײַער. דעמאָלט איז ער אויך אַרויף אויף די שיפֿן, כּדי צו זען, אויב ער וועט דאָרטן נישט געפֿינען זײַן ווײַב־און־קינדער.

ויהי היום, נישט לאַנג דערנאָך, איז אָנגעקומען פֿאַרן צאָלהויז אַ שיף, אויף וועלכער עס האָבן זיך געפֿונען זײַן ווײַב־און־קינדער, און געוואָלט באַצאָלן דעם קעניגלעכן שטײַער. איז ער אַרויפֿגע־גאַנגען אויף דער שיף, כּדי צו זען, וואָס פֿאַר אַ סחורות זי פֿירט. ערשט ער האָט דערזען זײַן ווײַב־און־קינדער! ער האָט זיי באַלד דערקענט, אָבער זיי האָבן אים נישט דערקענט. ווענדט ער זיך צום שיף־קאַפּיטאַן און זאָגט: „פֿון וואַנען קומט צו דיר די דאָזיקע פֿרוי און די יונגע קינדער?" — ענטפֿערט אים דער קאַפּיטאַן: „מײַן

האַר, איך פֿיר זיי פֿון גאָר ווײַטע מקומות". בשעת די פֿרוי האָט
דערהערט דעם שמועס, האָט זי אָנגעהויבן צו שרײַען און צו וויי־
נען, מחמת זי האָט זיך דערמאָנט אין איר היים, פֿון וואַנען מען
האָט זי אַוועקגעשלעפּט מיט געוואַלט. אַז דער מאַן האָט דערזען
דעם גרויסן צער פֿון זײַן פֿרוי, האָט ער זיך שוין נישט מער גע־
קענט אײַנהאַלטן און אויך אָנגעהויבן צו וויינען בדמעות שליש.
זאָגט ער צו דעם קאַפּיטאַן: „די פֿרוי איז מײַנע. דו האָסט זי פֿון
מיר צוגעראַבעוועט. דערפֿאַר וועל איך דיך איצט אָפּשיקן צום קע־
ניג. אָבער דערווײַל וועל איך דײַן שיף דאָ אויפֿן אָרט פֿאַרהאַלטן.
זאָל דער קעניג מיט דיר טאָן, וואָס ער וועט וועלן — מיך וועט
דאָס גאָר נישט אַרן". האָט דער קאַפּיטאַן אים געבעטן, ער זאָל
אויף אים רחמנות האָבן און אים שענקען דאָס לעבן. ער וועט אים
אַלץ אַוועקגעבן וואָס ער פֿאַרמאָגט נאָר. האָט דער מאַן אַרויסגענו־
מען זײַן ווײַב־און־קינדער און אַלע סחורות, וואָס זײַנען דאָרט גע־
ווען, און ערשט דעמאָלט האָט ער דעם קאַפּיטאַן פֿון שיף געלאָזט
גיין. דאָס אַלץ האָט זיך אונדזער פֿרומער, אָפּגעהיטענער מאַן פֿאַר־
דינט בזכות פֿון דעם, וואָס ער האָט געהאַלטן זײַן פֿאָטערס צוואה
קיין מאָל נישט צו שווערן.

מ"ב רכ"ב. (ב. רכ"א). — מדרש עשרת הדיברות ג, ב'. — עקסעמפּלאַ,
ז' 252, נ' 378. — די ווערסיע אין מדרש עשרת הדיברות איז קירצער. —
מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן באַקאַנטן פּלאַצידוס־מאָטיוו
N 251. „אומגליק און שפּעטער באַלוינונג פֿאַר די יסורים". דער אוצר
אונטער דעם בוים איז דער שכר פֿאַר דעם העלד, וואָס האָט געהאַט בטחון
און נישט געוואָלט שווערן, אַפֿילו נישט אויף קיין אמת. די דאָזיקע באַליבטע
מעשה געפֿינט זיך אויך אינעם אַלטייִדישן כ"י אָקספֿאָרד Can. Or. 12
פֿון קלונימוס בן שמעון, וואָס האָט געשריבן אין יאָר 1554. עס איז אַן איי־
בערזעצונג פֿון מדרש עשרת הדיברות און פֿון דאַנען אפשר גאָר אַרײַן אינעם
מ"ב.' — אַן אַנאָנימער מחבר פֿון פּראָג האָט דערפֿון שפּעטער געשאַפֿן אַ
ברייטע נאָוועלע, וואָס ווערט איבערדערציילט דורך גליקל פֿון האַמיל אין
אירע מעמואַרן, ז' 39—57. — פּ"גל אויך פּאַנטשאַטאַנטראַ, 113—117. I און
געסטאַ ראָמאַנאָרום, נ' 110. — דאָ געהערט אויך דער מאָטיוו פֿון דעם נאַרישן

בחור, וואָס קען דאָס לשון פֿון די פֿייגל און איז נאָך לאַנגע גילגולים עולה לגדולה געוואָרן. ער געפֿינט צום סוף אַן אוצר, אָדער היילט אַ פּרינצעסין און האָט מיט איר חתונה. — טיפּן 671.

## 78 די ירושה פֿון די דרײַ זין

אַ מעשׂה האָט זיך פֿאַרלאָפֿן. אַמאָל איז געווען אַ רבֿ, גאָר אַ טײַערער ייִד און אַ גרויסער עושר, האָט ער געהאַט דרײַ זין. זײַנען זיי אַלע דרײַ געווען גרויסע למדנים. אַז עס איז געקומען די צײַט, ווען דער פֿאָטער האָט געזאָלט שטאַרבן, האָט ער געשיקט נאָך כּל הקהל און אויך אַרײַנגערופֿן זײַנע דרײַ זין. זאָגט ער פֿאַרן גאַנצן עולם צו זײַנע זין: „ליבע קינדער, אָט לאָז איך אײַך איבער אַ גרויס עשירות, וואָס איז גאָר נישט אָפּצושאַצן און וועט אײַך קלעקן אויף אַ גאַנץ לעבן. איך פֿאַרמאָג אָבער נאָך אַ קאַסטן, וואָס איך האַלט פֿאַרשלאָסן. בעט איך אײַך, איר זאָלט מיר געבן תּקיעת־כּף, אַז איר וועט דעם קאַסטן נאָר דעמאָלט עפֿענען, ווען איינער פֿון אײַך וועט, חס ושלום, זײַן אין נויט. ווען דער קאַסטן וועט זיך געפֿינען בײַ איינעם פֿון אײַך, זאָל דעמאָלט אַן אַנדערער האַלטן דעם שליסל״. הכּלל, די דרײַ זין האָבן אַ שבֿועה געגעבן בפֿני כּל עם ועדה, אַז זיי וועלן אָפּהיטן די צוואה פֿון זייער פֿאָטער. דער ווילער ייִד איז דערנאָך געשטאָרבן און די דרײַ זין האָבן צווישן זיך פֿאַרטיילט די ירושה און אַלע דרײַ זײַנען געווען זייער רײַך.

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און דער ייִנגסטער ברודער, וואָס איז געווען אַ גרויסער אויסברענגער, האָט פֿאַרלוירן זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן און איז געוואָרן פֿאַראָרעמט. איז ער געקומען צו גיין צו די ברידער און פֿאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אויפֿמאַכן דעם קאַסטן און אים געבן זײַן חלק דערפֿון. האָבן זיך די ברידער דעריבער שטאַרק מצער געווען, מחמת עס האָט זיי געצאַרט צו ברעכן דעם פֿאָטערס צוואה. זאָגט דער עלטסטער ברודער: „אײדער איך

זאָל פֿאַרשוועכן מײַן טאַטנס צוואה, וועל איך דיר ליבערשט לײַען פֿינף טויזנט גילדן. אויב דו וועסט קענען מיר אָפּגעבן, איז גוט; און אויב נישט, איז נישט". דער ייִנגסטער האָט זיך געלאָזט איבערקויפֿן און האָט צוגענומען דאָס געלט. אַז ער האָט געהאַט אויך דאָס געלט פֿאַרטאַכלעוועט, איז ער ווידער געקומען צו די ברידער און צו זיי צוגעשטאַנען, אויפֿצומאַכן דעם קאַסטן. האָט דער צווייטער ברודער צו אים געזאָגט: „איידער איך זאָל פֿאַרשוועכן די צוואה פֿון טאַטן, ווייל איך אַזוי טאָן ווי מײַן עלטסטער ברודער האָט געטאָן". און ער נעמט און אַנטלײַט אים אויך פֿינף טויזנט גילדן און זאָגט צו אים נאָך: „צאָל זיי אָפּ אָדער נישט". האָט זיך ווידער דער ייִנגסטער ברודער געלאָזט אָפּקויפֿן און צוגענומען דאָס געלט פֿונעם צווייטן ברודער.

אַז ער האָט געהאַט פֿאַרטאַכלעוועט אויך דאָס געלט, האָט דער ייִנגסטער ברודער געהאַט מיט זיך אַ יִישוב־הדעת וואָס ווײַטער צו טאָן. איז ער געפֿאַלן אויף אַ פֿאָרטל און בשעת עס איז געקומען זײַן ריי, צו האַלטן דעם שליסל פֿון קאַסטן, איז ער אַוועק און געלאָזט נאָכמאַכן אַ שליסל, אַזוי אַז ווען דער קאַסטן וועט זײַן אין זײַן רשות איבער דרײַ יאָר אַרום, וועט ער דעמאָלט קענען פֿון דאָרטן אַרויסנעמען וואָס ער וועט נאָר וועלן. וכך הווה. אַז דער קאַסטן איז נאָך דרײַ יאָר געקומען צו אים, האָט ער אויסגעפּרובירט דעם נאָכשליסל און, זעענדיק אַז ער פּאַסט, האָט ער פֿון דאָרט אָנגעהויבן אַרויסצושלעפּן דאָס גאַנצע געלט. אויפֿן אָרט פֿון גאָלד האָט ער אַרײַנגעלייגט שטיינער און בלײַ, אַז מען זאָל נישט דערקענען די גנבֿה. מיט דעם געלט האָט ער איצט אָנגעהויבן צו טרײַבן מסחר און די ברידער האָבן געמיינט, אַז זייער ייִנגסטער ברודער ווערט אַ לײַט און הייבט זיך אָן צו סטאַטקעווען. זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט דעם ריינעם אמת, אַז ער שלעפּט כּסדר אַרויס געלט פֿון קאַסטן און פֿרעסט עס ווידער אויף.

אין משך פֿון פֿיר יאָר האָט ער געהאַט אויפֿגעפֿרעסן דאָס גאַנצע געלט, וואָס האָט זיך געפֿונען אינעם קאַסטן. דערנאָך איז

ער ווידער אַוועק צו זײַנע ברידער און צו זיי געזאָגט: „איך האָב געמיינט, אַז איך וועל נישט דאַרפֿן אָנקומען צו אײַך. אָבער ווי איך זע, האָב איך לײדער נישט קיין מזל, מחמת איך האָב אַלצדינג פֿאַרלוירן, וואָס איך האָב נאָר פֿאַרמאָגט. איך קען מיר נישט געבן קיין אַנדערע עצה ווי אײַך צו בעטן צו צעטיילן דאָס געלט, וואָס ליגט אין קאַסטן. האָט אונדזער פֿאָטער אונדז צוואה געגעבן אַז טאָמער וועט איינער פֿון אונדז, חס ושלום, זײַן אַ ניצרך, טאָ זאָל מען אויפֿמאַכן דעם קאַסטן. איצט בין איך געקומען צו אַזאַ מדרגה פֿון ביטערער נויט, אַז עס איז די העכסטע צײַט אויפֿצומאַכן דעם קאַסטן". האָבן זיך די ביידע ברידער אַרומגעזען, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה, האָבן זיי געשיקט רופֿן כּל הקהל אין דער שול אַרײַן, וווּהין מען האָט אויך אַוועקגעשטעלט דעם קאַסטן, און זיי ווענדן זיך צו כּל הקהל און זאָגן: „ווי איר זעט, איז דער קאַסטן נאָך פּונקט אַזוי פֿאַרשלאָסן ווי בשעת אונדזער טײַערער פֿאָטער האָט אים אונדז איבערגעגעבן פֿאַר זײַן טויט". האָט כּל הקהל אויף דעם מעיד געווען, אַז עס איז דער זעלביקער קאַסטן. האָבן די ברי־דער ווײַטער גערעדט: „עס איז בעוונותינו הרבים דערצו געקומען, אַז מיר מוזן איצט צעטיילן דאָס, וואָס עס איז פֿאַראַן אין קאַסטן, מחמת אונדזער ייִנגסטער ברודער דרינגט דערויף, נישט געקוקט וואָס מיר האָבן אים שוין אַוועקגעגעבן אַ סך געלט". בשעת מעשׂה האָבן זיי דעם עולם דערציילט, ווי זייער ברודער האָט זיך אויפֿגע־פֿירט לגבי זיי. דערנאָך האָבן זיי אויפֿגעשלאָסן דעם קאַסטן און דאָרטן געפֿונען לויטער שטיינער און בלײַ. דעמאָלט האָט דער ייִנגסטער ברודער געמאַכט אַ גרויסן ויצעקו און מיט גרויס חוצפּה אויסגערופֿן: „ליבע רבותי, אָט זעט איר אַליין, וואָס זיי האָבן מיט מיר געטאָן. דאָס איז טאַקע די סיבה, פֿאַר וואָס זיי האָבן בשום אופֿן נישט געוואָלט אויפֿמאַכן דעם קאַסטן און מיר כּסדר געגעבן לאָ־יחרץ־געלט, אַבי פֿון מיר פּטור צו ווערן. דערפֿאַר טאַקע זײַ־נען זיי דאָס די עשירים און איך בין דער אָרעמאַן. זיי האָבן אַרויסגענומען דאָס געלט פֿון קאַסטן און אויף זײַן אָרט אַרײַנ־

געלייגט שטיינער״. ווייסן מיר אָבער גאַנץ גוט, ווו דער אמת ליגט. הגם די אַנדערע צוויי ברידער זײַנען געווען לגמרי אומשולדיק און דאָס דריטע ברודערל האָט זיי אַלעמען באַגנבֿעט, פֿון דעסט וועגן האָט איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט מיט חשד און געמיינט, אַז דער אַנדערער איז גאָר דער שולדיקער. הקיצור, קהל האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן, מחמת פֿון וואַנען זאָלן זיי וויסן, ווער עס איז דער גנבֿ. צום סוף זאָגט קהל: מיר קענען נישט אַרויסטראָגן קיין פּסק־דין, ווײַל מיר זײַנען נישט מסוגל דערצו. מיר האַלטן אָבער, עס וואָלט גוט געווען, אַז איר אַלע דרײַ זאָלט אַוועקגיין צו יענעם רבֿ, וואָס וווינט נישט ווײַט פֿון דאַנען. ער איז אַ שיינער בעל־תּורה און אַ גרויסער חכם, וועט ער זיכער זײַן בכּוח אַרויסצוטראָגן אַ פּסק, וואָס זאָל אויסגלײַכן אײַער סיכסוך״. הכּלל, אַלע דרײַ ברידער זײַנען אַוועק צו יענעם רבֿ אין דער נאָענטער שטאָט. אַז זיי זײַנען שוין געווען נאָענט צו יענער שטאָט, איז מיט אַ מאָל געקומען צו לויפֿן אַ ייִד און בײַ זיי געפֿרעגט, צי זיי האָבן נישט געזען אַ שיין פֿערד, וואָס איז אים, אַ פּנים, אַנטלאָפֿן. רופֿט זיך אָן דער עלטסטער ברודער: „איז עס נישט אַ מאָל געווען אַ ווײַס פֿערד?״ — ענטפֿערט דער ייִד: „יאָ, עס איז פֿון מיר אַנטלאָפֿן אין וואַלד אַרײַן״. מאַכט דער צווייטער ברודער: „איז דאָס פֿערד נישט געווען בלינד אויף איין אויג?״ — וואַרפֿט דער ייִנגסטער אַרײַן: „האָט עס נישט אַ מאָל געטראָגן צוויי פֿלאַשן, איינע מיט אייל און די אַנדערע מיט ווײַן?״ — זאָגט דער ייִד: „יאָ, אַקוראַט. עס איז טאַקע אַנטלאָפֿן אין יענעם וואַלד אַרײַן״. הגם די ברידער האָבן דאָס פֿערד פֿאַר די אויגן נישט געזען, האָבן זיי פֿון דעסט וועגן געוווּסט ווי עס האָט אויסגעזען. הקיצור, דער ייִד איז אַוועקגעלאָפֿן אין וואַלד אַרײַן כאַפּן זײַן פֿערד, אָבער ער האָט עס נישט געפֿונען. איז ער גיך נאָכגעלאָפֿן די דרײַ ברידער און פֿרעגט בײַ זיי, אין וועלכן האַרבעריק זיי שטייען־אײַן, און שלעפּט זיי דערנאָך אַוועק צום רבֿ, צו אַ דין־תּורה. אַז זיי זײַנען אַרײַנגעקומען צום רבֿ, הייבט דער ייִד אָן

צו טענהן און זאָגט צום רבֿ: „איך האָב פֿאַרלוירן אַ פֿערד, וואָס האָט געהאַט אין זאָטל אַ טאַש מיט געלט. נאָכלויפֿנדיק מײַן פֿערד, האָב איך אָט די אירע געטראָפֿן און בײַ זיי געפֿרעגט, צי זיי האָבן אַ מאָל נישט געזען מײַן פֿערד. האָבן זיי מיר געגעבן אַלע סימנים פֿון פֿערד און מיר געהייסן נאָכלויפֿן אין דעם וואַלד אַרײַן, ווו איך וועל געפֿינען מײַן פֿערד, בין איך נאָכגעלאָפֿן מײַן פֿערד, אָבער עס נישט געפֿונען. איך וואָלט שווערן בהן צדקי, אַז זיי האָבן צוגענומען דעם זאָטלטאַש מיטן געלט און דאָס פֿערד געלאָזט אַנטלויפֿן. על־כּן, פֿאַרלאַנג איך צוריק מײַן געלט און וויל אויך וויסן, ווו זיי האָבן אַהינגעטאָן מײַן פֿערד". אויף דער טענה האָבן די דרײַ ברידער געענטפֿערט בזה הלשון: „ליבער רבי, מיר האָבן בנאמנות אַזאַ פֿערד קיין מאָל פֿאַר די אויגן נישט געזען און דערפֿון אַפֿילו גאָר נישט געהערט". פֿרעגט זיי דער רבֿ: „ווי אַזוי האָט איר געקענט אים אָנגעבן אַלע סימנים פֿונעם פֿערד?" — ענטפֿערן די ברידער: „דאָס וועלן מיר אײַך זאָגן. איך האָב געזאָגט, אַז דאָס פֿערד איז ווײַס, מחמת איך האָב געזען בײַ דעם ייִדן אין דער האַנט דעם פֿערדס צוים און עס האָבן געקלעפּט אויף אים ווײַסע האָר. מכּוח סבֿרא האָב איך פּשוט געזאָגט, אַז דאָס פֿערד איז ווײַס". הייבט דער אַנדערע ברודער אָן: „איך האָב געזאָגט, אַז דאָס פֿערד איז בלינד אויף איין אויג, מחמת איך האָב דאָס געדרונגען פֿון דעם אופֿן, ווי עס האָט געפֿרעסן דאָס גראָז אויפֿן פֿעלד. עס האָט געפֿרעסן דאָס אײַנגעטריקנטע גראָז און דאָס פֿרישע האָט עס געלאָזט שטיין אין אַ זײַט. האָב איך מיר דערפֿאַר געטראַכט, מסתּמא איז עס בלינד אויף איין אויג". זאָגט דער רבֿ צום ייִנגסטן: „און ווי אַזוי האָסטו געוווּסט, אַז עס האָט געטראָגן צוויי לאָגלען, אײנס מיט ווײַן און דאָס אַנדערע מיט אייל?" — ענטפֿערט אים דער ייִנגסטער ברודער: „דאָס וויל איך אײַך זאָגן. אייל בלײַבט שטיין און ווײַן זאַפּט־אײַן, דעריבער האָט דאָס פֿערד געמוזט טראָגן צוויי לאָגלען. די שפּורן דערפֿון האָבן מיר געקענט גאַנץ בולט זען אויפֿן וועג. אָבער אַז מיר זאָלן האָבן

געזען דאָס פֿערד מיט אונדזערע אויגן, דאָס קען אונדז קײנער ניט אײַנריידן". פֿון די רייד האָט דער רבֿ באַלד דערזען, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט גרויסע חכמים און ער האָט דעריבער דעם ייִדן מיט זײַן טענה פֿון זיך אַוועקגעשיקט.

דערנאָך פֿרעגט בײַ זיי דער רבֿ, וואָס פֿאַר אַן ענין זיי האָבן צו אים. דערציילן זיי אים זייער סיכסוך מכּוח דעם קאַסטן מיט געלט און בעטן אים, אַז ער זאָל אַרויסגעבן זײַן פּסק. האָט יעדער פֿון זיי פֿאָרגעלייגט זײַן טענה. און אַז דער רבֿ האָט זיי אַלעמען געהאַט אויסגעהערט, זאָגט ער צו זיי: „מײַנע ליבע לײַט, איר וועט מוזן דאָ פֿאַרבלײַבן אַ ביסל לענגער, מחמת איך קען דאָך ניט אַזאַ פּסק־דין אַרויסשאָקלען פֿון אַרבל". אין דער אמתן האָט ער דעם ענין זייער גוט תּופֿס געווען, אָבער לפֿי שעה האָט ער נאָר געוואָלט זיי מדחה זײַן. דערנאָך זאָגט ער צו די ברידער: „ווי איך זע, זײַט איר אַלע דרײַ גרויסע חכמים, דערפֿאַר וויל איך אײַך פֿאָרלייגן אַ שאלה, וועגן וואָס מען האָט זיך געוואָנדן צו מיר פֿון מצרים. וויל איך אײַך דעריבער בעטן, גיט מיט אַן עצה, ווי אַזוי צו באַשיידן די פֿראַגע, כּדי צו דערגיין צו אַ טאָלק. זעט איר, אין מצרים האָבן געלעבט צוויי חשובֿע באַלעבאַטים און גרויסע עשירים. איטלעכער פֿון זיי האָט געהאַט אַן איינציק קינד און זיי פֿאַרקנסט מיט אַנאַנד נאָך בשעת זיי זײַנען געלעגן אין די וויגן. צום סוף זײַנען ביידע טאַטעס פֿון די קינדער געשטאָרבן און איטלעכער פֿון זיי האָט איבערגעלאָזט זײַן קינד אַ ירושה פֿון דרײַ מאָל הונדערט טויזנט קראָנען. הקיצור, דער בחור איז אָבער ניט געווען קיין לײַט און איז אַראָפּ פֿון גלײַכן וועג. ער האָט גיך פֿאַרטאַכלעוועט די גאַנצע ירושה, אַזוי אַז ער האָט שוין מער ניט געהאַט קיין פּרוטה בײַ דער נשמה. די בתולה איז אָבער געווען פּונקט דער היפּוך פֿון אים. זי איז געווען אַן אמתער תּכשיט, ווי מ'קען זיך דאָס נאָר פֿאָרשטעלן, בפֿרט מיט איר שיינקייט, וואָס האָט ניט געהאַט איר גלײַכן. אַז די ביידע זײַנען אַלט געוואָרן צו פֿערצן יאָר און עס איז געקומען די צײַט, ווען זיי האָבן

געזאָלט חתונה האָבן, האָט דאָס כּלה־מיידל געשיקט אַ שליח צו דעם חתן־בחור, אים אָנזאָגן, אַז ער זאָל זיך גרייטן צו דער חתונה, אין הסכּם מיט די תּנאים פֿון זייערע עלטערן. דער בחור האָט אָבער דעם מיידל געלאָזט וויסן, אַז ער וועט נישט קומען און זאָל זי דעריבער, למען השם, נעמען אַן אַנדערן, וואָס וועט בײַ איר אויסנעמען, פֿאַר אַ מאַן. עס איז שוין געגוג, האָט ער גע־טענהט, וואָס ער האָט זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן פֿאַרטאַכלעוועט, דעריבער וועט שוין בעסער זײַן פֿאַר אים צו פֿאַרבלײַבן אין זײַן אָרעמקייט און זי נישט נאָך אַרײַנשלעפּן אין דעם. אַז דאָס מיידל האָט פֿאַר־נומען די דאָזיקע רייד, האָט זי געלאָזט רופֿן צו זיך אַן אָרעמען בחור, אָבער אַ בן־טובֿים און אַ תּלמיד־חכם און זאָגט צו אים: „זע, איך וויל דיך נעמען פֿאַר אַ מאַן, אָבער בתּנאַי, אַז איך זאָל אַוועקגיין דרײַ מאָל נאָך אַנאַנד צו מײַן פֿריִערדיקן חתן און בײַ אים פֿרעגן, צי ער וויל אָפּהיטן די צוואה פֿון אונדזערע טאַטעס און מיט מיר שטעלן אַ חופּה. אויב ער וועט מיר אָפּזאָגן, וועסטו זײַן מײַן אמתער חתן און איך וועל מיט דיר גיין אם־ירצה־השם צו דער חופּה". דער פֿרומער בחור איז דערפֿון געוועזן שטאַרק צופֿרידן און מען האָט מיט מזל אײַנגעלייגט דעם קנס. דערנאָך האָט זיך דאָס מיידל אָנגעטאָן אין סאַמעט און אין זײַד, איז אַוועק צו איר ערשטן חתן און זאָגט צו אים: „מײַן טײַערער חתן! איך בעט דיך, דו זאָלסט נישט ברעכן די צוואה פֿון אונדזערע טאַטעס, וואָס האָבן אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן בלײַבן צוזאַמען. זאָרג דיך גאָר נישט. איך האָב גענוג געלט און אַל דאָס גוטס פֿאַר דײַ־נעט וועגן, אַז מיר זאָלן קענען לעבן בכּבֿוד. דו וועסט נישט מוזן נאָכלויפֿן קיין זונות, ווײַל איך בין דאָך גענוג שיין". ענטפֿערט איר דער בחור: „איך קען שוין נישט אָפּלאָזן מײַנע מיאוסע מעשׂים און ווילדע שטיק. איך וויל בײַ קיין שום אופֿן נישט פֿאַרטאַכלע־ווען דײַן ממון, אַז מיר זאָלן ביידע, חלילה, צום סוף ווערן פֿאַר־אָרעמט". איז דאָס מיידל אַוועק פֿון אים און איבער אַכט טאָג איז זי ווידער געקומען צו אים, אָנגעטאָן אין סאַמע זילבער און

גאָלד. זי האָט אים איצט נאָך שטאַרקער געבעטן צו האַלטן די צוואה פון זייערע עלטערן. דער חתן האָט איר אָבער געגעבן די זעלביקע תשובה ווי פריִער. איבער אַכט טאָג שפּעטער איז די כלה ווידער געקומען צו איר חתן. זי איז געווען געקליידט אין די שענסטע אַבנים טובות און פערל, האָט נאָך מיטגענומען מיט זיך פולע הענט מיט קראָנען און זאָגט צו אים: „איך בעט דיך, נעם מיך פאַר אַ ווייַב און זייַ מקיים די צוואה פון אונדזערע טאַטעס. קיין געלט וועט שוין אונדז נישט פעלן". ענטפערט איר דער חתן: „זאָל דיר גאָט געבן מזל און ברכה! נעם וועמען דו ווילסט פאַר אַ מאַן. איך בין דיר מוחל! איך טאָר באמת נישט טאָן אַזאַ זאַך און דיר גורם זייַן צער און דערצו פאַרטאַכלעווען דייַן גאַנץ האָב־און־גוטס". הכלל, ווען דאָס מיידל האָט געזען, אַז איר ערשטער חתן וויל זי בשום אופן נישט האָבן, איז זי אַוועק און געשטעלט אַ חופּה מיטן אַנדערן בחור. מען האָט געפּראַוועט גאָר אַ שיינע חתונה, ווי מען קען זיך דאָס לייַכט אויסמאָלן בייַ אַזאַ עשירות. היות ווי עס איז אינעם טאַנצהויז נישט געווען קיין חדר מיוחד, האָט מען חתן־כלה געפירט איבער דער גאַס שלאָפן לייגן. זייַנען אָבער אין מצרים געווען אַ סך גזלנים, וואָס האָבן אָפּגעוואַרט אין דער פינצ־טער חתן־כלה און זיי פאַרשלעפּט, אַז קיינער האָט נישט געוווּסט ווּהין זיי זייַנען פאַרפאַלן געוואָרן. דער ראש פון די גזלנים איז געווען אַן אַלטער בעל־עבירהניק, האָט ער געוואָלט די כלה מאנס זייַן. אָבער די גוטע, פרומע כלה האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך, טענהנדיק: „ווילסטו צוליב אַ קליין ביסל תענוג פאַרלירן דייַן חלק עולם הבא?". — הקיצור, דער ראש פון די גזלנים האָט זיך איבער איר דערבאַרעמט און זי מיט איר מאַן אָפּגעשיקט אַהיים, בשלום ובשלווה ובהשקט ובבטח", וואָס איז דער טייַטש, אין פרידן און רו, אין זיכערקייט און מיט אַל איר האָב־און־גוטס.

„איצט האָט בייַ מיר דער רבי פון מצרים אָנגעפרעגט, איך זאָל אים זאָגן, ווער פון די דרייַ איז געווען צום מערסטן אויסגע־האַלטן: דער חתן, די כלה צי דער גזלן? איך ווייס באמת נישט

וואָס צו זאָגן. איך זע אָבער, אַז איר אַלע זײַט גרויסע חכמים. דעריבער בעט איך אײַך, גיט מיר אַן עצה, כּדי איך זאָל קענען אַרויסזאָגן מײַן פּסק". זאָגט דער עלטסטער: "דער בעסטער איז כּאַראַקטער איז געווען דער ערשטער חתן, וואָס האָט נישט געוואָלט פֿאַרטאַכלעווען איר געלט". הייבט דער מיטלסטער ברודער אָן און זאָגט: "פֿאַר מיר איז די כּלה די בעסטע, מחמת זי האָט געוואָלט מיט אַלע כּוחות אָפּהיטן די צוואה פֿון די עלטערן". כאַפּט־אונטער דער ייִנגסטער און זאָגט: איך האַלט, אַז דער גזלן איז געווען דער בעסטער, מחמת ער האָט אײַנגעהאַלטן זײַן יצר־הרע און געלאָזט זיי בשלום גיין אַהיים. אָבער ער איז פֿאָרט געווען אַ טיפּש. ער האָט דאָך לכל הפּחות געקענט צונעמען בײַ זיי דאָס געלט. דער נאַר האָט דאָך געקענט בריווח באַהאַלטן אַלצדינג". אויף דעם זאָגט דער רבֿ: "געלויבט צו גאָט, וואָס ער לאָזט נישט קיין שום זאַך בלײַבן פֿאַרהוילן! הער נאָר דו, שגץ! מה דאָך, אַז דאָס געלט, וואָס דו האָסט אַפֿילו נישט געזען, האָסטו שוין דערצו געהאַט גרויס חשק, מכּל־שכּן דאָס געלט, וואָס דו האָסט געזען מיט דײַנע אייגענע אויגן. דו האָסט עס טאַקע באַגערט און דערנאָך צוגענומען. דעריבער כאַפּט דעם גנבֿ, מחמת ער האָט דאָס געלט אַרויסגעגנבֿעט פֿון דעם קאַסטן!" — הקיצור, מען האָט דעם בחור אײַנגעזעצט אין תּפֿיסה און אים אַזוי לאַנג מענה געווען, ביז ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט נאָכגעמאַכט אַ פֿאַלשן שליסל צום קאַסטן און וויפֿל שווער געלד ער האָט אַרויסגענומען פֿון דאָרט, אַזוי פֿיל שווערע שטיינער האָט ער אויף זײַן אָרט צוריקגעלייגט. אויף אַזאַ אופֿן איז דער דאָזיקער רבֿ מיט זײַן גרויסער חכמה געקומען אויף דעם שורש דבֿר, ווער עס איז געווען דער אמתער גנבֿ. דער סוף איז געווען, אַז דער ייִנגסטער ברודער איז צוליב זײַן עונש אַרײַנגעפֿאַלן אין גרויסער אָרעמקייט און די אַנדערע צוויי ברידער איז געגאַנגען תּמיד גוט, מחמת זיי האָבן אָפּגעהיט די צוואה פֿון זייער פֿאָטער.

מ״ב רכ״ג. (ב. רכ״ב). — אַ וואַריאַנט אין מדרש עשרת הדיברות ח, א׳. — לעגענדן באַנד 6, ז׳ 286, נ׳ 30. מאָטיוו: דאָס אויסגעפינען דעם גנב. מאָטיוו־אינד׳ J. 1140 — דער אוצר אינעם קאַסטן, מסתמא פון דער פרעמד. מאָטיוו־אינד׳ N 511.1.8 און N 525. — מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ מעשה בתוך מעשה און אַ דאַנק דעם קלוגן פאָרטל פונעם שופט, אין אונדזער מעשה, דעם רב, איז זיך דער גנב מודה אין דער גנבה. מאָטיוו־אינד׳ J. 1141 און טיפּן 964.

מיר האָבן דאָ אַ קאָמפּילאַציע פון ייִדישע און נישט־ייִדישע עלעמענטן. אָט, למשל, די מעשה פון פערד, וואָס איז בלינד אויף איין אויג, דערמאָנט אונדז אין דער תלמודישער מעשה (סנהדרין ק״ד, א־ב) פון די געפאַנגענע ירושלימער און דעם קעמל, וואָס איז בלינד אויף איין אויג (נ׳ 35). דאָ איז דאָס קעמל געוואָרן פאַרטוישט אויף אַ פערד.

## 79 דער קעניגלעכער יועץ און דער פּאַסטעך

דאָס שפּריכוואָרט זאָגט: „דו קומסט דערונטער ווי קונץ איז געקומען צוריק צו די פּי״. ווי אַזוי איז קונץ געקומען צוריק צו דעם פּי? דאָס וויל איך אײַך דאָ באַשרײַבן.

אַמאָל איז געווען אַ געוואַלטיקער מלך, האָט ער געהאַט זײַנעם אַ יועץ, וואָס האָט געהייסן קונץ. אַז דער מלך האָט געוואָלט האָבן אַ קלוגע עצה פון זײַנע יועצים, פלעגן זיי זיך שואל־עצה זײַן צווישן זיך. און אַז זיי האָבן געהאַט באַשלאָסן, וואָס פאַר אַן עצה צו געבן דעם קעניג, איז דער קלוגער קונץ אַוועק צום מלך און צו אים געזאָגט: „אַזוי און אַזוי האָבן מיר באַשלאָסן״. מײַן ליבער קונץ האָט אָבער תמיד אָנגעהאָנגען די גדולה אין זיך. ער האָט, אַ פּנים, געטראָפן דעם ריכטיקן באַשייד און די איבעריקע יועצים האָבן אים געמוזט פאָלגן, מחמת זיי האָבן פּשוט קיין שכל נישט. דער גוטער מלך האָט דאָס אַלץ געגלויבט קונצן אויפן וואָרט און אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן חכם, דעם גרעסטן צווישן זײַנע איבעריקע יועצים.

אַז די יועצים האָבן באַמערקט, ווי דער מלך האַלט קונצן

בכבֿוד און האָט אים ליבער פֿאַר זיי. האָט דאָס זיי שטאַרק פֿאַר־דראָסן, מחמת אין דער אמתן איז קונץ געווען גאָר אַ קנאַפּער חכם, על כּל פּנים אַ סך וויניקער פֿון זיי. האָבן די יועצים געהאַט אַ ייִשובֿ־הדעת צווישן זיך, ווי אַזוי קונצן אָפּצוטאָן אַ שפּיצל און אים מבֿזה זײַן. זײַנען זיי אַוועקגעגאַנגען צום מלך און צו אים אַזוי געזאָגט: „אַדוני מלך, מיר האָבן אַ בקשה צו דיר און מיר פֿאַרהאָפֿן, אַז דו וועסט דאָס אונדז נישט נעמען פֿאַר אומגוט. ווילן מיר דיך פֿרעגן, ווי קומט דאָס, וואָס דײַן יועץ קונץ איז חשובֿער בײַ דיר פֿון אונדז אַלעמען און דו טוסט אים אָן אַזוי פֿיל כּבֿוד? ווייסן מיר דאָך אַלע, אַז ער איז דער נישטיקסטער פֿון אונדז אַלע". ענטפֿערט זיי דער מלך: „איך וויל אײַך זאָגן, ווי אַזוי עס איז דערצו געקומען. אַלע מאָל, ווען איר האָט אָפּגעהאַלטן אַן עצה און באַשלאָסן וואָס צו טאָן, קומט ער צו מיר צו גיין און גיט מיר דאָס איבער. ער דערציילט מיר אָבער, אַז ער אַליין איז געפֿאַלן אויף דער עצה און איר האָט זיך געמוזט מודה זײַן דער־צו, מחמת ער אַליין איז דער גרויסער חכם און איר זײַט אַלע פּשוטע נאַראָנים. פֿון דעסט וועגן האָט זיך גאָר נישט געמינערט פֿון אײַער חשיבֿות אין מײַנע אויגן, היות איר זײַט סײַ גוט און סײַ קלוג". אַז די יועצים האָבן דאָס געהערט, זײַנען זיי דערפֿון געווען צופֿרידן, אָבער בײַ זיך געטראַכט: „מיר מוזן אים פֿאָרט אָנלערנען אַ ביסל דרך־ארץ". זאָגן זיי צום קעניג: „אַדוני מלך, זײַ וויסן, אַז אַלץ וואָס קונץ דערציילט דיר איז שקר וכזבֿ. דער אמת איז, אַז ער האָט נישט קיין שׂכל פֿאַר קיין פּרוטה. אַדרבא, פּרוּוו יעדן פֿון אונדז באַזונדער אויס, וועסטו גאָר גיך אויסגעפֿינען, אַז נאָר ער אַליין איז נישט בכּוח דיר צו געבן די ריכטיקע עצה". ענטפֿערט זיי דער קעניג: „איך וועל טאַקע אַזוי טאָן". הקיצור, דער מלך שיקט נאָך זײַן יועץ קונץ און זאָגט צו אים: „מײַן ליבער דינער, איך ווייס, אַז דו ביסט מיר זייער געטרײַ און דערצו ביסטו דער גרעסטער חכם אין מײַן הויף. עס איז מיר געקומען אויפֿן זינען אַ געדאַנק, וואָס איך וואָלט נישט וועלן, אַז עמעצער זאָל

דערפֿון עפּעס וויסן. דעריבער וויל איך דיך בעטן, אפֿשר קענסטו אויסגעפֿינען פֿאַר מיר דעם ריינעם אמת. אויב דו וועסט דאָס באַווײַזן, וועל איך דיר געבן אַ סך שיינע מתּנות". ענטפֿערט מײַן טײַערער קונץ: „מײַן ליבער קעניג, פֿרעג מיך נאָר און איך האָף דיר צו געבן די ריכטיקע תּשובֿה. דערצייל מיר דײַן סוד אָן שהיות". זאָגט צו אים דער קעניג: „מײַן ליבער קונץ, איך וויל דיך פֿרעגן דרײַ קשיות. מײַן ליבער, זאָג זשע מיר: ווו גייט־אויף די זון? דאָס איז די ערשטע קשיא. די אַנדערע קשיא איז: ווי ווײַט איז פֿון הימל צו דער ערד? און די דריטע קשיא איז: מײַן ליבער קונץ, זאָג מיר אָקערשט וואָס איך טראַכט?" — אַז קונץ האָט געהערט די דאָזיקע דרײַ פֿראַגעס, זאָגט ער צום קעניג: „אַדוני מלך, דאָס זײַנען באמת דרײַ שווערע פֿראַגעס און עס איז נישט אַזוי פּשוט אויף זיי צו ענטפֿערן. דערצו מוז מען האָבן אַ ביסל צײַט נאָכצוקלערן. איך בעט דיך, על־כּן, גיב מיר דרײַ טעג צײַט און איך האָף, אַז איך וועל זײַן בכּוח דיר צו ענטפֿערן אויף דײַנע פֿראַגעס". זאָגט צו אים דער מלך: „מײַן ליבער קונץ, דאָס האָסטו געפּועלט. דו האָסט צײַט דרײַ טעג מיר צו געבן אַ תּשובֿה". אַזוי איז קונץ אַוועק פֿונעם קעניג און טראַכט בײַ זיך: אין שטאָט איז זיך שווער צו באַזינען. איך וועל דערפֿאַר ליבערשט אַרויסגיין אויפֿן פֿעלד שפּאַצירן. דאָרט בין איך אַליין און קען מיך בעסער פֿאַרטראַכטן ווי אין שטאָט.

הכּלל, קונץ איז אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט. דאָרט האָט ער געהאַט אַ פּאַסטעך, וואָס האָט געהיט זײַנע שאָף. גייענדיק אַזוי איבערן פֿעלד, האָט קונץ ווי צו זיך גערעדט: ווער קען מיר זאָגן, ווי ווײַט עס איז פֿון הימל ביז צו דער ערד? אָדער ווער קען מיר זאָגן, ווו עס גייט־אויף די זון? אָדער גאָר וואָס דער מלך טראַכט?" אַז דער פּאַסטעך האָט געזען, ווי זײַן האַר גייט אַזוי פֿאַרזונקען אין זײַנע מחשבֿות, זאָגט ער צו אים: „מײַן ליבער האַר, זײַט מיר מוחל, וואָס איך שטער אײַך. ווי איך זע, האָט איר, נעבעך, אַ פֿאַרדרייטן קאָפּ. אפֿשר וואָלט איך, מיט פֿאַרלויב, אײַך

געקענט מיט עפּעס דינען, אפשר מיט אַן עצה טובֿה? זאָגט דאָך דאָס שפּריכוואָרט: אָפּט גיט גאָר איינער אַן עצה, וואָס קען זיך אַליין קיין עצה נישט געבן". אַז קונץ האָט געהערט די דיבורים פֿון זײַן פּאַסטעך, טראַכט ער זיך: „מהיכא תיתי. פֿאַר וואָס נישט? איך וועל אים יאָ זאָגן, אפשר האָט ער אַן עצה". זאָגט ער צום פּאַסטעך: „איך וועל דיר זאָגן, פֿאַר וואָס איך בין אַזוי צעטראָגן. אָט האָט דער מלך מיר געשטעלט דרײַ פֿראַגעס, וואָס אויב איך זאָל אים נישט ענטפֿערן דערויף, וועל איך פֿאַרלירן מײַן קאָפּ. קלער איך דערינען אַרײַן, אָבער איך קען מיך צו גאָר נישט דערטראַכטן". זאָגט דער פּאַסטעך: „מײַן האַר, זאָגט מיר, וואָס עס זײַנען די דרײַ פֿראַגעס, אפשר וועל איך זײַן בכוח אײַך אַרויס־צוהעלפֿן אין דער גרויסער צרה". טראַכט זיך מײַן ליבער קונץ: וואָס קען איך דאָ אָנווערן. איך וועל אים זאָגן וועגן וואָס עס גייט: אפשר איז ער גאָר אַ געלערנטער? ווער ווייס? זאָגט ער צו אים: „אָט וואָס דער מלך האָט בײַ מיר געפֿרעגט. איך זאָל אים זאָגן, ווו עס גייט־אויף די זון, ווי ווײַט עס איז פֿון הימל ביז צו דער ערד און וואָס דער מלך טראַכט". קלערט זיך דער פּאַסטעך איבער: עס איז באמת אַ גוטע זאַך צו וויסן די ענטפֿערס אויף די פֿראַגעס, און מאַכט צו קונצן: „מײַן ליבער האַר, טוט מיר די טובֿה און לאָזט מיך אָנטאָן אײַערע שיינע מלבושים, און טוט איר אָן מײַנע צעריסענע קליידער און היט פֿאַר מיר די שאָף. דעמאָלט וועל איך אַרײַנגיין צום מלך, וואָס וועט מיינען, אַז דאָס זײַט איר. ער וועט מיר פֿרעגן די דרײַ קשיות און איך וועל אים געבן די ענטפֿערס דערויף, און אַזוי אַרום וועט איר ניצול ווערן פֿון אײַער צרה. דערנאָך וועל איך ווידער אַרויסקומען צו אײַך אויפֿן פֿעלד און עס וועט זײַן אויס כּלה ווײַטער מויד, אָבער איר וועט זײַן געהויבן בײַם קעניג". הקיצור, מײַן ליבער קונץ האָט זיך געלאָזט איבערריידן. ער האָט אויסגעטאָן זײַנע טײַערע מלבושים מיט דעם לאַנגן פּוקסענעם מאַנטל און זיי אַוועקגעגעבן דעם פּאַסטעך. איצט האָט מײַן ליבער קונץ אָנגעטאָן די צעריסענע קליידער פֿונעם

פּאַסטעך און זעצט זיך אַוועק היטן די שאָף, ווי ער וואָלט זײַן גאַנץ לעבן געווען אַ פּאַסטעך און געפּאַשעט די שאָף.

אַז די דרײַ טעג זײַנען אַריבער, איז אונדזער גוטער פּאַסטעך אַוועק צום מלך און זאָגט צו אים: „אַדוני מלך! איך האָב מיר איבערגעקלערט די דרײַ קשיות, וואָס דו האָסט מיך געפֿרעגט". זאָגט צו אים דער מלך: „אויב אַזוי, טאָ זאָג זשע מיר, ווו גייט די זון אויף?" — ענטפֿערט דער פּאַסטעך: „אין מזרח גייט זי אויף און אין מערבֿ גייט זי אונטער". פֿרעגט דער קעניג ווײַטער: „ווי ווײַט איז פֿון הימל ביז צו דער ערד?" — ענטפֿערט דער פּאַסטעך: „אַזוי ווײַט ווי פֿון דער ערד צום הימל". „און איצט — זאָגט דער קעניג — זאָג מיר וואָס איך טראַכט?" — ענטפֿערט דער פּאַסטעך: „אַדוני מלך, דאָס וויל איך אײַך זאָגן. איר מיינט, אַז איך בין דער יועץ קונץ, אָבער דאָס בין איך נישט, מחמת איך בין נאָר דער פּאַסטעך, וואָס היט זײַנע שאָף. עס האָט זיך אַזוי געטראָפֿן, אַז מײַן ליבער קונץ איז שפּאַצירן געגאַנגען דרויסן אויפֿן פֿעלד און מיט זיך אַליין אײַנגעטענהט, ווער קען מיר זאָגן, ווו עס גייט־אויף די זון? ווי ווײַט עס איז פֿון הימל ביז צו דער ערד? אָדער ווער קען מיר זאָגן, וואָס דער מלך טראַכט? אַז איך האָב דאָס געהערט, מאַך איך אים אָן אָנבאָט, אַז ער זאָל מיר אַוועקגעבן זײַנע טײַערע קליידער און איבערבײַטן אויף מײַנע צעלאַטעטע בגדים און זאָל דערווײַל היטן די בהמות, אַזוי וועל איך אַוועקגיין צום קעניג און מיט גאָטס הילף ענטפֿערן אויף די פֿראַגעס, און אַזוי אַרום אים מציל זײַן פֿון אַ צרה. הכּלל, ער האָט זיך געלאָזט איבעררײדן און אַזוי געטאָן, ווי איך האָב אים פֿאָרגעלייגט. זיצט ער טאַקע דרויסן אויפֿן פֿעלד און היט די בהמות אין מײַנע צעריסענע קליידער, בשעת איך גיי איצט אָנגעטאָן אין זײַן שיינעם מאַנטל און אין די אַנדערע טײַערע מלבושים". אַז דער מלך האָט דאָס געהערט, מאַכט ער צום פּאַסטעך: „היות דו האָסט געקענט איבעררײדן קונצן, זײַ דו איצט מײַן יועץ און זאָל ער דרויסן בלײַבן און היטן די שאָף". אַזוי אַרום האָט קונץ איצט געמוזט

היטן די שאָף. דערפֿון נעמט זיך טאַקע דאָס שפּריכוואָרט: „דו קומסט דערונטער ווי קונץ הינטער די שאָף“. אַזוי איז עס אים דערגאַנגען, אַ סך בעסער זאָל עס אונדז אַלעמען גיין.

מ״ב רכ״ז. (ב. רכ״ו). — גרינבוים, 4—443. — פ״גל עקסעמפּלאַ, ז׳ 269, נ׳ 443. אַ דײַטש פֿאָלקס־מעשהלע, וואָס געהערט צום ציקל די דרײַ פֿראַגעס און איז באַקאַנט מיט די פּילצאָליקע ווערסיעס "Kaiser und Abt". — אַן אַמוזאַנט חוזק־מעשהלע וועגן קלוגע מענטשן און זייערע קלוגע מעשים. מאָטיוו־אינד׳ J 1100-1249. אויך H 711.1, און H 524.1. „וועגן וואָס טראַכט איך?“ (דער פּשוטער פּאַסטעך ענטפֿערט אויף די דרײַ פֿראַגעס פֿון קיניג). טיפּן 922. — דער באַקאַנטער פֿאָלקלאָר־פֿאָרשער וואַלטער אַנדערסאָן קומט אין זײַן אַרבעט Kaiser und Abt, העלסינקי 1923, צום אויספֿיר, אַז אָט דאָס אינטערנאַציאָנאַלע פֿאָלקס־מעשהלע איז מן הסתם אויפֿגעקומען בײַ ייִדן ערגעץ ווו אינעם נאָענטן מזרח, אַרום דעם 7טן י״ה פֿאַר דער הײַנטיקער צײַט־רעכענונג.

## 80 ווער איז דער בעסטער חתן?

אַ מעשה שהיה. אַ מאָל איז געווען אַ רבֿ אַ מפֿורסם, אַ גרויסער קצין און אַן עשיר מופֿלג, וואָס מען האָט אין יענע צײַטן קוים געקענט געפֿינען. האָט ער געהאַט אַ בת־יחידה, זייער געראָטן, טאַקע שיין און געלערנט, מיט אַ סך גוטע מעלות, וואָס מען קען זיך נאָר ווינטשן. היות ווי סײַ דער רבֿ און סײַ די רביצין זײַנען שוין געווען אַלטע לײַט, האָט ער געוואָלט אויסגעבן זײַן טאָכטער פֿאַר אַ מאַן. מאַכט זיך, אַז דער רבֿ האָט גראָד געהאַט אַ שוועסטערן־זון, וואָס איז געווען אי רײַך און אי אַ שיינער מאַנספּאַרשוין און דערצו געהאַט גאָר אַ גוטן קאָפּ. זאָגט אַ מאָל דער רבֿ צו דער רביצין בשעת זיי זײַנען געלעגן בײַ נאַכט אין די בעטן: ווייסטו, קרוינטשי. מיר זײַנען דאָך שוין אַלטע לײַט און האָבן נישט מער ווי אונדזער איינציקע טאָכטער. טאָמער, חלילה, שטאַרבן מיר אַוועק מאָרגן, איז קיינער נישטאָ וואָס זאָל זיך אָננעמען פֿאַר איר.

צו וועם זאָלן מיר זי געבן פֿאַר אַ ווײַב?״ — רופֿט זיך אָן דאָס ווײַב: „דו ביסט כּשר גערעכט. עס איז שוין באמת צײַט, אַז מיר זאָלן זי פֿירן צו דער חופּה״. מאַכט דער רבֿ צו איר: „איך האָב מיר שוין דעם ענין באַקלערט און וואָלט וועלן איר געבן מײַן שוועסטערן־זון פֿאַר אַ מאַן. ער איז אי רײַך און האָט אַלע גוטע מעלות״. איז אים דאָס ווײַב אַרײַנגעפֿאַלן אין די רייד און געזאָגט: „פֿאַר וואָס עפּעס דײַן שוועסטערן־זון? מיר וועלן איר געבן מײַן ברודערן־זון פֿאַר אַ מאַן. ער איז טאַקע נישט רײַך, אָבער פֿון אַ געהויבענעם יחוס, ווויל געשטאַלטיק, אַ בעל־מידות און דערצו נאָך גאָר אַ וואַזשנער בן־תּורה. פֿאַרמאָגט ער נישט קיין עשירות, האָבן מיר דאָך גענוג אונדזער אייגנס״. ענטפֿערט איר דער רבֿ: „עס דוכט זיך מיר, אַז מײַן שוועסטערן־זון איז בילכער ווי דײַן ברודערן־זון. ער איז אַן עושר און מיר זײַנען עשירים״. האָבן זיי זיך געאַמפּערט אַ גאַנצע נאַכט און נישט געקענט קומען צו קיין הסכּם.

צו מאָרגנס האָט דער רבֿ געמאַכט אַ גרויסע סעודה און פֿאַרבעטן צו איר אַ סך פֿרומע לײַט פֿון שטאָט, זײַנע און אירע פֿרײַנט, און די צוויי בחורים בתוכם. מען האָט דעם עולם געגעבן פֿון אַלעם גוטן צו עסן און צו טרינקען און די שׂמחה איז געווען גאָר גרויס. אין מיטן דער סעודה האָט דער רבֿ געבעטן די צוויי בחורים אַרויסצוגיין אויף אַ ווײַל און זאָגט צו די געסט אָט וואָס: „טײַערע פֿרײַנד. מיר זײַנען שוין אַלטע לײַט און וואָלטן וועלן חתונה מאַכן אונדזער בת־יחידה. מיר קענען אָבער נישט קומען צו דער דעה, וועם זי זאָל נעמען פֿאַר אַ מאַן, מחמת איך וואָלט וועלן מײַן שוועסטערן־זון און זי באַשטייט דווקא אויף איר ברודערן־זון. דעריבער וועלן מיר זיך פֿאַרלאָזן אויף אײַך. וואָס איר וועט זאָגן, דאָס וועלן מיר טאָן״. דאָס געהערט, האָבן די געסט געבעטן דעם רבֿ מיט דער רביצין אַרויסצוגיין פֿון שטוב און בשעת מעשׂה געהאַט אַ יישובֿ־הדעת צווישן זיך, וואָס פֿאַר אַן עצה זיי צו געבן. דערנאָך האָבן זיי צוריק אַרײַנגערופֿן דעם רבֿ מיט דער רביצין

און זאָגן צו זיי אַזוי: „מיר האַלטן, אַז יעדער איינער פֿון די בחורים איז ראוי צו נעמען די בתולה פֿאַר אַ ווײַב, הגם איינער איז רײַך און דער אַנדערער אָרעם. דערפֿאַר זײַנען מיר געקומען לכּלל דעה, אַז מען זאָל געבן יעדן איינעם צו צוויי הונדערט גילדן און זיי אַוועקשיקן אײַנקויפֿן סחורות. ווער עס וועט צום מיינסטן מצליח זײַן מיט זײַן מסחר און אײַנקויפֿן די בעסטע סחורה, דער זאָל באַקומען די בתולה פֿאַר אַ ווײַב. דער תּנאַי איז אָבער, אַז בײדע זאָלן פֿאַרבלײַבן אין דער פֿרעמד אַ גאַנץ יאָר, אײדער מען וועט קענען שטעלן מיט מזל אַ חופּה".

איז די דאָזיקע עצה טובֿה געפֿעלן געוואָרן סײַ דעם רבֿ און סײַ דער רביצין. מען האָט אַרײַנגערופֿן די צוויי בחורים און דער רבֿ האָט איטלעכן פֿון זיי געגעבן אין זײַן בײַטל אַרײַן צו צוויי הונדערט גילדן און זאָגט צו זיי: „איך גיב איטלעכן פֿון אײַך צו צוויי הונדערט גילדן. מיט דעם זאָלט איר אַרויספֿאָרן אין דער וועלט און אײַנקויפֿן סחורה. ווער פֿון אײַך בײדע וועט פֿאַר דאָס געלט אײַנקויפֿן די בעסטע סחורה, דער זאָל באַקומען אונדזער שיינע טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב". הכּלל, די צוויי בחורים האָבן זיך באַלד געלאָזט אין וועג אַרײַן מלא שׂמחה, מחמת יעדער פֿון זיי האָט געטראַכט, אַז ער וועט באַגליקן צו באַקומען דאָס שיינע מיידל פֿאַר אַ ווײַב, פּונקט אַזוי ווי אַ געבראָטענע טויב אין מויל אַרײַן, און קיינער זאָל אַפֿילו גאָר נישט דערפֿון וויסן. הקיצור, די צוויי בחורים זײַנען צוזאַמען אַוועק בשלום פֿון דער היים און זיך דערנאָך אַריבערגעשיפֿט איבערן ים. זיי זײַנען נאָך דעם אָנגעקומען אין אַ גרויסער שטאָט, ווו עס האָט זיך געלאָזט אײַנקויפֿן שיינע סחורות. האָט טאַקע דעם רבֿס שוועסטערן־זון אײַנגעקויפֿט פֿאַר זײַנע צוויי הונדערט גילדן אַ סך טײַערע סחורות און דער רביצינס ברודערן־זון האָט אײַנגעהאַנדלט לויטער אַבֿנים טובֿות, היות ער האָט געהאַלטן, אַז זיי זײַנען ווערט דאָס געלט. מיט אָט די אײַנ־געקויפֿטע סחורות האָבן זיך בײדע בחורים דערנאָך געלאָזט אין וועג אַרײַן, צו פֿאָרן אַהיים. זײַענדיק אויף האַלבן וועג, האָבן זיי

אַ מאָל איבערגענעכטיקט אין אַ האַרבעריק, ווו עס האָט זיך גראָד אויפֿגעהאַלטן אַ חבֿרה גאַסן־יונגען און גנבֿים. עס האָט נישט לאַנג גענומען און די חבֿרה גנבֿים האָט אויסגעפֿונען, אַז די צוויי בחורים פֿירן מיט זיך געלט און אַנדערע חפֿצים. אין דער נאַכט, בעת די בחורים האָבן זיך געלייגט שלאָפֿן, האָבן זיך די גנבֿים אַרײַנגעגנבֿעט אין זייער קאַמער און אַרויסגעצויגן פֿון זייערע טאַשן אַלצ־דינג, וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט: געלט און אַבֿנים טובֿות. צו מאָרגנס, אַז די בחורים האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון זייער שלאָף, האָבן זיי דערזען די גנבֿה. צום מיינסטן האָט זיך מצער געווען דער בחור מיט די אַבֿנים טובֿות, נישט אַזוי וועגן דעם חסרון־כּיס, ווי וועגן דעם, וואָס ער וועט נישט באַקומען דאָס שיינע מיידל פֿאַר אַ ווײַב. האָט ער דאָך שוין נישט געהאַט קיין פּרוטה אין זײַן בײַטל און נישט מער געווען ביכולת עפּעס צו טאָן. אָבער דער אַנדערער בחור האָט זיך ווייניקער מצער געווען, הגם ער האָט געהאַט גאָר ווייניק געלט אין זײַן טאַש, האָבן אָבער די גנבֿים נישט געטשעפּעט זײַן סחורה. פֿרעגט ער, על־כּן, זײַן חבֿר, וואָס ער וויל טאָן, צי ער וועט מיט אים אַהיים ציִען. ענטפֿערט אים יענער, אַז ניין. הכּלל, דער בחור מיט דער סחורה איז אַהיימגעפֿאָרן און דער אַנדערער איז, נעבעך, פֿאַר גרויס חרפּה געבליבן אונטערוועגנס. אַז דער בחור מיט דער סחורה איז אָנגעקומען אַהיים, האָט מען אים געפֿרעגט, וואָס עס איז געוואָרן מיטן אַנדערן בחור און ווו ער איז אַהינגעקומען. האָט ער געענטפֿערט, אַז ער ווייס נישט ווו ער איז, מחמת ער איז אַוועק אויף אַן אַנדער וועג. האָבן די לײַט צו אים געזאָגט, אַז אויב דער אַנדערער בחור וועט נישט צוריקקומען צום אָפּגערעדטן זמן־חתונה, וועט ער נעמען דעם רבֿס טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב. פֿאַרשטייט זיך, אַז די רביצין האָט געהאַט דערפֿון גרויס צער, נישט ווויסנדיק אַפֿילו ווו איר קרובֿ איז אַהינגעקומען. זי האָט אָבער געשוויגן און זיך געטראַכט: ביז צום זמן־חתונה איז נאָך אַ האַלב יאָר צײַט. אפֿשר וועט השם יתבּרך אין זײַן גרויסן חסד אים לאָזן אַהיימקומען בשלום פֿאַר דער צײַט.

איצט װעלן מיר איבערלאָזן אויף אַ װײַל חתן־כּלה און שרײַבן פֿון יענעם אָרעמען בחור, װאָס האָט געהאַט פֿאַרלוירן זײַנע אֲבָנים טובֿות. אַזױ באַלד װי זײַן חבֿר האָט אים פֿאַרלאָזט, איז ער גע־בליבן אַ פֿאַרשעמטער אונטערװעגנס, מחמת ער האָט נישט געװאָלט אַהיימקומען מיט ליידיקע הענט. פֿון דעסט װעגן איז ער נישט גע־װען בײַ זיך געפֿאַלן און טראַכט: „איך טאָר מיך בשום אופֿן נישט מייאש זײַן. לערנען קען איך דאָך װי עס איז, װעל איך דעריבער אַװעק אין אַ ישיבֿה און דאָרטן װײַטער עוסק זײַן אין תּורה. אויב עס איז מיר נישט באַשערט צו באַקומען די שיינע בתולה פֿאַר אַ װײַב, װעט אפֿשר גאָט ברוך־הוא מיר צושיקן אַן אַנדערן זיװוג, װאָס װעט זײַן פּונקט אַזױ שיין װי זי". מיט אָט די מחשבֿות אין האַרצן, האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און זיך געלאָזט אין װעג אַרײַן צום נשׂיא פֿון בבֿל, װאָס האָט געהאַט אַ פֿיר הונדערט בחורים אין דער ישיבֿה, לויטער גוטע קעפּ און שאַרפֿע למדנים. אין אַ ביטערן מעמד, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, אָן אַ פּרוטה בײַ דער נשמה, איז אונדזער בחור אָנגעקומען אין בבֿל. הגם ער האָט געקענט בעסער לערנען פֿון די פֿיר הונדערט ישיבֿה־בחורים, האָט זיך פֿון דעסט װעגן קיינער אויף אים נישט געװאָלט אומקוקן. בשעת די בחורים זײַנען געקומען אין בית־המדרש אַרײַן הערן אַ שיעור, האָט זיך דער אָפּגעריסענער בחור אַװעקגעזעצט הינטערן אויװן, מחמת ער האָט זיך נישט געװאָלט אויסגעבן פֿאַר אַ למדן.

ויהי היום און דער נשׂיא האָט געזאָגט אַ שאַרפֿן חילוק, װאָס די בחורים האָבן נישט געקענט תּופֿס זײַן. זאָגט צו זיי דער נשׂיא, אַז זיי זאָלן צוגרייטן אויף צו מאָרגנס אַ תּשובֿה אויף זײַן חילוק. די בחורים זײַנען זיך צעגאַנגען, איטלעכער צו זיך אַהיים. אַז עס איז געװאָרן פֿינצטער, איז אונדזער בחור אַפֿירגעקראָכן פֿון הינ־טערן אויװן, גענומען אַ ספֿר אין האַנט און געשמאַק געלערנט. האָט זיך באַװיזן צו אים אליהו הנבֿיא און מיט אים געלערנט, װאָס ער האָט נאָר באַגערט. אַזױ אַרום האָט ער באַלד געקענט מער װי דער נשׂיא און זײַנע תּלמידים. אַז אליהו הנבֿיא איז פֿון אים אַװעק־

געגאַנגען, האָט ער גענומען אַ שטיקל פּאַפּיר און אָנגעשריבן דעם תּירוץ אויפֿן חילוק. ער האָט דאָס דערנאָך אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש און זיך ווידער אַוועקגעלייגט שלאָפֿן הינטערן אויוון. צו מאָרגנס, אַז דער נשׂיא איז אויפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿרי פֿון שלאָף און געקומען אין בית־מדרש, האָט ער געפֿונען דעם תּירוץ אָנגעשריבענערהייט אויפֿן טיש. ער האָט בשעת מעשׂה אַפֿילו גאָר נישט געטראַכט, אַז דאָס זאָל האָבן געטאָן דער בחור, וואָס איז געלעגן הינטערן אויוון. אַז עס איז געקומען די צײַט פֿון שיעור, האָט דער נשׂיא געפֿרעגט יעדן אײנציקן פֿון די בחורים, ווער פֿון זיי האָט אָנגעשריבן דעם תּירוץ. קיינער האָט אָבער נישט געוווּסט פֿון וואָס צו זאָגן. איז דאָס געווען אַ גרויס רעטעניש בײַ אַלעמען. אַ טאָג שפּעטער האָט דער נשׂיא ווידער געזאָגט נאָך אַ שאַרפֿערן חילוק און די בחורים האָבן זיך אַרום דעם געאַמפּערט אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט און האָבן נישט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין. אַז זיי זײַנען געגאַנגען שלאָפֿן, איז ווידער אַ מאָל דער בחור אַפּירגעקראָכן פֿון הינטערן אויוון און האָט אָנגעשריבן דעם תּירוץ, ווי מיט אַ טאָג פֿריִער. צו מאָרגנס אין דער פֿרי, אַז דער נשׂיא איז אויפֿגעשטאַנען, האָט ער ווידער אַ מאָל געפֿונען דעם תּירוץ אויפֿן טיש. זאָגט ער צו זײַנע תּלמידים: „ווי איך זע, איז דאָ צווישן אײַך אַ גרויסער למדן", און זיך זייער געחידושט, וואָס ער האָט אַזאַ שאַרפֿן קאָפּ אויף דער ישיבֿה און ער ווייס פֿון אים גאָר נישט. האָט ער ווידער אַ מאָל געפֿרעגט, ווער עס האָט אָנגעשריבן דעם תּירוץ, אָבער קיינער האָט זיך נישט אָנגערופֿן. אויפֿן דריטן טאָג האָט דער נשׂיא געזאָגט אַזאַ חילוק, וואָס איז געווען לויטער רוח־הקודש. האָבן זיך די בחורים שטאַרק געפּשטלט, אָבער נישט געפֿונען קיין תּירוץ אויף דער קשיא. וואָס טוט דער נשׂיא? האָט ער געמאַכט אַ לאָך אין דער וואַנט פֿון זײַן חדר, אַזוי אַז ער האָט פֿון דאַנען געקענט זען, וואָס עס טוט זיך אָפּ אין בית־מדרש. אַז די בחורים זײַנען געגאַנגען שלאָפֿן, איז דער אָרעמער בחור ווידער אויפֿגעשטאַנען פֿון זײַן געלעגער הינטערן אויוון, זיך אַוועקגעזעצט

לערנען ווי תּמיד און בשעת מעשׂה אָנגעשריבן דעם תּירוץ. ער האָט אים אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש און דערנאָך צוריקגעגאַנגען אויף זײַן געלעגער הינטערן אויוון. דאָס אַלץ האָט דער נשׂיא געזען און זיך גוואַלדיק געחידושט, וואָס ער האָט גאָר נישט געוווסט, וואָס פֿאַר אַ כּלי מפֿואר ער האָט דאָ צווישן די בחורים. ער האָט אָבער געשוויגן און קיינעם דערפֿון קיין וואָרט נישט געזאָגט. אין דער פֿרי איז ער אַרײַן אין דער ישיבֿה, ווי זײַן שטייגער, און זיך געמאַכט גאָר נישט ווויסנדיק. דער אָרעמער בחור איז, ווי תּמיד, געזעסן הינטער דעם אויוון און האָט זיך מיט גאָר נישט געגעבן צו דערקענען. ווידער אַ מאָל האָט דער נשׂיא געזאָגט אַ שאַרפֿן פּילפּול, און הגם די בחורים האָבן זיך שטאַרק געהיצט און לאַנג געאַמפּערט, האָבן זיי דעם שקלאַ־וטריא נישט תּופֿס געווען און קיין תּירוץ אויפֿן פּשטל נישט געוווסט. דעמאָלט מאַכט דער נשׂיא צו דעם אָרעמען בחור, וואָס איז געזעסן נאָך אַלץ הינטערן אויוון, און זאָגט צו אים: „איך בין אויף דיר גוזר, אַז דו זאָלסט מיר זאָגן דעם תּירוץ". ענטפֿערט דער בחור: „מײַן ליבער רבי, וואָס פֿאַלט אײַך עפּעס אײַן מיך גאָר צו פֿרעגן? איך בין דאָך אַ בור און ווייס דאָך גאָר נישט". האָט אָבער דער נשׂיא נאָך אַ מאָל גוזר געווען, אַז ער זאָל לערנען פּשט. האָט אים דער בחור דאָס אַלץ פֿאַרענטפֿערט על־פּי פּשט און דערנאָך אָנגעהויבן צו זאָגן אַזאַ שאַרף פּשטל, אַז קיינער האָט דאָס נישט געקענט באַנעמען. דעמאָלט פֿרעגן די בחורים בײַ זייער רבין: ווי אַזוי איז ער דאָס דערגאַנגען? ענטפֿערט ער זיי, אַז אַזוי באַלד ווי ער האָט יעדן טאָג געזאָגט דעם חילוק, האָט אָט דער בחור אים פֿאַרענטפֿערט און דעם תּירוץ אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר און געלאָזט ליגן אויפֿן טיש. „דאָס אַלץ האָב איך אָקערשט געזען — זאָגט דער נשׂיא — דורכן לאָך אין דער וואַנט פֿון מײַן חדר".

האָט זיך גראָד געטראָפֿן, אַז אָט דער רבי האָט געהאַט גאָר אַ שיינע טאָכטער, האָט ער זי געוואָלט געבן דעם בחור פֿאַר אַ ווײַב. זאָגט צו אים דער אָרעמער בחור: „ניין, איך בין גאָר נישט ראוי

צו נעמען אײַער טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב. דערצו בין איך נאָך אַ חתן", און ער דערציילט אים די גאַנצע שמועה, וואָס עס האָט זיך מיט אים פֿאַרלאָפֿן ביזן הײַנטיקן טאָג. איין מאָל, בײַ נאַכט, איז דער אָרעמער בחור געלעגן אויף זײַן געלעגער און זיך פֿאַרטראַכט וועגן זײַן פֿאָטער און מוטער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין דער היים, און אַז מסתּמא וועט באַלד קומען דער זמן־חתונה, און ער וואַלגערט זיך אַרום אין דער פֿרעמד. אַז ער איז אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי, האָט ער גענומען רשות פֿון זײַן נײַעם רבין און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. דער נשׂיא צוזאַמען מיט זײַנע בחורים האָבן אים אַרויס־באַגלייט ביז הינטער דער שטאָט אַ מהלך פֿון צוויי מײַל. גייענדיק אַזוי, האָט ער כּסדר גערעדט דבֿרי־תּורה. דערנאָך האָט דער רבי זיך מיט אים געזעגנט און איז מיט זײַנע תּלמידים צוריק אַוועק אין שטאָט אַרײַן.

דער בחור האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן און איז דערנאָך אָנגעקומען אין אַ גרויסן, פֿינצטערן וואַלד, ווו ער האָט אַרומגע־בלאָנדזשעט גאַנצע דרײַ טעג און דרײַ נעכט, אַז ער איז שיִער ניִשט געשטאָרבן פֿון הונגער. ער האָט זיך אָבער ניִשט אָפּגע־שטעלט און אַלץ געגאַנגען ווײַטער. מיט אַ מאָל האָט ער דערזען שטיין אַ שיינעם עפּלבוים. האָט ער אַראָפּגעשאָקלט עטלעכע עפּל פֿון בוים און געגעסן. קוים האָט ער געהאַט געגעסן די עפּל, איז ער מיט אַ מאָל געוואָרן מצורע. האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען און פֿון גרויס יסורים זיך געוואָלט טייטן. אין צווישן איז ער געגאַנגען אַלץ ווײַטער און ווײַטער, און אַזוי איז ער צוגעקומען צו אַן אַנדערן עפּלבוים. האָט ער זיך געטראַכט: „לאָמיך עסן פֿון אָט די עפּל, אפֿשר וועל איך דערפֿון שטאַרבן. איז שוין בעסער דער טויט איידער אַזאַ לעבן!" — האָט ער אַראָפּגעשאָקלט פֿונעם בוים אַ פּאָר עפּל און געגעסן. אַזוי באַלד ווי ער האָט געהאַט דערפֿון געגעסן, איז ער געוואָרן אין גאַנצן געזונט און נאָך שענער ווי פֿריִער. האָט ער געדאַנקט השם יתברך פֿאַר זײַן גרויסן חסד און איז צוריק אַוועק צו דעם ערשטן בוים. דאָרטן האָט ער אָנגע־

קליבן אַ שפּאָר ביסל עפּל און דערנאָך צוריק צו דעם אַנדערן בוים און פֿון דאָרטן אויך צונויפֿגעקליבן אַ היפּשע צאָל עפּל און זיך מיט דעם געלאָזט אין וועג אַרײַן. ער האָט בײַ זיך געטראַכט: איצט האָב איך שוין גענוג געלערנט. אפֿשר וועלן מיר די עפּל אויך נאָך צו נוץ קומען". אַזוי האָט ער ממשיך געווען זײַן נסיעה ביז ער איז אָנגעקומען אין דער מדינה, וווּ עס האָט זיך געפֿונען זײַן היים. אַז ער איז אַרײַן אין דער ערשטער שטאָט, האָט ער געזען, ווי די שטאָטלײַט גייען־אַרום ממש ווי אָן קעפּ. האָט ער אָפּגעשטעלט איי־נעם פֿון די לײַט אין דער גאַס און בײַ אים געפֿרעגט, וואָס איז די מעשׂה, פֿאַר וואָס זיי אַלע זײַנען אַזוי פֿאַראומערט. ענטפֿערט אים יענער: "מיר האָבן אַזאַ גוטן, פֿרומען קיניג, איז ער געוואָרן מצורע, אַז גאָט זאָל שומר ומציל זײַן. קיין דאָקטער אין דער וועלט קען אים נישט העלפֿן". זאָגט צו אים דער בחור: "ליבער פֿרײַנד, פֿירט מיך אַוועק צום קיניג. אפֿשר וועל איך קענען מיט גאָט ברוך־הוא הילף אים אויסהיילן פֿון זײַן צרעת". זאָגט יענער צו אים: "גאָטס ניסים זײַנען טאַקע גרויס, אָבער איך גלייב נישט, אַז מען קען אים היילן. מיר האָבן שוין געהאַט אַזוי פֿיל דאָקטוירים, אָבער זיי האָבן גאָר נישט געפּועלט. פֿון דעסט וועגן, אויב איר ווילט דווקא צוגיין צו אים, קומט מיט מיר, אַזוי וועל איך אײַך צופֿירן אַהין". הקיצור, זיי זײַנען צוזאַמען אַוועק צום קיניג און אים געלאָזט וויסן, אַז עס איז דאָ איינער, וואָס האָפֿט מיט גאָטס הילף צו ברענגען אַ ישועה דעם קיניג. אַז מען האָט אים אַרײַנגעלאָזט צום קיניג, איז ער אַני־דערגעפֿאַלן צו זײַנע פֿיס און אונטערטעניק אים באַגריסט. זאָגט צו אים דער קיניג, וואָס זײַן פּנים איז געווען פֿאַרדעקט: "ביסטו אויך זיכער, אַז דו וועסט מיר קענען העלפֿן?" — ענטפֿערט אים דער בחור: "אויב אײַער קיניגלעכע מאַיעסטעט וועט טאָן, וואָס איך הייס אים, אַזוי האָף איך צו גאָט, אים צו קענען אויסהיילן". אַז דער קיניג האָט געהערט, ווי ער רעדט אַזוי ציכטיק און באַשיידן, זאָגט ער צו אים: "אויב עס זאָל דיר באמת געראָטן מיר צו געבן אַ היי־לונג, וועל איך דיר אַוועקגעבן אַ העלפֿט פֿון מײַן קיניגרײַך, מחמת

אײדער אַזאַ לעבן איז מיר שוין דער טויט מער ניחא״. זאָגט צו אים ווידער אַ מאָל דער בחור: „אײַער קיניגלעכע מאַיעסטעט וועט זײַן צופֿרידן, איך פֿאַרהאָף, אַז עס וועט אײַך ווערן בעסער״. דער בחור איז דערנאָך אַוועק אין אַן אַפּטייק און דאָרט אָפּגעשניטן אַ שטיק פֿון דעם צרעת־עפּל און אים געלאָזט איבערציִען מיט צוקער. דאָס האָט ער אונטערגעטראָגן דעם מלך צו עסן. אָבער אַזוי באַלד ווי דער מלך האָט דערפֿון געגעסן, איז ער געוואָרן נאָך מער מצורעדיק ווי פֿריִער. האָט דאָס דעם מלך גאָר שטאַרק פֿאַרדראָסן און זאָגט צו דעם בחור: „איך האָב דאָך שוין פֿריִער געוווּסט, אַז דער רופֿא וועט נאָך ערגער מאַכן״. זאָגט אָבער דער בחור צו אים: „מײַן האַר און קיניג, איך האָב דאָך אײַך פֿאָרויסגעזאָגט, אַז איר וועט מוזן לײַדן אַ ווײַל אײדער עס וועט ווערן אין גאַנצן בעסער. האָט אַ ביסל בטחון און איר וועט זען, אַז עס וועט זײַן גוט״. ער איז באַלד ווידער אַוועק אין דער אַפּטייק, האָט אָפּגעשניטן אַ שטיק פֿון דעם היילעוודיקן עפּל און אים געלאָזט איבערציִען מיט צוקער. דערנאָך האָט ער דאָס אַוועקגעגעבן דעם קיניג צו עסן. און הפֿלא ופֿלא — אַזוי שנעל ווי דער קיניג האָט געהאַט דערפֿון געגעסן, האָט ער געקענט גיין אויף נקיות און איז דערנאָך געוואָרן אַ סך שענער ווי פֿריִער. די שׂמחה פֿונעם קיניג און פֿון די שטאָטלײַט איז ממש געוועזן אין לשער. דעמאָלט האָט דער קיניג גענומען דעם בחור אין אַ זײַט און זאָגט צו אים: „מײַן ליבער הער דאָקטער, זאָגט מיר, וואָס איר ווילט, און עס וועט פֿאַר אײַך געטאָן ווערן!״. — ענטפֿערט אים דער בחור: „קיניגלעכע מאַיעסטעט! איך באַגער פֿון אײַער קיניגלעכער קרוין גאָר נישט אַזעלכעס, וואָס וואָלט געקענט אײַך, חלילה, שאַטן. לאָמיר דאַנקען און לויבן גאָט, וואָס ער האָט אײַך געהאָלפֿן, ווײַל נאָר צו אים באַלאַנגט דער כּוח און שטאַרקייט אַלצדינג צו טאָן. אָבער מײַן בקשה צו אײַער קיניגלעכער מאַיעסטעט איז אָט וואָס: אין אײַער מדינה ליגט אַ שטאָט, וואָס הייסט אַזוי און אַזוי. דאָרטן וווינען מײַנע טאַטע־מאַמע און זײַנען די אונטערטאַנערס פֿון אײַער קיניגלעכער מאַיעסטעט. איז,

על־כּן, מײַן בקשה צו אײַך: שענקט מיר אַוועק די דאָזיקע שטאָט". האָט דער קיניג אים אַוועקגעגעבן די שטאָט פֿאַר אַ מתּנה און באַפֿוילן, אַז מען זאָל דעם פּאַלאַץ אין שטאָט גאָר פֿײַן אויפֿרוימען, כּדי דער בחור זאָל דאָרטן קענען וווינען בכּבֿוד. אַז דער בחור האָט צום סוף געוואָלט ציִען אַהיים, זאָגט דער מלך צו אים: „איך וויל דיך דאָרט אַהין אָפּשיקן מיט גרויס כּבֿוד, ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר אַ שׂררה פֿון דעם שטייגער". ער האָט אים אָנגעטאָן אַ גילדענע קייט אַרום זײַן האַלדז און מיט אים מיטגעשיקט פֿיר הונדערט מעכטיקע רײַטערס, וואָס זאָלן אים באַגלייטן, און אַ סך געלט דערצו.

אַז די שטאָטהאַרן האָבן געהערט, עס קומט־אָן צו זיי אין שטאָט זייער יונגער שׂררה, זײַנען זיי אים אַנטקעגנגעריטן און האָבן אים אויפֿגענומען מיט גרויס פּאַראַד. זיי האָבן אים דערויף געשענקט אַ סך זילבער און גאָלד. אויך די אָרעמע ייִדן זײַנען אַוועק צום פּאַלאַץ און איבערגעגעבן דעם שׂר אַ זעלטן שיינע מתּנה, דערין צוואַנציק פּאָרטווײַן־גלעזער. צוזאַמען מיטן געשאַנק האָט קהל געשיקט דעם רבֿ, וואָס האָט געזאָלט זײַן דעם בחורס שווער, אַז ער זאָל זײַן זייער מליץ יושר און מלמד זכות זײַן אויף די ייִדן. ער האָט דעריבער גאָר שיין גערעדט צום שׂר און זאָגט צו אים: „אײַער גנאָד, אונדזערע ייִדן לאָזן אײַך שטאַרק בעטן, אַז איר זאָלט פֿאַר ליב נעמען מיט דער גרינגער מתּנה, וואָס זיי שיקן אײַך, און איר זאָלט זיי באַווײַזן אײַער חסד און באַשיצן פֿון אַל דאָס בייז". דערויף האָט דער שׂר צוגענומען די מתּנה און צוגעזאָגט, אַז ער וועט זײַן צו די ייִדן ווי אַ טאַטע, גוט און באַרעמהאַרציק. אַרומקוקנדיק זיך צווישן עולם, האָט ער באַמערקט זײַן אָרעמען פֿאָטער שטיין אין אָפּגעריסענע מלבושים. זאָגט ער צו די שליחים פֿון קהל: „מײַנע ליבע ייִדן! איר זאָלט פֿאַר גאָר גישט קיין מורא האָבן, האַלט זיך בײַ אײַער גלויבן, ווי עס איז אײַער מנהג פֿון תּמיד, אָבער די דאָזיקע מתּנה גיט בעסער אַוועק יענעם ייִד, מחמת ווי איך זע איז ער אַ גרויסער ניצרך". און בשעת מעשׂה ווײַזט ער אָן אויף זײַן

אַלטן, ליבן פֿאָטער. „אָבער איין זאַך וויל איך בײַ אײַך בעטן: ווען עס וועט בײַ אײַך אין שטאָט פֿאָרקומען אַ חתונה, אָדער אַ ברית־מילה, לאָזט מיך וויסן, רופֿט מיך, וואָרן איך וואָלט וועלן זײַן דערבײַ". אַז זיי האָבן דאָס פֿאַרנומען, זאָגט צו אים דער רבֿ, זײַן שווער: „טאַקע הײַנטיקע וואָך מאַך איך אַליין חתונה, אַזוי וועל איך מיט פֿאַרגעניגן אײַער גנאָד לאָזן וויסן, אויב ער וואָלט נאָר וועלן זײַן דערבײַ". ענטפֿערט אים דער שׂר: „מײַן ייִד, לאָז מיך רופֿן. איך וועל דיר אויך אַ מאָל טאָן אַ טובֿה". הקיצור, דער רבֿ האָט גענומען רשות פֿונעם שׂר, אָנגעווונטשן אים אַ לאַנג לעבן און איז מיט דעם עולם ייִדן ווידער אַהיים געגאַנגען. זיי זײַנען געווען מלא שׂמחה, וואָס גאָט ברוך־הוא האָט זיי באַשערט אַזאַ כּשרן שׂר, וועלכער איז אַזוי גוט צו ייִדן. הכּלל, דער רבֿ האָט זיך באַלד גענומען צוגרייטן די חתונה, אָבער דער גוטער פֿאָטער פֿונעם בחור, איז געווען בשעת מעשׂה זייער טרויעריק, מחמת ער האָט נישט געוווּסט, ווו זײַן זון איז אַהינגעקומען און צי ער איז נאָך בכלל בײַם לעבן אָדער, חלילה, גאָר טויט.

אַז מען האָט געהאַלטן בײַם שטעלן די חופּה, האָט מען געשיקט אַ שליח צום שׂר, אים אָנזאָגן, אַז באַלד וועט מען פֿירן חתן־כּלה צו דער חופּה. האָט דער שׂר געלאָזט וויסן, אַז ער וועט באַלד קומען און מען זאָל נאָך אַ ווײַל אויף אים וואַרטן. אַזוי איז דער שליח צוריקגעקומען מיט דער גוטער בשׂורה, אַז דער שׂר וועט באַלד קומען און מען זאָל אויף אים אַ ווײַל וואַרטן. אין צווישן האָט מען פֿאַר אים צוגעגרייט אַ שיינע שטאָט, ווו ער זאָל זיצן בכּבֿוד, ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר אַזאַ שׂררה. בינו לבֿינו איז דער שׂר אַוועק צו זיך, האָט זיך אָנגעטאָן מיט לויטער גאָלד באַשטיקטע מלבושים און דערצו גילדענע קייטן און פֿינגערלעך. ער איז דערנאָך צוגעגאַנגען צום חתונה־הויז און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער צוגעגרייטער שטאָט.

אַז עס האָט געהאַלטן בײַם מסדר־קידושין זײַן, זאָגט דער שׂר: „וואַרט! איך האָב דאָ נאָך עפּעס צו זאָגן. די כּלה איז מײַנע.

איך בין דאָס דער אַנדערער בחור, וואָס איז אַרויסגעצויגן מיט די ב׳ מאות גילדן אײַנצוקויפֿן סחורה. איצט, זאָגט איר, ווער עס האָט פֿאַר דאָס געלט אײַנגעקויפֿט די בעסטע סחורה״. און ער דערציילט זיי די גאַנצע מעשׂה, וואָס עס האָט זיך מיט אים פֿאַרלאָפֿן, די מעשׂה מיטן עפּל און ווי ער איז אַוועק אויף אַ ישיבֿה לערנען תּורה. וואָס האָט געקענט דער פֿריִערדיקער חתן טאָן? ער האָט געמוזט, בחרפּותינו, זיך אָפּזאָגן פֿון דער כּלה און אונדזער בחור, דער שׂר, האָט זי איצט מקדש געווען מיט גרויס פֿרייד. די חתונה האָט מען איצט געפּראַוועט מיט אַ סך פּאַראַד און שׂמחה, און עס איז געווען ליהודימדיק. ווער האָט זיך איצט נאָך אַזוי געפֿרייט ווי די אָרעמע טאַטע־מאַמע און ווער איז נאָך געווען טרויעריקער ווי דער ערשטער חתן? אונדזער חתן האָט לאַנג רעגירט איבער דער שטאָט און נאָך אים זײַנע קינדער און קינדסקינדער. דערפֿון קענט איר אָפּלערנען, אַז ווען גאָט וויל העלפֿן, דעם קען קיינער גישט טאָן קיין שלעכטס. אָט קענט איר זען, ווי גאָט האָט געהאָלפֿן דעם אָרעמען בחור, אַזוי זאָל גאָט אונדז אויך העלפֿן און אונדז אָפּהיטן פֿון אַל דאָס בייז. אָמן סלה.

מ״ב רכ״ד. (ב. רכ״ג). — פּ״גל רעווי, באַנד 34, ז׳ 67, נ׳ 10. — אוצר מדרשים, ז׳ 348. — אונדזער סיפּור־המעשׂה ווײַכט־אָפּ אין אַ גאַנצער ריי פּרטים פֿון דער העברעיִשער ווערסיע פֿון ישראל לעווי. קען אונדזער מסקנה זײַן, אַז דאָס איז נישט געווען דער מקור פֿאַר אונדזער מעשׂה. — די דאָזיקע מעשׂה מיט געוויסע שינויים געפֿינט זיך אויך אינעם פּאַריזער כ״י 589, נ. 10. וועגן דעם דאָס מעשׂה־בוך ז׳ 80. — עס קען גאָר געמאָלט זײַן, אַז מיר האָבן דאָ ווידער אַ מאָל צו טאָן מיט אַ פֿרעמדן שטאָף, הגם דער קאָלאָריט און נוסח פֿון דער מעשׂה איז ייִדיש־פֿאָלקסטימלעך. טרעפֿן זיך ווידער דאָ אַ ריי אינטערנאַציאָנאַל באַקאַנטע מאָטיוון. אַזוי, למשל, די צוויי בחורים וואָס פֿאָרן־אַרויס אײַנהאַנדלען די בעסטע סחורה, כּדי אַזוי אַרום צו זײַן קוואַליפֿיצירט פֿאַר דער שיינער כּלה. מאָטיוו־אינד׳ H 310, H 336 און H 310.2. – דער עפּל וואָס היילט קראַנקע (דאָ: מצורעים). טיפּן 613. — דער אָרעמסטער (אָפֿט, דער ייִנגסטער) איז תּמיד דער געראָטנסטער און נעמט־אויס אין דער פֿאָלקס־מעשׂה. ער איז טאַקע עולה לגדולה און באַקומט צום

סוף די שײנע כלה פֿאַר אַ װײַב. פֿ״גל אויך באַלטע אונד פּאָליװקאַ, באַנד 2, 394 אאַז״װ. — דער מאָטיװ איז אויך פֿאַררעגיסטרירט אין טיפּן 671.

## 81 דער רבי װאָס איז געװאָרן אַ װערװאָלף

אַ מעשׂה שהיה. אַ מאָל איז געװען אַ רבי, אַ מושלם אַ ייִד, האָט ער געװוינט אין לאַנד עוץ. גאָט האָט אים געבענטשט מיט גרויס עשירות און ער האָט אויך געקענט די שבֿעים לשונות. דער דאָזיקער רבי האָט אויפֿגעהאַלטן אַ גרויסע ישיבֿה, װוּ עס האָבן געלערנט אַ סך בחורים מיט גוטע קעפּ. ער האָט אויך פֿאַרזאָרגט מיט חינוך אויף זײַן אײגענעם חשבון אַ צאָל קלײנע ייִנגלעך. בדרך כּלל האָבן זיך תּמיד געפֿונען אַ הונדערט בחורים אין דער ישיבֿה. זײַן צדקות איז נאָך אַזױ װײַט געגאַנגען, אַז ער האָט אויסגעהאַלטן אַ צדקה־קאַסע פֿאַר אָרעמע בחורים און אין זײַן הויז זײַנען געװען אָרעמע לײַט, אײַנגײערס, װעלכע ער האָט געהאָלפֿן מפֿרנס צו זײַן מיט אַ ברײטער האַנט. דער היפּוך פֿון אים איז געװען זײַן װײַב, אַ מרשעת אַ ייִדענע, װאָס האָט געקוקט מיט אַ בײז אויג אויף זײַנע גוטע מעשׂים און בשום אופֿן נישט געקענט פֿאַרטראָגן, אַז עס איז אַרײַנגעקומען אין הויז אַן אָרעמער ייִד.

װי זאָגט דאָס שפּריכװאָרט: „מען ציט אַזױ לאַנג דעם שטריק ביז ער צערײַסט זיך״. אַזױ איז טאַקע געשען מיט אונדזער פֿרומען ייִדן. עס האָט באַלד אַזױ װײַט געהאַלטן, אַז ער איז געװאָרן לא עליכם אַ יורד, שטאַרק פֿאַראָרעמט, אַזױ אַז ער האָט מער נישט געהאַט מיט װאָס אויסצוהאַלטן די אָרעמע לײַט, די בחורים און די ייִנגלעך. האָט ער זיך דעריבער שטאַרק מצער געװען און טראַכט זיך אַ מאָל: „װאָס זאָל איך איצט טאָן? האָב איך דאָך אַלע מײַנע יאָרן עוסק געװען אין צדקה און אַװעקגעגעבן װאָס איך האָב נאָר געקענט. אַצינד בין איך געװאָרן, בעוונותינו הרבים, אַ יורד. אָבער װאָס קען אַ מענטש טאָן? איך װיל דאָס אַלץ מקבל באַהבֿה זײַן פֿון השם יתבּרך האַנט, װײַל אַלץ װאָס ער טוט איז גערעכט. װער

ווייס, אפשר האָב איך מיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט און איך מוז אָפּקומען פאַר מיינע זינד!״ — און ער האָט זיך ווייטער געטראַכט: „וואָס וועט שוין אַרויסקומען דערפון, אַז איך וועל מיך באַקלאָגן אויף מיין מצבֿ? פאַראַן לייט, וואָס האָבן נאָך דערפון גאָר הנאה. איך וועל דעריבער אָפּטאָן אַ זאַך און וועל בסוד סודות פון דאַנען אַנטלויפן, אַז עס זאָל קיינער נישט וויסן ווו איך בין אַהינגעקו־מען״. הקיצור, ער האָט צונויפגערופן זיינע בחורים, וואָס האָבן גע־לערנט אין דער ישיבֿה, און זאָגט צו זיי בזה הלשון: „ליבע בחורים, איר ווייסט דאָך זייער גוט, ווי געטריי איך בין געווען צו אייך די גאַנצע צייט. איך האָב אייך פאַרזאָרגט מיט קעסט און קליידער, און מיט אייך געלערנט. עס האָט אייך גאָר נישט געפעלט. אָבער איצט מוז איך אייך מוסר זיין אַ סוד, אָבער איך פאַרהאָף, אַז איר וועט דאָס מאָל זיך אַזוי אויפפירן לגבי מיר, ווי איך האָב מיך געפירט לגבי אייך״. ענטפערן די בחורים ווי מיט איין קול: „ליבער רבי, לאָזט אונדז וויסן אייער סוד! מיר זאָגן אייך צו, אַז מיר וועלן האַלטן מיט אייך אַזוי לאַנג, ווי לאַנג גאָט וועט אונדז שענקען אונדזער לעבן״. הייבט דער רבי אָן און זאָגט: „טייערע בחורים מיינע! איר זאָלט וויסן, אַז מיין מצבֿ איז געוואָרן זייער אַ שווערער און איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון דאַנען. איך קען מיר באמת נישט קיין עצה געבן מחמת דער אָרעמקייט, וואָס איז מיך באַפאַלן. לכן, וויל איך אייך בעטן, אַז איר זאָלט מיט מיר מיטקומען. דער־ווייל האָב איך נאָך עטלעכע אָפּגעשפּאָרטע גילדן אין קעשענע, וועלן מיר זיי קענען צוזאַמען פאַרלעבן. ווער ווייס, אפשר וועט השם יתברך ווידער אַ מאָל מיט מיר מטיבֿ זיין ווי פריִער, אַזוי וועט איר ווידער זיין ביי מיר אָנגעלייגטע קעסטקינדער אַלע יאָרן פון אייער לעבן״. האָבן די בחורים דערויף געענטפערט: „ליבער רבי! וואָס איר זאָלט נישט פאַרלאַנגען פון אונדז, וועלן מיר גערנ־וויליק טאָן. וואָס מיר פאַרמאָגן נאָר, סיי אין געלט און סיי אין מלבושים, וועלן מיר מיט אייך טיילן. נאָר נישט געזאָרגט״. הקי־צור, דער רבי איז אַוועק מיט פופציק פון זיינע בחורים און קיינער

האָט אַפילו נישט געוווּסט די סיבה, פֿאַר וואָס ער איז אַזוי בסוד־סודות אַוועק פֿון דער היים. ווען די אָרעמע לײַט האָבן זיך דער־וווּסט, אַז זייער גרויסער בעל־צדקה איז אַוועק, איז זיי באַפֿאַלן אַ גרויסע מורא, גלײַך ווי די ייִנגלעך, וואָס ער האָט דערצויגן אויף זײַן חשבון, און די איבעריקע בחורים, וועלכע זײַנען פֿאַרבליבן בײַ זײַן ווײַב אין שטוב. דער רבי האָט זיך אָבער געלאָזט מיט זײַנע בחורים אין וועג אַרײַן. און היות ער איז געווען אַן איש־מפֿורסם, האָט מען אים אָנגעטאָן גרויס כּבֿוד אומעטום, ווו ער איז נאָר אַהינגעקומען, ווי עס פּאַסט זיך טאַקע פֿאַר אַזאַ שטייגער מענטש. האָט זיך טאַקע קיינער נישט געחידושט, פֿאַר וואָס ער האָט זיך גע־לאָזט אין וועג אַרײַן, און מען האָט דאָס אויסגעטײַטשט, אַז מסתּמא ציט ער מיט זײַנע בחורים צו אַ ישיבֿה, כּדי צו לערנען תּורה.

אַז זיי האָבן זיך אַזוי אַרומגעוואַלגערט אַ יאָר צוויי, זײַנען זיי מיט דער צײַט געוואָרן אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, ממש ווי די ארחי־פרחי, און דאָס געלט האָט זיך שוין לאַנג געהאַט אויסגע־לאָזט בײַ זיי. נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה, האָבן זיי גע־מוזט אָנקומען צו אַ מתּנת־יד און אַרומגיין איבער די הײַזער. דער סוף איז געווען, אַז מענטשן האָבן זיך גענומען פֿון זיי דערווײַטערן. ווו זיי זײַנען נאָר געקומען, האָט מען פֿאַר זיי פֿאַרמאַכט די טירן און זיי נישט אַרײַנגעלאָזט. מען האָט שוין מער נישט געוווּסט, צי דאָס זײַנען נאָך ישיבֿה־בחורים אָדער פּשוטע ליידיק־גייערס. דער סוף איז געווען, אַז זיי זײַנען געוואָרן מיד פֿון דעם נע־ונד זײַן, און אין איין שיינעם, העלן טאָג זאָגן זיי צו זייער רבין: „ליבער רבי, וואָס וועט אונדזער סוף זײַן? ווי לאַנג נאָך זאָלן מיר זיך אַזוי אַרומ־שלעפּן איבער די שטעט? מיר האָבן דאָך שוין נישט קיין פּרוטה בײַ דער נשמה און קיין גאַנץ שטיקל מלבוש אויפֿן לײַב. וווהין מיר קומען פֿאַרהאַקט מען די טירן און מען לאָזט אונדז נישט אַרײַן. אפֿשר איז אַ סבֿרא, אַז יעדער פֿון אונדז זאָל ציִען צו זיך אַהיים, צו זײַן טאַטע־מאַמע. מיר זײַנען דאָך שוין נישט קיין ייִנגלעך, וועלן מיר ליבערשט טאָן אַ שידוך און חתונה האָבן. מיר ווילן אָבער

אײַך מבטיח זײַן, אַז מיר װעלן קײנעמען נישט אויסזאָגן, װאָס איר מאַכט און װוּ איר זײַט". אַז דער גוטער רבי האָט געהערט די דאָזיקע רייד פֿון זײַנע תּלמידים, האָט ער זיך אויף אַ װײַל באַקלערט און זאָגט צו זײ דערנאָך: „ליבע בחורים, װאָס פֿאַר אַ גרעסערן שבֿח קען איך אײַך נאָכזאָגן, װי אײַער אמתע געטרײַשאַפֿט, װאָס איר האָט מיר אַרויסגעװיזן די גאַנצע צײַט. דעריבער װיל איך אײַך איצט בעטן, אײַלט זיך נישט, לויפֿט נישט אַװעק אַזוי גיך, בלײַבט נאָך בײַ מיר אַ פֿיר־פֿינף טעג ביז איבער שבת. דערנאָך װעל איך אײַך מיט גאָטס הילף לאָזן ציִען פֿון דאַנען. אפֿשר װעט השם יתברך אונדז פֿאָרט נאָך באַשערן אַ ביסל מזל און מיר װעלן קענען גײן צוזאַמען אַהײם". ענטפֿערן די בחורים: „גוט, ליבער רבי. זײַנען מיר שוין אַזוי לאַנג געװען צוזאַמען מיט אײַך, טאָ װעלן מיר פֿאַרבלײַבן נאָך עטלעכע טעג בײַ אײַך".

הקיצור, זײ האָבן װײַטער געהולכט, ביז זײ זײַנען אָנגעקומען צו אַ װעלדל מיט ביימלעך. זאָגט דער רבי צו די בחורים: „גײט איר אַ ביסל פֿאָרויס, מחמת איך װיל גײן אויף נקיות". זײַנען זיך די בחורים װײַטער געגאַנגען און געשמועסט אין לערנען. נאָך די נקיות האָט דער רבי געװאָלט זיך װאַשן די הענט, האָט ער דערזען נישט װײַט אַ ברונעם שטײן. איז ער צוגעגאַנגען און זיך געװאַשן די הענט. נאָר װי ער האָט געװאָלט גײן װײַטער, דערזעט ער מיט אַ מאָל אַדורכלויפֿן אַ קלײן װיזל, װאָס האָט געהאַט אין זײַן פּיסקל אַ שײן, גילדן פֿינגערל. האָט ער גענומען נאָכיאָגן דעם װיזל, ביז עס האָט געלאָזט אַרויספֿאַלן דאָס רינגל פֿון פּיסקל. האָט דער רבי אויפֿגעהויבן דאָס רינגל און עס באַטראַכט. צו ערשט געמײנט, אַז עס איז גאָר נישט װערט. אָבער אַז ער האָט עס נאָך אַ מאָל גענויער באַטראַכט, האָט ער באַמערקט פֿון אינעװײניק אַן אַלט געשריפֿטס. היות װי דער רבי איז געװען אַ גרויסער מלומד און האָט אַלצדינג געקענט, האָט ער אויך באַװיזן צו לײענען דאָס כּתבֿ. דאָרט איז געשטאַנען: „הגם איך זע־אויס נישטיק, איז מײַן װערט נישט צו באַצאָלן".

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז אונדזער רבי געווען אַ גרויסער מלומד און אַ בקי אין פּלערליי חכמות. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עפּעס מוז זײַן די מער מיטן פינגערל, אַז עס איז נישט אַזוי פשוט. האָט ער גאָכגעטראַכט, וואָס פאַר אַ סגולה דאָס פינגערל קען האָבן, אַז עס איז ווערט גאָר אַזוי פיל, וואָס מען קען דערפאַר אַפילו גאָר נישט באַצאָלן. טראַכט ער זיך, אפשר פאַרמאָגט דאָס פינגערל אַזאַ כּישוף, אַז מען קען זיך מיט דעם ווינטשן אַלץ, וואָס דאָס האַרץ באַגערט נאָר, ווי מען האָט שוין אַזוינס נישט איין מאָל געהערט. טראַכטנדיק אַזוי, מאַכט ער צו זיך: „פון דעסט וועגן וויל איך מיר פאָרט עפּעס ווינטשן. וואָס קען דאָס מיר שאַטן?" — און בשעת מעשׂה ווינטשט ער זיך, אַז השם יתברך זאָל אים באַשערן צו געפינען אַ גאַרטל מיט לויטער גילדענע רענדלעך. וכך הווה, קוים האָט ער נאָר געהאַט אַרויסגעזאָגט זײַן ווונטשט, האָט ער דערזען ליגן פאַר זיך אַ גאַרטל מיט גאָלד. עס פאַרשטייט זיך, אַז ער איז געוואָרן מלא שׂמחה מיט אָט דעם מזלדיקן געפינס. און צוריקגייענדיק צו זײַנע בחורים, זאָגט ער צו זיי: „ליבע בחורים, איך האָב פאַר אײַך אַ גוטע בשׂורה. זײַט פריילעך, מזמנות מיר וועלן באַלד אָנקומען אין אַ מקום, ווו עס וווינט מײַנער אַ גוטער פרײַנד, וואָס איז אַ גרויסער עושר. איך בין זיכער, אַז ער וועט מיר לײַען געלט, ווײַל ער ווייס אפשר גאָר נישט, אין וואָס פאַר אַ מעמד איך געפין זיך. איך וועל אײַך דעמאָלט אויסקליידן און צלעמען שיקן אַהיים". די מעשׂה מיטן פינגערל האָט ער אָבער געהאַלטן בסוד און נישט דערציילט זײַנע בחורים, פשוט צוליב מורא, אַז זיי וועלן דאָס פון אים אויסנאַרן אָדער אים אפשר גאָר פאַרמסרן, און דער סוף וואָלט געווען, אַז מען וועט בײַ אים צונעמען דאָס רינגל. דעריבער האָט ער געמאַכט אַ שווײַג. די בחורים, אַז זיי האָבן געהערט, זיי וועלן בקרוב באַקומען נײַע מלבושים, האָבן זיך שטאַרק דערפרייט, און עס איז קיינעמען פון זיי נישט אײַנגעפאַלן צו טראַכטן אַנדערש ווי נאָר אַזוי, ווי דער רבי האָט זיי געזאָגט. אַזוי זײַנען זיי אָנגעקומען אין דער גאָענטסטער שטאָט. זיך

קוים אויפֿגעהאַלטן אַ טאָג, האָט דער רבי שוין גענומען אויסקליידן זײַנע בחורים פֿון שענסטן און בעסטן, מיט סאַמעט און זײַד. אויך פֿאַר זיך האָט ער געלאָזט מאַכן גאָר טײַערע מלבושים, אַזוינע וואָס ער פֿלעגט טראָגן אין די גוטע, אַלטע צײַטן. הקיצור, ער איז אין דער שטאָט פֿאַרבליבן אַן ערך אַ וואָך צי צען טעג און געלערנט מיט די בחורים מיט גרויס חשק. די שטאָטלײַט האָבן אים אָנגעטאָן אַ סך כּבֿוד, ווי עס איז אים טאַקע געקומען, מחמת ער איז געווען אַ גדול בתּורה און אַ גרויסער ידען. אַ מאָל איז ער אַרויסגעגאַנגען אין שטאָט און זיך אײַנגעקויפֿט אַ שײנע קאָטש, ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר אַ שׂררה, און זאָגט צו די בחורים: „ליבע בחורים, קומט אַהער, וועל איך אײַך אָפּצאָלן פֿאַר אַלצדינג, וואָס איר האָט מיר געטאָן בעת מיר זײַנען געווען אונטערוועגנס, און דערנאָך וועלן מיר פֿאָרן אַהיים". די בחורים האָבן גאָר אַנדערש נישט געמיינט, ווי נאָר אַז דער רײַכער קרובֿ אין שטאָט האָט אים טאַקע געליִען עטלעכע טויזנט גילדן, ווי דער רבי האָט דאָס זיי געזאָגט, כּדי ער זאָל קענען ווידער אַהיימפֿאָרן בריווח און אין כּבֿוד. הכּלל, זיי האָבן זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן. און הפֿלא ופֿלא, דאָרט וווּ מען האָט פֿריִער פֿאַרמאַכט פֿאַר זיי די טירן — האָט מען פֿאַר זיי איצט רחבֿותדיק צעעפֿנט און זיי וואַרעם אויפֿגענומען.

אָבער כּל־זמן דער רבי מיט זײַנע תּלמידים זײַנען געווען אַוועק פֿון שטאָט, האָט זיך דאָרטן אָפּגעטאָן חושך. נאָר אַזוי גיך ווי מען האָט זיך דערוווּסט, אַז דער רבי מיט זײַנע תּלמידים קומען צוריק אַהיים, איז אין שטאָט ווידער געוואָרן ליהודימדיק. ווער האָט זיך נאָך אַזוי געפֿרייט ווי די אָרעמע לײַט אין שטאָט? ווי דער רבי איז נאָר אָנגעקומען אַהיים, האָט יעדער אים געגעבן אַ וואַרעמען קבלת־פּנים, מחמת עס האָט דאָך קיינער נישט געוווּסט, אַז נאָר איבערן דלות איז ער אַוועק אין דער פֿרעמד. דעם אמת געזאָגט, האָט מען אין שטאָט געמיינט, אַז ער איז אַוועק לערנען, ווי עס איז געווען דער שטייגער פֿון גרויסע לומדים. הקיצור, דער רבי האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו פֿירן אַזוי ווי פֿריִער. ער

האָט געגעבן צדקה, מרביץ תורה געווען און אָנגעהאַלטן קליינע יינגלעך צו לערנען. שבת נאָך מיטאָג, נאָכן שלאָף, האָט ער זיך נוהג געווען צו זאָגן פשט אין אַ האַרבן תוספות פאַר זיינע בחורים. אָבער איין מאָל, אַ שטיקל צייט שפּעטער, אין אַ שבת נאָך מיטאָג, בשעת דער רבי האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין נאָכמיטאָג־שלאָף, איז זיין ווייב צוגעשטאַנען צו אים און געזאָגט: „מיין ליבער מאַן, ווי קומט דאָס, וואָס דו האָסט אויף איין מאָל אַזוי פיל געלט? האָסט דאָך געמוזט אַוועק פון דאַנען מחמת דעם גרויסן דלות!" — ענט־פערט איר דער מאַן: „השם יתברך האָט מיר באַשערט אונטער־וועגנס אַ גרויסע מציאה". אָבער דאָס ווייב האָט אים נישט אָפּגע־לאָזט. זי האָט אים אַזוי לאַנג געמאַטערט, ווי ווייבער קענען דאָס טאָן, ביז ער האָט איר נאָכגעגעבן און אויסגעזאָגט דעם סוד. איז דאָס באמת געווען גאָר אַ גרויסע נאַרישקייט פון זיין זייט, מחמת שלמה המלך האָט שוין געוואָרנט, אַז מען זאָל אַ ווייב נישט אָנ־פאַרטרויען קיין סוד, מחמת זיי האָבן ניין מאָס רייד און צום סוף קומט דערפון קיין גוטס נישט אַרויס, ווי איר וועט טאַקע דאָ באַלד הערן. ווען דער רבי וואָלט איר נישט אויסגעזאָגט דעם סוד, וואָלט ער זיך געווען פאַרשפּאָרט אַ סך צרות און יסורים. ווייל ער האָט איר אָבער מגלה געווען זיין סוד מיטן פינגערל, אַז אַלץ וואָס מען ווינטשט זיך ווערט מקוים, האָט ער דערנאָך געמוזט ליידן ביטערע יסורים.

אַזוי באַלד ווי דער שלאַק פון אַ רביצין האָט געהערט די מעשה מיטן פינגערל, האָט זי זיך געטראַכט: „אויב איך וועל נאָר אַרויסבאַקומען פון אים דאָס ווינטשפינגערל, וועט ער עס שוין מער נישט צוריק זען". זי האָט ממש געחלשט אַרויסצובאַ־קומען דאָס פינגערל פון אים. זי האָט אָבער געוווּסט, אַז זי קען דאָס נישט טאָן אָן זיין הסכמה. דעריבער זאָגט זי צו אים: „ליבער מאַן, ווייז מיר דאָך דאָס פינגערל און לאָז מיך זיך מיט דעם אַ שפּיל טאָן". האָט אָבער דער רבי געוווּסט וואָס פאַר אַ מרשעת זי איז, האָט ער עס איר בשום אופן נישט געוואָלט געבן. האָט

זי אָפּגעטאָן כּל המינים שפּיצלעך, זיך געמאַכט וויינען, און מיט
טרערן אין די אויגן זאָגט זי צו אים: „ווי איך זע, האָסטו מיך
שוין מער נישט ליב, היות ווי דו האָסט אַזוי מורא מיר אָנצוגע־
טרויען דאָס פֿינגערל״. און זי האָט אין אים אַזוי לאַנג אַרײַנגע־
רעדט, אַז ער איז געוואָרן מיד פֿון אירע רייד. און וועלנדיק
פּטור ווערן פֿון איר, האָט ער איר געגעבן דאָס פֿינגערל. אָבער
אַזוי באַלד ווי זי האָט נאָר געהאַט דאָס פֿינגערל אין האַנט, האָט
זי אַרונטערגעטאָן דעם קאָפּ אונטער אַ קישן און בשעת מעשׂה
זיך געווונטשן, אַז איר מאַן זאָל ווערן אַ ווערוואָלף און אַרומ־
לויפֿן אין וואַלד צווישן די ווילדע חיות. ויהי, אַז קוים האָט זי
אַרויסגעזאָגט איר ווונטש, איז דער גוטער רבי אַרויסגעשפּרונגען
פֿון פֿענצטער און אַוועקגעלאָפֿן אין אַ טיפֿן וואַלד, וואָס הייסט
בעמער וואַלד. דאָרט איז ער אָנגעפֿאַלן אויף מענטשן, וואָס זײַנען
גראָד געווען אין וואַלד, און זיי פֿאַרצוקט. און בכלל האָט ער אָנ־
געמאַכט אַזאַ חורבן, אַז ס׳איז ממש געוואָרן פֿאַר מענטשן מסוכּנדיק
צו גיין אַליין דורכן וואַלד. אַלעמען איז באַפֿאַלן אַ מורא פֿאַרן
ווערוואָלף. ער האָט זיך אויסגעבויט אַ נאָרע, ווו עס זאָל זײַן פֿאַר
אים טרוקן צו הויזן. עס האָט געהאַלטן אַזוי ווײַט, אַז אַלע קוילן־
ברענערס פֿון וואַלד זײַנען זיך צעלאָפֿן, ווײַל זיי האָבן מורא גע־
האַט פֿאַר דעם ווערוואָלף.

איצט וועלן מיר איבערלאָזן אויף אַ ווײַל דעם וואָלף און
זיך נעמען שרײַבן וועגן דעם, ווי עס איז צוגעגאַנגען בײַ אים
אין דער היים מיט די בחורים. ווען עס איז יענעם שבת נאָך מיטאָג
געווען די צײַט, אַז דער רבי זאָל זאָגן זײַן שיעור מיט תּוספֿות,
האָט די רביצין, ימח שמה, געזאָגט צו די בחורים: „דער רבי
וועט הײַנט נישט קענען זאָגן זײַן שיעור, מחמת ער פֿילט זיך,
לא עליכם, נישט גוט״. האָבן זיך די בחורים געלאָזט איבעררײדן
און זײַנען ווידער אַהיים געגאַנגען. צו מאָרגנס זײַנען זיי ווידער
געקומען צום שיעור, האָט צו זיי דאָס ווײַב געזאָגט: „דער רבי
האָט זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן און מיר נישט געזאָגט

וווהין ער גייט, אַ סבֿרא, אַז ער וועט ערשט צוריקקומען אין פֿיר יאָר אַרום". בשעת מעשׂה האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי זי וואָלט געהאַט דערפֿון גרויס עגמת־נפֿש און צער. אין דער אמתן איז זי, ימח שמה, געווען דערפֿון זייער צופֿרידן. איז זי דאָך געווען אַזאַ מרשעת, אַז זי האָט קיין אָרעמאַן נישט געלאָזט אַריבער די שוועל פֿון איר טיר. פֿאַר די אָרעמע לײַט איז דאָס געווען אַ ביטערע צײַט און זיי האָבן זיך זייער מצער געווען צוליבן רבין. דאָס מרשעת אָבער איז געוואָרן פֿון טאָג צו טאָג אַלץ רײַכער און רײַכער, ווי מען קען זיך דאָס גאָר לײַכט אויסמאָלן. אַלץ, וואָס איר טריף האַרץ האָט נאָר באַגערט, האָט זי זיך פֿאַרשאַפֿט, אַזוי אַז עס איז גאָר קיין שיעור נישט געווען צו איר עשירות. קיינער האָט אָבער נישט געקענט פֿאַרשטיין, וואָס אַזוינס איז געשען מיטן רבין און וווהין ער איז מיט אַ מאָל פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. עס האָט זיך אויך נישט געפֿונען קיינער, וואָס האָט עפּעס וועגן דעם געוווּסט. יעדער האָט נאָר געהאָפֿט, אַז סוף־כּל־סוף וועט ער פֿאָרט ווידער אַהיימקומען, ווי דאָס איז שוין אַמאָל געשען.

איצט וועלן מיר אויף אַ ווײַל איבערלאָזן די כּלבֿטע, דאָס ווײַב, און זיך נעמען באַשרײַבן ווי דער אָרעמער רבי איז, נעבעך, אַרומגעלאָפֿן אין דער געשטאַלט פֿון אַ ווערוואָלף אינעם וואַלד און קיינער האָט דערפֿון גאָר נישט געוווּסט. ער האָט אָנגעטאָן גרויסע צרות, געדורסט מענטשן און פֿאַרצוקט חיות, היות ווי דער ווערוואָלף איז באמת די שטאַרקסטע חיה פֿון אַלע איבעריקע חיות רעות. האָט מען פֿון שטאָט געשיקט רופֿן די קוילן־ברענערס, צי זיי וואָלטן זיך נישט געוואָלט נעמען צום ווערוואָלף און מאַכן אַ סוף פֿון אים. האָבן זיי געענטפֿערט, אַז ניין, מחמת ער איז שטאַרקער פֿון אַ לייב און דערצו איז ער נאָך אַזוי קלוג ווי, להבֿדיל, אַ מענטש. ווען דער מלך האָט דאָס געהערט, האָט ער געהייסן מאַכן אַ געיעג אויפֿן ווערוואָלף אין וואַלד, אָבער עס האָט זיך קיינעמען נישט אײַנגעגעבן אים צו פֿאַנגען. אַ דאַנק זײַן קלוגשאַפֿט האָט ער תּמיד אויסגעמיטן די פּאַסטקע. מען האָט

אַפּילו אויסגעקאָפּעט פֿאַלגריבער און לעכער אין וואַלד, אָבער עס האָט גאָר נישט געהאָלפֿן. מען האָט דעם וואָלף נישט געקענט כאַפּן.

אינעם וואַלד איז אָבער געווען אַ קוילן־ברענער, וועמען דער ווערוואָלף האָט נישט געטשעפּעט. אַדרבא, ער האָט זיך מיט אים געחבֿרט און כּסדר געהויערט בײַ זײַן כאַטע, הגם אַנדערע מענטשן האָבן געמוזט אויסמײַדן דעם וואַלד מחמת דער מורא פֿאַרן ווער־וואָלף. ויהי היום און דער מלך האָט געלאָזט אויסרופֿן אין דער שטאָט, אַז ווער עס וועט בײַקומען דעם וואָלף און אים כאַפּן, טויט אָדער לעבעדיק, דעם וועט ער אַוועקגעבן זײַן טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב און ער וועט ירשענען זײַן קיניגרײַך נאָך אים. דער מלך האָט געהאַט אַ יועץ, וואָס איז נאָך נישט געווען קיין באַווײַבטער און איז געווען גאָר אַ גרויסער גיבור, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ סך גבֿורה אין ריטערלעכע טורנירן. זאָגט ער צום מלך: „אַדוני מלך, אויב איר האָט בדעה צו האַלטן וואָרט, טאָ וויל איך מיך אונטערנעמען צו טויטן דעם וואָלף. ווייסט איר דאָך, אַז איך בין געווען אָפֿט אין מלחמות און אַרויסגעוויזן אַ סך גבֿורה און תּמיד געהאַט מזל אין מײַן קאַמף. דעריבער וויל איך איצט ווידער אַ מאָל אויספּרובירן מײַן מערכה". דער מלך האָט אים צוגעזאָגט צו האַלטן וואָרט און אַזוי האָט דער יועץ גענומען זײַן כּלי־זין און זיך גוט באַוואָפֿנט, מחמת ער איז געווען זיכער צו דערהרגענען דעם וואָלף. ער איז קודם כּל אַוועק צום קוילן־ברענער, מיט וועם דער וואָלף האָט זיך געחבֿרט, און זאָגט צו אים: „מײַן ליבער, ווײַז מיר ווו עס איז די נאָרע פֿונעם וואָלף אָדער ווו ער האַלט זיך אויף". אַז דער קוילן־ברענער האָט געזען, דער קיניגלעכער יועץ איז אויסן צו טויטן דעם וואָלף, איז ער געוואָרן שטאַרק דער־שראָקן, מחמת ער האָט מורא געהאַט פֿאַרן חיות פֿון יועץ, ווי דאָס איז טאַקע שיִער נישט אַזוי געשען. זאָגט ער צום יועץ: „מײַן האַר, וואָס טוט איר דאָ אינעם ווילדן וואַלד? אויב דער וואָלף וועט אײַך נאָר דערזען מיט אײַער כּלי־זין, זײַט איר ממש

ניט זיכער מיטן לעבן, מעגט איר אַפֿילו זײַן וואָס פֿאַר אַ חשובֿ בײַם מלך״. אָבער דער יועץ זאָגט צו אים: „האָב נישט קיין מורא, איך קען גוט מײַן מלאכה. דו ווײַז מיר נאָר ווו ער געפֿינט זיך, בין איך דאָך בפֿירוש אַהערגעקומען מיך אײַנצושטעלן, אַבי נאָר צו טייטן דעם וואָלף״. דער קוילן־ברענער האָט זיך אָבער בײַ אים אַלץ ווײַטער געבעטן: „מײַן האַר, פֿאָלגט מיך און לאָזט דאָס אָפּ. אײַער לעבן איז אין אַ גרויסער סכּנה!״ — אָבער דער יועץ האָט פֿון גאָר נישט געוואָלט הערן און יאָגט אים אונטער: „האַלט מיך נישט אויף, עס מוז שוין אַזוי זײַן!״ — דעמאָלט זאָגט דער קוילן־ברענער: „אויב עס מוז אַזוי זײַן, טאָ זאָל זיך גאָט איבער אײַך דערבאַרעמען״. און ער נעמט און פֿירט דעם יועץ צו ווו דער וואָלף איז אַרומגעלאָפֿן. מיט זײַן ביקס און שפּיז אין דער האַנט האָט זיך דער יועץ פּאַמעלעך דערנענטערט צו דעם פּלאַץ, ווו דער וואָלף איז געווען, און געמיינט, אַז ער וועט אים אַוועקלייגן אַ טויטן אַזוי גיך ווי ער וועט אים נאָר דערזען פֿון דער נאָענט. נאָר אַז דער וואָלף האָט דערזען, ווי זײַן לעבן איז אין אַ סכּנה, איז ער אָפּגעשפּרונגען אויף הינטערווײַלעכץ און דערנאָך מיט איין שפּרונג אָנגעכאַפּט דעם יועץ בײַם גאָרגל, אים אַנידערגעוואָרפֿן אויף דער ערד און אים כּמעט נישט געממיתט. אַז דער קוילן־ברענער האָט דאָס געזען, האָט ער אַוועקגעיאָגט דעם וואָלף פֿונעם יועץ, אָבער דער יועץ האָט נישט געוואָלט אָפּלאָזן דעם וואָלף און אים פֿאָרט געוואָלט אַוועקלייגן. דאָס האָט אָבער דער קוילן־ברענער בשום אופֿן נישט געוואָלט דערלאָזן. אַז דער יועץ האָט זיך שוין צום דריטן מאָל פֿון דאָס נײַ געוואָלט נעמען צום וואָלף, איז דער וואָלף געוואָרן מלא רציחה און געוואָלט דעם יועץ צערײַסן אויף שטיקער. זעענדיק די סכּנה, האָט דער יועץ געבעטן רחמים בײַם השם יתברך, אַז ער זאָל אים מציל זײַן פֿון דער חיה רעה און צוגעזאָגט, אַז ער וועט שוין מער נישט טשעפּען דעם וואָלף. דעמאָלט האָט דער וואָלף אים אָפּגעלאָזט און גענומען גאָר פֿרײַנדלעך דרייען מיטן עק, מעשׂה מענטש, ווי איינער וויל

אונטערחנפֿענען דעם אַנדערן. ער האָט אים שוין פֿון איצט אָן נישט געוואָלט אָפּלאָזן, נאָר אים נאָכגעלאָפֿן ווי אַ געטרײַער הונט לויפֿט נאָך זײַן באַלעבאָס. דעם אמת געזאָגט, האָט דער יועץ געוואָלט פֿון אים וואָס גיכער פּטור ווערן, מחמת ער האָט פֿאַר אים מורא געהאַט. אָבער דער וואָלף איז אים כּסדר נאָכגעלאָפֿן און גוטמוטיק געדרייט מיטן עק. האָט דער יועץ אַראָפּגענומען פֿון זײַנע לענדן דעם פּאַסיק, אָנגעבונדן דעם וואָלף און אים אַזוי גע־פֿירט נעבן זיך. אויף אַזאַ אופֿן איז דער וואָלף געוואָרן זײַן שטענ־דיקער באַגלייטער אין וואַלד און, אויב עס איז אָנגעקומען אַ חיה רעה, וואָס האָט געקענט דעם יועץ עפּעס שלעכטס טאָן, האָט דער וואָלף זי באַלד צעריסן אויף שטיקער. האָט ער געזען פֿאַר־בײַלויפֿן אַ האָז אָדער אַ פֿוקס, האָט ער זיי געכאַפּט און געבראַכט צום יועץ. דער סוף איז געווען, אַז דער יועץ האָט געבראַכט צו פֿירן דעם וואָלף צום מלך אין דער שטאָט אַרײַן. ווען דער מלך און זײַנע יועצים האָבן דאָס דעריזען, האָבן זיי זיך גאָר שטאַרק דערשראָקן און מורא געהאַט פֿאַר דעם מסוכּנדיקן וואָלף. האָבן זיי זיך דאָך אָנגעהערט געגנוג שמועות, ווי דער וואָלף האָט גע־דורסט מענטשן. דעריבער האָט דער מלך געבעטן זײַן יועץ, אַז ער זאָל אַוועקטאָן דעם וואָלף. אָבער דער יועץ זאָגט: „אַדוני, האָט גאָר קיין מורא נישט! ער וועט קיינעם נישט טאָן קיין בייז, אויב מען וועט אים נישט טשעפּען. אויף דעם קען איך אײַך ערובֿ זײַן מיט מײַן קאָפּ. אַדרבא, ער האָט פֿאַר מיר גאָר געפּאַנגען פֿאַר־שיידענע חיות". הקיצור, דער יועץ האָט מהיום והלאה געהאַלטן בײַ זיך דעם וואָלף און אים געטאָן אַ סך גוטס. ער האָט נאָך אַלעמען דערציילט, ווי גוט דער וואָלף איז געווען צו אים, ווי ער האָט אויף אים רחמנות געהאַט און געלאָזט לעבן, הגם ער האָט זיך געהאַט כּשר פֿאַרדינט, אַז ער זאָל אים צערײַסן, מחמת ער איז דאָך אויסן געווען דעם וואָלף צו קוילען. דעריבער טאַקע האָט דער יועץ איצט זייער גוט באַהאַנדלט דעם וואָלף, אים געגעבן צו עסן און צו טרינקען פֿון בעסטן און נישט פֿון ערגסטן. איז

דער יועץ אַרויסגעגאַנגען אויפֿן געיעג, האָט ער תמיד מיטגענו־ מען דעם וואָלף און, ווי ער האָט נאָר דערזען אַ חיה, האָט ער זי געכאַפּט און געבראַכט צו זײַן האַר.

ווי מיר ווייסן שוין, האָט דער מלך צוגעזאָגט צו געבן זײַן טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב צו יענעם, וואָס וועט פֿאַנגען דעם וואָלף, צי טויט צי לעבעדיקערהייט. האָט דער יועץ זיך דאָך דאָס געהאַט כשר פֿאַרדינט. דער מלך האָט טאַקע זײַן וואָרט געהאַלטן און אים געגעבן זײַן טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב און דערצו נאָך אַ העלפֿט פֿון זײַן פֿאַרמעגן. ווען דער אַלטער מלך איז אין אַ צײַט אַרום גע־ שטאָרבן, איז ער געוואָרן זײַן ממלא־מקום און געקיניגט איבערן גאַנצן לאַנד. די גאַנצע צײַט האָט ער געהאַלטן בײַ זיך דעם וואָלף און זיך נישט געוואָלט פֿון אים שיידן כּל־זמן ער לעבט. דאָס אַלץ איז געווען צוליב דעם, וואָס דער וואָלף האָט געראַטעוועט זײַן לעבן, אַזוי אַרום איז ער עולה לגדולה געוואָרן און געקיניגט איבערן גאַנצן לאַנד.

ויהי היום, איין מאָל אין אַ ווינטערטאָג, בעת עס האָט זיך געהאַט געשטעלט אַ שווערער שניי, איז דער יונגער קיניג אַרויס־ געריטן אויף אַ געיעג און מיטגענומען דעם וואָלף. אַזוי באַלד ווי דער וואָלף איז געווען אין דרויסן, האָט ער אָנגעהויבן ווידער אַ מאָל צו דרייען מיטן עק און איז כּסדר געלאָפֿן פֿאָרויס, אַ פּנים ווי ער וואָלט וועלן עפּעס אויסשפּירן. דער קיניג איז אים נאָכ־ געריטן און פֿון דער ווײַטנס געזען, ווי דער וואָלף גראַבלט עפּעס מיט דער לאַפּע אינעם שניי. אַז דער קיניג איז צוגעקומען צו דעם אָרט, ווו דער וואָלף איז געשטאַנען, האָט ער געזען אַ גע־ שריפֿטס אויפֿן שניי. דער קיניג איז דערפֿון געוואָרן שטאַרק פֿאַר־ חידושט און זאָגט צו זײַן סוויטע: „עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק, אַז אַ וואָלף זאָל גאָר קענען שרײַבן! אפֿשר האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַ פֿאַרכּישופֿטן מענטש? אַזוינס איז דאָך שוין פֿאָרגעקומען״. אָבער עס האָט זיך צווישן די מענטשן נישט געפֿונען קיינער, וואָס זאָל קענען לייענען דאָס געשריפֿטס. האָט דער קיניג געשיקט רופֿן

אַלע געלערנטע און דאָקטוירים, אָבער קיינער פֿון זיי האָט נישט געקענט לייענען דאָס כּתבֿ. איז צווישן דעם קיניגס יועצים געווען איינער, וואָס האָט געקענט לשון־קודש, זאָגט ער צום קיניג: „אַדוני מלך, דאָס איז דאָס כּתבֿ פֿון די ייִדן". און הייבט־אָן צו לייענען: „ליבער קיניג, געדענק די פֿרײַנדשאַפֿט און פֿאַרגעס נישט דאָס גוטס, וואָס איך האָב דיר געטאָן, בשעת דו ביסט געקומען אין וואַלד אַרײַן צו מײַן נאָרע. איך האָב געקענט דיך צערײַסן אויף שטיקער, בשעת דו ביסט געלעגן אונטער מיר. דו האָסט דיר געהאַט דאָס כּשר פֿאַרדינט. אָבער נישט געקוקט אויף דעם האָב איך געהאַט רחמנות אויף דיר און דיך געשוינט. דו ביסט נאָך צום סוף געוואָרן אַ מלך. זײַ וויסן, אַז איך האָב אַ ווײַב אין יענער שטאָט (און ער זאָגט אים, ווי די שטאָט הייסט), האָט זי מיך פֿאַר־כּישופֿט. טאָמער באַקום איך נישט באַלד צוריק דאָס ווינטשפֿינ־גערל, וועל איך מוזן פֿאַרבלײַבן אַ וואָלף מײַן גאַנץ לעבן. נעם איך ווידער אָפּ דאָס ווינטשפֿינגערל, אַזוי וועל איך ווידער ווערן אַ מענטש מיט לײַטן גלײַך. דעריבער בעט איך דיך, פֿאַרגעדענק מײַן געטרײַשאַפֿט, וואָס איך האָב דיר באַוויזן, רײַט־אַוועק אין יענער שטאָט, נעם־צו פֿון מײַן ווײַב דאָס פֿינגערל און ברענג עס צוריק צו מיר טאָקע אין נאָמען פֿון אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט. אויב נישט, טאָ וואָרן איך דיך, אַז דו וועסט האָבן אַ מיאוסן סוף". דערבײַ האָט ער געגעבן דעם קיניג אַ סימן ווי דאָס פֿינגערל זעט־אויס. דאָס אַלץ איז געשטאַנען בולט אָנגעשריבן אויפֿן שניי.

אַז דער קיניג האָט דאָס געהערט, זאָגט ער: „אים וויל איך העלפֿן, אַפֿילו אַז עס זאָל מיר אויסקומען אײַנצושטעלן מײַן לעבן". נישט לאַנג געטראַכט, לאָזט ער זיך אין וועג אַרײַן מיט זײַנע דרײַ קנעכט און רײַט אַזוי לאַנג, ביז ער איז אָנגעקומען אין דער שטאָט, וואָס דער רבי האָט אים געזאָגט, אַז דאָרט וווינט זײַן ווײַב. אָנקומענדיק אַהין, האָט דער מלך געלאָזט וויסן, אַז ער וויל קויפֿן שיינע פֿינגערלעך און אַלטפֿרענקיש צירונג. גאָר נישט וועט אים זיין צו טײַער. ער וועט באַצאָלן דעם פֿולן פּרײַז. ער האָט אויך צו

זיך אַרײַנגערופֿן די ייִדן פֿון שטאָט און פֿרעגט בײַ זיי, צי זיי האָבן אַלטפֿרענקיש גאָלד אָדער פֿינגערלעך אָדער אפֿשר גאָר אבֿנים טובֿות, אויף וואָס ער איז אַ קונה. זאָגן צו אים די ייִדן: „מיר זײַנען אָרעמע לײַט, אָבער אין שטאָט איז פֿאַראַן אַ פֿרוי, וואָס פֿאַרמאָגט גאָר שיין צירונג און אַ סך גילדענע פֿינגערלעך. האָט ער זיי געבעטן אים צוצופֿירן צו אָט דער פֿרוי. האָבן זיי אַזוי געטאָן. עס איז אָבער קיינעם פֿון זיי אַפֿילו נישט אײַנגעפֿאַלן צו טראַכטן, אַז דאָס איז דער מלך בכבֿודו ובעצמו. זיי האָבן געמיינט, אַז ער איז פּשוט אַ סוחר, וואָס האַנדלט מיט גאָלד און כּל המינים שטיינער. אַרײַנקומענדיק צו דער פֿרוי, זאָגט ער צו איר: „הערט, איר, ליבע פֿרוי! מען האָט מיר דערציילט, אַז איר פֿאַרמאָגט זעלטענע חפֿצים און אַלטע גילדענע פֿינגערלעך, סײַ מיט און סײַ אָן איידלשטיינער, אָבער גאָר שיינע אַלטפֿרענקישע אַרבעט. אויב איך וועל בײַ אײַך עפּעס אַזוינס זען, וואָס געפֿעלט מיר, וועל איך אײַך דערפֿאַר באַצאָלן אַ גוטן פּרײַז". און בשעת מעשׂה האָט ער אַרויסגענומען פֿון קעשענע עטלעכע שיינע פֿינגערלעך און זאָגט איר, אַז ער האָט זיי אײַנגעקויפֿט אונטערוועגנס. ענטפֿערט אים די פֿרוי: „איך וועל דעם האַר גערן ווײַזן וואָס פֿאַר אַ חפֿצים און גילדענע רינגלעך איך האָב". און זי איז אַרײַן צו זיך אין דער קאַמער און אַרויסגענומען פֿון דאָרט אַ שפּאָר ביסל אַנטיקן, וואָס שענער האָט ער זיי נאָך קיין מאָל נישט געזען. האָט זיך דער מלך שטאַרק געחידושט, וואָס מען קען געפֿינען בײַ אַ ייִדן אַזעלכע זעלטענע און שיינע חפֿצים. מיט אַ מאָל האָט ער אָבער דערזען בײַ איר אַ שנירל מיט פֿינגערלעך און צווישן זיי דאָס פֿינגערל, וואָס דער וואָלף האָט אים אָפּגעמשלט. טראַכט זיך דער מלך: ווי באַקום איך דאָס רינגל? בינו לבֿינו נעמט ער די פֿינגערלעך אין זײַן האַנט אַרײַן און זאָגט צו זיך: „הלוואַי וואָלט שוין מײַן וואָלף געהאַט דאָס באַגערטע רינגל". און צו דער פֿרוי זאָגט ער: „וואָס וועט איר נעמען פֿאַר אַזעלכע רינגלעך?" — ער האָט אָבער נישט אָנגעוויזן אויף קיין באַשטימט

פֿינגערל. ענטפֿערט אים די פֿרוי: „פֿאַר אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל הונדערט גילדן". נישט לאַנג געטראַכט, איז דער מלך מיט איר גיך מושווה געוואָרן איבער דעם מקח פֿון צוויי פֿינגערלעך און בשעת מעשׂה צוגעגנבֿעט דאָס ווינטשפֿינגערל, אַז די פֿרוי האָט דאָס אַפֿילו גאָר נישט באַמערקט. ער האָט איר גיך באַצאָלט דעם באַטרעף, גענומען רשות פֿון איר און אַוועק צו זיך אַהיים. נאָר אַזוי שנעל ווי ער איז אָנגעקומען אַהיים, האָט די פֿרוי מיט אַ מאָל זיך אַרומגעזען, אַז דאָס ווינטשפֿינגערל איז נישטאָ. אָבער וואָס האָט זי דעמאָלט געקענט טאָן? זי האָט דאָך אַפֿילו נישט אָנגעהויבן צו וויסן, ווער דער סוחר איז געווען און פֿון וואַנען ער האָט זיך גענומען. ווער זשע האָט נאָך געהאַט מער עגמת־נפֿש ווי אונדזער שטרויענע אַלמנה? קיינער האָט אָבער נישט געטאָרט וויסן פֿון איר סוד, וואָרן זי האָט פּשוט מורא געהאַט עפּעס וועגן דעם אויסצוזאָגן.

אַז דער מלך איז אָנגעקומען צו זיך אַהיים, האָט ער געמאַכט אַ גרויסע סעודה און דערצו פֿאַרבעטן כּל שׂרי המלוכה. כּטובֿ לבֿ המלך ביין, אַז ער איז געזעסן בײַם טיש אַן אויפֿגערוימטער און מלא שׂמחה, האָט ער באַפֿוילן, אַז מען זאָל אַרײַנפֿירן צו אים דעם וואָלף. אַרײַנקומענדיק האָט דער וואָלף, פֿאַר גרויס שׂמחה, געדרייט חניפֿהדיק מיטן וויידל, מחמת ער האָט געוווּסט, אַז דער מלך איז פֿון זײַנעט וועגן אַרויסגעפֿאָרן צו ברענגען דאָס רינגל. ער האָט אָבער נישט געוווּסט, צי עס האָט אים אָפּגעגליקט צו באַקומען דאָס פֿינגערל. ער האָט זיך דערפֿאַר געלאַשטשעט צום מלך און אים כּסדר געלעקט מיט אַ ווילדער הנאה. אַז דער מלך האָט דאָס געזען, האָט ער אַרויסגענומען פֿון טאַש דאָס רינגל און געוויזן דעם וואָלף. וואָלט דער מלך געווען געוווּסט די אמתע סגולה פֿון אָט דעם פֿינגערל, וואָלט ער עס באַשטימט נישט אָפּ־געגעבן. אַזוי אָבער האָט ער גענומען און אָנגעטאָן דאָס פֿינגערל אויף דער לאַפּע פֿון וואָלף. און הפֿלא ופֿלא: אויף איין מאָל איז געשטאַנען פֿאַר אים אַ נאַקעטער מענטש. דער כּישוף האָט זיך

געהאַט מיט אַ מאָל אָפּגעטאָן פֿון וואָלף. אַז דער מלך האָט דאָס דערזען, האָט ער גיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף אים אַ טײַערן, פֿוקסענעם פּעלמאַנטל, כּדי צו פֿאַרדעקן זײַן נאַקעטקייט. די שׂרי־המלוכה, וואָס זײַנען געזעסן בײַם טיש, האָבן זיך גאָר שטאַרק דערשראָקן, מחמת זיי האָבן נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס אַזוינס עס איז דאָ געשען. זאָגט צו זיי דער מלך: „האָט נישט קיין מורא! דער מענטש, וואָס שטייט אָט דאָ פֿאַר אײַך, איז פֿריִער געווען דער וואָלף". דערנאָך איז דער מענטש אויפֿגעשפּרונגען פֿאַר גרויס שׂמחה און זאָגט צום קיניג: „ליבער מלך, איך בעט אײַך, גיט מיר איצט רשות, אַז איך זאָל קענען ווידער אַהיימגיין, היות ווי איך בין שוין דרײַ־פֿיר יאָר נישט געווען בײַ מיר אין דער היים. טוט מיר די גרויסע טובֿה און לאָזט מיך גיין". ענטפֿערט אים דער מלך: „אדרבא, אויב דו ווילסט, גיב איך דיר רשות און דו קענסט אַהיימגיין. באַם, אויב אָבער דו ווילסט פֿאַרבלײַבן בײַ מיר, זאָג איך דיר צו, אַז דו ביסט בײַ מיר זייער אָנגעלייגט, מעגסט געשמאַק בײַ מיר וווינען און עסן פֿון מײַן טיש דײַן גאַנץ לעבן. ווײַל איך דיר דאָך קיין מאָל נישט קענען אָפּצאָלן די טובֿות, וואָס דו האָסט מיר געטאָן". הקיצור, דער רבי האָט גענומען רשות פֿון מלך און באַלד אַוועק צו זיך אַהיים. וואָס אַן אמת, האָט דער מלך נאָך געוואָלט אים אַוועקשענקען אַ סך זאַכן, אָבער דער רבי האָט צו אים געזאָגט: „„אַדוני מלך, דו האָסט דאָך מסתּמא געזען, אַז מיר פֿעלט גאָר נישט, אַז איך האָב אין דער היים גרויס עשירות, איך ברויך נישט, בכן, דײַן געלט. דו האָסט מיר געטאָן גענוג גוטס מיט דעם, וואָס דו האָסט מיר פֿאַרשאַפֿט דאָס פֿינגערל. אָן דעם וואָלט איך, חלילה, געמוזט מײַן גאַנץ לעבן פֿאַרבלײַבן אַ ווערוואָלף". אַוודאי וואָלט דער מלך נישט אַזוי לײַכט אָפּגעגעבן דאָס פֿינגערל, אויב ער וואָלט נאָר געווען האָבן די מינדסטע השׂגה וועגן כּוח פֿון פֿינגערל. הגם עס האָבן דעם מלך נישט געפֿעלט קיין שיינע חפֿצים, פֿון דעסט וועגן האָט ער נישט פֿאַרמאָגט אַזאַ אַנטיקל, וואָס זאָל זײַן דומה צו דעם פֿינגערל און וואָס זײַן ווערט האָט מען נישט

געקענט אָפּגילטן. הכּלל, דער רבי האָט מיטגענומען צידה לדרך און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. אונטערוועגנס האָט ער ווידער אַ מאָל צונויפֿגעקליבן פּופּציק בחורים, זיי אויסגעקליידט אין סאַמע טײַערן, שוואַרצן סאַמעט, און אַזוי זײַנען זיי אָנגעקומען אין זײַן שטאָט אַרײַן. אָבער נאָך איידער ער איז אַרײַן אין שטאָט, זאָגט ער אַרויס: „איך ווינטש מיר, אַז מײַן ווײַב, ימח שמה, זאָל ווערן אַן אייזלטע. זי זאָל שטיין אין שטאַל און פֿרעסן פֿון דער קאָריטע צוזאַמען מיט די איבעריקע בהמות“. קוים האָט ער טאַקע אַרויסגעזאָגט זײַן ווונטש, אַזוי איז פֿון זײַן ווײַב געוואָרן אַן אייזלטע, וואָס איז באַלד געשטאַנען אין שטאַל און געפֿרעסן האָבער פֿון דער קאָריטע צוזאַמען מיט די איבעריקע בהמות.

בינו לבֿינו האָט זיך אין דער שטאָט פֿאַרשפּרייט די שמועה, אַז דער רבי מיט פּופּציק גוטע בחורים, אַלע אויסגעקליידט אין סאַמע שוואַרצן סאַמעט, קומען־אָן. עס איז געוואָרן אַ גרויסער רעש און פֿון אַלע זײַטן איז מען געלאָפֿן, מיט קהל בראש, זיי מקבל פּנים זײַן, אַזוי ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר אַזאַ אָדם חשובֿ און זײַנע תּלמידים. מען האָט געוואָלט וויסן, ווו ער איז אַזאַ לאַנגע צײַט געווען, אָבער דער רבי זאָגט צו זיי: „ווילט איר מיר טאָן אַ טובֿה, טאָ פֿרעגט מיך בעסער נישט. איך וועל אײַך סײַ ווי נישט אויסזאָגן ווו איך בין געווען“. דער רבי האָט זיך גאָר נישט וויסנדיק געמאַכט מכּוח זײַן ווײַב, הגם עס איז אים געווען באַקאַנט, אַז זי שטייט אין שטאַל. פֿון דעסט וועגן, אַרײַנקומענדיק צו זיך אין שטוב, האָט ער פֿאָרט געפֿרעגט זײַן הויזגעזינד: „ווו איז עפּעס מײַן ווײַב? איך זע זי דאָך נישט! זי וועט אַפֿילו נישט קענען אָנקוקן די פּופּציק בחורים, וואָס איך האָב געבראַכט מיט זיך“. ענטפֿערן אים אויף דעם די בני־בית: „ליבער רבי, אויב איר וועט זיך, חלילה, נישט דערשרעקן, וועלן מיר אײַך דערציילן דעם גאַנצן אמת“. זאָגט דער רבי: „האָט נישט קיין מורא, איך וועל מיך שוין נישט דערשרעקן, נאָר זאָגט מיר ווו זי איז“. נעמען זיי זיך אים דערציילן: „ליבער רבי, אַזוי באַלד ווי מיר האָבן פֿאַרנומען

אַז איר קומט־אָן, זײַנען מיר אַרײַנגעלאָפֿן צו אײַער ווײַב, איר אָנזאָגן די גוטע בשׂורה. אָבער מיר האָבן זי אין ערגעץ נישט געפֿונען, און מיר ווייסן ממש נישט ווו זי איז אַהינגעקומען. עפּעס פֿאַרפֿאַלן געוואָרן ווי אין בראָד". דער רבי האָט זיך שוין גאָר נישט דערשראָקן מיט אָט דער שמועה און זיך ווײַטער געמאַכט כּאילו לא ידע. ער זאָגט אָבער צו די בני־בית: „איך גלייב, אַז אויב זי וועט אַזוי לאַנג אַוועקבלײַבן ווי איך, וועט זי לסוף פֿאָרט אַהיים קומען".

אין צווישן האָט זיך דער רבי אָנגעהויבן פֿירן נאָך זײַן אַלטן שטייגער. ער האָט געטיילט צדקה די אָרעמע לײַט, אויסגעהאַלטן אַ ישיבֿה, געטאָן מצוות און מעשׂים טובֿים, אַזוי אַז די שטאָט איז געוואָרן אויפֿגעריכט פֿון דאָס נײַ. אַ שטיקל צײַט שפּעטער האָט ער געמאַכט אַ גרויסע סעודה און פֿאַרבעטן די גאַנצע שטאָט. אַז ער איז אַזוי געזעסן מיט אַ פֿריילעך געמיט, זאָגט ער צו דעם עולם: „רבותי, זינט השם יתברך האָט מיר געהאָלפֿן, אַז איך בין אַהיים געקומען בשלום, האָב איך אַ נדר געטאָן צו בויען אַ שיין מקום־תּפֿילה פֿון זײַן ליבן נאָמען וועגן. די ציגל, וואָס מען באַדאַרף פֿאַרן בנין, זאָל די אייזלטע שלעפּן". ווי מיר ווייסן, איז דאָס געוועזן זײַן ווײַב, וואָס ער האָט פֿאַרכּישופֿט אין אַן אייזלטע, אָבער דערפֿון האָט קיינער גאָר נישט געוווּסט. האָט דער עולם צו אים געזאָגט: „ליבער רבי, זאָל השם יתברך אײַך העלפֿן, אַז איר זאָלט זײַן בכּוח אויסצופֿירן בשלום און מיט געזונט אײַער רצון".

בינו לבֿינו איז די אייזלטע געשטאַנען אין שטאַל, אַ סך געפֿרעסן און געוואָרן פֿון טאָג צו טאָג אַלץ גרעבער. זי האָט זיך אויך אויפֿגעפֿירט מעשׂה בהמה און זיך געפּאָרט פֿאַר אַלעמענס אויגן. אַזוי באַלד ווי דער רבי האָט זי געלאָזט שלעפּן די ציגל אויף אירע פּלייצעס, איז זי געוואָרן אָפּגעדאַרטער און דערנאָך נישט געוואָלט מער טראָגן אַזאַ שווערע משׂא. אַז דער רבי האָט דאָס געזען, איז ער צו איר צוגעגאַנגען, איר אַ קאָפּע געטאָן אין דער זײַט און געשריגן: „אײַ, דו, מרשעת איינע! ווי האָסטו מיר אָנגעטאָן צרות, אַז דער שלאַק

זאָל דיך טרעפֿן!״ אַזוי האָט דער רבי אײַנגעשפּאַנט די אייזלטע אין דער אַרבעט ביז זי איז געוואָרן גאָר מאָגער און אײַנגעדאַרט. דאָס האָט געדויערט גאָר אַ לאַנגע צײַט און קיינער האָט שוין אַפֿילו נישט מער דערמאָנט זײַן ווײַב און וווהין דער רוח האָט זי אַוועקגעטראָגן. אַזוי גיך ווי דער בנין פֿון דער שול איז פֿאַרטיק געוואָרן, האָט דער רבי ווידער אַ מאָל געמאַכט אַ גרויסע סעודה און פֿאַרבעטן אַלע קרובֿים און פֿרײַנד פֿון זײַן ווײַב. אַז זיי זײַנען געווען בגילופֿין, האָט זיי דער רבי דערציילט די גאַנצע מעשׂה, וואָס האָט זיך מיט אים פֿאַרלאָפֿן, ווי זײַן ווײַב האָט אים אָנגעטאָן אַזוי פֿיל געברענטע צרות, ביז השם יתברך האָט אים געהאָלפֿן, אַז ער איז ווידער געוואָרן געזונט. צום סוף זאָגט ער נאָך: „דערפֿאַר האָב איך זי פֿאַרכּישופֿט אין אַן אייזלטע און אַזוי וועט זי שוין פֿאַרבלײַבן אַלע טעג פֿון איר לעבן״.

אַז די קרובֿים האָבן דאָס געהערט, האָבן זיי זיך גאָר שטאַרק דערשראָקן און גרויס רחמנות געהאַט אויף איר. האָבן זיי דערפֿאַר געבעטן דעם רבין, ער זאָל איר מוחל זײַן, מחמת זי וועט אַזוינס שוין באַשטימט נישט מער טאָן. דער רבי האָט אָבער מורא געהאַט איר צו געטרויען. נישט לאַנג דערנאָך איז דער רבי נפֿטר געוואָרן און איבערגעלאָזט זײַנע קינדער אַ גרויס עשירות. אָבער דאָס ווינטש־פֿינגערל איז ווידער ערגעץ ווו פֿאַרשווונדן און דאָס ווײַב איז פֿאַר־בליבן אַן אייזלטע אַזוי לאַנג ווי זי האָט געלעבט. דערויף האָט שלמה המלך געזאָגט, אַז מען זאָל נישט אויסזאָגן קיין סוד דעם ווײַב. וואָרעם וואָלט דער רבי נישט געווען אויסגעזאָגט זײַן ווײַב דעם סוד מיטן ווינטשפֿינגערל, וואָלט ער ניצול געוואָרן פֿון דער צרה און נישט געמוזט אַרומלויפֿן אין וואַלד ווי אַ ווילדע חיה. אָבער צום סוף האָט ער איר אָפּגעצאָלט אַזוי ווי זי האָט זיך דאָס פֿאַרדינט. זאָגט טאַקע אויף דעם דער פּסוק: אַ מאָל גראָבט איינער אַ גרוב פֿאַר אַן אַנדערן און פֿאַלט דאָרטן אַליין אַרײַן! (תּהילים ז, ט״ו).

מ״ב רכ״ח. (ב. רכ״ז). — מיר האָבן דאָ ווידער אַ מאָל צו טאָן מיט אַ דערציילערישן שטאָף, וואָס נישט געקוקט אויף זײַן ייִדישן קאָלאָריט און נוסח (אַזוי, למשל, רעדט זיך וועגן אַ רב און אַ רביצין, אַ מרשעת. ער, אַ

גרויסער עושר, אַ למדן און אַ בעל־צדקה, פירט־אָן מיט אַ ישיבה, זאָגט פאַר די בחורים אַ שיעור יעדן שבת נאָך מיטאָג וכד׳), איז ער אויסגעבאָרגט פון דער פרעמד. מסתמא האָבן מיר דאָ פאַר זיך אַ דײַטשיש פאָלקס־מעשהלע, מיטן הויפּטמאָטיוו: „די פאַרוואַנדלונג פון אַ מענטש אין אַ ווערוואָלף״. לויפט טאַקע דער ווערוואָלף אַרום אינעם „בעמער וואַלד״, אפשר אַ סימן אויף דעם דײַטשישן אָפּשטאַם פונעם מעשהלע. נישט זעלטן האָט די ייִדישע פאָלקשאַפונג (און דאָס איז, אַגב, אויך אַ סימן־מובהק פון דער פאָלקשאַפונג בײַ אַנדערע קולטור־פעלקער), געפּרוּווט צו פאַרייִדישן אַ פרעמדן סוזשעט, צוטשעפּען צו אים אַ פּסוק פון תנך אָדער סתם אַ פרומען מוסר־השכל, כדי אים צו כשרן פאַרן ייִדישן עולם. דער ייִדיש־פאָלקסטימלעכער לבוש איז אָבער נאָך נישט קיין אַבסאָלוטער עדות אויף דעם ייִדישן מקור פון אַ מעשה. — אינעם אינטערנאַציאָנאַלן פאָלקלאָר איז דער מאָטיוו פון פאַרוואַנדלען אַ מענטש אין אַ חיה־רעה אָדער גאָר אַ „ווער״ (־מאַן) וואָלף זייער שטאַרק פאַרשפּרייט. פ״גל מאָטיוו־אינד׳ D 113.1, D 110 און D 113.1.1. — באַליבט איז אויך דער מאָטיוו פונעם כישוף־רינגל. אַלצדינג, וואָס עס ווינטשט זיך ווער עס האָט דאָס רינגל, ווערט תיכף מקוים. וויל ער, וואַקסט זײַן עשירות און עס ברענגט אים אַ סך מזל. דאָס רינגל האָט אָבער אויך גרײַלעך די סגולה צו מאַכן פון אַ מענטש אַ ווערוואָלף אָדער אַן אַנדער חיה, ווי דאָס איז טאַקע געשען פון אָנהייב מיטן רבין און שפּעטער מיט דער רביצין, דער מרשעת. מאָטיוו־אינד׳ D 1470.1 און D 1470.1.15. — טיפּן 400. די מרשעת פאַרוואַנדלט איר מאַן אין אַ ווערוואָלף, G 263, און זי גנבעט־אַוועק אָדער גענאַרט־אויס דאָס רינגל. D 1076 און D 861.5 דער סוף, אַז זי באַקומט איר פאַרדינטן עונש. D 132.1. — דער פאָלקסטימלעכער היוצא לנו מזה איז, ווי אין אַ סך ענלעכע מעשיות, אַז מען זאָל נישט דערציילן דעם ווײַב קיין סוד: דערפון קומט קיין מאָל נישט אַרויס קיין גוטס. פ״גל אויך Stith Thompson, The Folktale (1946), ז׳ 280, און דערצו גע־הערט אויך מסתמא דער אַלטער כלל אין תלמוד, אַז „נשים דעתן קלה עליהן״ (שבת, ל״ג).

## 82 שלמה המלך און דאָס שאַכשפּיל

נאָך איין גרויסע חכמה האָט שלמה המלך באַוויזן. כּידוע, האָט שלמה המלך ממציא געווען דאָס שאָכשפּיל. ויהי היום און ער האָט אַ מאָל געשפּילט שאָך מיט זײַן ערשטן בעל־יועץ, וואָס האָט געהייסן

בניהו בן יהוידע. אין זײַן גרויסער חכמה האָט שלמה המלך אַזוי גוט געשפּילט, אַז זײַן בעל־יועץ האָט קיין מאָל נישט געווונען. אַחוץ דעם, וואָס שלמה המלך האָט צוגעטראַכט דאָס שפּיל פֿון שאָך, האָט ער טאַקע אויך געשפּילט בעסער ווי יעדער אַנדערער. האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז שלמה המלך האָט אַזוי גוט געשפּילט און מיט אַזוי פֿיל קאָפּ, אַז ער האָט כמעט געגעבן מאַט זײַן מיט־שפּילער, דעם בעל־יועץ. בשעת מעשׂה האָט זיך דערהערט אין פּאַלאַץ פֿון מלך אַ גרויס געשריי אויף דער גאַס, אַ פּנים עס איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן צוויי לײַט, אַזוי אַז דער מלך האָט געלאָזט שטיין די פּאַרטיע און צוגעלאָפֿן צום פֿענצטער זען, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. האָט זיך בניהו אַריבערגעבויגן צו דער זײַט, ווו דער קיניג איז געזעסן, און שטילערהייט צוגענומען אַ ריטער פֿונעם שאָכברעטל. אַז דער קיניג איז צוריקגעקומען אויף זײַן פּלאַץ, האָט ער לכתּחילה דאָס נישט באַמערקט און אַזוי אַרום פֿאַרלוירן די פּאַרטיע שאָך מיט זײַן בעל־יועץ. דער גוטער מלך שלמה האָט זיך אין דער שטיל שטאַרק מצער געווען, וואָס ער האָט פֿאַרלוירן דאָס שפּיל, מחמת ער האָט זיך גאָר נישט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז עמעצער אין דער גאַנצער וועלט קען אַ מאָל בײַ אים געווינען אַ פּאַרטיע שאָך. האָט ער גענומען די גאַנצע זאַך איבערלייגן אַהין און אַהער, כּדי צו דערגיין וואָס אַזוינס עס איז דאָ פֿאָרגעקומען, וואָס ער האָט פֿאַרלוירן די פּאַרטיע. און בשעת מעשׂה נעמט ער צוריק אויפֿשטעלן די פֿיגורן אויפֿן שאָכ־ברעטל און דערזעט מיט זײַן גרויסער חכמה, אַז איין שאָכפֿיגור פֿעלט. טראַכט ער זיך: „אפֿשר האָט בניהו בײַ מיר צוגענומען אַ פֿיגור, בשעת איך בין צוגעגאַנגען צום פֿענצטער און אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס, און דערפֿאַר האָב איך פֿאַרלוירן די פּאַר־טיע שאָך. אָבער איך טאָר בשום אופֿן נישט חושד זײַן בניהון, כּל־זמן איך ווייס נישט אויף זיכער. פֿון דעסט וועגן וואָלט איך פֿאָרט וועלן דערגיין, צי ער האָט מיר נישט אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצל. איך מוז, על־כּן, האַנדלען מיט קאָפּ און אַזוי טאָן, אַז ער זאָל פֿון זיך

אַליין זיך מודה זײַן". דער מלך איז אַרומגעגאַנגען אַ שטיק צײַט אַ צעטראָגענער, אָבער בשום אופן זיך גישט געגעבן צו דערקענען, אַז ער האָט עגמת־נפש דערפון, וואָס ער האָט אָנגעווירן דאָס שפּיל.

ויהי היום און עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז שלמה המלך קוקט־אַרויס אויף דער גאַס פון זײַן פּאַלאַץ און באַמערקט, ווי צוויי לײַט גייען־פאַרבײַ מיט זעק אויף די פּלייצעס, אַ פּנים, זיי האָבן בדעה עמעצן צו באַגנבֿענען בײַ נאַכט. וואָרן עס איז שוין געווען טאַקע שפּעט. האָט זיך דער מלך מיישבֿ געווען, אַוועק פון פענצ־טער צו זיך אין דער קאַמער, אויסגעטאָן זײַנע קיניגלעכע בגדים און אָנגעטאָן פּראָסטע קליידער פון זײַנע באַדינטע און איז אַרויס אויף דער גאַס. ער איז צוגעלאָפן צו די צוויי גנבֿים און זאָגט צו זיי: „יבֿרככם ה', מײַנע ליבע פרײַנד! די מלאכה קען איך זייער גוט. אַחוץ דעם האָב איך נאָך בײַ מיר עטלעכע שליסלען צו די חדרים פון מלך, וואָס וועלן אויפשליסן די קאַמערן, ווו עס ליגן באַהאַלטן די גאַנצע אוצרות פון מלך. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? איך האָב דאָס שוין לאַנג געוואָלט טאָן, אָבער מורא געהאַט אַליין צו מאַכן די גנבֿה. דעריבער, אויב איר וועט מיך פאָלגן, וועלן מיר גוט אָפּשנײַדן און אַרײַנכאַפּן אַ שיינע אַפּותיקו!" זאָגן צו אים די גנבֿים: „אויב דו ווילסט אָפּטאָן אַ גוט און ריין שטיקל אַרבעט, טאָ פאַרלאָז דיך נאָר אויף אונדז. מיר וועלן שוין אָפּטאָן אַ לײַטיש שטיקל אַרבעט". מאַכט צו זיי דער מלך: „אויב אַזוי, טאָ לאָזט אונדז נאָך צוואַרטן, ביז עס וועט זײַן גוט פינצטער און דער עולם שלאָפט, אַז קיינער זאָל אונדז ניט זען". אַז עס איז שוין געוואָרן שפּעט, הייבט ערווידער אָן און זאָגט: „קינדערלעך, אַצינד איז די צײַט, אַז מיר זאָלן זיך לאָזן אין וועג אַרײַן". אַז דער מלך האָט זיי אַרײַנגעפירט אין זײַן חדר, האָבן די גנבֿים גלײַך געוואָלט עפּעס צולקחענען. זאָגט צו זיי שלמה: „נאָר זיך נישט געאײַלט, עס איז נאָך עפּעס בעסערס באַשערט!", און אַזוי פירט ער זיי אַרײַן אין אַ נאָך שענערער שטוב. האָבן דאָ די גנבֿים גע־

וואָלט עפּעס צונעמען, זאָגט אָבער צו זיי דער מלך: „לאָזט געמאַך, נישט געכאַפּט! איך וויל אײַך עפּעס אַזוינס ווײַזן, אַז עס זאָל זיך אײַך לוינען און עס וועט נישט זײַן צו שווער אַוועקצוטראָגן!“ און אַזוי האָט ער זיי גענומען און אַרײַנגעפֿירט אין אַ קאַמער פֿול מיט די טײַערסטע שטיינער. זאָגט דער מלך צו זיי: „איצט איז די צײַט. נעמט און פֿילט־אָן אײַערע זעק מיט די אבֿנים טובֿות און דערווײַל וועל איך האַלטן שמירה, אַז קיינער זאָל נישט אַרײַנקומען און איר זאָלט דערנאָך קענען אין דער שטיל ווידער אַרויס פֿון דאַנען“. די נאַראָנים האָבן אים טאַקע געגלייבט אויפֿן וואָרט און געמיינט, אַז אַלץ איז אמת ויציבֿ, ווי דער מלך זאָגט. זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט, אַז דאָס רעדט צו זיי דער מלך בכבֿודו ובעצמו, וואָס האָט זיי געשטעלט אַ פּאַסטקע. האָבן זיי גענומען און אָנגעפּאַקט זייערע זעק מיט כּל הגדולות, פֿון גאָלד און אבֿנים טובֿות, אָבער בשעת מעשׂה איז דער מלך אַרויס און פֿאַרשפּאַרט הינטער זיך די טיר, כּדי די גנבֿים זאָלן נישט קענען אַרויס און מען זאָל זיי דערנאָך תּפֿסענען. אין צווישן איז דער מלך אַרײַן צו זיך אין שלאָפֿצימער, זיך איבערגעטאָן און אָנגעטאָן זײַנע בגדי־מלכות און בשעת מעשׂה אָנגעזאָגט זײַנע דינערס, אַז זיי זאָלן האַלטן שמירה, היות ווי ער האָט דערשנאַפּט גנבֿים אין זײַן חדר. „איר זײַט מיר ערבֿ מיט אײַער לײַב און לעבן — מאַכט ער צו זיי — אַז די גנבֿים זאָלן נישט אַנטלויפֿן פֿון דאַנען“. אַזוי האָט ער זיי די גאַנצע נאַכט געהאַלטן אונטער אַ פֿעסטער שמירה, אַז זיי זאָלן נישט באַוויזן צו אַנטלויפֿן.

אַזוי באַלד ווי עס איז נאָר געווען העלער טאָג, האָט שלמה המלך געלאָזט רופֿן צו זיך די סנהדרין. זײַן ליבסטער בעל־יועץ, בניהו, דער זון פֿון יהוידע, איז אויך געווען איינער פֿון זיי. דער קיניג שלמה האָט זיך אַנידערגעזעצט מיט זיי און זאָגט: „איר, ליבע חכמים מײַנע, פּסקנט מיר אַ דין־תּורה. וואָס זאָל מען טאָן מיט אַזאַ איינעם, וועלכער האָט דעם אַנדערן באַגנבֿעט? און נישט נאָר סתּם איינעם באַגנבֿעט, נאָר טאַקע דעם מלך אַליין“. ווי בניהו

האָט געהערט, אַז דער קיניג איז איינעם חושד אין אַ גנבֿה, טראַכט ער זיך, מסתּמא מיינט ער דאָס אים. האָט ער שטאַרק מורא באַ־קומען, טאָמער איז אים דער קיניג חושד, אַז ער האָט דאָס צו־גענומען ביי אים דעם ריטער בעתן שאָכשפּיל. זאָגט ער צו זיך: „זאָל איך וואַרטן ביז די סנהדרין וועלן אַרויסזאָגן אַ משפּט, טאָ בין איך אַ פאַרלוירענער. איך וועל מיך ליבערשט מודה זיין און בעטן ביים מלך מחילה, כּדי ער זאָל מיך נישט שווער באַ־שטראָפן און איך זאָל מוזן, חלילה, באַצאָלן מיט מיין לעבן". איז ער אויפגעשטאַנען, און זיך אַנידערוואַרפנדיק אויף זיין פּנים, האָט ער געבעטן דעם מלך, אַזוי צו זאָגן: „אַדוני מלך! איך וויל ביי אייך בעטן מחילה. איך מוז מיך מודה זיין, אַז איך בין דאָס דער גנבֿ. בשעת מירביידע האָבן געשפּילט שאָך, איז דער מלך צוגעלאָפן צום פענצטער און אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס. האָב איך בשעת מעשׂה צוגענומען אַ פיגור פון שאָכברעט. איך בעט אייך, דעריבער, האָט רחמנות און באַשטראָפט מיך נישט, כּל־זמן איך בין מיך אַליין מודה אין דער גנבֿה". אַז דער מלך האָט דאָס געהערט, האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק צו לאַכן און זאָגט: „מיין ליבער בניהו, נישט דיך האָב איך געמיינט און נישט צוליב דיר האָב איך היינט פאַררופן די סנהדרין צום משפּט. זאָלסט וויסן, אַז דאָס וואָס דו האָסט מיר געטאָן, האָב איך דיר שוין מוחל געווען און וועגן דעם שוין לאַנג פאַרגעסן. אָבער די סנהדרין האָב איך פאַרזאַמלט צוליב אַן אַנדער זאַך. אָט האָב איך פאַרהאַלטן אין מיין קאַמער צוויי גנבֿים. זיי האָבן געוואָלט צונעמען די טייערסטע חפצים פון מיינע אוצרות. דערפאַר זאָל מען זיי טאַקע איצט משפּטן". אַזויערנאָך האָט שלמה המלך מיט זיין גרויסער חכמה אויסגעפונען, צי ער וועט פון זיך אַליין מודה זיין אין זיין שפּיצל מיט דעם ריטער. אַז ער האָט געהערט די מעשׂה פון בניהוס מויל, האָט זי אים שטאַרק הנאה געטאָן, מחמת אַזוי איז ער דערגאַנגען דעם ריינעם אמת, ווי אַזוי ער האָט פאַרלוירן די פאַרטיע שאָך מיט בניהון. הקיצור, די סנהדרין האָבן אַרויסגעגעבן אַ פּסק, אַז

מען זאָל די גנבים אויפֿהענגען. אָט דאָס איז דער קיניג אויסן געווען מיט זײַן חכמה. אויב בניהו וועט זיך מודה זײַן פֿון זיך אַליין, האָט ער נישט געוואָלט אומזיסט מטריח זײַן די סנהדרין, און דעריבער האָט ער געהאַט פֿאַרטראַכט די מעשׂה מיט די גנבים. דערפֿון קען מען טאַקע זען, וואָס פֿאַר אַ גרויסער חכם שלמה המלך איז געווען און אויף אים זאָגט דער פסוק „ויחכם מכּל אָדם" (מלכים א, ה, י"א), וואָס איז דער טײַטש, אַז שלמה המלך איז געווען קליגער פֿון אַלע מענטשן אויף דער וועלט, מער אַפֿילו פֿון אָדם הראשון, וואָס איז אויך געווען אַ גרויסער פּיקח, מחמת ער האָט פֿאַרשטאַנען אַ נאָמען צו געבן יעדן באַשעפֿעניש נאָך זײַן נאַטור. שלמה המלך איז אָבער געווען נאָך אַ גרעסערער חכם ווי אָדם הראשון.

מ"ב ר"ל. (ב. רכ"ט). — יעלינעק — בית המדרש, חלק ו', ז' 124. — פֿ"גל עקסטעמפּלאַ, ז' 265, נ' 426. — לעגענדן, 172, IV. — די מעשה געהערט צום ציקל פֿון שלמה המלכּס חכמות, ווי עס באַווײַזט שוין דער אַרײַנפֿיר פֿונעם דערציילער: „נאָך איין גרויסע חכמה האָט שלמה המלך באַוויזן. כּידוע, האָט שלמה המלך ממציא געווען דאָס שאָכשפּיל". עס איז אַ ווײַט פֿאַר־שפּרייטער מאָטיוו וועגן דער קלוגשאַפֿט פֿון שלמה המלך, וואָס האָט פֿאַר־טראַכט דאָס שאָכשפּיל. — בדרך כּלל, איז דער פֿאָלקלאָר רײַך מיט שאָך־מאָטיוון. די ערשטע שפּורן פֿון אָט דעם קונציקן שפּיל פֿירן קיין אינדיע, פֿון וואַנען עס איז מסתמא אַריבער קיין פּערסיע, פֿון דאָרט צו די אַראַבערס און דערנאָך קיין אייראָפּע. — די ראשונים בײַ ייִדן, וואָס דערמאָנען דאָס שפּיל פֿון שאָך, האָבן מיר, אַ פּנים, רש"י און דעם בעל הערוך, ר' נתן בן יחיאל פֿון רוים (בערך 1206). שטיינשנײַדער אין זײַן Schach bei den Juden ז' 33, זאָגט־אַרויס די סברא, אַז דער ערשטער ייִד וואָס דערמאָנט שאָך לשבת, איז געווען דער מושמד עלי, דער זון פֿון „רבי שאול פֿון טאַבעריסטאַן" (9טער י"ה). — פֿ"גל אויך אונדזער מעשה נ' 60, „דער ייִדישער פּויפּס". — אינטערנאַציאָנאַלע מאָטיוון, ווער עס האָט פֿאַרטראַכט דאָס שאָכשפּיל און פֿון וואַנען עס שטאַמט: מאָטיוו־אינד' A 1468.1. און Z 21.1.; געניטשאַפֿט אין שאָכשפּיל, F 679.8; אַפֿילו די געטער שפּילן שאָך, A 163.1.1.

## 83 דער טאַטע אַ שיכּור

אַ מעשׂה. אַ מאָל איז געווען איינער אַ זקן, וואָס האָט זייער ליב געהאַט די כּוסע. ער האָט געהאַט פֿיר זין און יעדער פֿון זיי האָט אים מפֿרנס געווען אַן אַנדערן טאָג, און יעדן טאָג האָט זיך דער אַלטער אָנגעשיכּורט. אַ מאָל איז דער אַלטער געגאַנגען שפּאַצירן אויף דער גאַס, האָט ער געזען, ווי אַ שיכּור וואַלגערט זיך אַרום אין די רינשטאָקן און טוט לויטער מיאוסע שטיק, און בשעת מעשׂה איז אים נאָכגעלאָפֿן אַ מחנה יינגלעך און ס׳נאַר געמאַכט פֿון אים. אַז דער שיכּור האָט זיך ווידער אויסגעניכטערט, איז אונדזער אַלטער חבֿרה־מאַן צו אים צוגעגאַנגען און בײַ אים געפֿרעגט, פֿון וואַנען ער האָט גענומען דעם דאָזיקן גוטן ווײַן און אין וועלכער שענק מען קען אים באַקומען. זאָגט אים יענער, אין וואָס פֿאַר אַ שענק ער זאָל גיין. איז ער באַלד טאַקע אַוועק אַהין און אויסגעטרונקען אַ פּאָר איבעריקע כּוסות פֿון דעם גוטן ווײַן ביז ער איז ממש געפֿאַלן פֿון די פֿיס. אַז די זין האָבן דאָס געזען, האָבן זיי מורא געהאַט, טאָמער וועט ער זיי איצט אָפּטאָן שיכּורערהייט מיאוסע שטיק און פֿאַרשאַפֿן גרויסע בזיונות. זײַנען זיי אַלע פֿיר צוגעגאַנגען צו אים אין דער שענק, אים פֿון דאָרט אַרויסגעפֿירט און פֿאַרשפּאַרט אין אַ קעלער. דעם קעלער האָבן זיי פֿאַרשלאָסן, אַז ער זאָל נישט קענען פֿון דאָרט אַרויס. נאָך אַ שטיקל צײַט זײַנען זיי אַרײַן אין קעלער צו זען, וואָס דער טאַטע מאַכט. האָבן זיי אים דאָרטן געפֿונען ליגן אַן אײַנגעשלאָפֿענעם אויף דער ערד אונטער אַ פֿאַס ווײַן, מיט זײַן מויל ווײַט אָפֿן און פֿון צאַפֿן רינט דער ווײַן כּסדר אין זײַן מויל אַרײַן. האָבן זיי דעמאָלט געזאָגט צו זיך: „עס זעט־אויס, אַז עס וועט אים שוין גאָר נישט העלפֿן און ער קען שוין פֿון זײַן שיכּרות נישט מער אָפּלאָזן. לאָמיר דערפֿאַר אים ליבערשט געבן גענוג ווײַן, אַז ער זאָל קענען טרינקען וויפֿל ער וויל״. האָבן זיי מהיום והלאה אים געגעבן ווײַן צו דער זעט ביז ער איז געוואָרן אַזוי אַלט, אַז ער

האָט שוין מער נישט געקענט טרינקען. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט מחמת שוואַכקייט אויפֿגעהערט צו טרינקען און איז דער־נאָך געשטאָרבן אין אַ גוטער עלטער.

מ״ב רמ״ט. (ב. ר״ג). — כפתור ופרח, קכ״ה, א׳. — רעווי, באַנד 33, ז׳ 60. — אוצר מדרשים, 342. — ״עקסעמפּלאַ, ז׳ 236, נ׳ 305. — אונדזער טעקסט ווײַכט־אָפּ אין געוויסע פּרטים פֿון די העברעיִשע מקורים.

## 84 יין־נסך פירט צו זנות

אַ מעשׂה שהיה. עס איז אַ מאָל געווען אַ גוואַלדיקער מלך, אַ גרויסער רשע און אַ שׂונא־ישׂראל, וואָס האָט געהייסן פֿערנאַנדיק און געקיניגט האָט ער איבער אַ סך מדינות און לענדער. מאַכט זיך, אַז ער האָט אַ מאָל צונויפֿגערופֿן אַלע זײַנע יועצים, די עלטסטע און סאַמע קלוגע לײַט פֿון זײַן מלכות, און דערצו נאָך עלף פֿון די גרעסטע חכמים בײַ ייִדן, אַז זיי זאָלן קומען צו גאַסט צו אים. בשעת דער מלך און זײַנע יועצים האָבן דערזען פֿון דער ווײַטנס די עלף חכמים אָנקומען, זײַנען זיי אויפֿגעשטאַנען פֿון זייערע שטולן, זיי אַנטקעגנגעגאַנגען און אויפֿגענומען מיט גרויס כּבֿוד. האָבן זיך די חכמים גאָר שטאַרק געחידושט פֿון דעם כּבֿוד וועגן, וואָס מען האָט זיי אָנגעטאָן, מחמת אַזוינס איז נאָך קיין מאָל נישט פֿאָרגעקומען. דער מלך האָט זיי למראית עין גאָר האַרציק באַגריסט און זאָגט צו זיי: „זײַט וויסן, אַז איך האָב אײַך האָלד ווי דאָס שוואַרצאַפּל פֿון אויג. איך האָב אָבער דרײַ בקשות צו אײַך און עס איז מײַן רצון, אַז איר זאָלט אויסקלײַבן איינע פֿון די דרײַ און זי מיר צו ליב טאָן. אָט וואָס איך פֿאַרלאַנג פֿון אײַך: איר זאָלט מיט מיר עסן טרפֿות בײַ מײַן טיש אָדער טרינקען יין־נסך אָדער גאָר אַן עבֿירה טאָן מיט אונדזערע גויִשע פֿרויען. איך בין אויף אײַך גוזר, אַז איר זאָלט אײַך אויסקלײַבן איינע פֿון די דרײַ זאַכן און אויף אַזאַ אופֿן מיר אָנטאָן גרויס כּבֿוד, און איר

ווערט געפינען לייטזעליקייט אין מיינע אויגן". אז די חכמים האבן דאס געהערט, זיינען זיי געוואָרן גאָר שטאַרק פאַרציטערט, און נאָך אַ קורצן יישובֿ־הדעת איז איינער פון זיי אויפגעשטאַנען, זיך צוויי מאָל פאָרכטיק פאַרנייגט פאַרן קיניג פערנאַנדיק און זאָגט צו אים מיט טרערן אין זיינע אויגן: „מעכטיקער הערשער, גיב אונדז דריי טעג צייט, כּדי מיר זאָלן קענען נאָכקוקן דעם דין אין אונדזערע ספרים און זען, וואָס מיר וואָלטן געקענט טאָן מער בהיתּר ווי באיסור". ענטפערט זיי דער קיניג פערנאַנדיק: „די דריי טעג זיינען אייך געגעבן אָבער לאָזט מיך דערנאָך וויסן, וואָס איר האָט בדעה צו טאָן". אויף דעם זיינען די עלף חכמים אַוועק פונעם מלך און געהאַלטן אַ לאַנגן יישובֿ־הדעת וואָס צו טאָן. נאָך אַ לאַנגן שקלא־וטריא האָבן זיי באַשלאָסן, אַז פון די אַלע דריי עבֿירות איז די גרינגסטע צו טרינקען יין־נסך. דערביי האָבן זיי געטענהט, אַז הגם עס איז אַ מנהג אַבֿותינו נישט צו טרינקען קיין ווייַן פון אַ גוי, פון דעסט וועגן איז דער איסור דערפון נישט אַזוי האַרב. זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט, אַז פון ווייַן קען מען, רחמנא־ליצלן, קומען צו כּל מיני עבֿירות שבעולם, אַפילו צו דינען עבֿודה־זרה. על־כּן זיינען זיי צוריק אַוועק צום מלך פערנאַנדיק און צו אים געזאָגט: „אַדוני מלך, מיר האָבן דעם ענין באַקלערט און מיר זיינען מסכּים צו טרינקען ווייַן פון דיין טיש אַ גאַנצן טאָג".

אַז דער מרושעדיקער קיניג האָט דאָס געהערט, איז ער געוואָרן גאָר האָפערדיק און זיך געטראַכט: „זיי וועלן שוין ביי מיר אויך עסן טרפות און צום סוף טאַקע אויך מזנה זיין". אָבער בשעת מעשה זאָגט ער צו די חכמים: „גייט און לאָזט אייך אָפּקאָכן עפּעס גוטס צום עסן, כּדי איר זאָלט נישט מוזן טועם זיין פון די גויִשע מאַכלים". וואָס האָט אָבער דער מלך געטאָן? ער האָט געלאָזט אָנגרייטן פון כּל טובֿ און דאָס עסן אַוועקגעשטעלט אויף אַ רונ־דיקן טיש, וואָס מען האָט געקענט אויסדרייען פון איין עק אויפן אַנדערן און קיינער זאָל דאָס אַפילו נישט באַמערקן. דאָרט, ווו די חכמים זיינען געזעסן, האָט דער מלך געלאָזט אַוועקשטעלן אויפן

טיש גאָר פֿײַנע, כּשרע מאַכלים און די בעסטע װײַנען. עס זײַנען געװען געשמאַקע, זיסע װײַנען, װאָס האָבן געהאַט ממש אַ טעם גן־עדן. בשעת זײ האָבן געגעסן און געטרונקען און זיך געלאָזט װוילגײן, האָט זײ דער מלך דערציילט אַ סך חידושים און אַמוזאַנטע שמועות און פֿאַר זײ אַנטפּלעקט אַ סך סודות. אין צװישן האָבן זײ געגעסן און געטרונקען צוזאַמען מיטן מלך װיפֿל עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

װען דער מלך האָט געזען, אַז זײ זײַנען שױן בגילופֿין, האָט ער גנבֿיש אױסגעדרײט דעם טיש, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן, און אױף אַזאַ אופֿן איז דאָס כּשרע עסן געשטאַנען פֿאַרן מלך מיט זײַנע יועצים און די טריפֿענע מאַכלים פֿאַר די חכמים. שיכּורערהײט האָבן זײ װײַטער געפֿרעסן און געזולל וסובֿאט די טריפֿענע מאַכלים, װאָס זײַנען געשטאַנען פֿאַר זײ אױפֿן טיש. װאָס האָט דער מלך דעמאָלט געטאָן? ער האָט באַפֿוילן זײַנע דינערס דאָס כּשרע געקעכטס צו באַהאַלטן, כּדי ער זאָל זײ קענען אױף צו מאָרגנס באַװײַזן, װי זײ האָבן זיך בײַ אים נעכטן פֿאַרטרפֿעט. און אַזױ װי עס איז נאָר געװאָרן נאַכט, האָט דער מרושעדיקער מלך געלאָזט אױסבעטן די שענסטע בעטן מיט די טײַערסטע לײַלעכער און די פֿײַנסטע קישנס, באַשטיקט מיט זילבערנע און גילדענע פֿעדעם, און איטלעכן פֿון די עלף חכמים געלאָזט אַרײַנלײגן אין אַ באַזונדער בעט און בײַ זײַן זײַט אַ זונה. זײַענדיק אָנגעשיכּורט, האָבן זײ געמײנט, אַז זײ ליגן בײַ זײערע אײגענע װײַבער, און זיך מיט די חצופֿות באַהעפֿט צו צװײ, דרײַ מאָל אין דער נאַכט.

אױף צו מאָרגנס, אַז עס האָט אָנגעהױבן טאָגן, איז דער מלך אױפֿגעשטאַנען פֿון זײַן געלעגער און אַרײַנגעגאַנגען צו די חכמים, װאָס זײַנען געלעגן צעכראַסטעט אױף זײערע בעטן, און צו זײ געזאָגט אַזױ: „איר, ליבע פֿרײַנד, עס איז צײַט, אַז איר זאָלט אױפֿשטײן און תּשובֿה טאָן אױף אײַערע מיאוסע עבֿירות, װאָס איר האָט אָפּגעטאָן אין דער נאַכט. נעכטן האָט איר זיך געלאָזט

וווילגיין און געשמאַק געגעסן טרפות, אָבער אײַער כשר געקעכטס האָט איר געלאָזט שטיין, והאָ ראַיה, איך האָב עס געלאָזט מיט אַ כּיוון אַוועקשטעלן פֿאַר אײַך, איר זאָלט דאָס זען מיט אײַערע אייגענע אויגן. אָבער נישט גענוג דאָס, האָט איר נאָך אַ גאַנצע נאַכט מזנה געווען". אַז די חכמים האָבן זיך גענומען אַרומקוקן און דערזען די טמאות ליגן בײַ זייער זײַט אין די בעטן, האָבן זיי דאָס פּשוט נישט געקענט משׂיג זײַן, ווי אַזוי דאָס האָט געקענט מיט זיי פּאַסירן. האָבן זיי דערפֿון געדרונגען, אַז דער מלך האָט זיי אין זײַן גרויסער רשעות פֿאַרפֿירט. צו ערשט האָט ער זיי אָנגעשיכּורט און דערנאָך געלאָזט אָפּטאָן אַל דאָס בייז. זייער עבֿירה איז, בעוונותינו הרבים, געווען זייער גרויס און נאָך גרע־סער די חרפּות, וואָס זיי האָבן געליטן, אַזוי אַז זיי האָבן געבעטן בײַ גאָט ברוך־הוא, אַז ער זאָל זיי צונעמען צו זיך און זאָל זייער טויט זײַן אַ כּפּרה פֿאַר זייערע גרויסע זינד. זײַנען טאַקע אַלע עלף געשטאָרבן אין זעלביקן יאָר מיט אַ מיתה־משונה, השם ישמרנו, זאָל כּל ישׂראל דערפֿון באַהיט און באַשירעמט ווערן.

אָט דאָס אַלץ איז מיט זיי געשען, ווײַל זיי האָבן געטרונקען ייִן־נסך. דערפֿאַר שטייען אין דער תּורה צוויי פּרשות איינע נעבן דער אַנדערער, די פּרשה פֿון סוטה און די פּרשה פֿון נזיר (פֿ"גל במדבר ה, י"א־כ"א און ו, א׳־כ"א), מחמת צוליב שיכּרות ווערט אַ פֿרוי אויסגעלאַסן און זי זינדיקט. דערפֿאַר טאַקע האָט אונדז די תּורה געוואָרנט און געזאָגט, זיך אָפּצוהאַלטן פֿון טרינקען ווײַן, אַזוי וועט קיינעם קיין בייז נישט געשען. דעריבער, איר ליבע ווײַבער און מענער, נעמט זיך דאָס צום האַרצן, אַזוי וועט איר ווערן באַהיט פֿון שמאַרצן.

מ"ב ר"נ. (ב. רנ"א). — כפתור ופרח (מספר „איומה כנדגלות"), ד׳ קכ"א, ב. — גרינבוים, ז׳ 450. — ווי אין אַ ריי פֿריִערדיקע מעשיות, איז אויך דאָ דער מקור פון אונדזער מעשה דאָס ספר כפתור ופרח. דעם לומ־דישן סטיל פונעם פרומען כפתור ופרח האָט אונדזער דערציילער פֿאַרביטן אויף אַ מער פֿאָלקסטימלעך תמימותדיקן נוסח, וואָס רעדט צום פּשוטן

מענטש. אַזוי איז אויך זײַן אויספיר און דער מוסר־השכל, פֿאַר וואָס מען טאָר נישט טרינקען קיין יין־נסך. דערפֿון נעמט זיך טאַקע די גרויסע עבירה (פֿון טריפֿות און זנות) און דער עונש דערנאָך. — פּירט אונדזער מעשה אויך אויס: „דער הלבין ליבה ווייבר אונ׳ מנין (מענער), נעמיט זולכיש צו הערצין, זא קומט קיינר דער דורך אין גרושן שמערצין״. האָבן מיר אין דער מעשה, ווי אין אַ ריי אַנדערע, דעם טיפּ פֿון אַן „עקסעמפּלום״, וואָס איז געווען שטאַרק פֿאַרשפּרייט אין דער מיטלעלטערלעכער (קריסטלעכער) דרשה־ליטעראַטור. דער נאָמען פֿונעם מרושעדיקן קיניג איז אין מ״ב „פּרנדיק״, אויך איבערגעגעבן ווי „פּירקנאַנדקי״, בשעת אין העברעיִשן טעקסט הייסט עס „ושמו פירנא״נדיקו״. ואַסטער (מעשה־בוך, באַנד 2, ז׳ 651) זעצט־איבער „קיניג פרעדעריק״. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דער מחבר פֿון „כפתור ופרח״ האָט געשעפּט זײַן מעשה פֿון אַ מיטל־עלטערלעכן קריסטלעכן מקור און איר געגעבן אַ ייִדישן לבוש. די מעשה ווי אַזאַ געהערט, בלי ספק, צו דעם טיפּ פֿון פּאָפּולערע פֿאַבליאָס. דער מאָטיוו איז: איין עבירה ברענגט אַן אַנ־דערע. טיפּן 839. — פֿ״גל אויך פּרקי אָבות ד, ב׳. — J 485, און J 210 — דער אינדישער מאָטיוו איז אויך ווײַט פֿאַרשפּרייט אינעם פֿאָלקלאָר. — מאָטיוו־אינדעקס: J 210.1, J 485 און J 1181.0.1. — לאָמיר נאָך צום סוף צוגעבן, אַז כפתור ופרח גיט־אָן ווי אַ מקור פֿון זײַן מעשה דעם איומה כנדגלות פֿון ר׳ יצחק אונקנירא, וואָס האָט געהערט די מעשה פֿון זײַן זיידן ר׳ יודאַ.

# כאַראַקטער און סטיל פון מעשה־בוך

קורצע אויסצוגן

מעשה־בוך, באַזעל 1602

## הקדמה

גאָט יתברך שמו אַליין דיא ער, דער מיר האָט גיהאָלפֿין מיין ביגער, וועלכש איך מיך האָב לנג ויר גינומן, צו דינן דיא וייבר דיא ורומן. איך האָב נון ויל ספֿרים אויף גיריכט, נאָך אישט דאָך גיגן דיזם ווערק אַליר ניכט. דען דאָ אַרויש וערט לייאנן רב אונ׳ דרעבצין אונ׳ אידר מאַן; טרוץ איינם דער דא ויל גמרא קאן, ווערד ער מדרשים ומעשים והגדות הרוישר ווער פֿין, דש זיך כל עולם אויף אים ווערט ואר גאאפֿין... דען מענכיש משל ומעשה טוט מענ־כין ויל גוטש לערין, אר הלט מענכין בייא גוט אונ׳ בייא ערין...

נו ו מעשה גישאך אָן איינם דער היש יוסף מוקיר שבת, דאש איז טײַטש, יוסף דער דען שבת טוט ערן. דען וואש ער קענט לכבוד שבת טון, דש קויפֿט ערלש, עש וואר אינ נישט צו טייאר אויף דען שבת. ווען עש נייארט עפיז גוץ אויף דען מרק קעם, דא קויפֿט ערש אלש. עש וואר קיין גרושר פֿיש אים צו טייאר ווען ער אים נייארט קריגן קאן...

נ׳ נ״ד מעשה. עש זאָגט רבי יוחנן: אל דיא טאג פֿון דעם צדיק חונה המעגל דא האט (ער) זיך מצער גיוועזן אויף דעם פסיק (!) דער דא שטיט אין תהילים בסימן קכו „שיר המעלות בשוב יי את שיבת ציון היינו כחולמים״. דש אישט טייטש, איין גיזאנג דער שטאפֿלין. ווען דא וועט וידר קערן הקב״ה דיא גיפֿענקניש פֿון ציון, דא זיין מיר עבן גיוועזן אלש דיא טריי מיר. דש מיינט

ער מיט דש גלות פון בבל, דש האט גיווערט זיבנציק יאר אונ׳ הקב״ה רעכנ׳ט עש עבן אלש ווען מיר אין טריים ווערן גיוועזן אונ׳ העטן דיא צייט לנג גישלאפין, דיא זיבנציק יאר לנג.

...דא זאך ער דארטין איין מאן, דער פלאנציט איין בוקש הארן בוים. דא פראגט ער דען זעלביגן מאן, דער דען בוים פלאנצט: „ליביר, זאג מיר, וויא לנג האט דער בוים צו וואקשין, דען דוא דאש מאל איצונט גיזעצט האשט?״ דא זאגט ער ווידר: „ער וואקשט נוך ניט אין זיבנציק יאר״. דא זאגט דער צדיק ווידר: „מיין ליביר זון, אישט דיר דען גיוויש דש דוא עבין וועשט זיבנציק יאר לעבן, דש דוא פון דעם בוים ווערשט עשן?״ דא זאגט ער ווידר: „מיין ליביר רבי, איך האב דיא וועלט מיט איינם בוקש הארן בוים גיפונדן דען מיר מיין פאטיר האט גיפלאנצט, דא וויל איך מיין מיין זון איין בוקש הארן בוים אך פלאנצין״. דא זעציט זיך דער חונה המעגל איין נידר אונ׳ עשט איין שטיק ברוט. דא קאם אין אן איין שלאף אונ׳ שלוף דער צדיק. דא וואקשט אום אין איין פעלזין, דש קיין מענש וואשט ניט, ווא ער הין גיקומן. אונט ער שלוף זיבנציק יאר...

נ׳ קמ״ג ...דא זאך ער פאר זיך. דא זאך ער איין הויפש הויז פור אים שטין. דא גידוכט ער זיך: אין דעם הויז זיין גיוויש גזלנים, דא קום איך גיוויש אום מיין לעבן. דאך איז בעשיר דאש איך זאל אום קומן ווערד איך זאל מחלל שבת זיין... אונ׳ גינג אלזו היניין אונ׳ טעט דיא טיר אויף אונ׳ זאך זיך אום אין הויז. דא זאך ער דא פיר קמירן, אויף איין איטלכיר זייטן איין קמיר... אונ׳ אין דיא קמיר ווארדן נאך דרייא קמירן, איינן היפשיר אז דיא אנדרן. דא קאם ער אין איין אנדר קמיר, דא שטונדן אך שינן בעט דרינן. דיא בעט ציכן ווארדן איידיל פפעלר אונט דיא בעט לאד זילבר אונ׳ דיא פפלשטרן אויף דיא ערד זיין אך זילברן גיוועשט. אונט אין דיא היגטרש קמיר דא זאש דרינן איין אלטר מאן אויף איין היפשן שטול אונט האט איין ספר תורה בור אים. אונט שטונד נאך איין שטול קעגן אים איבר, דא רויף זעצט זיך רבי חנינה...

**נ׳ ר״ז** מעשה דישאך אן איינם מלך דער האט איין איינציגר זון.
און׳ דער מלך האט זיין זון ניא אויש גישיקט, דז ער תרבת העט קענין לערנן, וויא אנדרן שׂרים טואין. דען ער האט זיין זון אזו גאר ליב, דז ער אין נמט וואלט גיטרויאן. דער הלבין וואר ער איין גרושיר פֿרעשיר און׳ איין זויפֿיר, אז איין און גיצוגין קלב...

## עטלעכע קורצע מוסר־השׂכּלם

**נ׳ ס״ה** ...דער הלבן זול איין איטלכיר אן דער תורה גיווארנט זיין, דא קומט ער ניט אין דאש גיהנום הניין.

**נ׳ ק״א** ...דער הלבן ליבין לייט, ווען איינר עפיש פֿר היישט, פֿול ניט גדענקין ווען נמט דער בייא אישט, ווער ווילש זאגן. עש איז אל צייט אימש דער בייא דאש הקב״ה שיקט.

**נ׳ קל״ח** ...דער הלבן זול איין איטלכין דען שבת הלטין און׳ לאשין הקב״ה וואלטן. דער קיין אין דורך וואל בי־שערמן פֿור גזלנים און׳ ביזן טירן, וויא איר אין דיזים מעשׂה האט טון גאר וואל מארקין און׳ שפירן, און׳ זאל זיך ניט לאשן פֿר פֿירן.

---

באַמערקונג: פאַר אויטענטישקייט וועגן זײַנען דאָ נישט קאָרעגירט עטלעכע דרוקפעלערן, וועלכע זײַנען דאָ אינעם אָריגינעלן טעקסט. — רעד׳.

מאַקס עריק

# דאָס גרויסע געשעעניש אין דער יידישער דערציילקונסט*

דאָס גרויסע געשעעניש אין דער ייִדישער דערציילנדיקער דיכטונג אין דעם 17טן און 18טן י״ה איז דאָס מעשה־בוך, ענלעך צום שמואל־בוך און צו דער צאינה וראינה איז דאָס מעשה־בוך מער ווי אַ ווערק: ס'איז אַ גאַנצע ליטע־ראַרישע שול, און ביזן סוף פון דעם אַכצנטן יאָרהונדערט איז דאָס מעשה־בוך דער שפּייַכלער פון דער ייִדישער בעלעטריסטיק, פון וועלכן עס שעפּן סייַ דאָס געדרוקטע פאָלקסביכל, סייַ די מינדלעכע פאָלקשאַפונג.

...די ערשטע דרוק־אויסגאַבע פון דעם מעשה־בוך, וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען, איז דערשינען אַין באַזעל אין יאָר 1602. דער אַרויסגעבער איז גע־ווען דער מוכר־ספרים און פאַקן־טרעגער יעקב בן אברהם פון מעזריטש, וועל־כער האָט געדרוקט אין באַזעל 1598—1603.

...דאָס בוך האָט געקאָסט אַ טאָלער (ס'האַלט 206 בלאַט קוואַרט). — די צוויי קאָנקורענץ־ביכער, אויף וועלכע ס'פאַלט־אָן מיט גרימצאָרן דער פאַרלע־גער פון דעם מעשה־בוך, זייַנען דערשינען מיט אַ פּאָר יאָר פריִער: די ביכער פון קויאָן איז דער ספר משלים אָדער קו־בוך, אין ייִדיש, וואָס איז דערשינען אין ווענעציע אין יאָר 1594; מיט דיטריך פון בערן און מײַסטער הילדעבראַנט ווערט מן־הסתם געמיינט די קראָקאָווער זיגענאָט־אויסגאַבע פון יאָר 1597. די קנאות פון דעם באַזעלער פאַרלעגער איז אָבער ניט זייער אויפריכטיק: ער אַליין האָט אין דעם זעלביקן יאָר 1602 אָפּגעדרוקט די זיבן ווייזן מײַנסטער, וואָס איז דאָך ניט בעסער און נישט ערגער פון די דערמאָנטע צוויי וועלטלעכע ווערק.

די אַנטשטייונגס־געשיכטע פון דעם מעשה־בוך איז ניט זייער קלאָר. ס'איז נישט באַקאַנט, נישט דער מחבר פון דעם ווערק, ניט זײַן פּאָטערלאַנד און צײַט; עס זײַנען אויך נישט קלאָר זײַנע מקורים. נאָך אין יאָר 1866 איז שטיינשנײַדער, אַנאַליזירנדיק די באַזעלער אויסגאַבע, געקומען צום אויספיר,

* די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור, וואַרשע 1928, זז' 353—364.

אַז די אויסגאַבע באַזעל 1602 איז נישט די ערשטע אויסגאַבע פון דעם מעשה־בוך, און אַז דער מחבר האָט געלעבט אין מערב־דײַטשלאַנד אין דעם לעצטן דריטל פון דעם זעכצנטן יאָרהונדערט. שטיינשנײַדערן איז נעמלעך אויפגעפאַלן דער טעות מיט דער צאָל מעשיות, וואָס באַווײַזט, אַז דער באַזעלער פאַרלעגער האָט געקירצט די ערשטע אויסגאַבע. דאָס לעצטע מאָל האָט שטיינשנײַדער דערמאָנט דעם מעשה־בוך אין יאָר 1904 (דזשואיש קוואָטערלי ריוויו, ז' 761) און אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז דאָס מעשה־בוך איז פאַרפאַסט געוואָרן נישט פריִער פון 1550. קעגן שטיינשנײַדערן רעדט אָבער די קאַטעגאָרישע פאַרזיכערונג פון דעם פאַרלעגער, אַז דאָס מעשה־בוך איז נאָך קיין מאָל נישט געדרוקט געוואָרן.

...די באַדײַטונג פון דעם מעשה־בוך איז זייער גרויס. דאָס בוך גופא איז גיך פאָפּולער געוואָרן און האָט געהערט צו די באַליבטסטע יידישע פאָלקס־ביכער. צווישן 1602 און 1727 ווערן נאָטירט נישט ווייניקער פון 10 אויסגאַבעס פון מעשה־בוך, פון דעם 5 אויסגאַבעס צווישן 1701—1727. די פּאָפּולאַריטעט פון דעם „מעשה־בוך" וואַקסט אויף דער גרענעץ פון דעם 17טן און 18טן י"ה, ענלעך אין דעם פּרט צום לב טוב.

...די באַדײַטונג פון מעשה־בוך באַשטייט נישט נאָר אין דעם, וואָס עס איז זייער אַ וויכטיקער יידישער פאָלקלאָר־דענקמאָל, און אַ סך אינטערעסאַנטע לעגענדעס און מעשיות זײַנען אויפגעהיט געוואָרן בלויז אַ דאַנק דער דאָזיקער גרויסער יידישער זאַמלונג. דאָס מעשה־בוך האָט געהאַט אויך אַ גרויסע השפעה אויף אַנדערע געביטן פון דעם יידישן ליטעראַרישן שאַפן. בפרט האָבן זײַן אוצר פון משלים און מעשיות אויסגענוצט די יידישע מוסר־ספרים, בכדי צו באַלעבן די טרוקענע פרומע דידאַקטיק; אָבער אויך דאָס מינדלעכע מוסר־וואָרט, וואָס זײַן טרעגער איז געוואָרן דער מגיד, האָט אין אַ שטאַרקער מאָס געשעפּט פון דעם מעשה־בוך. מאָטיוון פון דעם מעשה־בוך זײַנען ווײַטער קאָמפּילירט געוואָרן אין יידישע נאָוועלעס. דורך פאַרשיידענע קאַנאַלן איז, אַלזוי, דאָס מעשה־בוך געפלאָסן צוריק צום פאָלק, און ס'איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אונדזער פאָלקסטימלעכע מעשה שטייט ביזן סוף פון דעם 19טן י"ה אונטער דער שטאַרקסטער השפעה פון דער אידעען־וועלט און מאָטיוון פון דעם מעשה־בוך. ש. אַנ—סקי האָט, ווײַזט־אויס, נישט געקענט דעם מעשה־בוך, ווען ער האָט באַשריבן די יידישע פאָלקסטימלעכע מעשיות און לעגענדעס אין זײַן פאָלקשאַפונג (1908, אין דעם זאַמלבורך „פּערעזשיטאָיע", באַנד 1), און דאָך לאָזן זיך כמעט אַלע זײַנע אויספירונגען אָנווענדן אויפן מעשה־בוך. „עס איז אַ דאַנקבאַרע אויפגאַבע פאַר דער יידישער פילאָלאָגיע נאָכצופאָרשן דאָס ווײַטערע לעבן פון דעם מעשה־בוך אין דעם יידישן פאָלקלאָר".

דאָס מעשה־בוך איז דער דריטער זײַל אין יענער מוסר־סיסטעם, וואָס

איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דער צאינה־וראינה און די גרויסע ייִדישע מוסר־ענציקלאָפּעדיעס. ס׳איז סימבאָליש, אַז דאָס ווערק איז צו ערשט פּובליצירט געוואָרן גלײַכצײַטיק מיטן בראַנטשפּיגל און כמעט גלײַכצײַטיק מיט דער צאינה־וראינה און דעם לב טוב. שוין פון די פרומע הקדמות פון דעם פאַרלעגער יעקב בן אַברהם און פון זײַנע אָנפאַלן אויף דיטריך פון בערן און אויף די וועלטלעכע ייִדישע ביכער, וואָס זײַנען „אייטל שמיץ״, קען מען פאַרשטיין די כוונות און טענדענצן פון דעם בוך. נאָך קלאָרער דערציילט עס דער אינהאַלט פון דעם בוך. אמת, מיר געפינען דאָ אויך ריין וועלטלעכע נאָוועלעס, פון קריסטלעכע מקורים, אָפט לחלוטין גישט פאַרייִדישט און מיט זייער אַ דראַסטישן און ציגישן אינהאַלט (אַ שטייגער די מעשה פון דעם בן־מלך דעם זולל וסובא). אייניקע מעשיות זײַנען ווידער ליבע אינטערנאַציאָנאַלע פאַנטאַסטישע מאָטיוון, אַ שטייגער די מעשה פון די ברידער, וואָס קענען יעדער אַן אַנדער מלאכה, און אייגער האָט אַ בריל, וואָס זעט ווײַט, דער צווייטער שפּילט אויף אַזאַ אינסטרומענט, וואָס צווינגט אַלעמען תיכף אײַנצושלאָפן, — אָדער די מעשה פון דעם ציקל „קייזער און אַפּט״ מיט די דרײַ קלוגע פראַגעס און נישט ווייניקער קונציקע ענטפערס. אָבער נים די דאָזיקע מעשיות דעצידירן וועגן דעם כאַראַקטער פון דעם בוך. זײַן הויפּטרעדאַקטאָר אָדער זאַמלער איז געווען אַ טיף פרומער מענטש, אַ למדן, אָבער פאָלקסטימלעך און נאַיִוו ביז גאָר. ווען ער דערמאָנט אַ שד, גיט ער באַלד צו אין טויטשרעק: „גאָט, זײַ בײַ אונדז״ (ג׳ 104, 119). נאָך ג׳ 86 שרײַבט ער: „גון וויל איך שרײַבן מיט דעם ערשטן וואַסער ווען מאַן זיך ניט וועשט וואָס דערפון קומען איז, אַז איינער האָט חזיר געגעסן, ווי איר דאָ הערן ווערט״. זײַן געמיט ווערט נאָך קלאָרער פון די טענדענצן, מיט וועלכע ער פאַרענדיקט יעדע מעשה, און דאָס זײַנען כסדר קירצערע אָדער לענגערע מוסר־שפּרוכן אין גראַמען. דאָס מעשה־בוך איז, אַלזוי, אַ גראַנדיעזע זאַמלונג פון מוסרדיקער נאָוועליסטיק, און בלי־ספק איז זײַן אויפקום געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר דעם וועלטלעכן ייִדישן ראָמאַן און פאָלקסבוך.

אָבער נאָך וויכטיקער איז די אינערלעכע סטרוקטור פון יענער פאַנאַטישער וועלט, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין דעם מעשה־בוך. צום מעשה־בוך באַציט זיך מן־הסתם דאָס איראָניש פאָלקסוואָרט: „אַ רב מיט אַ רביצין איז אַ גאַנצע מעשה, אַ רב אָן אַ רביצין איז אַ האַלבע מעשה, אַ רביצין אָן אַ רב איז גאָר קיין מעשה נישט״.

...דאָס מעשה־בוך האָט אַ גרויסן חלק אין דער אויסבילדונג פון די רוחניותדיקע און פרומע אידעאַלן פון דער ייִדישער פאָלקסטימלעכער מעשה.

# ביבליאָגראַפּיע פון די וויכטיקסטע ווערק וועגן „מעשה־בוך"


**גאַסטער, משה** — ספר המעשיות **(1924).**

Gaster M. — **The exempla of the Rabbis** (1924),

Gaster M. — "The Ma'aseh-Book and the Brantspiegel" in **Jewish Studies in Memory of George Kohut,** New York 1935.

**גרינבוים, מאַקס,** — יודיש־דייטשע כרעסטאָמאַטיע **(1882) ז' 385 א"ח.**

Gruenbaum Max. — **Juedisch-Deutsche Chrestomatie,** 1882.

**וואַקסמאַן, מאיר** — א געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור, **ב' 2, 656.**

Waxman Meyer. — **A History of Jewish Literature** (1933), II, 656.

**וויינרייך, מאַקס** — בילדער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור **(1928).**

**כּהן, י. ל.** — ייִדישער פֿאָלקלאָר, **1938.**

**מייטליס, יעקב** — דאַס מעשה־בוך, **(דייטש) 1933.**

Meitlis Jakob. — **Das Ma'assebuch,** 1933.

**מייטליס, יעקב** — די מעשה אין דער יודישער מוסר־ליטעראַטור (ענגליש), **1958.**

Maitlis, J. — **The Ma'aseh in the Yiddish Ethical Literature,** 1958.

**מייטליס, יעקב** — די שבחים פֿון רבי שמואל און רבי יודאַ חסיד, **1961.**

**מינקאָוו, נ. ב.** — „אַלטייִדישע ליטעראַטור", **אין ייִדן ג', ז' 46 א"וו.**

Minkof N. B. — "Old-Yiddish Literature, **The Jewish People,** Vol. III, ff. 157.

**עריק, מאַקס** — די געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור **(1928), ז' 353—365.**

**צינבערג, ישראל** — די געשיכטע פֿון דער ליטעראַטור ביי ייִדן, ב׳ 6, ז׳ 212—226.

**קאַרפּעלעס, גוסטאַוו** — געשיכטע דער יודישען ליטעראַטור **(דייטש) 1909**, ב׳ **2**.

Karpeles Gustav. — Geschichte der juedischen Literatur, 1909, Bd. 2.

**שטיינשניידער, מאָריץ, אין נאומאַנס** סעראַפּעאום, **1866, ז׳ 1־12 (דייטש).**

**שמערוק, חנא** — „ראשיתה של הפרוזה הסיפורית ביידיש ומרכזה באיטליה״, **אין** ספר זכרון לאריה ליאונה קארפּי, **ירושלים** תשכ״ז.

**ראַפּאָפּאָרט, א. ש.** — דער פֿאָלקלאָר פֿון די יידן, **1937 (ענגליש) קאַפּ׳ 11** א״וו.

Rappoport A. S. — **The Folklore of the Jews** (1937).

**איבערזעצונגען:**

Helvicus C. — **Juedische Historien,** Giessen 1612.

Pappenheim Bertha. — **Allerlei Geschichten,** Giessen 1929.

Gaster M. — **Ma'aseh Book,** Philadelphia 1934.

## ביבליאָגראַפֿישע ראשי־תיבֿות פֿון באַנוצטע ווערק

אוצר מדרשים — **י. ד. אייזענשטיין, ניו־יאָרק 1915.**

א. ב. דבן סירא —

.Das Alphabet Ben Siras, (M. Steinschneider), Berlin 1885

איומה כנדגלות — ר׳ יצחק בן שמואל אונקנירא, **(בערלין 1701).**

באָלטע אונד פּאָליווקאַ —

J. Bolte und G. Polivka. — **Anmerkungen zu den Kinder- und Hausmaerchen der Brueder Grimm** (I-IV), 1913-1930.

בחיי — ר׳ בחיי בן אָשר, פּירוש על התורה.

בריל —

N. Brill. — **Breitraege zur juedischen Sagen- und Sprachkunde des Mittelalters** in "Jahrbuecher fuer juedische Geschichte und Literatur" (1889), IX, 1-71.

גאַסטער —

**Ma'aseh Book** — by Moses Gaster, 2 vols. (1934).

גרינבוים —

Max Gruenbaum. — **Juedisch-Deutsche Chrestomatie,** 1882.

געסטאַ ראָמאַנאָרום —

H. Osterley. — **Gesta Romanorum,** Berlin, 1872.

גינטער —

H. Guenter. — **Die christliche Legende des Abendlandes,** 1910.

דאָס מעשה־בוך —

Jakob Meitlis. — **Das Ma'assebuch,** Berlin 1933.

העללער —

B. Heller. — **Beitraege zur Stoff- und Quellengeschichte des Maassebuch** in "Orient and Occident" (Gaster Anniversary Volume), 1936.

חיבור יפה — **רבנו נסים ב״ר יעקב מקירואן, „חיבור יפה מהישועה״, (איסגאַבע ח. ז. הירשברג, ירושלים 1954).**

חיבור המעשיות — **חבור המעשיות והאגדות (ווענעציע, 1551).**

טיפּן —

A. Aarne and Stith Thompson. — **The Types of the Folktale,** Helsinki 1961.

A. Jellinek. — יעלינעק — בית המדרש, **א־ו,** (1853/73)

כפתור ופרח — **יעקב בן יצחק לוצאַטאָ, (באַזעל 1580).**

לעגענדן —

L. Ginzberg. — **The Legends of the Jews,** I-VII.

מדרש עשרת הדיברות — **ווענעציע 1647.**

מנורת המאור — **ר׳ יצחק אבוהב.**

מ״ב — **מעשה־בוך (באַזעל 1602).**

מעשה־מוסר —

J. Maitlis. — **The Ma'aseh in the Yiddish Ethical Literature,** London 1958.

ממקור ישראל — **מ. יוסף בן גריון, דביר, תל־אביב, תשכ״ו.**
מאָטיוו־אינד' —
Stith Thompson. — **Motif-Index of Folk-Literature,** I-VI, 1955-58.
משלים של שלמה — **אין בית המדרש, ד׳, ז׳ 145 א״וו. (אויך** אוצר מדרשים, ז׳ 531).
סדר הדורות — **יחיאל היילפרין, „סדר הדורות״, תרנ״ז.**
ספר המוסר — **יהודה כלץ „ספר המוסר״, (קראָקע, שנ״ה).**
עקסעמפּלאַ —
Moses Gaster. — **The Exempla of the Rabbis,** London 1924.
ערוך — **ר׳ נתן בן יחיאל, „ספר הערוך״.**
פּאַנטשאַטאַנטראַ —
Th. Benfey. — **Pantschatantra,** I-II, (Leipzig, 1859).
רעווי —
**Revue des Etudes Juives,** Paris, XXXIIII, 47 ff; XXXIV, 63 ff.
שבחים — **יעקב י. מייטליס — „די שבחים פון רבי שמואל און רבי יודא חסיד״, לאָנדאָן 1961.**
שלשלת הקבלה — **גדליה בן יחיא, „שלשלת הקבלה״, קראָקע 1596.**
חיים שוואַרצבוים —
Studies in Jewish and World Folklore by Haim Schwarzbaum (1968).

## נאָכוואָרט

◈ די איבערזעצונגען, וואָס מיר גיבן דאָ איבער דעם לייענער אין אַ מאָדערנעם שפּראַך־לבֿוש, זײַנען געוואָרן געמאַכט אויפֿן **סמך** פֿון דער ערשטער **מעשׂה־בוך**־אויסגאַבע, באַזעל 1602. שינויים, אָפּט אומבאַטײַטיקע, האָבן מיר בלויז פֿירגענומען דאָרט, ווו דער טעקסט און די נומעראַציע פֿון באַזעל זײַנען פֿאַרגרײַזט. בעיקר איז דאָס נוגע דער מטושטשדיקער כראָנאָלאָגיע אין דעם מיטל־עלטערלעכן ציקל פֿון די מעשׂיות אַרום די געשטאַלטן פֿון רבי שמואל און רבי יודאַ חסיד. אין דעם פּרט איז דאָ באַנוצט געוואָרן די מער פֿאַרלאָזלעכע און פּינקטלעכע ווערסיע פֿון דער אַמסטערדאַמער אויסגאַבע 1701 און דאָס ווערט אָנגעוויזן אין די הערות צום סוף.

◈ ווי ווײַט מעגלעך זיך געמיט אָפּצוהיטן דעם פֿאָלקסטימלעכן אידיאָם און נוסח פֿון דעם סיפּור־המעשׂה מיט זײַן גאַנצער חנעוו־דיקייט, פּשטות און שטייגערישקייט, אָפּט אַפֿילו מיטן געגראַמטן מוסר־השׂכּל.

◈ אַ דאַנק דער כּינוס־אַרבעט דורך די **מוסטערווערק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור**, וואָס וויל העלפֿן אַרײַנטראָגן אונדזער אַלטע קולטור־ירושה אין דער מאָדערנער ליטעראַטור. אַ יישר־כּוח אויך צו אַלע וואָס האָבן, צי מיט אַן עצה, צי מיט אַ הסברה, מסייע גע־ווען בײַ דער אַרבעט. אַ דאַנק דעם אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק, וואָס האָט מיט דער פּרעמיע (1967) פֿון דער קאַרל ראָטמאַן־פֿונדאַציע דערמוטיקט און געהאָלפֿן דעם מחבר מסיים זײַן אַ טייל פֿון זײַן פֿאַרטראַכטער פֿאָרשאַרבעט אַרום דעם אַלטייִדישן מעשׂה־אוצר.

י. י. מ.

**לאָנדאָן, מאַרץ 1969**

**Joseph Lifshitz Fund**



## ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק
# מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור
### אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**
**2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)**

2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **יִידי׳ פֿאָלקסלידער,** 2טע אויפֿלאַגע (216 זײַטן)

3) ה. ד. נאָמבערג — אויסגעקליבענע שריפֿטן
**2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)**

4) מענדעלע מוכר ספֿרים — **מסעות בנימין השלישי**
**2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)**

5) לייב נײַדוס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (208 זײַטן)

6) יעקבֿ דינעזאָן — **יאָסעלע,** קריזיס, 3טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)

7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (272 זײַטן)

8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך** 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)

9) דוד פינסקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן,** 2טע אויפֿלאַגע (352 זײַטן)

10) שמעון פֿרוג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (216 זײַטן)

11) י. ל. פרץ — **אין 19טן יאָרהונדערט,** 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)

12) י. ל. פרץ — **אין 20סטן יאָרהונדערט,** 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)

13) מאָריס ראָזענפֿעלד — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** 2טע אויפֿלאַגע (240 זײַטן)

14 דוד האָפֿשטיין, איזי כאַריק, איציק פֿעפֿער — **שריפֿטן** (272 זײַטן)

15) מרדכי ספעקטאָר — **דער יִידישער מוזשיק,** ראָמאַן (272 זײַטן)

16) ה. לייוויק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (352 זײַטן)

17) **שלום עליכם — מנחם־מענדל,** 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)

18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן,** 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)

19) י. י. שוואַרץ — **קענטאָקי,** א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאַרג** (פֿיאָנערן אין אַמעריקע), 2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)

20) חיים־נחמן ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (384 זײַטן)

21) ש. אַנ־סקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (296 זײַטן)

22) מענדעלע מוכר ספֿרים — **פֿישקע דער קרומער** (256 זײַטן)

23) יוסף אָפּאַטאָשו — **אין פּוילישע וועלדער** (416 זײַטן)

24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (304 זײַטן)

25) יהואָש — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)

26) גליקל האַמיל — **זכרונות** (352 זײַטן)

27) שלום עליכם — טבֿיה דער מילכיקער 2טע אויפֿלאַגע (288 זײַטן)

28) אַבֿרהם רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 2טע אויפֿלאַגע (320 זײַטן)

29) אַנטאָלאָגיע — **די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע** (416 זײַטן)

30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — סיפּורי־מעשׂיות (224 זײַטן)

31) מרדכי אַלפּערסאָן — אין אַרגענטינע (320 זײַטן)

32) פּרץ הירשבײַן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)

33) אַנטאָלאָגיע — **ייִדיש אין ליד** (264 זײַטן)

34) מנחם באָרײַשאָ — **דער פֿרעמדער, זאַוול רימער** (320 זײַטן)

35) אַנטאָלאָגיע — ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט (464 זײַטן)

36) אַנטאָלאָגיע — **נוסח השׂכּלה** (272 זײַטן)

37) ז. סעגאַלאָוויטש — לידער, **דערציילונגען, זכרונות** (352 זײַטן)

38) מעשׂה־בוך, **צוגעגרייט** פֿון יעקבֿ מייטליס

**אין 1969 וועלן דערשײַנען אָט די 4 ביכער:**

39) אונטער אָקופּאַציע: **עוזר וואַרשאַווסקי** / שמוגלערס.

40) ערבֿ חורבן: **מיכל בורשטיין** / בײַ די טײַכן פֿון מאַזאָוויע **און** לידער פֿון **יחיאל** לערער, **חיים** סעמיאַטיצקי, **ישׂראל שטערן**, משה שימעל.

41) חורבן: **אַנטאָלאָגיע** / **פּאָעזיע, פּראָזע.**

42) אויפֿשטאַנד: אַנטאָלאָגיע / **פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע.**

**אין 1970 וועלן דערשײַנען אָט די 4 ביכער:**

43) איציק מאַנגער / **לידער, פּראָזע, עסייען**

44) דוד בערגעלסאָן / **דערציילונגען**

45) משה נאַדיר / **הומאָר, קריטיק, פּאָלעמיק**

46) אַנטאָלאָגיע / **דאָס קינד אין דער ייִדישער פּאָעזיע און פּראָזע**

# EL LIBRO DE CUENTOS

## DE LA EDICION EN BASILEA, 1602



## THE BOOK OF STORIES

BASEL, 1602

AND STUDIES ON THE JEWISH LITERATURE

Director: SAMUEL ROLLANSKY

1969

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633 - 3º Buenos Aires